# אינהאַלט

דער גט. סצענעס פונ׳ם אמאליגען אידי-
שען לעבען, אין איין אקט און דריי בילדער.

געשריבען אין יאהר 1887.

## די פאַרשוינען:

ש ר ה  ח נ צ י, „אַיין אשת חיל“.

ר א ו ב ן־ה ע ר ש, איהר מאַן, אַ יודע ספר.

ע ט ע ל, זייער טאָכטער, אַ יונג ווייבעל.

מ אַ ט ע ל, זייער אייִדעם, אַ פיינער יונגערמאַנטשיק.

ל ו י־ב נ י מ י ן, אַ יונגערמאַן אַ משכיל, מאַטעל׳ס אַ חבר.

ר ב  ש ל ו ם  ש ד כ ן, אַ איד אַ שדכן.

ר ב  אַ ר ק ע, דער רב פון שטעדטעל.

פ ר ו מ ע־ל י ב ע, די רביצין.

ר ב  ז כ ר י ה, אַ סופר, אַ איד מיט אַ גרינער שאַל.

א י ד ע ל  ד ע ר  ש מ ש, אַ ריהרעוודיג אידעל מיט איין אויג.

צ ו ו י י  ע ד ו ת.

אַ  מ נ י ן  א י ד ע ן.

די געשיכטע קומט פאָר אין אַ קליין שטעדטעל אינ׳ם פאָריגען יאָהר־הונדערט.

---

## דאָס ערשטע בילד.

אין א גערוועהנליך צימער, פשוט מעבלירט, אויף דעם אַלטען אידישען אופן, זיצט ביי א גרויסען פיערעקעכיגען טיש, אויף אַ בענקעל, ראובן־הערש איבער אַ ספר פון די היינטיגע ספרים, שטאַרק פערטיעפט. ביי דער הרובע זיצט שרה־חנצי און ארבייט אַ זאַק מיט גרויס מהירות, און דאָס קנייל׳כען בוימוואָהל קאַטשעט זיך ביי איהרע פיס אויף דער ערד; זי איז פערטיעפט אין דער ארבייט און קוקט אויף די דרעטלעך, וואָס טאַנצען ארום אין איהרע פינגער.

---

.1

### שרה־חנצי און ראובן־הערש.

שרה־חנצי (צעהלט די אייגלעך פון זאַק). איינס, צוויי, דריי, פיער, פינף... ראובן־הערש! זעכס, זיעבען, אַכט, ניין, צעהן... ראובן־הערש!

ראובן־הערש (הויבט אויף די אויגען פון דעם ספר). האַ?

שרה־חנצי. האָסט דיר אין קאָפּ אַריין! צעהן מאָל דאַרף מען דיך רופען, ביז דו וועסט זיך אַ מאָל אָנרופען.

ראובן־הערש. וואָס־זשע איז דאָרטען?

שרה־חנצי. וואָס זאָל זיין? גאָר ניט! ער האָט זיך אָנגערעדט מיט׳ן גענײדעם, מע זאָל מיך אַ לעבעדיגע אַריינטרייבען, שונאי ציון, אין דער ערד אַריין — און גענוג.

ראובן־הערש. שאַ, אַ נייעס! וואָס נאָך וועסט דו זיך אויסטראַכטען?

שרה־חנצי. אויסטראַכטען? איך טראַכט זיך אויס? איאַ, ראובן־הערש? ווער איז גערעכט? דו מיט דעם גענײדעם דיינעם! ווער איז אַ הולטייקע? איך! ווער ווערד אויסגעריסען, אויסגעריסען זאָלט איהר ווערען? ווער פרווירט אַ גאַנצען טאָג אין

קלייט, אויסגעפּרוּוירעז זאָלט איהר ווערעז אַלע איינציגוויים ? — אַלע איך ! אַלע איך ! און אז סע קומט צו עפּיס, בין איך די שלעכטע ! געה, האַרעווע, קריך אין דער ערד ! אַ שענעם כבוד קאָן מען זיך פון אייך דערלעבען, ברענען זאָלט איהר אויפ׳ן פייער, ווי מיר ברענט דאָס פּנים, רבונו של עולם ! אַז טאָג ווי נאַכט ווייסט מען נאָר זיצען איבער די שענע ביכלעך און פּאַטשקען אין די גאַזעטען ! און אַז איך קום פון מאַרק, קוקט מען אויף מיר, ווי אויף דעם הונט, און מע סוד׳עט זיך מיט דעם ווייב, און מע שושקעט זיך מיט איהר — שו־שו־שו, שו־שו־שו... וואָס שושקעט ער זיך מיט איהר ? האַ ? דו מיינסט, איך וויים ניט, אַז ער רעדט פון מיר ? האָסט מורא, איך הער ניט ? וואָס פאַר סודות איז דאַ פאַר אַ שוויעגער ? איך פרעג דיך, וואָס האָט זיך איין איידעם צו בעהאַלטען פון אַ שוויעגער ? ראובן־הערש ? ראובן־הערש ! (מיט אַ קוועטש). ראובן־הע־ערש !

ר א ו ב ן ־ ה ע ר ש (תאַפּט זיך אויף). האַ ?

ש ר ה ־ ח נ צ י . האַק דיר אין מוח ! איך רעד און רעד, ווער צע־זעצט רעדענדיג, און ער „האַקעט" און „האַקעט", גלייך ווי אַ הונט בילט ! אין מיר ווערד מיין גאַל צע־פּלאַצט, מיין בלוט ווערד איבער־געזאָדען, ווי איין אַקריפּ — און ער זיצט זיך מיט אַ גלאַטען לונג און לעבער איבער די ספרים׳לעך, און איך האָוקע און האָוקע, טאָמער ווייסט דו וואָס ? אפּנים, די ספרים׳לעך זענען ביי דיר טהייערער פון׳ם ווייב ? דאָס איז דאָך אין גאַנצען דיין חיות ! און ווער פאַהרט אויף אַ יאַריד ?—שרה־חנצי ! ווער וואַרגט זיך מיט אַ־קאַרטאָפלי פאַר אַ גאַנצען טאָג, דערוואַרגען זאָלסט דו ווערען, ליעבער גאָט ? — שרה־חנצי ! ס׳זאָל איהם אַנהויבען, אשטייגער, אַהרען, וואָס דער שענער גענייידעם זיינער, ברענען זאָל ער, פּאַטשקעט מיך אויף די גאַזעטען... ראובן־הערש ! (בויגט זיך אָן צו איהם, אין אויהער אריין). ראובן־הערש ! ראובן־הערש ! ראובן־הערש !

ראובן־הערש (רייסט זיך אַפּ פונ'ם ספר). האַ? האַ? האַ?

שרה־חנצי. קוק אַן אַביסעל אַ האַקען — האַק דיר אין מוח! איך רעד פון דיין תכשיט, פונ'ם געניידעם דיינעם רעד איך, פערחאַפּט זאָל ער ווערען!

ראובן־הערש. וואָס האָסט דו צו איהם? וואָס האָט ער דיר געטהאָן?

שרה־חנצי. וואָס, האָסט דו געוואָלט, זאָל ער מיר טהון? ער זאָל מיך שלאָגען? ס'איז גענוג דאָס, וואָס ער באַשרייבט מיך אויף די גאַזעטען!

ראובן־הערש. ווער האָט דיר געזאָגט, אַז ער באַשרייבט דיך אויף די גאַזעטען?

שרה־חנצי. וואָס דען ליגט ער טאָג ווי נאַכט ביי לאַהדוואָסי'ם געניידעמעל, וואָס שרייבט אין אַלע בלעטער? צענויפגעקאָמפּאַניעט זיך מיט אַ שאַרלאַטאַן אַ שרייבער, און נאָר מע לאַכט, און נאָר מע ראַהאַטשעט זיך, און אַז מע דערזעהט מיך, ווערד מען אַנשטומט, שטום און קרום זאָלען זיי ווערען פאַר כל־ישראל!

ראובן־הערש. כלעבען, דו טשעפּעסט זיך אומזיסט. מאַטעל איז אַ יונגערמאַן אַ גאָלד! אַזאַ יאָהר אויף מיר.

שרה־חנצי. אָמן, אַזאַ יאָהר אויף אייך ביידען!

ראובן־הערש. ער איז אַ יונגערמאַן, וואָס קאָן גוט לערנען, און לייענען, און שרייבען, און... און... און...

שרה־חנצי. און... און... און!... איך דאַרף ניט האָבען קיין שרייבער. וואָס זאָל מיך באַשרייבען! באַליאַפּען!

ראובן־הערש. טשעפּע זיך אָפּ, ער האָט דיך ניט אפילו אין זינען!

ש ר ה ־ ח נ צ י. וואס איז! סע שטעהט איהם אפשר ניט אן? איך דארף אויף כפרות איין איידעם, וואס קען צופיעל און פארשטעהט צופיעל און ווייסט צופיעל!

ר א ו ב ן ־ ה ע ר ש. וואס־זשע אהרט עס דיך, אז ער קען צופיעל און פארשטעהט צופיעל און ווייסט צופיעל?

ש ר ה ־ ח נ צ י. אהרען אהרט מיך ניט; לאז ער זיך אנ־צינדען! אבי ער זאל מיך לאזען צורוה. ניט פאטשקען מיך אויף די גאזעטען!

ר א ו ב ן ־ ה ע ר ש. ווער האט דיר געזאגט, אז ער פאטש־קעט דיך אויף די גאזעטען?

ש ר ה ־ ח נ צ י. וואס דען טהוט ער טאג ווי נאכט ביי לאה־דוואסי'ס געניידעמעל, וואס אלע ווייסען, אז ער פאטשקעט אויף די קרויטבלעטלעך, מיין איך אויף די גאזעטען?

ר א ו ב ן ־ ה ע ר ש (ארויס פון די כלים). א מעשה אהז איין עק מיט דיר! עס וואלט טאקי געווען א מצוה, כלעבען, מע זאל דיך טאקי באשרייבען אין די גאזעטען, און גוט באשרייבען, אזוי אז דו זאלסט האבען צו זינגען און צו זאגען!

ש ר ה ־ ח נ צ י (רויט פאר כעס). ניט דערלעבען וועט איהר דאס ביידע! נא דיר א מתנה! (טראגט איהם אונטער א פייג).

ר א ו ב ן ־ ה ע ר ש. עס געזונד! (נעמט דעם ספר אונטער דער האנד און געהט אוועק, טהוט א זעץ מיט דער טהיר. פונ'ם אנדערען חדר לויפט אריין ע ט ע ל).

---

## .2

### ש ר ה ־ ח נ צ י און ע ט ע ל.

ע ט ע ל (איבערגעשראקען). וואס איז דער טאטע אזוי איז כעס?

ש ר ה ־ ח נ צ י . ווייסט איהם דער שווארצער יאהר! דו קענסט איהם ניט, דעם כהן? ער וויל ניט ליידען, למאי דיין מאטעל איז נפש־אחת מיט דעם שארלאטאן.

ע ט ע ל . מיט וואסער שארלאטאן?

ש ר ה ־ ח נ צ י . אט מיט לאה־דוואסי'ס געניידעמעל, מיט לוי־בנימינ'ען.

ע ט ע ל . מיט וואס איז לוי־בנימין א שארלאטאן?

ש ר ה ־ ח נ צ י . איך וויים, מיט וואס? ער וויל ניט, דער טאטע דיינער, אז דיין מאן זאל זיין באקאנט מיט א שלים־מזל, וואס פאטשקעט אויף די קרויטבלעטלעך, שרייבט אויף די גאזע־טען מיין איך... ער וויל ניט ליידען, דער טאטע דיינער, וואס די שטאדט האלט דיך אין מויל, דיך און דיין מאן.

ע ט ע ל . מיין מאטלען?

ש ר ה ־ ח נ צ י . דיין מאטלען! וואס, מיינסט דו, איז דיין מאטעל? א בשר־ודאם גלייך מיט אלע.

ע ט ע ל . וואס־זשע זאגט מען אויף מיין מאטלען?

ש ר ה ־ ח נ צ י . מע זאגט... וואס א שטאדט קאן זאגען! מע שמועסט, אז ער ליגט טאג ווי נאכט ביי לאה־דוואסי'ן נישט אזוי צוליעב דעם איידעם, ווי צוליעב עמיצען אנדערש.

ע ט ע ל (אויפגערעגט). למשל, צוליעב וועמען?

ש ר ה ־ ח נ צ י . איך וויים, צוליעב וועמען? ווייסט זיי דער רוח אלעמען!

ע ט ע ל (לאכט מיט יאשטשערקעס). חא־חא־חא! לעדיגגעהע־ערס, פוסטעפאסניקעס, רכילות'ניקעס! האבען שוין ניט וואס אויסצוטראכטען!

ש ר ה ־ ח נ צ י . אז מע קלינגט, איז א חגא... ווענט האבען אויהרען, גאסען האבען אויגען!...

ע ט ע ל (אויסער זיך). הערסט דו מאמע? אט די, וואס זיי קאנען זאגען אזא זאך, מעג זיך זיי שטעלען דאס מויל אויף א זייט! א חדוש איז מיר נאר אויף דיר, מאמע, אז דו זאלסט קאנען גלויבען אזעלכעס אויף מיין מאטעלען...

ש ר ה ־ ח נ צ י. זעה נאר, ווי זי פארציהט איהם אביסעל אויף א שטריקעלע: מ א ט ע ל ע! מא־טע־לע! וואס איז דארט אזעלכעס? דו מיינסט, אז ער געהט טאקי אוים נאך דיר, טאכ־טער, אזוי ווי דו נאך איהם?

ע ט ע ל. מאמע, דו האסט אין איהם א גרויסען טעות, מא־מע! דו קענסט איהם ניט! ער איז...

ש ר ה ־ ח נ צ י. אזוי? הייסט דאס, ווייסט דו מעהר פון מיר? גוטע יאהרען! אז אך און וועה דער מאמע! ניטא וואס צו רעדען! מיין טאכטער ווייסט מעהר פון מיר! זי איז די חכמה! זי ווייסט אלעס! נאר איך ווייס גאר ניט! איך בין דער נארר! איך בין די בהמה!...

ע ט ע ל. ווער זאגט דען, מאמע? איך זאג נאר, אז אזא יונגערמאנן, ווי מיין מאטעל...

ש ר ה ־ ח נ צ י (נעמט די הענד פאדבאקאם). נו?

ע ט ע ל. אזא יונגערמאן, ווי מיין מאטעל, דארף מען אויס־פאהרען די גאנצע וועלט, וועט מען נישט געפינען...

ש ר ה ־ ח נ צ י (קאטשעט זיך). חא־חא־חא־חא־חא־חא! אזוי? דאס האט ע ר דיך אזוי איינגערעדט? איא? נו, גלויב איהם, טאכטער! ער האט דיר אפשר געשווארען אויך? חא־חא־חא־חא! האסט זיך איז איהם אביסעל צופיעל איינגעגלויבט, פיהרט ער דיך ביי דער נאז. ווען דו זאלסט זיך צו איהם אזוי צוקוקען, ווי איך קוק זיך צו, וואלסט דו אפשר אויך געזעהן דאס, וואס איך זעה.

ע ט ע ל. וואס זעהסט דו אויף איהם אזעלכעס, מאמע?

שרה־חנצי. איך זעה? הלואי וואלט קיינער ניט זעהען! מע זעהט שוין!

עטעל (דערשראָקען). וואס זעהט מען? ווער זעהט? וואס האט מען געזעהען?

שרה־חנצי. מע האט געזעהען דאס, וואס קיינער דארף ניט זעהען.

עטעל (צעקאָכט). מאַמעניו! הארצעניו! ליובעניו! איך בעט דיך, זאג מיר, וואס האט מען געזעהען?

שרה־חנצי. אזוי? ווילסט דו טאַקי, אז איך זאל דיר זאגען? א שענער כבוד פאר דער מאַמע דיינער! לאזען דיר אַנ־דערע זאגען, טאָכטער מיינע!

עטעל (וויינט). דו מוטשעסט מיך, מאַמע! איך בעט דיך, זאג מיר האטש איין ווארט, האטש א האלב ווארט! איך בעט דיך, מאַמעניו! הארצעניו! נשמה'ניו!

שרה־חנצי. וואס זאל איך דיר זאגען, וואס? וואס האסט דו זיך צוגעטשעפעט צו מיר? געה, לאז ער דיר זאגען, וואוהין געהט ער אַלע טאג נאָכ'ן דאַווענען?

עטעל. וואס הייסט וואוהין? צו לוי־בנימין, צו לאה־דוואָסי'ס איידעם; דארט לערנען זיי צוזאַמען, לייענען גאַזעטען...

שרה־חנצי. האַ־האַ־האַ! אזוי טאַקי? ווער האט דיר געזאגט? מע לערענט דארט אינאיינעם און מע לייענט גאַ־זעטען?!

עטעל. וואס זשע דען טהוען זיי? אדרבה, זאג, מאַמע, לאָם איך אויך וויסען!

שרה־חנצי. פון וואנען זאל איך וויסען? איך געה איהם נאך, צי וואס? איך האב מעהר נישט וואס צו טהון, נאר נאָכקוקען דעם געניידעם מיינעם, וואוהין ער געהט — איך זאג דיר! פראַמענע מעג ער געהן ניט נאר צו לאה־דוואָסי'ס טאָכ־

טער — אפילו אין דער ערד אריין, אהרט מיך אויך ניט, אבי מיר און מיין קינד זאל ניט שאדען!

עטעל. מאמע! דו ווייסט גאר ניט וואס דו רעדסט! וואס יענער וועט דיר דערצעהלען פזמונות, נעכטיגע טעג...

שרה־חנצי (מיט פייער). הער נאר, מאכטער מיינע. שוין לאנג ביזט דו געווארען אזא פרעסטארעץ, וואס דו דערצעהלסט מיר מעשיות? וואס מאכסט דו מיר אוועק מיט דער האנט: „פזמונות"! איך דארף זיך ביי קיינעם ניט נאכפרעגען! איך פרעג נישט ביי קיינעם; מע קומט צו מיר אין קלייט אריין און מע דערצעהלט מיר — זאל איך מיר פארשטעלען די אויהרען? מאהל דיר, אז אך און וועה איז מיר, אז איך זיץ און הער אוים אט די אלע שענע מעשיות! איך בין דאך מעהר נישט ווי א מענטש. נו, א מאמע איז מסתמא נישט איינגענומען, אז מע רעדט אויף איהר קינד. יענעם דאס מויל פארשטעלען קאן איך ניט, און געהן זיך אפקריעגען מיט יעדען בעזונדער בין איך אויך ניט משה־מחויב. ווי זאגט מען: „שנייץ די נאז און שמיר דעם פנים"... ס'איז מיר אודאי גוט, זאג איך דיר!

עטעל (אויסער זיך). עמיצער האט דיר אויסגעקלערט א נעכטיגען טאג. אודאי א שונא מיינער, און דו גלויבסט!

שרה־חנצי (הייס). אויסגעקלערט? א שונא? א, כשר'ע בהמה'לע! געה הער, וואס מע רעדט אויף דער גאס, אין אלע הייזער! די גאנצע שטאדט האט צו טהון מיט מיר — זאגט זי א שונא! מיר ליגען ביי יעדען אין מויל, קינד און קייט ווייסט פונ'ם סוד. יעדער בעזונדער ווייזט אויף מיר אן מיט'ן פינגער, און איז שוהל הער איך הינטער מיינע פלייצעם, ווי מע שושקעט זיך און מע לאכט — און זי זאגט מיר, אז עמיצער האט אויסגעטראכט! יענער הענגט זיך לאה־דוואסי'ס טעכטערל אויפ'ן האלז, און זי זאגט: אויסגעטראכט!

עטעל (וויינט). ס'אליגען, מאמע, ס'אליגען! ס'אליגען!

3.

## די זעלבע און מאטעל.

מאטעל (לויפט אריין א דערשראקענער). וואס איז? וואס שרייסט דו, עטעלע? דו וויינסט? וואס וויינסט דו, עטעלע? (נעמט זי אן ביי דער האנט, קוקט בייז אויף דער שוויגער).

שרה־חנצי (שטעהט אויף). קוק איהם אן אביסעל, ווי ער מאכט דעם אנשטעלן א נעבאכעל, גאט די נשמה שולדיג... געמאכט א תל פון מיין קינד, אוועקגעקוילעט, אראפגענומען דעם קאפ — און האט א פאטעפאלנעסט פרעגען, וואס זי וויינט? ! רוצח! קוי־לער! מלאך־המות איינער! זאג מיר, מיט וואס אטוועטשאיעסט דו מיר פאר מיין קינד? פאר מיין קינד, פאר מיין אויג אין קאפ? וויין, טאכטער, וויין! ווער איז דער מאמע דיינער! (חאפט די ארבייט, געהט ארויס און טהוט א קלאפ מיט דער טהיר).

---

4.

## מאטעל און עטעל.

מאטעל (נעמט אן עטלען ביי ביידע הענד און וויל איהר גע־בען א קוש; זי לאזט זיך ניט און הערט ניט אויף צו וויינען). עטעלע! טהייערע מיינע! זאג מיר, וואס איז דא אזעלכעס? וואס וויינסט דו? איך בעט דיך, נשמה מיינע! זאג מיר! נו, זאג חאטש איין ווארט! חאטש איין ווארט!

עטעל (צעגעהט זיך פאר געוויין). אוי, לאז מיך! לאז מיך! אוי, געה אוועק פון מיר! אוועק! אוועק! אוועק! (שטופט איהם אפ פון זיך).

מאטעל (טרעט אפ אביסעל, בלייבט שטעהן, לאזט אראפ דעם קאפ, לעגט צענויף די הענד און בלייבט אין א טראגישער פאזע). רבונו של עולם! רבונו של עולם! (געהט צו נעהנטער צום ווייב). עטעלן עטעלן האב רחמנות!... עס ווייזט אויס, אז די שוויגער האט שוין ווידער

אנגערעדט אויף מיר... עטעל ! למאי זאלסט דו פון מיר פארבאר־גען ? ערשט נעכטען האסט דו מיר געשווארען, אז וואס מע וועט דיר זאגען, וועסט דו מיר באלד דערצעהלען... אז דו וועסט שוין מעהר קיין שלעכטס אויף מיר נישט גלויבען... אז צווישען אונז וועט תמיד זיין א הייליגע ליעבע אייביג... און אצינד, מיין טהייערע, שטעה איך פאר דיר און בעט רחמים, זאלסט האטש איין קוק טהון אויף מיר, האטש איין ווארט מיר זאגען, ווילסט דו נישט, עטעל ! וואו זענען דיינע שבועות ? וואו זענען דיינע נעכטי־גע הבטחות, עטעל ? (ער האפט זי ארום און טהוט זי א קוש. זי רייסט זיך אויס פון זיינע הענד מיט בעס).

עטיל. אוועק ! אוועק צו לאה־דוואסי'ס טעכטערל ! אוועק פון מיינע אויגען !

מאטעל (ערשטוינט). צו לאה־דוואסי'ס טעכטערל ? וואס הייסט דאס און וואס בעדייט דאס ? וואס איז דאס פאר א נייעס, הא ?

עטעל (מיט הארץ). א נייעס, זאגסט דו ? גע'ה הער, וואס די שטאדט רעדט !

מאטעל. די שטאדט רעדט ! וואס רעדט די שטאדט ? אדרבה, לאם איך אויך וויסען ?

עטעל. דו פרעגסט נאך ? הא ? וואס געהסט דו אהין אלע טאג ? דו מיינסט, דו נארסט מיך אפ ? מיין ניט, אז איך בין אזא נארר, ווי דו מיינסט. א, איך וויים שוין ! איך וויים שוין ! צו לוי־בנימינ'ען געהסט דו ? איא ? צו איהר, צו לאה־דוואסי'ס קראסאוויצע מיט דער רויטער נאז... א א א ! ! ! (זי רייסט אויף זיך די האר און איז אויסער זיך).

מאטעל (האפט זי ביי די הענד, נעמט זי ארום מיט הייסע פלאם־פייערדיגע קושען). עטעל ! ליובעניו ! וואס רעדסט דו ? איך ? איך ? צו לאה־דוואסי'ס טאכטער ? צו אט דער דאזיגער ?

איך וועל דיך פארבייטען אויף לאה־דוואסי׳ס טאכטער? דיך? מיין קעצעלע? מיין נשמה? מיין לעבען? מיין... איך...? אַ, איך וויים שוין, פון וועמען דאס וואכסט! איך וויים שוין! דאס האט זי אויסגעטראכט! זי! די שוויגער! יאַ, איך וויים שוין! איך וויים שוין! אַ, זי וויל אונז צעשיידען! זי וויל מיך אין דער ערד ארײנטרייבען אַ לעבעדיגען! זי האט זיך גענומען אויף מיר! ערשט היינט אין דער פריה האט זי מיר דערצעהלט און אנגערעדט אויף דיר כל הצרות! אַז דו האסט זיך איהר געקלאגט אויף מיר, אַז דו קאנסט מיך ניט אנקוקען, אַז לוי־בנימין האט אַ שען קול און קאן זינגען און איך ניט; אַז לוי־בנימין... נאר איך גלויב ניט, און דו גלויבסט! איך זשאַלעווע דיך, און דו מיך — ניט, איך האב דיך ליעב און בין דיר געטריי ביז לעצט, און דו האסט אפילו קיין קאפּ רחמנות ניט אויף מיר!... דו האסט מיר געגעבען אַ שבועה, אַז דו וועסט מיך אייביג ליעב האבען, תמיד גלויבען; צום סוף, ווילסט דו אפילו אויף מיר קיין קוק ניט טהון... אַ! איך בין דער אומגליקליכסטער מענטש אויף דער וועלט! (פאַלט אויף אַ בענקעל און וויינט).

ע ט ע ל (געהט־צו צו איהם און וויל איהם טהון אַ קוש; ער לאָזט ניט). מאטעלע! גאט איז מיט דיר! טהו אויף מיר אַ קוק — דאס בין איך! דו ווילסט מיך ניט? מאטעלע! מאטעלע!

מ א ט ע ל (פאַלט איהר אויף דעם האַלז). עטעלע!...

ע ט ע ל (מע קושט זיך). מאטעלע!...

מ א ט ע ל (קושענדיג). קעצעלע!

ע ט ע ל (קושענדיג). קאטעקעל!

מ א ט ע ל (קושט זי). נשמה מיינע!

ע ט ע ל (קושט איהם). לעבען מיינס!

מ א ט ע ל (קושט זי). מיין ענגעל!

ע ט ע ל (קושט איהם). מיין הארץ!

מ א ט ע ל. און דו האסט זיך אויף מיר אזעלכעס געגלויבט, הא?

ע ט ע ל. א, זיי מיר מוחל, מאטעלע! דאס לעצטע מאל!

מ א ט ע ל. זעה זשע, עטעלע, דאס לעצטע מאל!

ע ט ע ל. דאס לעצטע מאל! דאס לעצטע מאל!

מ א ט ע ל. שווער מיר!

ע ט ע ל. איך שווער דיר!

מ א ט ע ל. ביי דיין לעבען?

ע ט ע ל. ביי מיין לעבען!

עגדע פונ'ם ערשטען ביל.

## דאס צווייטע בילד.

### .1

ראובן־הערש זיצט איבער א ספר אין דעם זעלבען צימער און איז צעקאָכט. רב שלום שדכן קוקט איהם גלייך אין די אויגען אריין.

ראובן הערש און שלום שדכן.

רב שלום שדכן. וואס זענט איהר אזוי צעטראגען וואס? מילא, וואס סע מאכט זיך וואס? אייער טאָכטער איז ניט די ערשטע איז זי! איהר האָט מורא האָט איהר, זי וועט נישט קריגען קיין אנדערען וועט זי? בראָד איז ניט אויסגעשטארבען בראָד!

ראובן־הערש. וואס רעדט איהר? איהר ווילט מיר איינרעדען א קינד אין בויך? מאַטעל איז א זעלטענער יונגערמאן; א זעלטען קינד, כלעבען, א זעלטען קינד!

רב שלום שדכן. נו, ווער זאָגט דען ווער? ער איז אודאי נישקשה פון א יונגערמאן איז ער; נאָר מסתמא איז דאס ניט איהר זיווג מסתמא...

ראובן־הערש. נישט איהר זיווג, זאָגט איהר? וואס איז? וואס געהט איהם אָפּ? איך פרעג אייך, רב שלום, מיט וואס איז דאס נישט גלייך? אדרבה, זאָגט איהר אליין! (רוקט זיך צו צו איהם).

רב שלום שדכן (רוקט זיך אָפּ). וואס קאן איך זאָגען וואס? גאָט איז דער מזווג זיווגים איז ער. וואס קאן ווּיסען א מענטש וואס?

ר א ו ב ן  ה ע ר ש (חאַפּט אָן רב שלום׳ן פאַר די לאַצען און טרייסעלט איהם). גאָט איז מזווג זיווגים, זאָגט איהר? א י ה ר קאָנט מיר אָזעלכעס זאָגען? א י ה ר ווייסט דאָך יאָ, וואָס דאַ טהוט זיך, און ווילט מיך אָפּנאַרען? מיך???

ר ב  ש ל ו ם  ש ד כ ן (רייסט זיך אויס פון זיינע הענד אַ דערשראָקענער). לאָזט מיך צו־רוה לאָזט מיך! וואָס קעהר זיך מיט מיר אָן וואָס? איך דאַרף קריכען צו יענעם אין קעשעניע דאַרף איך? איך וויים גאַר ניט איך!

ר א ו ב ן ־ ה ע ר ש (געהט אַרום הין און צוריק) אוי, ווייסט איהר ניט! איהר ווייסט גאַנץ גוט פון מיין שלאַק, פון מיין צרה! איהר מאַכט זיך נאַר, אז איהר ווייסט ניט!

ר ב  ש ל ו ם  ש ד כ ן. יאָ, אָבער וואָס קעהר זיך דאָס מיט מיר אָן וואָס? מע האָט מיך געשיקט רופען האָט מען מיך — בין איך געקומען בין איך; מע זאָגט אַ גט, לאָז זיין אַ גט לאָז זיין...

ר א ו ב ן ־ ה ע ר ש (שטעלט זיך אָפּ). א גט, זאָגט איהר?

ר ב  ש ל ו ם  ש ד כ ן (קאַלטבלוטיג). נו, פאַרשטעהט זיך, א גט.

ר א ו ב ן ־ ה ע ר ש (אַ זעץ מיט דעם קולאַק אין טיש אַריין). איך וויל ניט קיין גט! איהר הערט, רב שלום? איך וויל ניט קיין גט! איך וויל ניט! איהר הערט, צי ניין?

ר ב  ש ל ו ם  ש ד כ ן. איך הער, איך הער: פאַר וואָס זאָל איך ניט הערען פאַר וואָס? „זי“ וויל אָבער, „זי“!

ר א ו ב ן ־ ה ע ר ש. ווער איז די „זי“? וואָס איז פאַר א „זי“? וואָס מיר זי, ווער מיר זי?...

ר ב  ש ל ו ם  ש ד כ ן. איך מיין, שרה־חנצי מיין איך; אייער שרה־חנצי אייערע.

ר א ו ב ן ־ ה ע ר ש. שרה־חנצי? נו, און וואו בין איך?

ר ב  ש ל ו ם  ש ד כ ן. (באַראַבאַנעט מיט די פינגער אין טיש אַריין). דאָס וויים איך ניט דאָס.

ר א ו ב ן ־ ה ע ר ש. וואס הייסט, איהר ווייסט ניט? איך וועל דערלאזען אזעלכעס ביי זיך אין שטוב? אזא רציחה איז נאך נישט געהערט געווארען אויף דער האלבער וועלט! מע זאל נעמען קינדער, אזעלכע צוויי טהייערע קינדער, וואס האבען זיך ליעב דאס חיות מיט דער נשמה, און פלוצים אין מיטענדרינען אפ'גט'ען זיי, צעשיידען זיי, צערייסען זייער גליק אויף אייביג! פאר וואס? פאר ווען? פאר וועמענס זינד? (ער טרייסעלט רב שלום'ן פאר די לאצען).

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן (רייסט זיך אויס). וואס בין איך שול־דיג וואס? וואס האט איהר צו מיר וואס?

ר א ו ב ן ־ ה ע ר ש (מיט גרויס פייער). אזא צאצקע! אזא יונגערמאן! נו, און איך וועל דאס צוזעהן און אפשווייגען? הא? וואס מיינט איהר זיך? איך בין דאך א פאטער! איך בין דאך דער פאטער! איך האב עפים אויך א שמיקעל דעה, צי ניין? הא? איך וועל לאזען, מע זאל מיין קינד פיהרען פאר א קרבן? און וואו בין איך — פרעג איך אייך? רב שלום, וואו בין איך? (ער וויל אנחאפען רב שלום'ן פאר דער לאץ).

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן (רוקט זיך אפ). איהר זענט גערעכט איהר, וואס אמת איז אמת, רב ראובן־הערש. איהר זענט אודאי גערעכט זענט איהר. הייסט געבען אביסעל בראנפען און עפים פארבייסען אויך. איך האב נאך היינטיגען פריהמארגען אין מיין מויל ניט געהאט האב איך. (מע טראגט אריין א פלעשעל ויין מיט פארבייסען. רב שלום שדכן גיסט זיך אן א כוסה). לחיים, רב ראובן־הערש, לחיים! לאז גאט געבען בעסערע געשעפטען לאז ער... לחיים! לחיים! (ער מאכט א כוסה).

ר א ו ב ן ־ ה ע ר ש (גיסט זיך אן און נעמט א קאפ). לחיים, רב שלום! לחיים טובים ולשלום! עה, ברודער, א פאהאנע וועלט! פע, כלעבען, א פאהאנע וועלט! פע!... (טרינקט נאך א קאפ).

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן (א כוסה). פע, רב ראובן־הערש, פע, פע!

ר א ו ב ן ־ ה ע ר ש (טרינקט נאך א קאפּ). אבער גאר אויף איין אנדער אופן פּע, רב שלום!

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן (טרינקט), זעהר פּע! זעהר פּע!

ר א ו ב ן ־ ה ע ר ש (נאך א קאפּ). אבער טאקי, רב שלום, וואס פּע הייסט!

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן (נאך אביסעל). פּע, פּע, פּע! ביז'ן עק אריין פּע!

ר א ו ב ן ־ ה ע ר ש (אביסעל פערשמאכט). וואס ווייסט איהר, רב שלום, ווי פּע דאס איז! וויפיעל איהר ווייסט פּע, איז אפילו קיין שמינית שבשמינית, קיין צעהן־טויזענד־חלק אפילו! דאס איז אזא מין פּע, וואס זינט די וועלט שטעהט איז נאך אזא פּע ניט געוועזן!

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן (מראה כהן; שאקעלט צו מיט'ן קאפּ און שמייכעלט). איך וויים, רב ראובן־הערש! ס'איז שטארק פּע! איהר דארפט מיר ניט דערצעהלען איהר. איך האב אויך די אייגענע מכה איך, פונקט אזא צרה פונקט, און אפשר נאך ערגער אפשר...

ר א ו ב ן ־ ה ע ר ש. דאך איז מיט א גאנג; ניט אזוי ווי ביי מיר. אוי, וואס ווייסט איהר, וואס ווייםט איהר? קיינער ווייסט ניט, רב שלום! אט דא ליגט דאס ביי מיר. (ווייזט מיט'ן פינגער אויף דעם הארצען). אט דא, טיעף־טיעף!... און פאר וואס? פאר ווען? (בויגט איין דעם קאפּ). שוין עטליכע און צוואנציג יאהר, אז איך קום אפּ אויף דער וועלט... עטליכע און צוואנציג יאהר בין איך אין גיהנם... שבעה מדורי גיהנם... אויף הייסע סקאווא־רעדעס בראטען מיין לייב... קאליסטראי, רב שלום, קאליסטראי טרייבט זי מיך דריי מאל אין טאג... אהן א שום רחמנות... קיין גוט ווארט כמעט פון דער ערשטער שעה... א ווערטעלע אויסצו־רעדען — עטליכע און צוואנציג יאהר!... אט וואו מע דארף א גט, רב שלום! (קוקט זיך ארום מיט שרעק). אט וואו מע וואלט בעדארפט ארויספיהרען אויף א גט!...

רב שלום שדכן. אודאי גט! (גיסט אן א כוסה). ביי מיר אויך די אייגענע צרה ביי מיר...

(עס קומט אן שרה־חנצי).

---

2.

## די זעלבע און שרה־חנצי.

שרה־חנצי (פליהט אריין, ווי א ווינטער, און בלייבט שטעהן אין מיטען שטוב; א פליעסק מיט די הענד). ראובן־הערש! וואס איז דא ביי דיר פלוצים פאר א יום־טוב? גאט איז מיט דיר, ראובן־הערש! וועסט צייט האבען נאך דעם גט פארטרינקען... (קוקט אין דעם לעדיגען פלעשעל אריין). געמענגט איבערלאזען אביסעל אויף שפעטער... וועסט נאך האבען גענוג צייט צו טרינקען. און איהר אויך, רב שלום! אם ירצה השם, צום צווייטען קנס־מאל און צו דער אנדערער חתונה ביי אונזער טאכטער... נאר לאז שוין גאט געבען מיט מעהר הצלחה, ניט אזא געניידעם, ווי איהר האט מיר געגעבען, רב שלום!...

רב שלום שדכן (לעפטשעט מיט דער צונג). איך בעט אייך, שרה־חנצי... איהר זענט דאך... א... א... איך מיין טאקי באמת מיין איך... א... א... ווי זאגט ער... א... א... א... אשה צנועה... א...

שרה־חנצי (ווייזט זיי אויף דער טהיר. זיי געהען ביידע מיט אראפגעלאזטע קעפ, און זי געהט זיי נאך). נו, געהט שוין, געהט! שוין אלץ פארטיג... דער רב האט געשיקט צו מיר דעם שמש... דער גט איז שוין צום שרייבען... נו, ריהר זיך שוין, ראובן־הערש, ריהר זיך! קוק איהם אן אביסעל, ווי ער פלאנטעט מיט די פיס... אין מיטען דרינען זעצט מען זיך אוועק חלעפטשען ווייז... (שטילערהייד). פיאווקעס זאלען טרינקען אייער בלוט ביי־דע... האט זיך צענויפגעקאמפאניעט מיט דעם דאזיגען זולל־

וסובא'ניק און מע האָט אויסגעראַמט וואו ס'איז דאָ אַ שטיקעל לעקאַך אין שאַפע, עסען זאָלען איך ווערעם ביידע אייער לייב, זיסער גאָט!...

---

.3

פריהער קומט אריין מ אָ ט ע ל, פאַלט אויפ'ן בענקעל און בלייבט זיצען אין אַ טראַגישער פּאָזע; באַלד נאָך איהם קומט אַריין ל ו י־ ב נ י מ י ן מיט אַ שמייכעלע.

מ א ט ע ל און ל ו י־ב נ י מ י ן.

מ א ט ע ל (וויינט און רייסט אויף זיך די האָר). פאַרפינ־סטערט בין איך געוואָרען! אַז אַך און וועה איז מיר, אַז איך דאַרף מיין ע ט ל ע ן געבען גט!

ל ו י ב נ י מ י ן. וואָס־זשע האָסט דו געוואָלט? אַז עטעל זאָל ד י ר געבען גט?

מ א ט ע ל. יאָ? דו לאַכסט? דו טרייבסט קאַטאָוועס? אַצינד?

ל ו י־ב נ י מ י ן. וואָס דען? משוגענער, וואָס קלאַגסט דו? וואָס האָסט דו זיך צעיאַחמערט, ווי אַ אידינע? אדרבה, זאָג!

מ א ט ע ל. וואָס־זשע דען? טאַנצען זאָל איך?

ל ו י־ב נ י מ י ן. אוודאי טאַנצען!... דו ווערסט פּטור פון אזא שוויגער, ווי שרה־חנצי, מעגסט דו געווים געהן טאַנצען... ווער קען זי ניט? איך בין באַוואָהרענט, אַז דו וועסט דאָ אָפּזיין נאָך אַ האַלב יאָהר אין שטוב, וועט דיך דיין שוויגער פּאַטשען, אַזוי ווי זי פּאַטשט דעם שווער דיינעם, אַט דעם עהרליכען טפּש. וואָס איז ערגער פון איהר, אַז ער לאָזט זיך אַזוי טרעטען מיט די פיס.

מ א ט ע ל. ס'איז דיר גרינג צו רעדען, יאָ. זאָלסט אָבער זיין אויף מיין אָרט, וואָלסט דו...

ל ו י־ב נ י מ י ן. איך זאָל זיין אויף דיין אָרט, לעקיש, וואָלט איך מיך אויפ'ן דריטען טאָג גט'גט און גז'פּטר'ט איין עול

פונ׳ם קאָפּ! איין מאָל פאַר אַלע מאָל! (ער שפּאַנט אַרום איבער דער שטוב).

מאַטעל (פערטראַכט). זיך גע׳גט?... נו, און עטעל? אַך, לוי־בנימין! וואָס ווייסט דו, וואָס ווייסט דו, ווי טייער, ווי ליעב זי איז מיר!?...

לוי־בנימין (שפּאַנט אַרום הין און צוריק). קוק איהם אַן אַביסעל, ווי ער מאַכט דאָס העויות, די ליעבע האָט זיך אין איהם צעפלאַקערט! ווער מיר ליעבע? וואָס מיר ליעבע? וואָס האָסט דו זיך איינגעבילדעט, משוגענער? אַ שענע ליעבע, אַז די מאַמע קאָן זי אַרויספיהרען צעהן מאָל אין טאָג אויף גט? אויך מיר אַ ליעבע! חאַ־חאַ־חאַ!

מאַטעל. מעגסט דיר לאַכען וויפיעל דו ווילסט. און דאָס, וואָס דאָס הארץ פיהלט? (ער תאַפּט זיך בייַ׳ם האַרצען).

לוי־בנימין. חאַ־חאַ־חאַ! וואָס פיהלט דאָס הארץ? וואָס?... ער האָט זיך אַנגעלייענט מיט ראָמאַנען, ווי אַ פּויק, און שרייעט אויף אַלע גאַסען „ליעבע“! גלאַט, סע ווילט זיך דיר שפּיעלען אַ ראָמאַן, נעמסט דו אַליין אויף זיך צרות מיט שלעק!... נו, ווילסט ניט קיין גט? ווי דו ווילסט זיך! זיץ דאָ! אַט וועט באַלד קומען דער אשמדאי, די שוויעגער דיינע, און וועט דיך אַריינלעגען נייען איילען אין דער ערד אַריין און וועט אַנשטעלען די טאָכטער, אַז זי זאָל דיר וואַרפען דעם גט פאַר די פיס; און נאָכדעם וועט איהר זיך איבערבעטען, צעקושען, און שפּעטער מיט צוויי טעג וויעדער די זעלבע געשיכטע, ביז פון דיין געליעבטער וועט ווערען אַ מין שרה־חנצי און פון דיר אַ מין ראובן־הערש שרה־חנצי׳ס... אַ לעמעשקע... אַ שענער סוף!... שעם זיך! (לוי־בנימין רוקט אַן מאַטלען דאָס היטעל ביז איבער די אויהרען). אַ פיינער יונגערמאַן! אַ יונגערמאַן ביזט דו? אַ ווייבעל ביזט דו! אַ אידינע! מאַטעל די אידינע! „סענדערעל די אידינע“, חאַ־חאַ־חאַ! דו געדענקסט „סענדערעל די אידינע“ ביי אַבראַמאָוויטשען? חאַ־חאַ־חאַ! „שהיה יושב על הספסל“ — אַז סענדערעל די אי־

דינע איז געזעסען אויפ'ן בענקעל אונטערגעבונדען מיט א טיכעל די צייהן, „וקולף קארטאפלים" — און האט געשיילט קארטאפ־לים — חא־חא־חא!

מאטעל. גוט איז דיר צו לאכען! דו האסט זיך אריינ־געחאפט אין א שטוב צווישען לייט, ניט צווישען אזעלכע, ווי איך בין אריין...

לוי־בנימין. האסט א גרויסען טעות, מאטעל, איך האב שוין דיר טויזענד מאל געזאגט, אז סע ווייזט זיך דיר אויס. גלויב מיר, ברודער, אז איך קום געגוג אפ. ניט אזוי פיעל, וויפיעל דו פארשטעהסט זיך, אבער קיין האניג לעק איך אויך ניט... סע ווילט זיך מיר אזוי זיצען און קוועטשען די באנק, אזוי ווי דיר גלוסט זיך אצינד געהן טאנצען. נאר וואס זאל מען טהון? מיר זענען אן איידעמס, מאטעל, מיר זענען איידעמס!... מע האט אונז גענומען פאר א ציערונג אין שטוב אריין, מע האט אונז גע־געבען ווייבער און מע זאגט אונז: געהט, קינדערלעך, צוויי מאל אין טאג אין שול אריין! טהוט אייך דארט וואס איהר ווילט, אבי לאזען לייט זאגען, אז איהר זענט שענע איידעמלעך, זיידענע יונגע־לייט; און מיר, קעלבלעך, לאזען זיך פיהרען פאר'ן שטריקעל. טהון טהוען מיר גאר ניט, עסען לאסקאווע ברויט, טונעיאדצעס, פוסטעפאסניקעס! און אזוי געהען אוועק טעג מיט יאהרען, עס ווערד א קינד און צוויי... און מיר, קאן זיין, וואלט זיך גאר געגלוסט אצינד זיין ווייט־ווייט פון דאנען, ערגיץ אין אדעס, אדער אין א פייטערבארג... שטודיערען... עך, ברודער, ניטא וואס צו רעדען, מאטעל, מיר זענעןביידע גוט אין דער נעץ. מיר איז אביסעל בעסער, דיר איז ערגער — געה זשע, נארעלע, פלאנטע זיך ארויס, ביז דו קאנסט נאך, — ווייל שפעטער גאט ווייסט?... קום שוין, קום מאטעל, מאך זיך ניט נאריש!... (ער נעמט אז מאטלען ביי דער האנד, זיי געהען אפ).

ענדע פונ'ם צווייטען בילד.

## דאס דריטע בילד.

קומט פאר ביי רב ארקע דעם רב אין שטוב, וואס איז איבערגעצאמט מיט א רעדנע אויף צוויי צימערן: א „זאל“ מיט א „קיך“. אין „זאל“ שטעהט א שאפע מיט ספרים, אויף דעם טיש ליגט א „יורה־דעה“ מיט איין „אבן־העזר“. א קאנאפע, בעצויגען מיט קעסטעלדיגען ציטץ; א מזרח אויף דער וואנד; א זייגער מיט א קוקושקע; א טיזליק מיט א טולופעל פון פיי מיט ווייזעלעך; א שטריימעל; איין אטלעסענע קאפאטע מיט א געלען אונטערשלאק; די רביצינ'ס יופע אויף וואטע; א גרויסע קווארט מיט א פיטש־נאסען האנדטוך מיט א פאמוניצע און מיט א בעזעם.

---

### 1.

**פרומע־ליבע די רביצין און שרה־חנצי.**

רביצין. זיצט, שרה־חנצי. זעצט זיך צו, וואס שטעהט איהר?

שרה־חנצי (מיט'ן בורנעס אויף איין ארבעל). נישקשה, איך קאן באשטעהן. (זי סמארעט מיט דער נאז).

רביצין. וואס אהרט איך, שרה־חנצי? אט שטעהט א בענקעל, נעמט, זעצט זיך צו. ביז דער גט וועט נאך פארטיג ווערען, וועט אביסעל געדויערען. אך־אך־אך! (שפארט־אונטער די באק אויף צוויי פינגער און שאקעלט זיך).

שרה־חנצי. אך־אך־אך! (מאכט פיסקעס אויף צו וויינען און זעצט זיך צו מיט א זייט אויף דעם שפיץ בענקעל).

רביצין (מיט רחמנות). למאי זאלט איהר זינדיגען, שרה־חנצי? מסתמא איז דאס א באשערטע זאך. מסתמא הייסט דער אויבערשטער, הקדוש־ברוך־הוא, ברוך הוא וברוך שמו! מסתמא איז דאס נישט קיין זיווג...

ש ר ה ־ ח נ צ י (ווישט־זיך די אויגען און שנייצט די נאָז). נישט קיין זיווג, זאָגט איהר? אוי, פרומעניו, נשמה'ניו! איהר קענט מיך דאָך ניט פון נעכטען און ניט פון פאָר־אָ־יאָהרען... איך קאָן דאָס אייך גאָר אַזוי פיעל נישט למנצח זיין, איך בעט אייך איבער ווי איין אייגענע שוועסטער. ווען איהר זאָלט וויסען, ווי אַזוי ער באַגעהט זיך מיט מיין טאָכטער, מיט מיין לייב און פלייש, וואָלט איהר אַליין געזאָגט, אַז... אַז עס איז אויף מיר אַ „מחזיר נשמות", עפּיס אַ מין פורעניות פון זיין ליעבען נאָמען, עפּיס איין „עוטר ישראל" איז ער, נאָך ערגער פון אַ משומד, ניט דאַ געדאַכט. איך וויים? איין אויסווירפלינג, אַ „נשמת־כל־חי", אַ ווילדע חיה רעה, אַ וואָוקעלאָקע!...

ר ב י צ י ן (שמוצערט מיט די ליפּען און מאַכט מיט דעם קאָפּ). מע זאָל גאָר בעהיט ווערען, רבונו של עולם פון דער גאַנצער וועלט, ברוך הוא וברוך שמו! סע איז דאָך עפּיס גאָר איין אַנ־שיקעניש איז דאָס! אַ מכה בכורה פון מצרים!

ש ר ה ־ ח נ צ י (מיט היטץ). פון מצרים, זאָגט איהר? פון סדום, זאָג איך אייך! פון סדום! עפּיס אַ מין, אַ מין... „ורחצו"! אַ פּיפּערנאָטער, וואָס איז דורס מיט'ן קוק, אַ לינדענוואָרעם, וואָס ליגט אין חריין און מיינט, אַז סע איז גאָר קיין זיסערס נישטאָ אויף דער וועלט! ער ליגט און טאָטשעט, ווערעם זאָלען טאָטשען זיין לייב אין דער פינסטער, ליעבער גאָט!

ר ב י צ י ן. באַהיט מיך גאָט, ברוך הוא וברוך שמו! (זי הויבט אויף די אויגען מיט די הענד צו דער סטעלי). איך וויים? איהר דאַרפט נאָך דאַנקען און לויבען דעם וואָס לעבט אייביג, ברוך הוא וברוך שמו. וואָס איהר ווערד פּטור פון אַזאַ צרה שלא תבוא! אָט נעמט, אַשטייגער, חיים־מאיר ליפּאַ־חזקאל'ס איידעם. מע זאָל באַהיט און באַשירמט ווערען, רבונו־של־עולם, ברוך הוא וברוך שמו!

שרה־חנצי. וואס איז דען מיט חיים־מאיר ליפא־חזקאל'ס איידעם?

רביצין (פארגלאצט די אויגען, שפייעט אויס און טהוט זיך א וויש דאס מויל). ס'זאל מיר נור נישט פאררעכענט ווערען פאר קיין לשון־הרע חלילה. שוין זינד חיים־מאיר ליפא־חזקאל'ס האט געבראכט דעם איידעם, האבען אנגעהויבען צו פאלען קליי־נע קינדער, ניט היינט געדאכט, אזוי ווי שטרוי. גאט זאל זיך דער־בארעמען, ברוך הוא וברוך שמו!

שרה־חנצי (שמועצערט מיט די ליפען, שאקעלט זיך מיט'ן גאנצען קערפער). וואס רעדט איהר, אוי, פרומעניו, נשמהניו? וואס זשע איז מיט איהם אזעלכעס, למשל? וואס האט ער גע־טהאן, דער ימח־שמו'ניק, פארהאפט זאל ער ווערען?

רביצין. וואס האט ער געטהאן, פרעגט איהר? פרעגט בעסער, וואס האט ער ניט געטהאן? א קלייניגקייט — יע־נער האט אפגערעדט די לבנה!

שרה־חנצי. א, פארהאפט זאל ער ווערען! וואס הייסט ער האט אפגערעדט די לבנה?

רביצין. ווייסט איהם דער גוטער יאהר! מיט אזא כשוף, צי וואס! זינט ער האט איהם געבראכט צו פיהרען, איז ניט געוועזען איין לבנה.

שרה־חנצי. א, פארהאפט זאל ער ווערען! וואו איז אהינגעקומען די לבנה?

רביצין. איך וויים וואו זי איז אהינגעקומען? וואס וויים א אשה? איך וויים נור, דער רב האט מיר געזאגט, אז ס'איז נישטא קיין איין לבנה מחדש צו זיין; ביז חיים־מאיר ליפא־חזקאל'ס האט נישט אפגע'גט דעם איידעם, איז נישט געוועזען קיין לבנה. און אז מע האט איהם אפגע'גט, האט גאט ברוך הוא וברוך שמו א נס געטהאן, ס'איז שוין ווידער דא אלע חודש א לבנה...

דאס אייגענע איז מיט אייך, שרה־חנצי: אט ווערד איהר פון איהם פטור, אם ירצה־השם, מיט'ן אויבערשטענס הילף, ברוך הוא וברוך שמו...

שרה־חנצי. איך ווער פטור? סע קאסט מיך קארג בלוט? וואס רעדט איהר, פרומע לעבען? א ווערטעלע, א שידוך געטהאן, חתונה געמאכט, אנגעטויטשעט זיך — און וואס, איך בעט אייך? אצינד, געה טהו נאך אמאל א שידוך, וויעדער איין איידעם, א ציערונג אין שטוב אריין, איין עבודה־זרה, א לעשות־נקמה'ניק, א בייזער שטערן... ששא, אז געהט ער, דער תכשיט מיינער. לאם איך זיך באהאלטען, פרומע־לעבען, ביי אייך אין קיך, מיינע אויגען זאלען איהם נישט אנקוקען אין זיין טרפה'נעם פרצוף. א סבה איהם אין פנים אויף דריי יאהר מיט א האלבען!... (זי געהט אוועק אין צווייטען צימער).

---

## 2.

ר׳ב ארקע דער רב קומט אריין געשווינד, וואשט די הענד, זאגט „אשר יצר“ אויף א קול און זעצט זיך אויבענאן אויף דער קעסטעלדיגער קאנאפע מיט גרויס פאראד. נאך איהם געהט אריין ר׳ב זכריה סופר און שטעלט זיך אן א זייט. נאך דעם סופר געהען נאך צוויי עדות, און דער שמש טראגט אריין דעם גט מיט א גרויסען גלעזערנעם טינטער, אין וועלכען סע שטעקט א גענזענע פעדער. עס הויבען אן אריינצוקומען איינציגווייז אלערליי אידען; הויכע און נידעריגע, אלטע און מיטעלע, שווארצע און געלע — ביז עס קלויבט זיך צענויף א מנין. לוי־בנימין, ר׳ב שלום שדכן און ראובן־הערש קומען אן בעזונדער. פרומע־ליבע די רביצין הויבט אויף דעם פארהאנג פון דער קיך־טהיר און לאזט אריין עטלען, וואס געהט טריט ביי טריט, אנגערוקט דאס טיכעל ביז דער נאז. פון דער טהיר קומט אריין מאטעל, בלאס און צע־

טראגען. דער ש מ ש ווייזט זיי זייערע ערטער. ר ב אַ ר ק ע ד ע ר ר ב איילט זיך און שנייצט אויס די נאָז און איז זיך מכין צום סדר הגט.

ר ב אַ ר ק ע ד ע ר ר ב, ר ב ז כ ר י ה ס ו פ ר, א י ד ע ל ד ע ר ש מ ש, ר א ו ב ן־ה ע ר ש, מ א־ ט ע ל, ל ו י־ב נ י מ י ן, ד י ר ב י צ י ן, ע ט ע ל, צ ו ו י ע ד ו ת א ו ן אַ מ נ י ן א י ד ע ן.

ד ע ר ר ב (נעמט דעם גט). דו, סופר זכריה בר טוביה, איז דאָס דער גט, וואָס דו האָסט דאָ געשריבען, האָסט דו געשריבען?

ד ע ר ס ו פ ר (קראַצט זיך אין דער געדיכטער באָרד). יאָ.

ד ע ר ר ב. קענסט דו דעם גט און האָסט דאָ אַ סימן מובהק?

ד ע ר ס ו פ ר. יאָ.

ד ע ר ר ב. האָט דיר דער בעל, משה מרדכי בר אפרים מנשה, געגעבען דאָס פּאַרמעט, דעם טינט און דאָס טינטערל און דאָס גאַנצע שרייב־געצייג פאַר די עדים?

ד ע ר ס ו פ ר. יאָ.

ד ע ר ר ב. האָט דיר געהייסען דער בעל, משה מרדכי בר אפרים מנשה, אַז דו זאָלסט דעם גט שרייבען לשמו ולשמה ולשם גירושין?

ד ע ר ס ו פ ר. יאָ.

ד ע ר ר ב. האָסט דו אַזוי גערעדט, אַז דער גט, וואָס דער בעל, משה מרדכי בר אפרים מנשה, האָט געשריבען, איז געשרי־ בען לשמו ולשמה ולשם גירושין?

ד ע ר ס ו פ ר. איך האָב גערעדט, אַז דער גט, וואָס דער בעל, משה מרדכי בר אפרים מנשה, האָט געשריבען, איז געשרי־ בען לשמו ולשמה ולשם גירושין.

ד ע ר ר ב (צו די עדות). האָט איהר געהערט פון'ם מגרש, משה מרדכי בר אפרים מנשה, אַז ער האָט מבטל געוועזן אַלע

מודעות, און אז דער גט, וואָס ער האָט געשריבען, איז געשריבען לשמו ולשמה ולשם גירושין?

די עדות (ביידע צוזאַמען, איינער אויף אַ גראַבער און דער אַנדערער אויף אַ דינער שטימע). יאָ.

דער רב. האָט איהר געזעהען, אז דער מגרש, משה מרדכי בר אפרים מנשה, האָט מוסר געווען דעם טינט און פּען און דאָס טינטערעל, בכדי דער גט, וואָס ער האָט געשריבען, זאָל זיין געשריבען לשמו ולשמה ולשם גירושין?

די עדות. יאָ.

(מע דעקט אַפּ עטלען די פּאַטשיילע).

דער רב. דו, חיה עטעל גענענדעל בת ראובן הערש, ווילסט דו מקבל זיין דעם גט פון דיין מאַן משה מרדכי בר אפרים מנשה פון גוטען ווילען, אָהן אונס און אָהן תנאי?...זאָג: „יאָ".

עטעל (שווייגט אַ היבשע ווייל, ביז אידעל דער שמש טהוט זי אַ טאַרק ביי'ם אַרבעל). יאָ.

דער רב. האָסט דו געטהאָן אַ נדר, אדער אַ שבועה, אדער איין איסור? זאָג: „ניין".

עטעל (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ). ניין, ניין!

דער רב. האָסט דו גערעדט מעולם אַ דבור, אדער אַ שבועה, אדער איין איסור, ס'זאָל דעם גט ניט מזיק זיין?... זאָג: „ניין".

עטעל (מיט טרערען). ניין!

(אידעל דער שמש פיהרט צו מאַטלען).

דער רב. דו, משה מרדכי בר אפרים מנשה, ווילסט דו געבען דעם גט דיין ווייב חיה עטעל געגענדעל בת ראובן הערש פון דיין גוטען ווילען, אָהן אונס און אָהן תנאי? זאָג: „יאָ".

מאָטעל (דרעהט אויס דעם קאָפּ צו עטלען און זיפצט. אידעל דער שמש טהוט איהם אַ שטורך פון הינטען מיט'ן עלענבויגען. ער שאָקעלט מיט דעם קאָפּ אויף „ניין" און זאָגט „יאָ"). יאָ!

ד ע ר   ר ב . האסט דו געראָדט מעולם אַ דבור, אָדער אַ שבועה, אָדער איין איסור, ס'זאָל דעם גט ניט מזיק זיין ?... זאָג: „ניין“.

מ אַ ט ע ל (רוקט זיך צו נעהענטער צו עטלען. דער שמש נעמט איהם אָן פאַר די אַכסלען און פיהרט איהם אָפּ אַביסעל וויטער). ניין! איך האָב געוואָלט זאָגען... (ער וויל עפּיס זאָגען וויטער, טהוט איהם דער שמש אַ ציה ביי דער האַנד).

ד ע ר   ר ב (גיט איהם איבער דעם גט על־פּי דין). נאַ דיר דעם גט, האַלט איהם, ביז איך וועל דיר זאָגען... (דער רב ווענדט זיך שוין צו עטלען). גיב איהם אָפּ די כתובה, אָדער זיי איהם מוחל. טהו אויס דאָס פינגערעל, ס'זאָל ניט זיין קיין שום חציצה, און דער אַרבעל זאָל ניט אַנריהרען, די הענט הויב אויף, און זאָלסט זיי ניט פאַרמאַכען, ביז איך וועל דיר זאָגען... (צום עולם). ווער סע האָט עפּיס אַ פּסול אויפ'ן גט — זאָגט! ... (דער עולם שווייגט מיט שטילשווייגעניש. דער רב צו מאַטלען). דו, משה מרדכי בר אפרים מנשה, הויב אויף די הענט העכער פון דיין ווייב. (מאַטעל רוקט זיך צו צו עטלען און פאַרקוקט איהר אונטער'ן טיבעל: ביידע יונגע מענשען וויינען און שלינגען די טרערען. דער רב צו מאַטלען). דו, משה מרדכי בר אפרים מנשה, זאָג מיר נאָך וואָרט אין וואָרט, זאָג: „הרי זה גיטך“...

מ אַ ט ע ל (ער וואָרגט זיך). הררי זזזה גגגיטך...

ד ע ר   ר ב . „והתקבלי גיטך“...

מ אַ ט ע ל (מיט אַ קוויטש). והתקבלי גיטטך...

ד ע ר   ר ב . „ובו תהיי מגורשת“...

מ אַ ט ע ל . ובו תהיי מגגגגורשת...

ד ע ר   ר ב . „ממני מעכשיו“...

מ אַ ט ע ל (מיט אַ יאָמערליך געוויין). מממממני מעכשיו...

ד ע ר   ר ב . „והרי את“...

מ א ט ע ל (חליפּעט ווי אַ קליין קינד). וההרי את... (דער גאַט פּאַלט פּלוצים אַרויס פון זיינע הענט. מאַטעל פּאַלט עטלעך אויפ'ן האַלז — און דאָס פאַרפאַלק ווערט אומגעריכט צענויפגעגאָסן אין אַ לאַנגען, הייסען, פלאַם־פייערדיגען קוש).

ד ע ר ע ו ל ם (בלייבט לכתחילה ערשטוינט, אָפּהענדיג, אָהן לשון; קוקען איינער אויף דעם אַנדערען און אַלע צוזאַמען אויף דעם רב). אי־אַ־נו־פע!...

ד ע ר ר ב (אין איינציגע מינוט אַרום). נו, נו! אַ מעשה! אַ מעשה! (קנייטשט מיט די פּלייצעס). איך בין שוין דאָ, ברוך השם, באַלד זיבען און דרייסיג יאָהר רב, און האָב שוין אויף מיין לעבען גענוג פאַרלעך אָפּגע'גט, — האָט זיך מיר נאָך אַזאַ מעשה נים פּאַרלאָפען! אַ מעשה! אַ מעשה! נו, נו!...

ד י ר ב י צ י ן (קוקט ניט אויף קיינעם). מן השמים! מסתמא איז דאָך דאָס אַ זיווג מן השמים, פון השם יתברך, ברוך הוא וברוך שמו...

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן. מזל טוב! אידען, זאָגט מזל טוב, אידען! און שטעלט משקה שטעלט!

ד ע ר ע ו ל ם (איינער דעם אַנדערען). מזל טוב! מזל טוב! מזל טוב!

ד ע ר ס ו פ ר. רב ראובן־הערש! רב ראובן־הערש! שיקט נאָך משקה, וועלען מיר טרינקען „לחיים“.

ד ע ר ע ו ל ם. נאָך משקה! נאָך משקה! אידעל, משקה ברענג צו טראָגען!

א י ד ע ל ד ע ר ש מ ש. אָט גיה איך! אָט לויף איך! וואָס זאָל איך ברענגען אויף צו פאַרבייסען?

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן. ברענג קיכלעך ברענג, און הערינג ברענג, און אַ ביסעל דאַרע קישקע אַביסעל...

ר א ו ב ן ־ ה ע ר ש (צו שלום שדכן). נו, רב שלום! וואס האב איך אייך געזאגט? איא? ווער איז גערעכט, רב שלום? הא, רב שלום? נא דיר גאר גט'ן זיך?!

ר ב ש ל ו ם. אבער מיין רח"ש מיינער? רב ראובן־הערש, מיר קומט רח"ש קומט מיר! א שדכן אז ער שטעהט אפילו פון דער זייט א שדכן, קומט איהם שוין אויך שדכנות קומט איהם! וואס זאגט איהר, רב ארקע, ניט אזוי, וואס? ע ל ע ה י י א נייער שידוך ע ל ע ה י י!... (צום שמש). און פארגעסט נישט, רב אידעל, דארע קישקע, למען־השם, קישקע דארע!

ד ע ר ע ו ל ם (אסך קולות). וואו איז אהינגעקומען דאס פארפאלק? וואו זענען זיי? האסט דו געהערט איין אקציע? חא־חא־חא! א קאמעדיע! א ריינע קאמעדיע! (האלטען זיך ביי די זייטען לאכענדיג).

ל ו י ־ ב נ י מ י ן (צו מאטלען). מזל טוב דיר, מאטעל! ווער ס'איז דיר מקנא, דער זאל אליין ניט האבען... איך האב דיר שוין פארזארגט אויף אייביג... (צום עולם). א קאמעדיע זאגט איהר? ס'איז טאקי צו מאכען פון אייך א קאמעדיע! ס'וועט זיך שוין געפינען אזעלכער, וואס וועט פון אייך אמאל באשרייבען, מאכען פון אייך א קאמעדיע...

ש ר ה ־ חנ צ י (ערשיינט פון יענער זייט פארהאנג, צום מאן). ראובן־הערש, דו הערסט? האב איך דיר געזאגט, אז ער וועט אונז באשרייבען אויף די גאזעטען, אט דער כל־בוניק!? (בעוויזט מיט די קולאקעס אויף לוי־בנימינען און אויף מאטלען און לאזט זיך צו דער טהיר).

פ א ר ה א נ ג.

---

צעזוועט און צעשפרייט. בילדער פונ׳ם

אידישען לעבען, אין דריי אקטען.

געשריבען אין יאהר 1905.

# צו דער צווייטער אויפלאַגע.

מיט איינינע יאָהר צוריק האָט זיך געדרוקט פון מיר אַ פעליעטאָן אין דער „יודישער פאָלס־צייטונג“ אונטער דעם נאָמען „צעזעעט און צעשפּרייט, בילדער פון׳ם יודישען לעבען“. הגם די דאָזיגע בילדער זענען געשריבען אין אַ דראַמאַטישער פאָרם, דאָך האָט זיך מיר אפילו ניט גע׳חלומ׳ט, אַז איך וועל אַמאָל זוכה זיין צו זעהען זיי אויפגעפיהרט אויף דער סצענע.

אין עטליכע יאָהר ארום האָט מען די פּיעסע איבערגעזעצט אין דער פּוילישער שפּראַך און מע האָט זי געשפּיעלט אין פּוילישען טהעאַטער אין ווארשא. אמת, דאָס פּובליקום האָט אויפגענומען די פּיעסע און דעם מחבר פון דער פּיעסע זעהר ראַשענד, די גאַלעריע האָט געפּאַטשט „בראַוואָ“, ווי געוויינטליך, נאָר וואָס מעהר דער עולם האָט געגוואַלדעוועט, אַזוי מעהר האָט דאָס דעם מחבר פערדראָסען: ער האָט געפיהלט, אַז דער פּיעסע פעהלט אַ סך מעהר וויפיעל זי פערמאָגט; ער האָט געפיהלט, אַז אויף דער ביהנע וועדר געשפּיעלט אַ פעליעטאָן, נישט קיין דראַמא. דאָס, וואָס איך האָב דעמאָלט געליטען, קאָן מען באמת אָנרופען „חבוט הקבר“. „קיינער ווייסט ניט, זאָגט מען, וועמען דער שוך קוועטשט“. איך בין געווען דענסמאָל אויב נישט דער איינציגער, וואָס האָט אויסגעפּייפט דעם מחבר פון דער פּיעסע.

איצט, ביי דער צווייטער אויפלאַגע, צום אויפפיהרען זי אויף דער אידישער ביהנע, האָב איך זי גענומען צום אויסבעסערען. דאָס „אויסבעסערען“ האָט מיך אָבער אַזוי ווייט פערשלעפּט, אַז איך האָב כמעט אנגעשריבען אַ גאַנץ נייע פּיעסע, כמעט נאָר איבערגעלאָזט דעם הויפּטגעדאַנק, די נעמען פון די פּאַרשוינען און

אַ צוויי־דריי סצענעס אומגעענדערט. איך האָב געוואָלט, אַז מיין ערשטע פּיעסע אויף דער אידישער ביהנע זאָל האָבען חאָטש אַ שטיקעל פּנים פון אַ פּיעסע, אַזוי, אַז אויב די גאַלעריע וועט זיך ניט קאָנען איינהאַלטען און וועט אַמאָל וועלען „פּאַטשען בראַ־וואָ“, זאָל זי ניט פּאַטשען אומזיסט... „יונגע דראַמאַטורגען — זאָגט טשעכאָוו — בעדאַרף מען ווינציגער אַפּלאָדירען און מעהר אויספייפען“. גאָלדענע ווערטער!...

קיעוו, מאַי, 1905.

שלום־עליכם.

## די פּאַרשוינען:

**מאיר שאַלאַנט**, אַ איד אַ סוחר, אַיין אויפגעקומענער גביר, אַ פּראָסטער חי־וקים, שניידט זיך אויף איין אריסטאָקראַט.

**מלכה**, זיין ווייב, אַ אידינע איין עהרליכע, אַ כשר'ע נשמה.

**מאַטוויי**, זייער עלטערער זוהן, אַ „פּראַנט“.

**פלאָראַ**, זייער עלטערע טאָכטער, אַ גרושה „פען־דע־סיעקל“.

**חנה**, זייער איגגערע טאָכטער. געשאָרענע האָר. רייסט זיך אויף די קורסען.

**חיים**, זייער איגגערער זוהן, אַ ציוניסט.

**וואַלאָדי**, זייער דריטער זוהן, אַ „חברה־מאַן“.

**סאַשקע**, זייער מיזיניקעל, אַ צעבאַלעוועט בר־מצוה־בחור'על.

**משה'לע זיידענשטאַמער**, שאַלאַנט'ס מחותן, איין אָפּגעפּוצט אידעל, איינגעטונקען אין יחום.

**איטעלע**, זיין ווייב, טראָגט פּערל אין דערוואַכען.

**אראַנטשיק**, זייער זוהן, חנה'ס חתן, אַ „סטאַטעטשנע“ בחור.

**פּעסיל**, אַיין אָרעמע קרובה מלכה'ס, אַ ווייבעל מיט אַ פּאַטשיילע.

**דאַווידקע**, מאַטוויי'ס אַ חבר, אַ קאָרטענשפּיעלער.

**בעני**, אַ איד מיט אַ זאָנטיק, האַלב מעקלער, האַלב שדכן.

**מאַשע**, אַ שטובמיידעל ביי די שאַלאַנטס.

בחורים מיט שווארצע העמדלעך, מייד־לעך מיט רויטע בלוזקעס און גלאַט פּאַרשוינען.

די געשיכטע קומט פאָר אין אַ גרויסער שטאָדט.

---

## ערשטער אקט.

ביי אַ גרויסען, רייך־געדעקטען טיש זיצט מ א י ר ש אַ ל א נ ט אין אַ חאַלאַט, פערטיעפט אין חשבונות. — מ ל כ ה איז בעשעפטיגט ביים סאַמאָוואַר, טראָגט אונטער איטליכען טיי. — פ ל אָ ר אַ, איין אָנגעפּודערטע, מיט ברייטע צעשניטענע אַרבעל, זיצט אין אַ וויעגשטוהל, וויעגט זיך און זינגט שטילערהייד. — ח נ ה, פערטיעפט אין אַ ביכעל, לייענט. — מ אַ ט ו נ י י, אַ צעקאָשמעטער, פּויפט אונטער שטילערהייד.

### ערשטע סצענע.

מ ל כ ה (אויף רוסיש). שאַשע! שאַשענקע?

ס אַ ש ק ע (פונ'ם אַנדערען חדר, אויף רוסיש). וואָס איז, מאַמאַשאַ?

מ ל כ ה. וואָס טהוסט דו דאָרטען?

ס אַ ש ק ע. איך וואַש די קאַץ. וואָס איז דען?

מ ל כ ה. געה טרינקען טיי! (מאַטוויי און פלאָרא לאַכען).

ח נ ה (צו דער מוטער). אַנדערש קאָנסט דו טאַקי מיט איהם ניט רעדען, נאָר אויף רוסיש?

מ ל כ ה. ווי אַזוי דען זאָל איך רעדען, אַז איהר רעדט אַלע אַזוי? איך וואָלט אודאי געוואָלט בעסער רעדען אויף אידיש, אויף מאַמע־לשון, נאָר וואָס זאָל איך טהון, אַז איהר אַלע, און אפילו אַט דער אַלטער נאַרר (זי בעווייזט אויף מאיר'ן), האָט זיך אַנגערעדט, מע זאָל אַרויסטרייבען אונזער הייליגען לשון. און ווער שמועסט, פון זינט מיר זענען אַריבערגעפאַהרען אַהער, אין דער דאַזיגער פאַרשאָלטענער שטאָדט! וואָס, אפשר ניט אַזוי, מאיר?

מ א י ר. וואָס ניט אַזוי? אַז דו ביזט אַ בהמה? (מאַטוויי און פלאָרא לאַכען).

מ ל כ ה. לאַכט, לאַכט! דאָס עפּעלע פאַלט ניט ווייט פונ'ם בוימעלע. „יאַקי מאַטקאַ, טאַקי דזיעצקאַ"...

מ א י ר. שוין? האסט שוין אנגעהויבען מיט דיין מוסר, מיט'ן טייטש־חומש און מיט'ן פעטשענע־ווארענע? (מאטוויי און פלארא לאכען). וואו איז חיים? וואו איז וואלאדי? (קוקט זיך ארום). פאר וואס זעהט מען זיי ניט?

מ ל כ ה. שלאפען נאך מן הסתם.

מ א י ר. אזוי שפעט? טאמער וואלט מען זיי אויפגעוועקט טרינקען טיי?

מ ל כ ה. א רחמנות, זיי האבען זיך שפעט געלעגט שלאפען.

מ א י ר (קוקט אין די פאפיערען). געלערענט?

מ א ט ו ו י י. פארשטעהט זיך! ווי דען? מיר דאכט, אז זיי זענען ביידע געקומען אהיים מיט'ן טאג גלייך.

פ ל א ר א. מיט'ן טאג גלייך? געוועזן שוין גרויסער טאג.

מ א י ר (צו מלכה'ן). וואס הייסט דאס? וואו איז מען דאס געוועזן? וואוהין געהט מען דאס ארום גאנצע נעכט? וואס פאר ארומגעהעכטסען ביי נאכט?

מ ל כ ה. ווייס איך וואס — קינדער פלאפלען!

מ א ט ו ו י. מאמאשע! וואס דארפסט דו זיי פארענטפער־רען? זיי זענען געוועזן אויף א „זאסעדאניע". וואס איז דער אומגליק?

מ א י ר. וואס פאר זאסעדאניעס גאר?

פ ל א ר א. שפיעלסט זיך מיט זיי? יענע קעהרען וועלטען!

מ א ט ו ו י י. מע ברענט די באד!

ח נ ה (נישט צוגענומען די אויגען פונ'ם בוך). אלץ בעסער ווי שפיעלען גאנצע נעכט אין קארטען.

פ ל א ר א (צו מאטווייען). דאס איז שוין אין דיין גארטען אריין, מאטוויי...

מ א ט ו ו י י. „לאנגע האר, זאגט מען, קורצער שכל". ביי איהר איז ביידע זאכען: אי קורצע האר, אי קורצער שכל.

ח נ ה. אי פלאטשיג, אי אהן טעם.

מ אַ ט ו ו י י (ציהט אוים אַ לאַנגען פּייף). פּי־יו־יט !

מ אַ י ר (הויבט אויף דעם קאָפּ). ווער פּייפט עס? וואָס פאַר אַ פּייפעריי?

מ ל כ ה (צו די קינדער מיט אַ געבעט). לאָז זיין שטיל, איך בעט אייך! (עס קומט אַן ח י י ם, טהוט אַ קוש דעם פאָטער. גיט חנה׳ן די האַנד. מ ל כ ה טראָגט איהם אונטער טיי).

## צווייטע סצענע.

מ אַ י ר . וואו ביזט דו דאָס געווען, חיים? וואָס פאַר זאַ־סעדראַניעס ביי דיר?

ח י י ם . פון ציוניסטען.

מ אַ ט ו ו י י . פון ארץ־ישראל־אידען.

מ אַ י ר (איראָניש). וואָס זשע איז געבליבען דאָרטען ביי אייך אויף דער אסיפה?

מ אַ ט ו ו י י . מע זאָל אַריבערפּעקלען אַלע אידען קיין ארץ־ישראל.

ח י י ם . ניט אַלע... די אידען, וואָס זיי געפעלט ניט ארץ־ישראל, קאָנען בלייבען דאָ.

מ אַ ט ו ו י י . עס געהט זיי אַפּ צום רומעל נאָר אַ ווייס פערדעל. (פּלאַוֹאַ לאַכט נערוועז. עס קומט אַן ו ו אַ ל אַ ד י מיט אַ פּעקעל ביכער, טהוט אַ קוש דעם פאָטער, קוועטשט חיים׳ן און חנה׳ן די האַנד. מ ל כ ה טראָגט איהם אונטער טיי).

## דריטע סצענע.

ו ו אַ ל אַ ד י . וואָס איז דאָ אַזוי פריילין?

ח י י ם . וואָס פעהלט זיי?

מ אַ יר (צו וואַלאַדי׳ן, קוקט אויפגעהויבען די אויגען). נו, און דו, וואַלאַדקי? וואוהין ווילסט דו אַריבערפיהרען די אידען? אויף קיין ארץ ישראל? צי אפשר גאָר קיין מצרים?

וואלאדי. וואס דארף מען קיין מצרים? מע קאן ניט זיין קיין שקלאפען דא?

מאטוויי. פאפא! דאס מיינט מען אונז און דיך אויך בתוכם...

מאיר (צו וואלאדין אין גוטען מוטה). מיט א טאטען רעדסט דו אזעלכע ווערטער, דו שייגאץ איינער?

וואלאדי. וואסערע ווערטער? (מאטוויי פייפט, פלארא לאכט).

מאיר (שטרענג). וואס פאר א פייפעריי? וואס פאר א געלעכטער?

מלכה (לויפט צו). אבער לאז זיין שטיל! קינדער, לאז זיין שטיל, איך בעט אייך! (עס קומט אן סאשקע מיט צוויי קעצלעך אונטער ביידע הענד. ער קושט פריהער דעם פאטער, נאכדעם די מוטער. מלכה באזעצט איהם, דרעהט זיך ארום איהם, גיט איהם טיי, ער האדעוועט די קעץ מיט מילך).

פיערטע סצענע.

מאטוויי. אהא! ער איז שוין דא מיט דער משפחה!

פלארא. סאשקע מיט די קעץ!

סאשקע (קוקט ניט אויף קיינעם). פאר וואס קויפט מען מיר ניט קיין וועלאסיפעד?

מלכה (לויפט צו צו איהם). לאז זיין שטיל, סאשענקע! וואס טויג דיר זיך האלטען מיט אזא מיאוסקייט? ווארף זיי ארוים! שאדט צום זכרון! א שרץ!

סאשקע (הערט זי ניט). פאר וואס קויפט מען מיר ניט קיין וועלאסיפעד? (הויך). קיין וועלאסיפעד פאר וואס קויפט מען מיר ניט?! (אלע לאכען, חוץ מלכה'ן).

מאיר (רייסט זיך אפ פון די פאפיערען). הא? וואס האט ער געזאגט? וואס זאל מען איהם קויפען?

מ ל כ ה . ווייס איך וואָס אַ קינד פּלאַפּעלט !... אַ לעסיפּעד האָסט דו צוגעזאָגט איהם קויפען, וואָס ?

מ א י ר . וואָסערע לעסיפּעדען ! וואָסערע פּלאַמען ! אַזאַ קליינער וועווריק ווי דו דאַרפסט נאָך לערנען, ניט אַרומפאַהרען אויף לעסיפּעדען און שפּיעלען זיך מיט אַזאַ פּאַסקודסטווע ! (וואַרפט אַראָפּ די קעץ; סאַשקע הויבט זיי אויף איין מאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל. אַלע לאַכען, חוץ מלכה'ן). וואו זענען דיינע לעהרערס וואו ?

ס אַ ש ק ע . לעהרערס ? חאַ־חאַ־חאַ ! געווען איינער אַ לעהרער, איז ער אויך נישטאָ.

מ א י ר . וואָס הייסט איינער אַ לעהרער ? נו, און דער מלמד — וואו איז דער רבי ?

ס אַ ש ק ע . וואָסער מלמד ? וואָסער רבי ? שוין לאַנג דורכגעטריבען !

מ א י ר (איבעראַשט). האַ ? וואָס ? דורכגעטריבען ? ווער האָט איהם דורכגעטריבען ? ווער האָט דאָס געהאַט אַ העזה אַרויס־טרייבען אַ מלמד אַהן מיר ? (קלאַפּט מיט די הענד אין טיש). איך בין דאָ בעל הבית, צי ניין ? וואָס שווייגט איהר ? ווער איז דאָ בעל הבית ? (ער געהט אַריין וואָס ווייטער אין אַלץ מעהר כעס, וואַרפט די קעץ פונ'ם טיש; סאַשקע וויל זיי אויפהויבען, דער פאָטער טרייבט איהם דורך). געה דיר, דו פּידסווינעק איינער, מיט דער פּאַסקודסטווע ! (סאַשקע מיט די קעץ געהט אַוועק, מורקעט אונ־טער דער נאָז : „אַ פערשאָלטענע שטוב"...).

## פינפטע סצענע.

מ אַ ט ו ו י י (ציהט אויס אַ לאַנגען פייף). פּי־יו־יט !

פ ל אַ ר אַ . (שטיקט זיך שטילערהייד). חי־חי־חי !

ח י י ם (צו וואָלאָדי'ן). אַ זעלטען בחור'על !

ח נ ה . זעלטענע ערציהונג !

ו ו א ל א ד י (דעקלאמירט). „וואס זלאנראוויא דאסטאיניא פלאדי“... (אפאר מינוט הערשט א שטילשוויינעניש).

ח י י ם (צו וואלאדי'ן). ווען מאכען מיר א דיסקוסיע?

ו ו א ל א ד י . נישטא דערווייל קיין פלאץ... (צו חנה'ן). נעמסט איין אנטהייל אין אונזערע דעבאטען?

ח נ ה . מיט פערגניגען. ווען וועט דאס זיין?

פ ל א ר א . וואס? א ספעקטאקל?

ח י י ם (צו וואלאדי'ן). וואס חלומ'ט זיך א הוהן?

ח נ ה . פראסע.

פ ל א ר א (צו מאטוויי'ען). וואס זאגסט דו אויף אונזער קורסיסטקע? זי מיינט, אז ווי באלד מע שערט זיך אונטער די האר, אזוי נעמט מען שוין צו אויף די קורסען...

מ א י ר . הא? קורסען? וואס פאר קורסען?

מ ל כ ה . וויים איך וואס קינדער פלאפלען!

מ א ט ו ו י י . זי פארגעסט, אז דערווייל איז זי א אידישע טאכטער, דאס הייסט, א „זשידאווקע מיט איין אטעסטאט“.

ח י י ם . אלץ שענער ווי וואלגערען זיך אין אלע קלובען.

ו ו א ל א ד י . און שפיעלען אין קארטען.

מ א י ר . וואס פאר קלובען? וואס פאר קארטען?

מ ל כ ה . וויים איך וואס קינדער פלאפלען! (צו די קינדער). איך בעט איך, לאז זיין שטיל! (עס ווערד אויף א ווײלע שטיל. יונגוואָרג רעדען צווישען זיך שטילערהייד).

מ א י ר (שטעהט אויף פונ'ם טיש). ווער וועט מיר אנשרייבען עפּיס א רעכטען בריעף צום פריץ, צום גראף מיין איך?... ער שרייבט מיר, דער גראף, אז מע דינגט ביי איהם וואלד, מע גיט איהם, זאגט ער, איין אייזערנעם פרייז... ער מיינט, איך וויים ניט, וואס ער מיינט!... עס ציהט איהם שוין אהין, קיין „מאנטע־קארלא“ ציהט עס איהם! א קערטעלע!... בעדארף ער האבען

געלד... בלאָטע! איך וועל נישט דערלאָזען, מע זאָל האַקען דעם וואַלד, מאַכען איהם אַ תל פון דער אימעניע, אָבער גאָר לאַ!... (געהט צו צו אַ שרייבטישעל, וואָס ביי דער זייט). מע בעדאַרף איהם אוועקשרייבען אַזאַ בריוועל, ס׳זאָל איהם נעמען!... נו, קינדער! ווער שרייבט?

מ אַ ט ו ו י י. איך האָב גאָר פאַרגעסען, אַז כ׳האָב היינט קיין צייט ניט. (הויבט זיך אויף און געהט אַוועק).

פ ל ס ר אַ. איך וועל מיך היינט אַמאָל אָנטהון, צי ניין? (הויבט זיך אויף און געהט אַוועק).

מ אַ י ר. נו?

ח י י ם (צו וואָלאָדי׳ן). נו? ווערסט אפשר שרייבען?

ו ו אַ ל אַ ד י (צו חיים׳ן). פאַר וואָס ניט דו?

מ אַ י ר. נו?

ח נ ה (געהט צו צום טישעל). אָט וועל איך. (נעמט זיך צו דער פען).

מ אַ י ר. שעמען מעגט איהר זיך! מילא יענע צוויי עלטערע האָבען זיך אָפּגעטראָגען, איז חאָטש דער פאַרדראָס ניט אַזוי גרויס: ס׳איז פאַר זיי אַ סוד, זיי קאָנען נעבאַך נישט... אָבער איהר, ימח־שמו׳ניקעס? איהר יכול׳ט דאָך יאָ! קאַרג קאָסט איהר מיך אָפּ?... אַ וואויל קינד איז טאַקי חנה׳לע... (צו חנה׳ן). שרייב... (שטעלט זיך אַוועק אין אַ פאַרטראַכטע פּאָזע, דיקטירט). שרייב איהם אַזוי: „יעווא סיאַטעלסטוואו יאַסנאַוועלמאַזשנעמו פאַנו חראַביאַ“... שוין?

ח נ ה. שוין.

מ אַ י ר (מיט די הענד). „ראשית חכמה קום איך דיר, יאַסנאַ־וועלמאַזשנע פאַן חראַביאַ, צו מעלדען... ניין! ערנידעריגסט צו מעלדען מיין איבערגעבענהייט... ניין! מיין אַלערטיעפסטע אי־בערגעבענהייט“... שוין?

ח נ ה. שוין.

מ א י ר . „מיין אַלערטיעפסטע איבערגעבענהייט און גע־טריישאַפט... ניין! מיין שטענדיגע געטריישאַפט צו דיר, יאַסנאָ־וועלמאַזשנע פּאַן חראַביא, און צו דיין הויזגעזינד... ניין! צו דיין יאַסנאָוועלמאַזשנע הויזגעזינד..."

ח י י ם (הויך). איך פאַרשטעה ניט, צו וואָס זאָל אַ איד זיך מאַכען אַזוי נידעריג פאַר אַ פּריץ?

וו א ל א ד י . וואָס עפּיס אַ איד? און גלאַט אַ מענש פאַר אַ מענשען?

מ א י ר (אויפגעהויבען דעם קאָפּ). הא? שרייבען קען איך נישט — מע האָט מיך ניט געלערענט. נאָר וו א ס און וו י א ז ו י צו שרייבען צו אַ פּריץ — דאָס בעדאַרף איך מיך ביי אייך ניט לערנען. איך וועל מיך נאָך אויסגלייכען מיט אַלע אייערע קענערס דאַרטען, און אפשר נאָך מיט אַ סמיטשיק. צי איהר מיינט מאַקי, אַז ווי באַלד איך קען ניט קיין געאָגראַפיע, אַזוי בין איך שוין גאָר אַ בהמה און פאַרשטעה שוין גאָר ניט?

ח י י ם . ווער זאָגט דען? מע שמועסט נאָר פון דעם, לּמאי זאָל אַ איד אַזוי אַנבויגען דעם קאָפּ פאַר אַ פּריץ היינטיגע צייטען?

וו א ל א ד י . וואָס עפּיס אַ איד? יעדער מענש בעדאַרף זיך האַלטען מענשענגלייך. אַ מענש בעדאַרף קודם־כל אַכטען זיך אַליין, אַליין קוקען אויף זיך, ווי אויף אַ מענשען.

מ א י ר . גוט, גוט. דער גראַף קען מיך, ברוך השם, נישט דאָס ערשטע יאָהר, און חאָטש איך האָב אין די „גימענאַזיעס" ניט געלערענט, וועט ער פון דעסטוועגען אָוועקגעבען פאַר מיר דריי הונדערט פאַר פיינע בריות אַזעלכע ווי איהר, וואָרום ער וויסט, פאַרשטעהט איהר מיך, אַז איך בין איהם געטריי און איבערגעגעבען ווי אַ הונט...

ח י י ם און וו א ל א ד י (ביידע מיט אַמאָל). אַט־אַט, אַט דאָס מיינט מען מאַקי! אַט דאָס וואָרט „הונט" איז איבעריג.

מ א י ר (אויפגערעגט). ווילט איהר מיך לערנען שכל, הייסט עס? די נאָז שנייצט אוים, יונגע צוציקעס וואָס איהר זייט! (שרייט אַלע מאָל העכער). וואָס פאַר אַ העזה האָט איהר דאָס גאַר אַזוי צו רעדען מיט אַ טאַטען, האַ? וואָס שווייגט איהר?!...

מ ל כ ה (לויפט אונטער און אומפעט). אַבער גענוג! לאָז זיין שטיל, אין גאָטעס ווילען, מאיר! (שיקט אַרויס חיים'ן און וואָלאָדי'ן, נעמט צו די פּען ביי חנה'ן). נו, גענוג. לאָז איבער אויף שפּעטער. מע וועט שוין שפּעטער שרייבען. (חנה גערט אָפּ, מאיר און מלכה בלייבען אַליין).

## זעכסטע סצענע.

מ א י ר (שפּאַנט ארום איבער'ן שטוב). נו, אַ שטוב! נו, קינדער!

מ ל כ ה. דיין שטוב, דיינע קינדער...

מ א י ר. און דיין השגחה.

מ ל כ ה. נישט דו האָסט דאָס בעדאַרפט זאָגען!

מ א י ר. און דו וואָלסט בעסער שווייגען.

מ ל כ ה. שווייגען? איך האָב שוין גענוג געשוויגען. איינגעמיעדט זיך שווייגענדיג. צייט איך זאָל שוין עפּים רעדען. איהר לאָזט מיך דען אויסרעדען אַ וואָרט? איך האָב דען אויך עפּים אַ דעה? און ווער איז שולדיג, אַז ניט אָט די שטאָדט מיט דער שטוב מיט דעם נייעם שניט? נישט געווען קיין געלד, איז נישט געווען קיין טאַרעראַם, מיט קיין האַרמידער, מיט קיין פּוסטעקראַטישע גענג. נישט געווען די גרויסע שטאָדט, האָב איך נישט געוואוסט פון קיין שפּיעגלען, מיט קיין פּאַטעלען, מיט קיין צאַצקעס, מיט קיין טאַפּטשאַנעס, מיט קיין לעסיפּעדען...

מ א י ר. ווער האָט דאָס אויסגעטראַכט, אַז ניט דו, צוליעב'ן טייערען מיזיניקעל?

מ ל כ ה (א פליעסק מיט די הענד). אוי, איך וועל מיר נאר א מעשה אנטהון! איך האב אויסגעטראכט? איך? דו האסט שוין, אפנים, פארגעסן, מאיר, אז דו ביזט געקומען צו פאהרען אנומעל־טען פונ'ם גראף, האסט דו אליין געזאגט, אז דו וועסט איהם קויפען א לעסיפעד. איך וויים? איך זאל, דאכט מיר, לעבען דריי הונדערט יאהר, וואלט איך מיך בעגאנגען אהן דעם! אדרבא, איך האב גע־זאגט, מע דארף ניט, איך האב גאר מורא געהאט, דאס קינד זאל זיך סך הכל ניט אויסברעכען א האנד אדער א פוס, האט מען נאך געמאכט פון מיר דאס גרעסטע געלעכטער!

מ א י ר . פארשטעהט זיך, מע האט געלאכט. ביזט א גע־שלייערטע האנדזי, לאכט מען!

מ ל כ ה. און דו ביזט דאך דער גרויסער חכם מיט'ן גרויסען פוסטעקראט! זינט מיר האבען באקומען געלד און ארויסגעפאה־רען אין דער דאזיגער שטאדט, זענען מיר געווארען מיט גאנץ הילף גאנצע פוסטעקראטען!

מ א י ר . און אז מיר זענען, ניט היינט געדאכט, געזעסען אינ'ם פארשטונקענעם שטעדטעל און גע'פגר'ט פאר א דרייערעל, איז דיר געווען בעסער? עס לוינט דיר ניט, אפנים, וואס איך הייס איצטער „פאני שאלאנט" און בין א מחותן מיט משה'לע זיידענשטאמער? צי נאך דיין שכל קומט אפשר אויס, אז ס'איז גע־ווען שענער דעמאלט, אז איך האב געהייסען „מאיר טשאלענט". און דיך האט מען גערופען „די טשאלענטיכע" — א יא?

מ ל כ ה . איך זאל האבען די ברכות, רבונו של עולם! ס'איז מיר גאר געווען בעסער, אז איך האב געהייסען „טשאלענטיכע" און בין מיר געשטאנען ביי די פיש...

מ א י ר . ש ש ש!... בהמה! דארפסט, אז די קינדער זאלען נאך דערהערען?

מ ל כ ה . איז וואס? לאזען זיי הערען! איך דארף מיך שעמען פאר זיי? איך האב עפּים גע'גנבה'ט? חלילה צוגענומען

פרעמדם? איך האב עהרליך, כשר פארדיענט... הלואי וואלטען מיר ניט אוועקגעווארפען די אלטע פרנסה, נישט פארגלוסט קיין גרינגע פויגעלעך מיט קיין פריצים, מיט קיין גראפען, מיט קיין אימעניעס, און ניט אריבערגעפאהרען אהער, אין דער דאזיגער פארשאלטענער שטאדט, צווישען הולטייעס, וואס מע ווייסט נאר אויסברענגען, טרענצלען קערבלעך דער רוח ווייסט אויף וואס, אויף שפיעגלען מיט טאפטשאנעם, מיט „טרעיאטערס", מיט גימע־נאזיעס, מיט סאבראניעס, מיט גוליאניעס — טפו!

מ א י ר (לאכט). „סאבראניעס־ גוליאניעס"? חא־חא־חא!

מ ל כ ה. לאכסט? אז אך און וועה צו דיין געלעכטער!... איך זאל האבען די טויזענדער, וואס ס'איז געווען בעסער דעמאלט אהן געלד, ווי אצינד מיט געלד... ניט געווען קיין געלד, זענען די קינדער געווען קינדער; אצינד זענען די קינדער קיין קינדער ניט, די מאמע איז קיין מאמע ניט. איטליכער געהט וואוהין ער וויל; איינער אין ליסי, דער אנדערער אין סטריסי. משטיינס געזאגט, צעזעעט און צעשפרייט אויף אלע זיבען ימין!... (וויינט, לאזט זיך צו דער טהיר, בעגעגענט זיך מיט די מחותנים, מ ש ה ׳ ל ע ז ו י ־ ד ע נ ש ט א מ ע ר און זיין ווייב א י ט ע ל י, טהוט זיך א נעם צוריק).

## זיבעטע סצענע.

מ א י ר (שטעהט אויף, געהט זיי אקעגען, רייבט א האנד אן א האנד). א? ברוך הבא, געסט! זיצט, זיצט, מחותן! מחותנת'טע, זיצט! מלכה! היים געבען טיי, היים מאכען קאווע, היים דער־לאנגען עפים פארבייסען! (מלכה שאפט. עס ווערד אריינגעטראגען א גרויסע זילבערנע טאץ מיט אלדאם גוטס). וואס זשע מאכט איהר עפים, מחותן? ווי געהט עס אייך אין געזונד? וואס מאכט עפים דער חתן? פאר וואס זעהט מען איהם ניט?

ז י י ד ע נ ש ט א מ ע ר. וואס זאלען מיר מאכען? מע לעבט, דאנק גאט. (צעלעגט זיך גאנץ ברייטליך אין א ווייכען פאטעל.

טראָגט אונטער אַ זילבערן פּושקעלע מיט טאַבעקע צו דער נאָז, רעדט הויך, געצעהלטע ווערטער, און לאָזט אויס אַלע מאָל מיט אַ לאַנגען „און יאָאָאָ!!!“. בײדע מחותנת׳טעס זעצען זיך אוועק אײנס אַקעגען דאָס אַנדערע מיט צענױפגעלעגטע הענד און מע רעדט שטילערהײד).

מ א י ר . וואָס זשע הערט זיך עפּיס בײ אײַך? זעהט, נעמט עפּיס אין מויל אַרײַן, מחותן. מחותנת׳טע, נעמט עפּיס! מלכה! בעט, זײ זאָלען עפּיס נעמען אין מויל אַרײַן!

מ ל כ ה . נעמט עפּיס, פאַר וואָס נעמט איהר עפּיס ניט, איך בעט אײַך!

ז י י ד ע נ ש ט א מ ע ר . ס׳איז אַזוי די מעשה. געגאַנגען פערבײַ. וואָלט נישט אַרײַנגעגאַנגען. רופט זיך אָן צו מיר זי: „לאָמיר אַרײַנגעהן“. זאָג איך: „וואָס עפּיס פּלוצים אין מיטען דרינען?“ זאָגט צו מיר זי: „וואָס אַהרט דיך? מיר זענען שוין דאָ, לאָמיר אַרײַנגעהן“. זאָג איך: „מילא, לאָמיר אַרײַנגעהן“... און יאָאָאָ!... איך בין, דאַרפט איהר וויסען, נישט קײן ליעבהאָבער אויף געהן. מיר אַלע האָבען נישט ליעב געהן. די זײדענשטאַמערס האָבען פײַנט געהן. חאָטש אַפילו דער דאָקטאָר האָט מיר אָנגע־זאָגט, איך זאָל דוקא געהן, און דוקא אַסך! צוליעב דער לופט. וואָרום לופט איז אַ גרויסער ענין... און יאָאָאָ! נאָך מײַן זײדע, עליו השלום, פלעגט זאָגען, אַז לופט — דאָס איז אַזאַ מין זאַך, וואָס סאַי אַ מענטש, סאַי, להבדיל, אַ בחמה אָדער אַ חיה, אָדער אַזוי אַ לעבעדיגע זאַך, קאָן זיך אָהן דעם נישט באַגעהן. מחמת לופט איז אַזאַ מין זאַך, וואָס, וואָס... פאַרשטעהט איהר מיך... נאָך דער רמב״ם ברענגט, אַז על פּי חכמת הדאָקטאָריע קומט אויס, אַז בשעת אַ מענטש חאַפּט דעם אָטעם... און יאָאָאָ!... איהר האָט דאָך געהערט מסתמא פון׳ם רמב״ם?

מ א י ר . געהערט, ווי דען? ... פאַר וואָס נעמט איהר עפּיס ניט אין מויל אַרײַן, מחותן? מחותנת׳טע, פאַר וואָס נעמט איהר עפּיס ניט? מלכה! בעט, זײ זאָלען עפּיס נעמען אין מויל אַרײַן!

מ ל כ ה. נעמט עפּיס, פאַר וואָס נעמט איהר עפּיס ניט, איך בעט אייך?

ז י י ד ע נ ש ט א מ ע ר. ברענגט ער, דער רמב"ם הייסט עס, ערגיץ אין איין אָרט, אַז על פּי „חכמת הפילוסופיע" איז לופט כמעט אַזוי נויטיג, ווי וואַסער. און וואַסער איז דאָך מים, פון די ארבעה יסודות, הייסט עס... (צעהלט אויף די פינגער). רוח—לופט, מים—וואַסער, אש—פייער, עפר—ערד... (טהוט אַ ניס).

א י ט ע ל י. צו געזונד און צו אריכת ימים!

מ א י ר און מ ל כ ה. צו געזונד און צו אריכת ימים!

ז י י ד ע נ ש ט א מ ע ר. אַ דאַנק... און יאַאַא!... איז וואו האַלט איך, הייסט עס? ביי די ארבעה יסודות...

א י ט ע ל י. יאָ! דו האָסט דאָך געוואָלט, דאַכט מיר, שמועסען מיט זיי פון עפּיס איין אַנדער ענין גאַר?...

ז י י ד ע נ ש ט א מ ע ר. וואָס זשע האָבען מיר אַזוי קיין צייט ניט? מיר ווערען נאָך רעדען. דו ווייסט דאָך, אַז די זיידענשטאַמערס האָבען פיינט האַפּ־לאַפּ. די זיידענשטאַמערס האָבען צייט. די זיידענשטאַמערס האַלטען פון'ם גלייכווערטעל: „געה נישט גיך, וועסט דו נישט רייסען קיין שיך". איהר האָט געהאַרכט אַמאָל דאָס דאָזיגע גלייכווערטעל? דאָס איז מיין זיידענס אַ וואָרט. מיין זיידע, עליו השלום, האָט געהאַט אין זיך ווערטער—וואָס ווייסט איהר? וואָס ווייסט איהר?... און יאַאַא!... „דאָס עפּעלע, פלעגט ער זאָגען, פאַלט נישט ווייט פון'ם בוימעלע". און „יחוס־אבות, פלעגט ער זאָגען, נאַ בית הקברות". אָדער: „אַז גאָט וויל, שיסט אַ בעזעם". האָט איהר געהערט אַמאָל דאָס וואָרט? איז דאָס אויך זיינס... האַ, איטעל, וואָס זאָגסט דו?

א י ט ע ל י. זיינס, זיינס, זכר צדיק לברכה! נאָר מיר דאַכט, אַז...

ז י י ד ע נ ש ט א מ ע ר. האָב קיין יסורים ניט, איך ווייס וואו איך האַלט... און יאַאַא!... איז מיין זיידע, זכר צדיק לברכה,

געווען א איד א חכם און א גרויסער מיוחס, ווי אייך איז בעוואוסט, דעם אלטען רזשישטשעווער רענדאר'ס איין איניקעל. איהר פאר־שטעהט? פון איין זייט דער „בעל השור שנגח", פון דער אנדערער זייט דער רזשישטשעווער רענדאר, וואס געהייסען האט ער אהרן און גערופען האט מען איהם „רב אהרן". דאס איז ער טאקי נאך איהם א נאמען, דער חתן אייערער, א שקאץ א גרויסער! ווערליג דער נאמען זיינער, וואלט ער געמעגט זיין א קאפעטשקעלע פרוי־מער, חע־חע, נאר גאר נישט, מע קאן מיט היינטיגע קינדער גאר נישט מאכען. אז ס'איז גאר געווארען א מאדע — אלע ווילען לערנען זיך! אלע ווילען לערנען!

**איטעלי.** שטונדירען אין די קלאסען.

**זיידענשטאמער.** און יאאא!... האב איך געזאגט מיין זוהן: לערנען — וויפיעל דו ווילסט, אבי ניט אין די קלא־סען! ווארום אונזער משפחה, ווי אייך איז ידוע, איז קיין עין הרע א היבשע משפחה, וועט איהר פון דעסטוועגען ניט געפינען ביי אונז נישט קיין דאקטאר, נישט קיין אדוואקאט. נישט מחמת מיר זענען, חלילה, אזעלכע פארברענטע חסידים; אדרבה, מהיכי תיתי, פאר וואס נישט? נאר גאר נישט, מיר זענען נישט גורס, מיר האלטען עפּיס נישט דערפון! (טהוט א מאך מיט דער האנד). און יאאא!... קאנט איהר דערפון פארשטעהן, וואס פאר א פנים עס האט ביי מיר, אז ער קומט צו געהן צו מיר, דער חתן הייסט עס, און זאגט מיר, אז באשר אזוי ווי זי, הייסט עס, וויל, ער זאל זיך לערנען נאך...

**איטעלי.** שטונדירען, הייסט עס, אין די קלאסען.

**זיידענשטאמער.** און יאאא!... זי איז איהם מסית ומדיח, רעדט איהם צו, הייסט עס, ער זאל זיך מכין זיין, צוגריי־טען זיך הייסט עס, אין די קלאסען, און די חתונה, זאגט זי, זאל מען אפּלעגען אויף שפּעטער, אויף אמאל, הייסט עס. זי האט צייט. חע־חע!...

מ א י ר (צעטראָגען). ווער? וואו?

א י ט ע ל י. טאַקי אייער טאַכטער מיינט מען, די כלה, הייסט עס, דרודעלט אַן דעם חתן...

מ א י ר (האַפּט זיך אויף). האַ? וואָס? ווער? חנה?... מלכה, דו הערסט?

מ ל כ ה. ווייס איך וואָס קינדער פּלאַפּלען!

ז י י ד ע נ ש ט א מ ע ר. קינדער, זאָגט איהר, פּלאַפּלען? עס קאָן זיין. מסתמא קענט איהר בעסער אייערע קינדער... איט־ליבער קען זיינע קינדער... איך ווייס, אַז מיינע קינדער פּלאַפּלען ניט, חע־חע! אָט, למשל, מיינע קינדער זענען נישט קיין ציוניס־טען. די זיידענשטאַמערס האַלטען עפּיס נישט פון דעם ציוניזם... נישט מחמת איך האָב עפּיס חלילה צו די ציוניסטען אַ טענה? אדרבה, מהיכי תיתי, פאַר וואָס ניט? נאָר גאָר נישט, איך בין נישט גורם, איך האַלט נישט דערפון! (אַ מאַך מיט דער האַנד). צי אַשטייגער, כדומה למשל, די היינטיגע ווייסע־חברה'ניקעס מיט די היינטיגע געגנג זייערע, וואָס ווילען איבערקעהרען די גאַנצע וועלט מיט'ן קאָפּ אַראָפּ, מיט די פיס ארויף, ווילען זיך צעטיילען מיט אייער געלד, דריינגען, אַז אַלסדינג, וואָס איהר האָט, איז דאָס ניט אייערס, פריהער גאָטס און נאָכדעם פּרעמדס, הייסט עס, ס'איז ביי אייך סאַמע גנבה, גזלה... און יאָאָאַ!...

מ א י ר (אויפגעבראַכט). איך האָב ביי קיינעם נישט גע'־גנבה'ט, קיינעם נישט בע'גזל'ט. איך האָב מיין געלד כשר פער־דיענט! איך האָב גענוג געהאָרעוועט דערויף! איך בין גענוג...

ז י י ד ע נ ש ט א מ ע ר (שלאָגט איהם איבער). איך ווייס, איך ווייס! ס'גיט איך זאָג עס! דאָס זאָגען זיי, די ווייסע־חברה'־ניקעס, הייסט עס... און יאָאָאַ!...

מ א י ר. וואָסערע ווייסע־חברה'ניקעס?

ז י י ד ע נ ש ט א מ ע ר. אָט אַ די דאָזיגע, ווי, למשל, איי־ערע, די אינגערע.

מ א י ר (טהוט זיך אַ וואָרף). האַ?...

ז י י ד ע נ ש ט א מ ע ר. איהר דאַרפט זיך ניט אָפּעסען דאָס הארץ, מחותן! ס'איז נישט כדאי, כלעבען... (צו מלכה'ן). ווי אַזוי זאָגט איהר? קינדער פּלאַפּלען, חע־חע?... (ניסט).

א י ט ע ל י. צו געזונד און צו אריכת ימים!

מ א י ר און מ ל כ ה. צו געזונד און צו אריכת ימים!

ז י י ד ע נ ש ט א מ ע ר. אַדאַנק... און יאַאַאַ!... איז וואו האַלט איך, הייסט עס? רעדט זי איהם צו, מיינעם, הייסט עס, ער זאָל זיך נאָך אביסעל צולערנען...

א י ט ע ל י. שטודירען אין די קלאַסען.

ז י י ד ע נ ש ט א מ ע ר. און יאַאַאַ!... און איך וויל גאָר אָפּשטעלען די חתונה, פאַרשטעהט איהר מיך, אויף ראש חודש אלול, מחמת איך האָב נישט ליעב קיין קלאַסען, נישט מחמת איך האָב עפּיס צו זיין; אדרבה, מהיכי תיתי, פאַר וואָס ניט? נאָר גאָרנישט, איך בין נישט גורם. איך האַלט נישט דערפון! (אַ מאַך מיט דער האַנד). און יאַאַאַ!... (אַ קוק אויפ'ן זייגער, האַפּט זיך אויף). אוי־וואַ! אביסעל פאַרזעסען. מיר וועלען זיך נאָך אומקעהרען מסתמא צו דעם ענין נאָך אַמאָל, אז עס וועט האַלטען ביי אָפּשטעלען די חתונה, אם ירצה השם... און יאַאַאַ!... איך האָב פיינט דוחק את השעה זיין, איך האָב נישט ליעב האַפּ־לאַפּ על רגל אחת. די זיידענשטאַמערס האָבען צייט. „ווער עס לויפט, דער מיעדט זיך איין". האָט איהר געהאָרכט אַמאָל דאָס וואָרט? ס'איז אויך מיין זיידענס, זכותו יגן עלינו. האַ, איטעל, וואָס זאָגסט דו?

א י ט ע ל י (גרייט אויף אַוועקצוגעהן). אַלץ, אַלץ איז זיינס, זכר צדיק לברכה!...

ז י י ד ע נ ש ט א מ ע ר (צו מלכה'ן מיט אַ זייט). ווי אַזוי האָט איהר געזאָגט? קינדער פּלאַפּלען? חע־חע! נישט אַלע קינדער פּלאַפּלען. מיינע קינדער פּלאַפּלען נישט. די זיידענשטאַמערס פּלאַפּלען נישט... אַ גוטען! (זוכט אַ מזוזה, געהען אַפּ. מאיר און מלכה בלייבען אַ מינוט אָהן לשון, ווי געפּלעפט).

אכטע סצענע.

מ א י ר (צו מלכה'ן). נו?

מ ל כ ה (צו מאיר'ן). נו?

מ א י ר. וואס נו?

מ ל כ ה. וואס וואס נו?

מ א י ר (א שטארקען שפיי אין דער זייט). טפו!...

סוף פון ערשטען אקט.

## צווייטער אקט.

א רייך מעבלירטער זאַל ביי די שאַלאנטס, אנגעשטעלט און אנגע־פאקט, ווי אין א מעבעל־מאגאזין. שפּיעגלען הויכע; פאַרטעפּיאנעס צוויי; שטוהלען געגילטע; בילדער אויף די וועגט אַ סך; אויבענאן, אין גילדענע ראַמען, צוויי גרויסע פּאַרטרעטען: דער בעל־הבית אין אַ יאַר־מעלקע און די בעל־הבית'טע מיט אַ סך פּערעל אויפ'ן האַלז; ביי'ם קאמין זיצט אַ בייזער הונד מיט אַ מורא'דיגען קוק — סכנות נפשות; אַ גליק, וואָס פון גיפּס.

## ערשטע סצענע.

מ א ש ע (דרעהט זיך אַרום מיט אַ באַרשט, שטעלט צענויף דאָס מעבעל, קעהרט און ראַמט און רעדט צו זיך אַליין). א שטוב! דריי־סיג מאָל אַ טאָג דאַרף מען נאָך זיי ראַמען, אויסראַמען זאָל עס זיי!... און קינדער? נו, קינדער! מע זאָל זיי געדיכט זייען און שיטער אויפגעהען! פאַהרט אוועק דער בעל־הבית — קעהרען זיי איבער די גאַנצע שטוב האַרע־קאַרע! (שטעלט אוועק אַ שטוהל און צעברעכט אַ פיסעל). אַ בראָך פאַר אַ בראָך... לאָז עס זיין די כפרה פאַר מיר און פאַר כל ישראל, זיי האָבען געגנוג!... בעסער פון אַלע איז מאַטווייטשיק, מיט'ן קאָפּ זאָל ער אַנלעגען! טאָג ווי נאַכט נאָר געקנייפּט זיך!... און אַ פלאַרעניו! ס'זאָל אויף איהר קומען איין אויסחאַפּעניש! טאַמער וויל די בעל־הבית'טע אַמאָל שענ־קען אַ קליידעל איין אַלטס, צי אַפּאַר שיך, לאָזט זי נישט... זי מעג טאַקי נישט פאַרמאַגען קיין מאָל!... א שטיקעל גליק, וואָס די „באַ־רישני“ שטעלט זיך איין אַמאָל, די כפרה זאָל זי זיין פאַר דער „באַרישני“ אינאיינעם מיט דעם קליינעם סאַשקע, פאַרברענט זאָל ער ווערען! מיר צעשניטען אַפּאַר נייע קאַלאַשען!... אנגערוי־בערט ווי אין אַ באַד! (עפענט אויף אַ פענסטער און טרייבט ארויס דעם רויך מיט'ן האַנטוך). טאַמער פאַהרט אַוועק דער בעל־הבית

אויף איין טאָג, קלויבען זיך צענויף אַהערצו, צו די „פּאַניטשלעך",
גאַנץ קעקעלי־קהל, פון דער וועלט בחורים; דער רוח ווייסט זיי, וואָס
זיי טהוען דאָ; ווישען ניט אָפּ די שטיוועל אפילו; רייסען זיך אויף
די גאָרגלען און רויבערען, און רויבערען, און רויבערען! (טרייבט
אַרוים דעם רויך מיט'ן האַנטוך, פערטשעפּעט און צעברעכט אַ וואַזע).
אַ בראָך פאר אַ בראָך! (פארקעהרט די שטיקלעך וואַזע). לאָז זי זיין
די כפרה פאר מיר און פאר כל ישראל, ס'איז ביי זיי דאָ געגוג!...

הערט זיך אַ קול פון אינוועניג: „מאַ־שע! מאַ־שע! " — מאשע
הויך אויף אַ קול). איך געה! איך געה! (שטיל פאַר זיך). ס'איז
אודאי פלאַרעניו מיט איהרע האָר... דריי שעה דאַרף מען שטעהן
אויף די פיס בשעת זי פארקעמט זיך!... אַ מענטש האָט ביי זיי
אַ ווערטה פון אַ הונט... עס מעג שוין קומען אויף זיי אַ חליר
אויף אַלע בעלי־בתים, מע זאָל שוין פון זיי אַמאָל עפּים אויפגערעכט
ווערען, ליעבער גאָט!... (דורך איין טהיר געהט מאַשע אַוועק; עס
קומט אַן פון דער אַנדערער טהיר מ ל כ ה, נאָך איהר — פּ ע ס י ל.
פעסיל קוקט זיך ארום אויף אַלע זייטען איבעראַשט, רעדט גיך, מאַחלט ווי
אַ מיחל).

צווייטע סצענע.

מ ל כ ה. ווען זשע, הייסט עס, קומסטו דו אַן? זיץ, פּעסיל.
האַ? וואָס זיצסטו ניט?

פּ ע ס י ל. אַדאַנק, איך קאָן באַשטעהן. (זעצט זיך אַוועק מיט
אַ זייט אויף איין עק ביינקעל). ווען איך קום אַן — פרעגט איהר מיך?
מיט'ן באַהן קום איך אַן. איך בין געפאַהרען פארביי בין איך גע־
פאַהרען, און האָב מיך אַנגעהויבען דערפרעגען, צי ווייסט איהר ניט,
וואָס מאַכט עפּים טשאַלענט? זאָגען זיי: וואָסער טשאַלענט?
זאָג איך: מאיר טשאַלענט. איהר קענט ניט מאיר טשאַלענט? זאָ־
גען זיי: מיר ווייסען ניט קיין טשאַלענט; אפשר מיינט איהר,
זאָגען זיי, שאַלאַנט, מאיר שאַלאַנט?... זאָג איך: איהר ווילט

שאַלאַנט, לאָז זיין שאַלאַנט. ביי אונז האָבען זיי געהייסען טשאַ־
לענט: ער טשאַלענט און זי — טשאַלענטיכע...

מ ל כ ה (רייסט זי איבער). וואָס זשע מאַכט עפּיס דיין
לייזער?

פּ ע ס י ל. וואָס זאָל ער מאַכען? אַ מוכר־תבואה'ניק!...
וואָס מע טהוט און וואָס מע מאַכט — איז שלים־שלים־מזל! האָט
ער געהאַנדעלט מיט ווייץ, איז ווייץ געלעגען בייען איילען אין דער
ערד. אַחוץ וואָס די ווייץ אַליין האָט געטויגט אויף כפּרות, איז
ניט געווען קיין קונה אויף קיין ווייץ, חאָטש נעם די ווייץ און
וואַרף אַרויס די ווייץ. זאָג איך איהם: וואָס האָסט דו זיך אָנ־
געקלעפּט אין ווייץ? זעהסט דאָך, אַז די ווייץ איז ניט קיין ווייץ;
נעמט מען, זאָג איך, און מע קויפט פּראָסע, און מע קויפט הירזש.
געהט ער און קויפט הירזש. ווערד אַ זול אויף הירזש; אומעדום
הירזש, וואו מען טהוט זיך אַ וואַרף — איז הירזש און הירזש! צו
וואָס האָט דיר געטויגט, זאָג איך, הירזש? הירזש גֿעהט דיר אָפּ?
זאָגט ער: האָסט דאָך מיר אַליין געהייסען קויפען הירזש! האָב
איך דען געמיינט, זאָג איך, דוקא הירזש?...

מ ל כ ה (רייסט זי איבער). נו, און די קינדער דיינע וואָס
מאַכען?

פּ ע ס י ל. די קינדער? לאָזען זיי זיין געזונד און שטאַרק.
איהר ווייסט נישט היינטיגע קינדער? היינטיגע קינדער איז ניט
דאָס, וואָס אַמאָליגע קינדער. אַמאָליגע קינדער זענען געווען קינ־
דער, און היינטיגע קינדער וואָס? היינטיגע קינדער ווײ־
סען נאָר גֿעהן אויף „מעניסטראַציעס“, נאָר לויפען, און נאָר
שרייען, און נאָר ליאַרעמען, און נאָר פּילדערען! אַז עס קומט
אונטער אַ יום־טוב אָדער אַ חאָגע, פאַלט מיר אַרויס די נשמה:
קינדער, געהט נישט! קינדער, לויפט נישט! קינדער, שרייעט
נישט!...

מ ל כ ה. וויפיעל קינדער האסט דו?

פ ע ס י ל. וויפיעל קינדער איך האב? לאזען זיי זיין געזונד און שטארק! איהר האט דען געזעהען אמאל א סך קינדער? נישטא קיין צופיעל קינדער! וויפיעל קינדער ס'זאלען ניט זיין, זענען זיי קינדער! איינע האב איך די עלטערע, רופט מען זי סאסיל, נאך דער באבע סאסי, איהר צו לענגערע יאהר; איז דאס א סאסיל — וואס זאל איך אייך זאגען? זינט גאט האנדעלט מיט סאסלעך, האט ער נאך אזא סאסיל נישט געהאט, מעגט איהר מיר גלויבען אויף נאמנות! און א חתן נעמט זי — שוין איין מאל א חתן, פון חתן־לאנד א חתן! (עס קומט אן פ ל א ר א, זעהט נישט פאר זיך קיינעם, דרעהט זיך אקעגען שפּיעגעל, זינגט א ליעדעל און טאנצט אונטער).

## דריטע סצענע.

פ ל א ר א (נעמט ארויס א בריוועל און לייענט אויף רוסיש). „ליעבסטע, טייערסטע פלארא! דיין זיס בריוועלע האט מיך דערקוויקט. איך בין זעהר צופריעדען, וואס דיין פאטער איז אוועקגעפאהרען און וואס איך וועל זיך קאנען זעהן מיט דיר היינט אויף דער אפּערעטקע. צווישען טאג און נאכט וועל איך מיך אראפּחאפּען צו אייך און וועל דיך נעמען אין טהעאטער אריין. האב קיין פארִאיבעל ניט, וואס איך קום נישט באלד; איך וויל נישט באגעגענען זיך מיט דיינע ברידערלעך, וואס מיינען, אז זיי מאכען גליקליך די וועלט מיט זייערע „סאבראניעס“ און מיט זייערע „זאסעדאניעס“. איך האב פיינט דיינע ברידער און האב פיינט דיין שוועסטער מיט די געשערענע האר. איך האב ליעב נאר דיך אליין, מיין טהייערער ענגעל, מיין נשמה, מיין הארץ, מיין לעבען פלארא!“ (לעגט צענויף דאס בריוועלע, קוועטשט דאס צו צום הארצען). אך, מיין ליעבער טייערער מאקס!

פ ע ס י ל. אט דאס איז די גע'גט'ע אייערע? די גרושה? א בארליאנט דאס איז!

פ ל א ר א (דערזעהט, טהוט זיך א װארף צוריק). װאס איז דאס פאר א שלים־מזל? אלע מאל, װען דער פאפא פאהרט אװעק, טראגט אן דער רוח איין אנדער שװארץ יאהר!

פ ע ס י ל. שלים־מזל זאגסט דו? שלים־שלים־מזל! װאס זאל מען טהון, אז גאט װיל נישט געבען קיין מזל? װי זאגט מען דאס: אהן מזל זאל מען גאר ניט געבוירען װערען! איידער א פונט גאלד איז בעסער א לויט מזל... פונדעסטװעגען האט זיך יעדער מענטש זיין מזל, און אפילו א קינד, אז ס'װערד געבארען, אזוי שטעהט, זאגט מען, ביי אונז געשריבען אין די ספרים, װערד דאס אויך געבארען מיט זיין מזל...

פ ל א ר א. זי האט זיך עס אביסעל צע'מזל'ט! װער איז די אידינע, מאמע?

מ ל כ ה. דאס איז פעסיל דער מוהמע סאסי'ס, אונזערע איינ'ענע, א קרובה דיינע.

פ ע ס י ל (אויף פלארא'ן). א בארליאנט דאס איז! (געהט צו, טהוט א קוש פלארא'ן אין האנד).

פ ל א ר א. װאס זשע טהוט זי דא? װאס דארף זי?

פ ע ס י ל (אויף פלארא'ן). א בארליאנט דאס איז! װאס איך טהו דא? װאס זאל איך טהון? גאר ניט, איך בין געפאהרען פארביי, האב איך מיך אנגעהויבען צו דערפרעגען: „װייסט איהר נישט, װאס מאכט עפים ביי איך טשאלענט?“ זאגען זיי: „װאסער טשאלענט?“...

מ ל כ ה (רייסט זי אפ). קום, פעסיל, װעלען מיר עפים נעמען אין מויל אריין. ביזט אודאי הונגעריג...

פ ע ס י ל. הונגעריג? ביז מיין לעבען זאל איך אזוי זיין הונגעריג, װי איך בין איצטער הונגעריג! פאר פרייד איז דער גאנצער הונגער אװעקגעפלויגען, גלייך װי ס'איז גאר קיין מאל קיין הונגער נישט געװען אויף דער װעלט! (מלכה נעמט זי אװעק).

פ ל אָ ר אַ (האַלט זיך ביי די זייטען). האַ־האַ־האַ!

פ ע ס י ל (אויף פלאָרא׳ן). אַ באַרליאַנט דאָס איז! (געהט אַוועק מיט מלכה׳ן. פלאָראַ דרעהט זיך אַקעגען שפּיעגעל. עס קומען אַריין מ אַ ט ו ו י י און ד אַ ו ו י ד ק ע).

פערטע סצענע.

ד אַ ו ו י ד ק ע (קוקט, ווי פלאָרא דרעהט זיך פאַר׳ן שפּיעגעל. רעדט צו מאַטווייען שטיל). הערסט דו, וואָס איך וועל דיר זאָגען, מיין טייערער שפּיעלפויגעל? דיין שוועסטער איז דאָך נאָך עפּיס טאַקי גאָר אַ „שקאַשקעוואַטע שטוטשקע!“

מ אַ ט ו ו י י. פּי! וואָס איז דאָס פאַר מין אויסשפּראַך ביי דיר?

ד אַ ו ו י ד ק ע. טאַקי באמת? אויף וואָס דען פאַר אַ שפּראַך ביזט דו געוואוינט געוואָרען צו רעדען, דו דזשענטעלמען מיינער?

פ ל אָ ר אַ (דרעהט זיך אויס, דערזעהט אַ פרעמדען מענשען, טהוט זיך אַ וואָרף צו דער טהיר). אַך, פּאַרדאָן!

ד אַ ו ו י ד ק ע (צו פלאָרא׳ן). פּאַרדאָן איז אַ לאַקשענברעט... (פלאָראַ ווערד אנטרונען).

פינפטע סצענע.

מ אַ ט ו ו י י. אַט אַזוי רעדט מען מיט אַ דאַמע, דו אונגע־בילדעטער מענטש וואָס דו ביזט?

ד אַ ו ו י ד ק ע. וואָס זאָגט איהר אויף דעם תר־נגול! למאי האָסט דו מיך ניט פאָרגעשטעלט פאַר דיין שוועסטער? עס שטעהט דיר ניט אָן, דו שוטה בן פּיקהאָלץ, דו שאַרלאַט שבשאַר־לאַטים, דו פּאַנסקי צאַפּ איינער?

מ אַ ט ו ו י י. נאַחאַל! קומסט צו מיר אין שטוב אַריין מיך זידלען?

ד אַ ו ו י ד ק ע. האַ־האַ! צו איהם אין שטוב אַריין! (בע־קוקט די שטוב). אַ גרויסען חלק האָסט דו אין דער דאָזיגער שטוב!

מ א ט ו ו י י. מיין טאטענס שטוב...

ד א ו ו י ד ק ע. אז אך און וועה איז דיין טאטען, וואס פאר א זוהן ער האט אויסגעהאדעוועט! הער נאר, דו ווייסט חאטש, דו גרינער אגרעס איינער, וואס איך ביז צו דיר אזוי פריה געקומען?

מ א ט ו ו י י. דהיינו? זאג, וועלען מיר הערען.

ד א ו ו י ד ק ע. איך האב צו דיר א בקשה, מיין ליעבער רב אליקום, א טובה'לע.

מ א ט ו ו י י (ווערד בלייכליך). אך, מיט'ן גרעסטען כבוד!

ד א ו ו י ד ק ע. מיט'ן גרעסטען בזיון קעהרסט דו מיינען? מע האט מיך נעכטען „צעלעגט", ווי א שעפס, געשלאגען „צו דער אדער", כ'האב געגליהט א גאנצע נאכט ווי „אויף פאקען", און ביז ארויס „נקי", ריין ווי א טעלער, נאך קיין מאל נישט געווען אזוי „אפען", ווי היינט.

מ א ט ו ו י י. ווער האט דאס דיך אזוי אפגערייניגט?

ד א ו ו י ד ק ע. ווער ניט? תחילת האב איך געהאט שויז אנגעשלאגען א היטעל מיט גאלד; טראגט אז דער רוח דעם שווארצען „קאטער", און ווי באלד דער שווארצער קאטער שטעלט זיך אוועק און הויבט אן „שמירען" פאר מיר, אזוי ווייס איך פריהער, אז איך וועל אריין ווי קורח, איך וועל ברענען ווי א שטרויענער דאך — אזא שלים־מזל איז דאס, ברענען זאל ער! מהוט ער א קוק אין וואסער — הויבען אן פגר'ען פיש... וואס טויג דיר גרויס — איך האב מיך „ארויפגעריסען" אויף די ריינע דרייצעהן „פאסען"!

מ א ט ו ו י י (מיט ברענענדיגע אויגען). דרייצעהן פאסען?!

ד א ו ו י ד ק ע. ווי די בערען!

מ א ט ו ו י י. ווער האט „געווארפען" די „באנק?"

ד א ו ו י ד ק ע. דו ווייסט ניט ווער? אלץ דער פלאקען־שיסער! פארשטעהרט זאל איהם ווערען! איהם, אז עס געהט אוועק דאס „בלעטעל", קאן ער אויסטהון די גאנצע „קוליסע" אדם־

נאַקעט, צונעמען וואו ס'איז דאָ ערגיץ אַ העלער און לאָזען זיצען דעם עולם אויפ'ן קלאָץ!... איך שאַרף אויף איהם די צייהן שוין פון לאַנג; איך מוז איהם אַמאָל חאַפּען און אָפּבייסען איין אויהער! זיין גליק, וואָס איך בין איצטער איין „אַראַפּטשיק“, געה ארום אַהן קליינגעלד... און אויפ'ן „פּאָנף“ וויל ער מיט מיר ניט שפּיעלען; קרייד איז א רפואה, זאָגט ער, צו ווערעם, ווערעם זאָלען עסען זיין ליב!... וועסט מיך דערהאַלטען ביי מיין לעבען, הערסט דו, אַז דו וועסט מיר געבען אַביסעל געלד.

מ אַ ט ו ו י י (דערשראָקען). ווי קומט צו מיר געלד?

ד אַ ו ו י ד ק ע. מאַך נאָר נישט קיין אַנשטעלען, דו זויערע קיסליצע, און געב אַהער צוויי „שמאַטעס“. זיי נאָר נישט דאָס, וואָס סע קוויטשעט!

מ אַ ט ו ו י י (חאַפּט ארויס דעם טויסטער). איך זאָל אַזוי ריין זיין פון שלעכטס! נאָ, זעה!

ד אַ ו ו י ד ק ע (שטופּט איהם אָפּ דעם טויסטער). די קונצען געהען ביי מיר נישט אָן! ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ מבין אויף אַ טשאַד, היינט וואָס מאַכסט דו אָנשטעלען, דו פּראַ־אדם, דו פוסטע גלאָק, דו „באָסיאַק“ איינער? און אַז עס מאַכט זיך, ד ו בלייבסט זיצען אין קלוב אַהן פּאָדעם, געב איך דיר נישט, דו יאָקעל בן פלעקיל, דו הונט איינער, דו כלב שבכלבים!? (עס קומען אָן פון איין אינוועניגסטער טיר ח י י ם און ו ו אָ ל אָ ד י; נאָך זיי — פּאַרלעכווייז יונגע לייט און בחורים מיט שוואַרצע און בלויע העמדלעך— חיים'ס און וואָלאָדי'ס חברים; אויך מיידלעך מיט אונטערגעשערענע האָר און מיט צעפּלעך און מיט רויטע בלוזקעס; איניגע געהען ארום הין און צוריק, רעדען מיט היטץ, מאַכען מיט די הענד; איניגע וויעגען זיך אין די וויעגשטוהלען; איניגע צעלעגען זיך אין די ווייכע פּאַטעלען, ווי ביי'ם טאַטען אין ווייגאַרטען, און רויכערען. אַ פּאָר מיידלעך זעצען זיך אַוועק צום פּאַרטעפּיאַן; איינע קלאַפּט מיט די הענד איבער די בויגד־

לער. בעזונדער, אָן אַ זייט, שטעהט חנה; אַקעגען איהר — אַ ר אָ נ ־ ט ש י ק, טענה'ט עפּים, האַלט אַ פּאַפּיער. מאַטווי און דאַווידקע בלײַ־בען שטעהן אין אַ ווינקעל הינטער די בלומען; מע זעהט זיי ניט).

## זעכסטע סצענע.

ע ר ש ט ע ב ל ו ז ק ע. וואָס טהוסט דו?

צ ו ו י י ט ע ב ל ו ז ק ע. איך שפּיעל אויפ'ן בורזשואַזנע אינסטרומענט.

ע ר ש ט ע ר ח ב ר. אינטערנאַציאָנאַליזם! אינטערנאַציאָ־נאַליזם!... פאַר אַ פאָלק, וואָס האָט אַ טעריטאָריע, זיצט אויף זיין ערד, איז גרינג צו רעדען פון אינטערנאַציאָנאַליזם. זיך משדך זיין מיט אנדערע פעלקער; פאַר אונז, אידען, איז דאָס אַ שחיטה!

צ ו ו י י ט ע ר ח ב ר. מיט וואָס איז דאָס אַ שחיטה?

ח י י ם. אַזוי. ווארום אַלע גרויסע פעלקער, נאָך אַלע טענות, בלייבען פאָרט בעל־הבית ביי זיך אין לאַנד. איינגלענדער וועלען תמיד זיין איינגלענדער; פראַנצויזען וועלען תמיד בלייבען פראַנ־צויזען. און פון אונז וואָס וועט בלייבען? אָט דאָס אַ! (בלאָזט פון'ם פּאַפּיראָס).

ד ר י ט ע ר ח ב ר. איין אומגליק מיט די ציוניסטען! באַלד זענען זיי דאָ מיט זייער נאַציאָנאַליטעט! מע רעדט פון פעראייני־גען זיך קעגען קאַפּיטאַל, פיהרען אַ מלחמה מיט דער בורזשואַזיע, קומען זיי צוגעהן מיט זייער פאָלקסגעפיהל און מיט זייער גאָט... אַ סך האָט איהר גע'פּועל'ט מיט אייער נאַציאָנאַליזם? וואוהין זע־נען אהינגעקומען אונזערע גרויסע אידען: שפּינאָזאַ, היינע, בערנע, לאַסאַל, מאַרקס און נאָך כדומה? איהר האָט געזאָרגט פאַר אייער נאַציאָנאַלנאָסט, און זיי זענען זיך דערווייל אַוועק צו פרעמדע...

ו ו אָ ל אָ ד י. וואָסערע פרעמדע? נישטאָ קיין אייגענע! נישטאָ קיין פרעמדע!

פערטער חבר. אהא! קאסמאפּאליטיזם האט זיך שוין צערעדט!

פינפטער חבר. מע איז אריינג...אנגען אהער זיך אפּרוהען פון דער דיסקוסיע, האבען זיי פארבונדען דא א פרישע דיסקוסיע. משוגעים!

זעכסטער חבר (לאכט). חא־חא־חא! חא־חא־חא!

אלע. וואס איז אויף איהם אזא געלעכטער?

זעכסטער חבר. קומט אהער, וועט איהר עפּיס הערען א שענס! (אלע לאזען זיך צו איהם). זעהט איהר? (ער נעמט ביי חנה'ס חתן א פּאפּיער פון די הענד). דאס האט זיידענשטאמער גע־בראכט צו טראגען אהער א „פּעטיציע"!

אלע. א „פּעטיציע"?

אראנטשיק (רויט, ווישט זיך דעם שוייס, שטעלט ארויס א שווערע גאלדענע קייט מיט א גרויסען מעדאליאן). וואס איז פארהאן וואס צו לאכען? אלע געהען היינט מיט פּעטיציעס, פאר וואס זאלען מיר ניט געהן מיט א פּעטיציע? מיט גוטען אז מיר וועלען געהן, וועלען מיר תמיד בעסער מאכען... דאס האט איהר נומער איינס... (האלט דעם פינגער אזוי, אז מען זאל זעהען, ווי דער ברילליאנט פונ'ם רינג פינקעלט).

ערשטער חבר. ווילט איהר, אז מיר זאלען חתמ'ענען אויף אייער פּעטיציע?

אראנטשיק. פאר וואס ניט?

צווייטער חבר. אפשר וואלט איהר זיך מטריח גע־ווען זי איבערלייענען?

דריטער חבר (צום צווייטען). האסט, אפּנים, מעהר ניט וואס צו טהון? (דער עולם לאכט).

חנה (געהט צו). וואס איז דא? (צום חתן). וואס איז? (זיי רעדען ביידע שטילערהייד. אראנטשיק בעהאלט דאס פּאפּיער צוריק)

אין בוזעמקעשענע, ווישט דעם שווייס, שטעלט ארוים די גאָלדענע קייט מיט׳ן גרויסען מעדאַליאָן).

וואָלאָדי (קוקט אויפ׳ן זייגער). שוין באַלד איבערגעגאַנגען די מינוטען. קינדער, קינדער, צו דער ארבייט! די צייט שטעהט ניט! (קלינגט מיט אַ גלעקעל. אַלע הויבען זיך אויף פון די ערטער, וואַרפען אַוועק די פּאַפּיראָסען אויף דער ערד, צעטרעטען מיט די פיס, און לאָזען זיך געהן אַלע אין איין טהיר. חנה מיט׳ן חתן געהען פון הינטען).

## זיבעטע סצענע.

דאַווידקע. וואָס איז דאָס? וואָס פאַר אַ קאָמעדיע ביי איך? ווער זענען די דאָזיגע לייט?

מאַטוויי. ס׳איז ביי זיי איין אסיפה... חברה יונגוואַרג... ציוניסטען... סאָציאַל־דעמאָקראַטען...

דאַווידקע. וואָס ווילען זיי?

מאַטוויי. ווייסט ניט וואָס זיי ווילען?

דאַווידקע. איך זאָל אַזוי וויסען פון דיר.

מאַטוויי. האָסט קיין מאָל ניט געהערט דאָס וואָרט פּראָלעטאַריאַט?

דאַווידקע. איך זאָל דיך אַזוי האָבען פאַר אַ טאַטען.

מאַטוויי. זיי ווילען, פאַרשטעהסט דו מיך... זיי שטעלען זיך איין פאַר די אָרעמע ארבייטער. זיי ווילען איינפיהרען. ס׳זאָל זיין ווייניגער געארבייט און מעהר גענומען געלד. היינט פערשטעהסט דו שוין, דו גזיעשער קאָפּ?

דאַווידקע. אָט דאָס איז גאָר? דו פּוסטע כלי וואָס דו ביזט! דאָס אייגענע ווילען מיר דאָך אויך!...

מאַטוויי. וואָס דען מיינסט דו? קום, וועלען מיר מאַכען איין עקאָרטע.

ד א ו ו י ד ק ע. האָסט דאָך געזאָגט, אַז דו האָסט קיין געלד ניט, דו שקרן, דו כזבן, דו ליגנער וואָס דו ביזט!... ווייסט דו, וואָס איך וועל דיר זאָגען, פּאַני פּיפּערנאָטער? ס'איז ביי איך אַ שטוב פון סאַמע משוגעים, לאָם איך אַזוי לעבען מיט דיר אינאיי־נעם. קום, יאַקים!... (געהען אַפּ. עס קומען אַן מלכה מיט פעסלען).

## אכטע סצענע.

פ ע ס י ל (מאַהלט ווי אַ מיהל). גאָט זאָל איך העלפען, מלכה'־ניו, איהר זאָלט תמיד זיין רייך, און תמיד געזונד, און תמיד אויפ־געלעגט, און תמיד פריילך. איך זעה, ס'איז ביי איך אַ שטוב, קיין עין הרע, וואָס ס'איז תמיד פריילך, קיין עין הרע, אַזוי פיעל געסט ביי איך. (ווייזט מיט דער האַנד אויף דער טהיר, וואו עס הערען זיך קולות פון יונגוואַרג).

מ ל כ ה (קוקט אויף יענער טהיר, זיפצט). געסט? הלואי וואָלטען זיי בעסער ווינציגער געגאַנגען אַהער, וואָלט איך געווען רוהיגער...

פ ע ס י ל (מאַכט זיך ניט הערענדיג, מאַהלט ווייטער). קיין עין הרע, אַזאַ ראַסקאַש ווי ביי איך, קיין בייז אויג זאָל ניט שולט זיין. וואָס פעהלט איך?

מ ל כ ה. זאָל עס מיר צוקומען! אונז פעהלט נאָר שלום־בית. ווייסט דו שוין, וואָס אונז פעהלט?...

פ ע ס י ל (מאַכט זיך ניט הערענדיג). היינט די קינדערלעך אייערע, קיין עין הרע, קיין בייז אויג, בּאַרליאַנטען! און דעם נחת, וואָס איהר האָט פון זיי. מיט'ן כבוד, קיין עין הרע, קיין בייז אויג!

מ ל כ ה. וואו איך האָב ערגיץ אַ שונא, רבונו של עולם!... נחת זאָגסט דו? אַ שענער נחת! די עלטערע טאָכטער גע'גט זיך... די זיהן ווילען ניט חתונה האָבען... ביי'ם עלטערען שיט זיך שוין אַ בערדעל... די אינגערע האָלטען אין איין לערנען מיט איין

געהן אויף סאבראניעס-גוליאניעס... ציטערט אויף מיר דאָס לייב פאַר זיי... רעדען אַזעלכע ווערטער, אַז מע קאָן שטאַרבען!... אַז ער איז אין דערהיים, מאיר הייסט עס, האָט מען חאָטש אַביסעל דרך־ארץ, פאַרט אַ מאַנסביל! און פאַהרט ער אַוועק אויף איין טאָג, קעהרט מען איבער די שטוב! מע קלויבט זיך צענויף, וואו ערגיץ אַ שלעפּער, אַ בעל־מלאכה, אויף טיש און אויף בענק! און פּרוב זאָגען אַ וואָרט, ביזט דו ניט זיכער מיט'ן לעבען!... ס'איז עפּים גאָר הפקר געוואָרען, עפּים אַ פאַרקעהרטע וועלט: טאַטע־מאַמע האָבען היינט מורא פאַר די קינדער... וואָס, ניט אַזוי?

פּ ע ס י ל. וואָס זאָלט איהר קלעהרען, מלכה'ניו, ס'איז איז אונזער גראַד אויך ניט בעסער. מע דאַרף היינט פאַר קינדער האַלטען דאָס היטעל: אַניט, חאַפּען זיי אַ שטעקען מיט אַ רויטע פּעטשיילע און מע געהט אַרוים אויף „אַ מעניסטראַציע"...

מ ל כ ה (ציטערט אַזש). מעהר ווי פאַר אַלע האָב איך מורא פאַר מיין וואָלאָדי'ן — אָט אַ יענער, וואָס כ'האָב דיר אָנגעוויזען. מיט'ן העמדעל... מילא, דער עלטערער איז טאַקי אפילו אַ גרויסער גאַרנישט, ווערד פאַרפאַלען אַ מאָל אויף אַ גאַנץ מעת־לעת; ווער ווייסט וואו ער איז געווען? איז ער אָבער דערפאַר אַ שטילער, מישט זיך ניט אַהין, וואו מע דאַרף ניט... וועט קומען די צייט, וועט ער מסתמא חתונה האָבען, ווערען אַ מענטש... דער אַנדערער איז זעהר אַ וואָוילער, איז ער אָבער אַ „צעניסט", אַ פייעריגער „צעניסט"!

פּ ע ס י ל (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ). איי־איי־איי! ווי קומט עס צו־ך־אייך?

מ ל כ ה. לאָז איך אַזוי וויסען שלעכטס מיט דיר אינאיי־נעם... למאי וואָלאָדי? פון וואַנען קומט צו מיר אַזאַ וואָלאָדי? דער וואָלאָדי האָט אויף זיך אַ קאָפּ, וואָס מע זאָל אויספאָהרען די גאַנצע וועלט! ער האָט איהם ליעב דאָס חיות, מיין מאיר הייסט

עס... ער זאָל אָבער הערעז, וואָס דער וואַלאַדי רעדט! ער זאָל וויסעז, וואָס דער וואַלאַדי טהוט! (בויגט זיך צו צו פּעסלען אויפ׳ן אויהער). ער לערענט זיך שיסעז...

פּ ע ס י ל (שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, שמוּצערט מיט די ליפּעז). דער אויבערשטער זאָל שומר ומציל זיין! פּונקט דאָס אייגענע, וואָס ביי אונז. באַלד עפּים — שיסעז זיי!...

מ ל כ ה. איין שטיקעל נחת וואָלט איך געהאַט פון מיין קלענערער טאָכטער, פון מיין חנה׳לעז; קוים דערלעבט אַ שדוך טהוז, און נאָך וואָס פאַר אַ שדוך! משה׳לע זיידענשטאַמער — דער ערשטער יחוס ביי אונז! און אַ חתן — אַזאַ יאָהר אויף מיר! אַ שטיק גאָלד! האָסט דאָך איהם געזעהעז?

פּ ע ס י ל. אַ בּאַרליאַנט דאָס איז! קיין עין הרע, קיין בייז אויג!

מ ל כ ה. איז אָבער מיין מזל אַזוי גרויס, אַז זי וויל נישט חתונה האָבעז.

פּ ע ס י ל. וועה איז מיר! וואָס הייסט, זי וויל ניט חתונה האָבעז?

מ ל כ ה. זי וויל זיך לערנעז וויל זי... מיינסט, זי איז ווינציג געלערענט? געלערענט מיט סכנת-נפשות! נאַר וואָס דען? פאַר איהר איז קאַרג, זאָגט זי, זי וויל נאָך! טענה איך מיט איהר: נו, און די חתונה? זאָגט זי: די חתונה וועט מעגעז זיין שפּעטער מיט עטליכע יאָהר... דו הערסט? אַ גליק, הערסט דו, וואָס ער, מאיר הייסט עס, ווייסט נישט דערפון. ער ווייסט גאָר נישט, מע בּעהאַלט פון איהם, מע האָט פאַר איהם דרך־ארץ. פּאַרט אַ מאַנס־ביל! אַ מאַנספּאַרשוין! (עס פליהט אריין ווי אַ ווירבער ס אַ ש ק ע, גלייך צו דער מוטער).

## נייענטע סצענע.

ס אַ ש ק ע . מאַמע, געלד! געלד, מאַמע! דאַוואַי דיענגי!

מ ל כ ה (צו דער קעשענע). שאַ! וואָס פאַר געלד? אויף וואָס איז געלד?

ס אַ ש ק ע . אויף וואָס? (טראַכט אַביסעל). אויף... טינט!

מ ל כ ה . טינט? קאַרג טינט איז שטוב, טאַטעניו? ערשט נעכטען געקויפט אַ פלאַש טינט! ווער טרינקט אויס אַזוי פיעל טינט?

ס אַ ש ק ע . נו, פענעס!

מ ל כ ה . פאַרשטעהט זיך, אַז ניט קיין טינט, איז פענעס.

פ ע ס י ל . אַט דאָס איז אייער מיזיניקעל, לעבען זאָל ער? אַ באַרליאַנט דאָס איז, קיין עין הרע, קיין בייז אויג! (מלכה צעהלט איהם געלד, פעסיל שאָקעלט מיט'ן קאָפּ, מאַכט גרימאַסען; סאַשקע, הינטער איהרע פּלייצעס, מאַכט איהר נאָך. מלכה ווינקט צו איהם, ער זאָל אַוועק־געהן. סאַשקע אַנטלויפט. עס לויפט אריין מאַשע דאָס שטובמיידעל מיט איין איבערגעשראָקען פנים).

## צעהנטע סצענע.

מ אַ ש ע . געקומען אַהער דער נאַדזיראַטעל מיט'ן „טשעסנע פּריסטעוו"... אַ פולער הויף... אַרומגערינגעלט די גאַנצע שטוב אַרום און אַרום...

מ ל כ ה (אַ פּליעסק מיט די הענד). אַ דונער האָט מיך דער־שלאָגען! (לאָזט זיך אין יענעם חדר, וואו די קינדער. פאַלט חלשות).

פ ע ס י ל (וואַרפט זיך צו מלכה'ן). גאָט איז מיט אייך, מלכה'־ניו! הארצעניו! נשמה'ניו! וואַסער! גיכערט! ברענגט אַהער־צו וואַסער!... (עס הערט זיך אַ רעש אין יענעם צימער, וואו קליינוואַרג

איז. — גיך שפּרינגט ארוים פון דאָרטען אַראַנטשיק, בלאַס ווי דער טוידט, לויפט אַרום, ווי אַ פער'סמ'טער איבער'ן זאל; אלע טהירען זענען צו).

אַ ר אַ נ ט ש י ק (רעדט צו זיך אַליין). מע דאַרף זיך בעצייטענס אַפּטראָגען פון דאַנען... וואָס האָב איך דאָ צו טהון?... נישט מחמת איך האָב מורא! וואָס האָב איך מורא? נאָר גאָר נישט, איך האָב עם פיינט!.... (שפּרינגט ארוים דורכ'ן פענסטער).

סוף פונ'ם צווייטען אַקט.

---

# דריטער אַקט.

די זעלבע דעקאָראַציע, וואָס אין ערשטען אַקט. — מ א י ר געהט אַרום צעטראָגען, די הענד אַרונטער. — מ ל כ ה, אין אַ פּאַריק און אין ברילען, זיצט איבער אַ גראָבען קרבן־מנחה און דאַווענט שטילערהייד מיט א פרום פארווינט פּנים, מישט איין בלעטעל נאָכ'ן אנדערען.

## ערשטע סצענע.

מ א י ר. יאָ, פיין פיין... האָסט זיך שען אויסגעפיינט, מאיר שאַלאַנט, שען!... די טאַכטער אַנטלאָפען — און מיט וועמען? מיט עפּיס אַ נאַקעטען פּראָוויזאָר, צי אַ צייהנרייסער, אַ דאַנטיסט. דער רוח ווייסט זיי דאָרטען! און דער זוהן זיצט... (שטעלט זיך אָפּ אַ ווײַלע, ברעכט די הענד). און ווער איז שולדיג, אז ניט דו?

מ ל כ ה (דאַווענט). איך?

מ א י ר. ווער דען? איך?

מ ל כ ה. נו, לאָז זיין איך.

מ א י ר. זאָג אפשר, אז ניין? דו ביזט דאָך די מאַמע!

מ ל כ ה. נו, יאָ, איך בין אַ מאַמע. (דאַווענט).

מ א י ר. ווער דאַרף אַכטונג געבען אויף קינדער, אז ניט די מאַמע? אַ מאַמע בעדאַרף צו וויסען וואָס ביי איהרע קינדער קאָכט זיך. אַלסדינגג, אַלסדינגג בעדאַרף אַ מאַמע וויסען! (שרייעט אַלע מאָל העכער).

מ ל כ ה. ביזט גערעכט, גערעכט. אַלסדינגג בעדאַרף אַ מאַמע וויסען. נאָר וואָס דען? איין זאַך וועל איך פון דיר בעטען: אַהן געשריי. טאַקי דער אייגענער גוואַלד, נאָר אַביסעלע שטילער. לאָז חאָטש די גאַס נישט וויסען אונזער אומגליק!

מ א י ר. אַ סוד פאר גאַנץ בראָד!... עס ווייסט שוין מסתמא פון דעם די גאַנצע שטאָדט פון איין עק ביז'ן אַנדערען עק... אַזאַ־נ־

אומגליק! אזא בזיון! וואס וועט מען זאגען? שען געלערענט קינדער! (שטעלט זיך אפ, טהוט א זעץ מיט דער האנד איבער'ן טיש). מלכה!

מ ל כ ה (טהוט זיך א וואָרף). הא? וואס איז דיר?

מ א י ר. דו דאווענסט? די טאכטער דיינע שפאציערט ארום ערגיץ דער רוח ווייסט מיט וועמען, דער זוהן זיצט גאָט ווייסט וואו און מיט וועמען — און דו דאווענסט?

מ ל כ ה. איך דאווען, וואס דען? אזוי ווי דו? אזוי ווי איהר. וואס האט אוועקגעווארפען דאס דאווענען מיט'ן גאנצען אי־דישקייט? אליין געווארען אויס איד, און די קינדער געמאכט פאר גויים... מאיר! מיר האבען פארזינדיגט פאר גאָט, מאיר, בעדארף מען איהם דאווענען. דאווענען דארף מען איהם!...

מ א י ר. נו, דאווען, דאווען, געזונדערהייד. ווער לאזט דיך ניט?... (געהט ארום). אויף איין טאג נאר ארויסגעפאהרען אין וואלד — וואס דא טהוט זיך! איין איבערקעהרעניש: מע בעדארף עפּים טהון... לויפען... שרייבען... בעטען.. שיטען געלד... ראטעווען א קינד... אזא קינד! איך וועל נישט זיצען דא בשעת ער וועט זיין דארטען, גאָט ווייסט וואו און מיט וועמען!... (חאפט זיך פאר'ן קאפּ). מע דארף שרייבען א בריעף, א פּראשעניע... וואו זענען ערגיץ די קינדער? וואו איז מאטוויי?

מ ל כ ה (דאווענט). מאטוויי איז ניטא.

מ א י ר. וואס הייסט, ער איז ניטא? וואו איז ער?

מ ל כ ה. איך וויים וואו ער איז?

מ א י ר. ווער דען ווייסט? ביזט א מאמע, צי ניין? וואו איז מאטוויי, פרעג איך דיך?

מ ל כ ה. שא, שריי נאר ניט אזוי, מע וועדר פון דיר ניט גליקליך... איך בעדארף וויסען, וואו מאטוויי איז! מע פרעגט ביי מיר, צי מע דערצעהלט מיר? ביזט נאר אוועקגעפאהרען פון דער היים, קוק איך איהם נישט אן אין די אויגען שוין דריי מעת־לעת!

מ א י ר (אויסער זיך). הא? וואס? דריי מעת לעת?! וואו זענען דיינע אויגען? א קינד געהט אוועק אויף דריי מעת לעת פון שטוב — עס זאל זי אפילו אנהויבען אהרען! זי זאל דאס אפילו א פרעג טהון. וואוהין מע געהט! וואס פאר א מאמע ביזט דו, פרעג איך דיך? ביזט א מאמע, צי ניין?

מ ל כ ה. טשעפע זיך אפ, איך בעט דיך! וואס פאר א מאמע בין איך דיר, אז מע הערט מיך ווי דעם הונט. פונ'ם גרעסטען ביז'ן קלענסטען! וואס פאר א מאמע בין איך אייך, אז איהר אלע לאכט פון מיר, מאכט מיך מיט דער בלאטע גלייך? וואס פאר א מאמע קאן איך שוין זיין, אז דו אליין האסט זיי געלערענט פון קינדווייז אויף שטעלען דער מאמע א פייג? אליין געמאכט א תל פון די קינ־דער — און טשעפעט זיך! וואס? זאג אפשר, אז ניין?

מ א י ר. גוט־גוט. ביזט גערעכט, גערעכט... וואו איז חיים? (שרייעט). חיים! חיים! (עס קומט אריין ח י י ם).

צווייטע סצענע.

מ א י ר (צו חיים'ן). ווייסט ניט, וואו איז ערגיץ מאטוויי דעם דריטען טאג?

ח י י ם. פון וואנען זאל איך וויסען?

מ א י ר. וואס הייסט, פון וואנען זאלסט דו וויסען? ער קעהר דיר, דאכט מיר, אזוי אז א ברודער, ווי דו איהם? צי ניין?

ח י י ם. א ברודער קעהר ער מיר אז, נאר וואו ער איז וויים איך נישט.

מ ל כ ה. וואס ווילסט דו פונ'ם קינד? פון וואנען זאל ער וויסען?

מ א י ר. פאר וואס זאל ער נישט וויסען? פאר וואס ווייסט ער צו מאכען סאבראניעס מיט זאסעדאניעס, אז איך פאהר אוועק? (צו חיים'ען, איראניש). וואס הערט זיך עפים מיט דיין ארץ־ישראל?

ח י י ם . מיין ארץ־ישראל? ארץ־ישראל איז אזוי מיינס ווי דיינס.

מ א י ר . געוויס! (מיט גיפט). רעכענסט אפשר אין גיכען טאקי זיך דורכפאהרען אהינצו, הא?

ח י י ם . פאר וואס ניט?

מ א י ר . און טאקי אין איין וועגס דארטען בלייבען זיצען?

ח י י ם . מיט'ן גרעסטען כבוד.

מ א י ר (צום ווייב). מלכה, דו הערסט?

מ ל כ ה . וויים איך וואס א קינד פלאפעלט!

מ א י ר (צו חיים'ן). וואס רעכענסט דו, אשטייגער, דארטען צו טהון, כדומה למשל?

ח י י ם . דאס, וואס אלע קאלאניסטען: בעארבייטען די ערד, פלאנצען בוימער, וויינגערטנער.

מ א י ר (צום ווייב). מלכה, דו הערסט? (נעמט חיים'ס האנד). ער וועט גראבען ערד! פלאנצען בוימער! הא־הא־הא! וואס זאגסט דו אויף דעם ערדגראבער? אויף דעם בוימערפלאנצער?

מ ל כ ה . וויים איך וואס קינדער פלאפלען!

מ א י ר (מיט כעס צום ווייב). בהמה! יענער רעדט ווערטער, און זי זאגט (קרימט זי איבער): קינדער פלאפלען!... (צו חיים'ען). זאג מיר נאר, זוהניו, קיין שענערע פרנסה האסט דו דיר שוין גאר נישט געקאנט געפינען, אחוץ ערד גראבען און בוימער פלאנצען?

ח י י ם . מיט וואס איז ערד ארבייט מיאוס'ער, ווי זיין דעם פריצ'ס א איד? מיט וואס איז קויפען און פארקויפען וואלד אין גלות שענער, ווי פלאנצען בוימער ביי זיך אין דערהיים, אינ'ם אייגענעם לאנד, צווישען אייגענע ברידער און שוועסטער?

מ א י ר (צו מלכה'ן). דו הערסט? איך האב איהם גאר קיין מאל ניט געהארכט אזוי רעדען! (צו חיים'ען, איראניש). ווען זשע רעכענסט דו מאכען די רייזע, אם ירצה השם, אין א גוטער שעה?

ח י י ם . אפילו היינטיגען טאג... מע דארף פריהער דאס פאלק ריהרען פונ'ם ארט, צוגרייטען אונזערע ארעמע ברידער, די אר־בייטער.

מ א י ר . ביזט דו דאס פון די דאזיגע, וואס ריהרען דאס פאלק? פון די דאזיגע, וואס גרייטען צו די ארעמע ברידער?

ח י י ם . ווער דען? איהר, וואס זענט שטענדיג פארנומען: נאר מיט אייער געלד און נאר מיט אייערע געשעפטען? צי אזעלכע, ווי מאטוויי, וואס איז פארנומען מיט זיך אליין? צי אפשר זיידענ־שטאמער מיט זיינע קינדער?...

מ א י ר . ביזט דו דאס מחויב זיך אננעמען די קריוודע פון אלע ארעמע לייט? ווי געפעלט עס דיר!

ח י י ם . מחויב זענען מיר אלע, ווארום מיר אלע זענען קינ־דער פונ'ם ארעמען אידישען פאלק, וואס ליידט שוין באלד צוויי טויזענד יאהר און וואס האט ערשט נישט לאנג אויפגעוואכט פונ'ם שווערען מורא'דיגען שלאף, ערשט ניט לאנג אויפגעעפענט די אויגען און דערזעהען וואו ער איז אין דער וועלט.

מ א י ר . וואס איז דאס מיט אייך געווארען אזעלכעס? איך מיין דיך... וואלאדי'ן... חנה'ן... איך האב קיין מאל נישט געהערט פון אייך אזעלכע ווערטער!

ח י י ם . ווארום דו האסט זיך קיין מאל ניט אינטערעסירט, מיט אונז קיין מאל ניט גערעדט פון אזעלכע עסקים...

מ א י ר . אזעלכע עסקים? וואס פאר עסקים ביי אייך? ווי קומט צו אייך עסקים? דער — מיט ציוניזם! יענער — מיט ביכלעך! וואס פאר ביכלעך האט מען דאס געפונען ביי וואלאדי'ן? דו מוזט דאך וויסען! אפשר וועט מען עפּיס קאנען טהון? ראט טעווען איהם?

ח י י ם . איך האב דיר שוין געזאגט, אז איך קאן דיר, לײדער, גאר נישט זאגען, וואס מיט וואלאדי'ן איז געוועז. ווארום איך מיט וואלאדי'ן געהען אין פארשיעדענע וועגען...

מ א י ר. אין פארשיעדענע וועגען? נאט אייך א גראשען פאר אלע אייערע וועגען!...

ח י י ם. איטליכען מאהלט זיך אויס, אז ער געהט אין רעכטען וועג...

מ א י ר. אזא יאהר אויף אלע מיינע שונאים. איינער בעסער פונ'ם אנדערען! די עלטערע זענען אוועק דער שווארץ יאהר ווייסט וואוהין; האב איך גערעכענט פון אייך האטש א שטיקעל נחת; צום סוף האבען זיי זיך גענומען צו פרעמדע עסקים גאר! געשעפטען!

ח י י ם (מיט פייער). פאר וואס עפיס פרעמדע? ס'איז אייגענע, ניט קיין פרעמדע! וועמען שלאגט מען? אייגענע, צי פרעמדע? וועמענס ברידער ליידען? אייגענע, צי פרעמדע? צי מיינסט דו, אז אלסדינג, וואס קומט פאר אצינד ביי אידען, מיינט מען דאס יענעם, ניט דיך?

מ א י ר (ארויס פון די כלים). שטיל זאל זיין, דו שנעק איינער! אט אזוי רעדט מען מיט א טאטען?! (לאזט זיך צו איהם).

מ ל כ ה (שטעלט זיך אוועק אין מיטען). מאיר! זאל איך שלעכטס האבען, זאל איך שטארבען, אויב דו וועסט מיר אנריהרען דאס קינד! (עס עפענט זיך די טהיר און עס קומט אריין ב ע נ י מיט'ן זאכטיק. חיים געהט אפ).

## דריטע סצענע.

ב ע נ י (מאכט א „בואי־בשלום"). א גוטער מארגען זאל אייך זיין, רב מאיר! א גוטער מארגען זאל אייך זיין, מלכה! א גוטער מארגען זאל אייך זיין ביידען! וואס הערט זיך, וואס מאכען עפיס אייערע... דאס? (קוקט זיך ארום אויף אלע זייטען). אייערע קינדער מיין איך?

מ א י ר. גוט מארגען—גוט יאהר. זיצט, וואס מאכט א איד?

ב ע נ י . עט! וואס זאלען מיר מאכען? (זעצט זיך אוועק). נישט גוט. דאס הייסט, ס'וואלט געווען גוט, מע זאל פארדיענען. פארדיענט זיך אבער ניט, איז שלעכט... גוט איז אייך, אז איהר זיצט זיך, קיין עין־הרע, מיט אייער אלטעטשקע און מיט אייערע קינדערלעך, קיין עין הרע. ווי שטעהט דארטען געשריבען ביי אונז, הא? אשתך—דיין ווייב, כגפן — ווי א וויינשטאק, פוריה — וואס זי פרוכפערט זיך, בנים — די קינדער, כשתילי זיתים — ווי די אייל־בירט־צווייגען, סביב לשולחנך — רינגלען זיי ארום דיין טיש. (קוקט זיך ארום). וואו זענען זיי ערגיץ אייערע דאס... די קינדער מיין איך?

מ א י ר (קוקט אויף מלכה'ן. מלכה דאווענט). וואס איז דען? וואס דארפט איהר זיי?

ב ע נ י . וואס איך דארף זיי? גלאט אזוי: איך זעה, מע זעהט זיי ניט, — פרעג איך... געראטענע קינדער ביי אייך, קיין עין־הרע, איינס בעסער פונ'ם אנדערען. ס'איז נאר, הערט איהר, א מזל. דער נגיד, זאגט מען, האט גליק צו אלסדינג, אפילו צו קינדער. די עלטערע איז ביי אייך, קיין עין הרע, א פארשוין: שאדע, וואס זי זיצט ביי אייך אזוי לאנג א דאס, איין אלמנה מיין איך; איך האב שוין וויפיעל מאל געוואלט צו אייך אריינגעהן שמועסען מכח... איך האב פון איהרעטוועגען א דאס, א שדוך מיין איך; וויל זי ניט, האב איך געהערט זאגען, חתונה האבען דורך א דאס, דורך א שדכן הייסט עס... (קוקט זיך ארום אויף אלע זייטען). וואו איז זי ערגיץ אייער עלטערע דאס, די טאכטער מיין איך?

מ א י ר (קוקט זיך איבער מיט מלכה'ן). וואס איז דען? וואס דארפט איהר זי?

ב ע נ י . גלאט אזוי, איך זעה, מע זעהט זי נישט, — פרעג איך... נאר פאר וואס ע ר האט ניט חתונה — דאס קאן איך שוין ניט פארשטעהן. איך מיין אייער עלטערען דאס, דעם זוהן מיין

איך... דעם פּריזיוו האָט ער שוין, ברוך השם, געפּטר'ט לאַנג, קומט איהם שוין, דאַכט זיך, אַ דאָס, אַ כלה מיין איך? שאַדע, וואָס מע טרעפט איהם קיינמאָל נישט אין דערהיים... (קוקט זיך ארום אויף אַלע זייטען). וואו איז ערגעץ אייער עלטערער דאָס, אייער זוהן מיין איך?

מ א י ר . וואָס איז דען? איהר דאַרפט איהם עפּיס?

ב ע נ י . אויף וואָס דאַרף איך איהם? גלאַט אַזוי, איך זעה, מע זעהט איהם ניט, — פרעג איך. זעהט איהר, דער אנדערער — דער איז ביי אייך גאַר אַ געראַטענער. דער חסרון, וואָס ער איז אַ דאָס, אַ ציוניסט מיין איך. דאָס הייסט, קיין חסרון איז דאָס נישט; אדרבה, ס'איז גאַר אַ מעלה. איידער ליגען אין די קלובען און שפּיעלען אין קאַרטען, איז שוין גלייבער זיין אַ דאָס, אַ ציוניסט מיין איך... מיינע קינדער אַליין זענען אויך ציוניסטען, האָטש סע געפעלט מיר ניט דער דאָס... דער געדאַנק מיין איך. דאָס הייסט, געפעלען געפעלט ער מיר, פאַר וואָס זאָל ער מיר ניט געפעלען? אדרבה, זעהר שען פון זייער זייט, וואָס זיי פאַרנעמען זיך מיט אַזעלכע זאַכען, זאָרגען זיך פאַר'ן דאָס, פאַר'ן כלל הייסט דאָס. דער חסרון, וואָס מע רעדט צופיעל... אָט בין איך געוועז אַנומעלטען אויף אַ דאָס, איין אסיפה הייסט עס; האָט אייער זוהן געהאַלטען אַ דאָס, אַ דרשה מיין איך — צוקער־זיס!... דער דריטער אייערער איז אויך אַ גוטער שקאָץ! נאָר, דאַכט מיר, שוין ניט קיין דאָס, קיין ציוניסט מיין איך? מסתמא ווייסט איהר דאָך בעסער וואָס ער איז?... אַ חברה־מאַן איז ער אַ גוטער! ער קען זיך מיט אַלע דאָס, חברה־לייט מיין איך... (קוקט זיך ארום אויף אַלע זייטען). וואו איז ער ערגיץ אייער דאָסיגער דאָס, אייער יונגערער זוהן מיין איך?

מ א י ר . וואָס פרעגט איהר זיך אַזוי נאָך? איהר דאַרפט איהם דען?

ב ע נ י . וואָס איז שייך, איך דאַרף איהם? גלאַט אַזוי, איך זעה, מע זעהט איהם ניט, — פרעג איך... איין אויסגעשפּיעלטע,

זאגט מען, איז ביי איך די קליינע, אט די וואס מיט די געשערענע דאס, האר מיין איך... א מאנסבילשער קאפ אויף איהר, זאגט מען; און א קענערין — א שארפע! און נעמט א דאס, א חתן מיין איך, אויך זעהר א געראטענעם... און חאטש איך בין דא קיין שדכן ניט געוועזן און קיין געלד ביי אייך נישט פארדיענט, נאר פונדעסטוועגען קאן מען פונ׳ם אמת ניט אוועקגעהן: איהר האט מיט׳ן דאזיגען שדוך ניט שלעכט געדאסט, געטראפען מיין איך... ווארום לאמיר זיך ניט נארען, איהר זענט טאקי א איד איין עושר, קיין עין הרע, מע קאן זאגען א גביר, חאטש איך האב אייער געלד נישט געצעהלט... נאר ווי קומט איהר צו רב משה׳לע זיידענשטאמער? יעגער איז איינגעטונקען אין דאס, אין יחוס מיין איך... דער הסרון, וואס ער נעמט זיך שוין צופיעל איבער, און פארגעסט, אז טאמער זענט איהר נישט אזא גרויסער יחסן, גיט איהר אבער דערפאר אייער קינד א סך דאס, נדן מיין איך... וואו איז זי ערגיץ (קוקט זיך ארום אויף אלע זייטען) אייער קלענערע דאס, טאכטער מיין איך?

מ א י ר. אויף וואס קאנט איהר זי, אשטייגער, דארפען?

ב ע נ י. איך? חס ושלום! גלאט אזוי, איך זעה, מע זעהט זי ניט, — פרעג איך... דאס הייסט, אז מע וויל שמועסען דאס אייגענע צוריק, בעדארף איך גראדע צו איהר יא האבען. דאס הייסט. איך האב צו איהר א שטיקעל דאס, א בריעף הייסט עס...

מ א י ר. א בריעף? פון וועמען איז א בריעף?

ב ע נ י. עס רעדט זיך אזוי א בריעף. טאקי פון איהם, פון אייער דאס, פונ׳ם מחותן מיין איך.

מ א י ר און מ ל כ ה. פונ׳ם מחותן?

ב ע נ י (נעמט ארויס פון דער אונטערשטער קעשענע א פאפיער). ער האט מיך געבעטען, איך זאל אייך איבערגעבען, אזוי ווי אייער דאס, טאכטער הייסט עס, האט נישט אין זינען אפילו צו טראכטען מכח דאס, חתונה הייסט עס, זי וויל גאר פאהרען אויף די דאס,

אויף די קורסען הייסט עס, — זאָל זי פאַהרען, זאָגט ער, געזונדער־הייד... און אַזוי ווי מיט אייער עלטערע טאָכטער די גרושה האָט זיך געטראָפען אַ מעשה... און אייער זוהן האָט מען איינגעזעצט אין דאָס, אין טורמע הייסט עס, און די גאַנצע שטאָדט, זאָגט ער, האַלט אייך אין די דאָס, אין די מיילער הייסט עס; לכן בעט ער, איהר זאָלט קיין פּאַראיבעל ניט האָבען און זאָלט מוחל זיין איבער־געבען אייער דאָס, אייער טאָכטער הייסט עס, איהרע דאָס, איהרע תנאים הייסט עס. (גיט איבער מאיר'ן דאָס פּאַפּיער).

מ א י ר (אויסער זיך פאַר כעס). מלכה! דו הערסט? (צע־קנייטשט די תנאים אין די הענד). געהט זאָגט איהם, אייער גרויסען יחסן, אַז איך לאַך פון זיין באָבען איך דאַרף איהם אויף זיבענ־טויזענד כפּרות מיט זיין גאַנצען יחוס! זאָגט איהם, לאָז ער נאָר נישט פאַרגעסען אָפּשיקען דאָס ביסעל ציערונג, די מתנות, און טאָקי היינט! און אַז איהר זענט שוין יאָ אַ שילאָטען־שמש, טאָ געהט זשע טאָקי פון דאַנען גלייך אַהין, און טאָקי באַלד, און טאָקי שוין! (ווייזט איהם אויף דער טהיר).

ב ע נ י. וואָס דאַרפט איהר זיין אַזוי דאַסיג? איך בין דאָך נישט מעהר ווי אַ דאָס, אַ שליח מיין איך. מע זאָגט מיר, איך זאָל דאָסען — דאָס איך, מיין איך, איך זאָל געהן — געה איך...

מ א י ר. דאַסט זשע געזונדערהייד! (בעני רוקט זיך אַרויס פון דער טהיר מיט אַ קוימעל).

פערטע סצענע.

מ א י ר (צו מלכה'ן). נו? דו שווייגסט?

מ ל כ ה. (קוקט אין סידור אַריין). וואָס זאָל איך שרייען?

מ א י ר. וואָס זאָלסט דו שרייען, פרעגסט דו? אודאי דאַרף מען שרייען! אין אַלע גאַסען דאַרף מען אויסשרייען! קינדער זאָלען אַזוי מוטשען אַ טאַטען! וואו זענען די קינדער אַלע? חנה! חיים! וואו זענט איהר?!

מלכה. שאַ! מע וועט זיך דאָך טאַקי צענויפלויפען פון דער גאַס!

מאיר. לאָז מען לויפען! לאָז מען זעהען, וואָס קינדער טהוען מיט אַ טאַטען! נישטאָ זיי? נישטאָ די קינדער? נישטאָ קיין קינדער, מלכה! נישטאָ! צעלאַפען זיך, ווי די מייז צעלאַפען זיך!

מלכה. צעזעעט און צעשפּרייט אויף אַלע זיבען ימין... (עס קומט אַריין חנה, קוקט אויפ׳ן פאָטער און אויף דער מוטער).

## פינפטע סצענע.

חנה. פּאַפּאַ!... דער מחותן האָט אָפּגעשיקט די תנאים?... כ׳האָב שוין געהערט. ס׳איז אמת?

מאיר. אַ גדולה אויף דער באָבע! וואָס זשע ביזט דו אַזוי לעבעדיג?

חנה. וואָס זשע? וויינען זאָל איך?

מאיר. ניין, טאַנצען דאַרף מען. מע דאַרף געהן אַ פריי־ליכס! זאָג מיר, חנה, וואָס טהוט זיך עס מיט אייך? חתן־כלה איז ביי אייך עפּיס שפּיעלעכלעך, צי וואָס?

חנה. ס׳איז ביי אייך שפּיעלעכלעך, נישט ביי אונז. איך האָט זיך געגלוסט אַ שדוך טהון מיט משה׳לע זיידענשטאַ־מער, איינקויפען זיך אין יחוס. עס איז אייך דען איינגעפאַלען, איהר זאָלט פרעגען מיך, צי געפעלט מיר זיידענשטאַמערס זוהן? אבי גאָט האָט אייך געהאָלפען, איהר האָט אַ שענעם מחותן... אייער מחותן איז אַ נידעריגער מענש! ער האַנדעלט מיט יחוס, ווי מיט אתרוגים. אַנשטאַט דעם, וואָס ער זאָל קומען דיך טרייסטען אין דיין אומגליק, וואָס האָט אונז געטראָפען, האָט ער אונז אָפּגעשיקט די תנאים. איך דאַנק איהם זעהר און זעהר, וואָס איך בין פּטור

געוואָרען פון אַ חתן, וואָס טראָגט בריליאַנטענע פינגערלעך און שרייבט פעטיציעס. אַצינד בין איך פריי און קאָן מיר פאָהרען לערנען.

מ א י ר (צו מלכה'ן). דו הערסט? זי איז פריי!... זי קאָן פאָהרען לערנען!...

מ ל כ ה. ווייס איך וואָס אַ קינד פּלאַפּעלט.

ח נ ה. ניין, מאַמע, איך פּלאַפּעל נישט. איך רעד ערנסטע ווערטער.

מ א י ר. וואוהין, אייגענטליך, פאָהרסט דו, הייסט עס, אויב מע קאָן וויסען?

ח נ ה. קיין בערן פאָהר איך. דאָ נעמט מען נישט צו, מוז מען פאָהרען אין דער פרעמד.

מ א י ר (צו מלכה'ן). דו הערסט ווערטער? קיין בעריל פאָהרט זי. דאָ איז פאַר איהר ווינציג תורה, דאַרף מען פאָהרען אַזש קיין... ווי אַזוי הייסט עס?

ח נ ה. בערן.

מ א י ר. בעריל! זעהר שען, אַ שענער נאָמען! דו קיין בעריל, און חיים קיין ארץ ישראל.

ח נ ה. איך גיב נישט אָפּ קיין דין־וחשבון פאַר חיים'ן, און חיים — פאַר מיר. איטליכער פאַר זיך.

מ א י ר. די אייגענע ווערטער האָב איך געהערט פון חיים'ן. איטליכער פאַר זיך, איטליכער פאַר זיך. נו, און פאַר אונז ווער? און פאַר וועמען מיר? איהר קעהרט אונז עפּים אָן שטיקלעך אייגענע, צי ניין? איהר זענט א ו נ ז ע ר ע ק י נ ד ע ר, צי ניין?

ח נ ה. אייערע.

מ א י ר. און מיר זענען אייערע פאָטער און מוטער, צי ניין?

ח נ ה. אונזערע.

מ א י ר . האבען מיר עפּיס אויף אייך צו שאַפען, צי ניין? ווי מיינסט דו, אשטייגער?

ח נ ה . איך מיין, אַז אַ מענש אויף אַ מענשען קאַן נישט האבען צו שאַפען.

מ א י ר . נישט דאָס מיין איך. איך מיין, צי קאָנען מיר אייך זאָגען, למשל, דאָס מעגט איהר און דאָס ניט? דאָס ווילען מיר און דאָס ניט?

ח נ ה . ניין, איהר קאָנט ניט.

מ א י ר . ניין? מיר קאָנען ניט? דו הערסט, מלכה, וואָס די טאָכטער דיינע זאָגט? מיר קאָנען נישט! מיר האבען נישט אויף זיי קיין שום דעה, קיין שום שליטה!

מ ל כ ה . ווייס איך וואָס אַ קינד פּלאַפּעלט!

מ א י ר (לאָזט אוים דאָס האַרץ צו מלכה'ן). בהמה וואָס דו ביזט! יענע רעדט, ווי איין אַלטער, ווי אַ בר־דעת, און זי (קרימט איהר איבער) — ווי אַ קינד פּלאַפּעלט! (צו חנה'ן). זאָגסט דו, הייסט דאָס, אַז נאָך דיין שכל נאָך קומט אויס, אַז מיר מיט אייך בעהרען זיך גאָר נישט אָן, לחלוטין גאָר נישט? איהר זענט זיך — איהר, און מיר זענען זיך — מיר?...

ח נ ה . ווער זאָגט דאָס דען? איהר זענט אונזערע עלטערען. און מיר זענען אייערע קינדער, וואָס זענען פערפליכטעט האַלטען אייך בכבוד, ליעב האבען און...

מ ל כ ה (אויפגעלעבט). נו־יאָ, ווי מיר זאָגען אַלע אין דער־פריה: „איך וועל פאָלגען אַלסדינג, וואָס דער טאַטע הייסט, וואָס די מאַמע הייסט, וואָס גוטע־פרומע לייט הייסען"...

מ א י ר (רייסט איהר איבער, לעגט צענויף ביידע הענד, קוקט אַרויף). „אַ ברכה־והצלחה זאָל קומען אויף מיין קעפּעלי, אמן סלה"... אודאי וועט זי דיך באַלד פאָלגען! דו זעהסט ניט?

ח נ ה . אַבי נאָר אַ גלייבע זאַך — פאַר וואָס ניט?

מ א י ר. גוט. למשל, אז מיר וועלען דיר זאגען: חנה'לע, פאהר נים אהינצו אין יענער שטאדט, וועסטו דו דאך מסתמא דוקא יא פאהרען ?

ח נ ה. אודאי, ווארום אין דעם הענגט אפ דאס גאנצע לעבען מיינס !

מ א י ר. פארשטעהסט זיך! ווארום ווי קאן מען גאר לעבען אויף דער וועלט, אז מע פאהרט נים אוועק אהין... ווי אזוי הייסט די שטאדט ?

ח נ ה. בערן.

מ א י ר. בעריל. און דיין ברודער חיים מוז פאהרען קיין ארץ ישראל פלאנצען וויינגערטנער ?

ח נ ה. איך האב דיר שוין געזאגט, אז איטליכער פאר זיך.

מ א י ר. פארשטעהסט זיך, איטליכער פאר זיך: דער קיין בעריל, דער קיין ארץ ישראל, דער וועט זיצען אין טורמע, דער וועט גלאט פארפאלען ווערען אויף דריי מעת לעת; און די וועט לויפען אין דער וועלט אריין — הכלל איטליכער וואוהין די אויגען וועלען איהם טראגען. (צו מלכה'ן). נו ? און מיר, מלכה ? מיר וועלען זיך בלייבען דא אינצווייען. ווי זאגט ער: „דיד דא באבא". די קינדער אלע באוואהרענט, וועמען הערען מיר ? (לאכט מיט גאל). חא־חא־חא ! (צו חנה'ן). ווי אזוי רעכענסט דו, למשל, פון וועמענס וועגען איז דאס אט דאס אלעס, דאס גאנצע פארמעגען מיט'ן גאנצען געלד ? איך מיין נישט איצטער, איך מיין שפעטער, איבער הונדערט צוואנציג יאהר ?

ח נ ה. א מענש, כל זמן ער לעבט, דארף ער זארגען פאר'ן לעבען, נים פאר'ן טוידט.

מ א י ר. ביזט קלוג טאקי נאר ווי שלמה המלך, כלעבען. לכן וואלט איך וועלען, זאלסט מיך קלאר מאכען. פון וועמענס וועגען, אייגענטליך, האבען מיר דאס גאנצע לעבען געהארעוועט, אויס־

געריסען געווארען, אפטמאל נישט דערשלאפען, נישט דערעסען, א סך מאל געליטען בזיונות, הכלל — זיך מפקיר געווען, געקלויבען א קערבעל צו א קערבעל — אייך נאכגעגעבען אלסדינג, וואס אייער הארץ געלוסט, בכדי איהר זאלט זיך אויפהויבען אין א שענעם פריהמארגען, צעקריכען זיך דער אהער, דער אהין, און אונז איבערלאזען אליין, עלענד, אהן א זייגעזונד, ווי מע זאגט... (מלכה בויגט זיך אן איבער'ן סידור און וויינט שטילערהייד).

חנה (געהט צו צו איהר, נעהמט זי ארום, קושט זי). מאמע. וויין נישט, איך קאן נישט זעהן, ווי דו וויינסט.

מאיר. דו קאנסט ניט זעהן, ווי זי וויינט? און אז איך קאן נישט שלאפען קיין נעכט פון זינט מע האט צוגענומען וואלאדי'ן, וואס איהר ווילט אפילו ניט זאגען מיר. פאר וואס און פאר ווען? אלץ איהר? אלץ פון אייערטוועגען?...

חנה. וואס זשע ווילסט דו, פאפא? אז צוליעב דיר זאל די זונן אויפהערען ווארעמען די ערד, נאר פארקעהרט?... דו ווילסט, אז צוליעב דיר זאל די גאנצע נאטור זיך איבערבייטען, און קינדער זאלען ווערען צוגעוואכסען צו זייערע עלטערען, ווי צווייגען צו־ן־א בוים? ניט היינט, איז מארגען, שיידען זיך מוז מען דאך אמאל!

מאיר. רעדסט ווי א בר־דעת, לאם איך האבען אזא יאהר... נאר אלץ הייסט ביי דיר שיידען זיך? שיידען זיך הייסט ביי מיר, אז קינדער האבען חתונה, באזעצען זיך ווי מענטשען, דער ביי אזא געשעפט, דער ביי אזא געשעפט... אבער ניט אזוי ווי מיר. אויף מיך איז עפים איין אויסגאס... (רעדט מיט א וויינענדיג פארדומפטען קול). א גאט'ס שטראף אויף מיר... איוב'ס צרות... און ועל כולם אט דער וואלאדי האט מיר גאר דעם קאפ אראפגענומען!... איך וויים גאר ניט, ווי איך האלט דאס אוים... (ווישט זיך די אויגען. מלכה וויינט. אויף איהר קוקענדיג — אויך חנה. פויזע דויערט א מינוט. מאיר נעמט פלוצים חנה'ן פאר א האנד, ציהט זי צו צו זיך.

חנה קושט איהם). זאָג מיר צו, טאָכטער מיינע, זאָג מיר צו, אַז דו וועסט ניט פאָהרען אַהין...

ח נ ה (ראַנגעלט זיך מיט זיך אַ ווײלע). ניין, פּאַפּאַ! ניין! אַלסדינג יאָ, אַלסדינג וועסט דו ביי מיר פּועל'ן, נאָר דאָס נישט, דאָס נישט, איך מוז פאָהרען! איך קאָן נישט! איך קאָן נישט זיין דאָ מעהר, אין דער דאָזיגער שטוב!...

מ א י ר (שפּרינגט אױף). האָ? דו קאָנסט ניט זיין דאָ מעהר? אין דער ד אָ ז י ג ע ר שטוב? מלכה! דו הערסט? זי קאָן ניט זיין דאָ מעהר, זאָגט זי, אין דער ד אָ ז י ג ע ר שטוב! ס'איז איהר דאָ איינג, ס'איז זיי דאָ אַלעמען מיט אַמאָל געוואָרען איינג אין דער ד אָ ז י ג ע ר שטוב!... (חאַפּט זיך אויף, שריעט מיט כעס). שוין לאַנג, אַז ס'איז אייך נמאס געוואָרען די ד אָ ז י ג ע שטוב?!...

מ ל כ ה. (שטעלט זיך אַוועק צווישען פאָטער און צווישען דער טאָכטער). מאיר!... (חנה געהט אַפּ, עס פליהט אַריין סאַשקע מיט אַ גדולה).

זעכסטע סצענע.

ס א ש ק ע. דו ווייסט, מאַמע? מע האָט דאָך מיר טאָקי געבראַכט צופיהרען אַ הונט! אוי, זאָלסט זעהען וואָסער אַ הונט! געב מיר, מאַמע, געלד! האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט, אַז מע וועט מיר קויפען אַ הונט!

מ ל כ ה (ווינקט צו איהם, ער זאָל אַוועקגעהן). אָט האָסט דו דיר די אַנדערע טעג יום־טוב!

מ א י ר (אין כעס פון פריהער). וואָס פאַר הינט?

ס א ש ק ע. אַ מאָפּס. אַיין אמת'ער מאָפּס!

מ א י ר. איך וועל דיר געבען אַ מאָפּס! הינט פעהלט דאָ נאָך אין דער ד אָ ז י ג ע ר שטוב! אַוועק, דו וועוריק, דו פּידס־וויניק איינער! וואָן!!!....

סאשקע. אויב אַזוי, געה איך גאָר זיך טרינקען! (אַנטלויפט).

מאיר (שרייעט איהם נאָך). זיך טרינקען? טרינק זיך! הייננ זיך! הייננט זיך אַלע! אַלע זאָלט איהר זיך אויפהייננען אויף איין שטריקעל! אַזעלכע קינדער, ווי איהר, זאָלען גאָר ניט געבאָרען ווערען!... (מלכה וויל זיך לאָזען לויפען נאָך סאַשקען; מאיר האַלט זי אָפּ). שאַ! לויף ניט! ציטער ניט! האָב קיין מורא ניט פאַר'ן מיזיניקעל! עס וועט איהם גאָר ניט זיין, דעם קדיש דיינעם!... (עס קומט אַריין מאַשע דאָס דינסטמיידעל).

## זיבעטע סצענע.

מאשע. דאָ איז געקומען צוגעהן אַ מענטש פון גראַנד־האָטעל זאָגען, מע זאָל אייך זאָגען, אַז דער פריץ, דער גראַף הייסט עס, איז געקומען צו פאָהרען, אין גראַנד האָטעל הייסט עס, און ער רופט אייך, דער פריץ, דער גראַף הייסט עס, איהר זאָלט באַלד קומען צו געהן אַהינצו, אין גראַנד האָטעל הייסט עס.

מאיר. האַ? וואָס? דער פריץ? דער גראַף איז געקומען צו פאָהרען? וואָס זשע שווייגט איהר? דאָס אָנטהון גיך אַהער! די שטיוועל! דאָס היטעל! גיכערט! דער פריץ! דער גראַף איז געקומען צו פאָהרען, און איהר שווייגט!? (ער וואַרפט זיך אויף אַלע זייטען. מע טראָגט איהם צו דאָס אָנטהון. ער שלעפט אויף זיך די מלבושים, טרעפט ניט וואו מע דאַרף און ווערד נאָך מעהר צו טראָגען און נאָך מעהר אין כעס). בהמות! פערד! וואָס שטעהט איהר, ווי די טאָקען? פאַר וואָס העלפט איהר מיר ניט אָנטהון זיך? איהר הערט דאָך, אַז דער פריץ, דער גראַף איז געקומען צו פאָהרען, דער גראַף! דער גראַף!!... (זיך אָנגעטהאָן, לאָזט ער זיך צו דער טהיר און בלייבט שטעהן מיט'ן צילינדער אַ ווייל ווי פאַרטראַכט). מלכה! (רייבט זיך אין שטערן). וואָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגען? איך האָב דיר עפּיס געוואָלט זאָגען... (דערמאַנט זיך). און וואָלאָדי־זיצט?... און די איבעריגע קינדער?...

מ ל כ ה. צעזעעט און צעשפרייט אויף אלע זיבען ימין...

מ א י ר. האַ? וואָס זאָגסט דו? מלכה! וואו זענען אונזערע קינדער?... (פאַלט צו אינ'ם גאַנצען אָנטהון צום טיש און וויינט).

מ ל כ ה (לויפט צו צו איהם אין שרעק). מאיר! גאָט איז מיט דיר! מאיר! !...

סוף פונ'ם דריטען אקט.

---

## די פּאַרשוינען:

חיים־ליב קרענדעלמאַן. איין אויפגעקומענער גביר פון א יאָהר פופציג. א איד מיט אַ קאַפּאָטע, נאָר אָהן א היטעל.

חנה־לאה, זיין ווייב. קיין יאָהרען ווייסט מען ניט. האַלט זיך יונג, רייבט זיך צווישען „הייניטיגע“. בעהאנגען מיט גאָלד, דימענטען, בריליאַנטען און פּעריל.

וויערא־טשקע, זייער טעכטערעל. אַ שען מיידעל פון „הייני־טיגער וועלט“.

אבראַמטשיק, זייער זוהן. אַ גייציג בחור׳על, א „משכיל“.

רב שלום שדכן, אַ איד א שדכן מיט א יאַרמעלקע און מיט א גרינער קאפּאָטע.

זלאַטקע דאַס מיידעל, אַ פּאָקאָיאָווע ביי די קרענ־דעלמאַנס.

ברייגע די אידינע, אַ קעכין ביי די קרענדעלמאַנס. א אידינע מיט וואָנסעס

---

א גרויסער זאַל. טהיער מעבעל מיט סאַמעט בעצויגען. גוטע דיוואַנעס, בראָנזענע שפּיעגלען. אַ סך טישען מיט קליינע טישעלעך. גלעזערנע שאַפעס, אָנגעשטעלט מיט פיעל זילבער, כוסות, טעצעלעך, געגילטע לעפעלעך, גרינע און רויטע גלעזער. די פאַטעלען פערוואָרפען מיט פיעל פערשיעדענע, זייד־דענע און סאַמעטענע דאַמען־קליידער. אויפ'ן טיש אַ „בלאַט לאָקשען". אויפ'ן פענסטער א גרויסע קופערנע קוואָרט מיט צוויי אויהערען. פער־טריקענטע, נאָר טהיערע וואַזאָנעס, אויף וועלכע עס הענגען אַ פּאָר אויס־געבערשטעלטע הויזען מיט א ווייסען זשילעט. אויף א גוטער עטאַזשערקע מיט ספרים וואַלגערען זיך א סך אָנגעשניטענע שטיקלעך קוילעטש מיט אַ סלאָי איינגעמאכטס. אויפ'ן פּאַרטעפּיאַן — אַ קישען. דורך — אַ זעלטענער „פּאַראַנדעק".

## ערשטע סצענע.

חיים־ליב (מאַכט מיט די הענד און לויפט ארום איבער דער שטוב). וואס דולט ער מיר מיין קאָפּ?

רב שלום שדכן (לויפט איהם נאָך מיט א בריעף אין די הענד). נאַט, זעהט אַליין, וואס מע שרייבט מיר וואס; איך וועל אייך אָפּנאַרען וועל איך אייך?

חיים־ליב. אָבער אז איך בעט אייך ניט! איך דאַרף ניט קיין שידוך! איך וויל ניט! וואס דולט ער מיר מיין קאָפּ?

רב שלום שדכן. אז איך פערלאַנג אָבער פון אייך גאָר ניט, בלתי וואס איהר זאָלט זיך נאָר מטריח זיין איבערלייענען אַט דאָס דאָזיגע בריוועלע, וואס מע שרייבט מיר וואס.

חיים־ליב. וואס האט איהר צו מיר? אָבער טשעפּעט זיך אָפּ פון מיין לעבען! איך האָב קיין צייט נישט מיט אייך צו רעדען! איהר וועט קומען איין אנדערס מאָל, איך בעט אייך! וואס דולט ער מיר מיין קאָפּ?

רב שלום שדכן (צו זיך אַליין). עס פּאַסט איהם ניט האַרבען פּאַסט איהם ניט... ער וויל ניט געבען קיין נדן, דער דבר־

אחרן... (צו חיים-ליב'ן). הונדערט און צוואַנציג יאָהר זאָלסט איהר מיר לעבען! עטליכע שורות, עטליכע ווערטער, געצעהלטע דריי ווער־טער, רב חיים סערדצע, וואָס אהרט אייך עס וואָס? טהוט מיר צו ליעב טהוט מיר! גלויבט מיר, איך זאָג אייך בנאמנות זאָג איך אייך, ס'איז אַ גליק, אַ זעלטענע זאַך, כלעבען. איין מאָל אין צעהן יאָהר מאַכט זיך אַזאַ גליק. נאַט, טהוט זייט מוחל אַ קוק אַליין מיט אייערע אויגען, זעהט, אַטאַ...

חיים-ליב (חאַפּט זיך מיטביידע הענד פאַר'ן קאָפּ). גוואַלד! גוואַלד! וואָס איז דאָס פאַר איין אומגליק? וואָס איז דאָס פאַר איין אנשיקעניש אויף מיר? וואָס דולט ער מיר מיין קאָפּ? גוואַלד!... גוואַלד!... גוואַלד!... (עס לויפט אַריין חנה-לאה).

## צווייטע סצענע.

חנה-לאה (אַ דערשראָקענע). שאַ! וואָס איז דאָרטען?

חיים-ליב (וויל רעדען, לאָזט איהם ניט רב שלום שדכן. ער האַלט איהם צו מיט איין האַנד דאָס מויל, און אין דער אַנדערער האַלט ער דאָס בריוועל). מ מ מ...

רב שלום שדכן. פארשטעהט איהר מיר, חנה-לאה קרויז, געזונד זאָלט איהר מיר זיין, איך וויון זיי דאָס בריוועל וויון איך זיי; למאי זאָלען מיר זיך נאַרען למאי? איך מיין טאַקי באמת מיין איך, אַ גליק, אַ גליק פאַר אייער טאָכטער, איך זאָל אַזוי גע־זונט זיין מיט אייך אינאיינעם! אַט נעמט, נאַט, לייענט, לייענט, וועט איהר זעהען, אַז איך זאָג אייך ניט קיין ליגען זאָג איך אייך! צו וואָס טויג עס מיר, איך זאָל אייך אַריינפיהרען חלילה זאָל איך אייך? אַט זעהט, נאַט, לייענט, נאַט, נאַט...

חנה-לאה (נעמט דאָס בריוועל און גיט דאָס איבער דעם מאַן אין די הענד אַריין). פאַר וואָס זאָלסט דו טאַקי ניט איבערלייע־נען, חיים-ליב? וואָס אהרט דאָס דיך? עס קאָסט דיך געלד, צי וואָס?

ח י י ם ־ ל י ב (נעמט דאָס בריוועל; טהוט אָן אַ פּאָר זילבערנע ברילען אויף דער נאָז; זעצט זיך אַנידער און הויבט אָן צו לייענען הויך, אויף אַ קול. חנה־לאה זעצט זיך נעבען איהם, און רב שלום שדכן שטעהט און שאָקעלט צו מיט׳ן קאָפּ נאָך יעדען וואָרט און מאַכט מיט די ליפּען; עס קומט איהם צו אַ שטיק געזונד). „לכבוד ידידי היקר הנכבד והמופלג הנגיד והקצין איש חסיד וירא שמים כש״ת מוהר״ר שלום נ״י! ראשית אודיעכם, אז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום, געב גאָט דאָס נעמליכע פון אייך צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער, אמן. והשנית, זייט וויסען, אז השדוך עם הגביר שלכם, וואָס איהר האָט מיר געהאָט געשריבען, ועם הגביר שלנו, האָב איך מורא וועט ניט געהן, מחמת ערשטענס האָט איהר מסתמא געהערט די מעשה, וואָס האָט זיך געטראָפען מיט׳ן מחותן של הגביר שלנו, וואָס זיין על־טערע טאָכטער האָט זיך...״ צו וואָס טויג עס מיר? צו וואָס דאַרף איך עס וויסען?

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן (חאַפּט איהם ביי דער האַנד). וואָס אַהרט עס אייך וואָס? לייענט, וועט איהר זעהן ווייטער, וועט איהר זעהן.

ח נ ה ־ ל א ה . אנו? לייען, לייען, וואָס האָט זיך דאָס אַזעל־כעס געטראָפען מיט איהר? עס קעהר זיין אַ שענע מעשה.

ח י י ם ־ ל י ב (לייענט ווייטער). „...זיין עלטערע טאָכטער האָט זיך אַנגעקלעפּט, רחמנא ליצלן, אין אַ לעהרער און איז מיט איהם מחילה אַנטלאָפען אין אַ שטאָדט אריין און האָט דאָרטען געוואָלט שטעלען אַ חופּה. איז ער געקומען מיט זיין פּלונית׳טע צום רב שטעלען אַ חופּה. האָט איהם דער רב מסתמא נישט געוואָלט געבען קיין חופּה וקדושין. איז ער אַוועקגעגאַנגען צום קאַזיאָנע רב שטע־לען אַ חופּה, האָט איהם דער קאַזיאָנער רב געזאָגט...״ וואָס קעהר זיך דאָס אָן מיט אונז, איך בעט אייך?...

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן . וואָס אַהרט אייך וואָס? אַט לייענט ווייטער, לייענט!

חנה־לאה. נו, מילא, לייען שוין אַז דו לייענסט.

חיים־ליב (רויט ווי פייער פאַר כעס, לייענט ווייטער). „... האָט איהם דער קאַזיאָנע רב געזאָגט: וואָס ווילט איהר? האָט ער איהם געזאָגט: איך וויל, איהר זאָלט מיר געבען חופה וקדושין. האָט איהם דער קאַזיאָנער רב געזאָגט: וואָס הייסט, איך זאָל אייך געבען חופה וקדושין? איך קען אייך? האָט ער איהם געזאָגט... האָט איהם דער קאַזיאָנער רב געזאָגט... האָט ער איהם געזאָגט..." טפו זאָלט איהר ווערען! „האָט איהם ער געזאָגט! האָט ער איהם געזאָגט!" צו וואָס טויגען מיר די אַלע זאָגאַכצען? וואָס ווילט איהר האָבען פון מיינע יאָהר און טעג? (ער טהוט אַ שמיץ דאָס בריוועל און וויל אַנטלויפען. רב שלום שדכן לאָזט איהם ניט. ער האַלט איהם צו ביי דער האַנד און נעמט אליין לייענען דאָס בריוועל).

רב שלום שדכן (לייענט גיך און פאַרחלינעט זיך). „...אי־אי־אי! אַט דאָס האָט איהר פון היינטיגע לעהרערס מיט היינטיגע דאָקטוירים..." על כל פנים... יאָ... „איז הגביר שלנו ניט קיין מחותן פאַר הגביר שלכם; על כן האָב איך אַ בעסערען, אַ שענערען, אַ פיינערען און אַ גרעסערען שידוך בעבור הגביר שלכם אין אַלע אופנים, היינו: עס איז דאָ אין דער שטאָדט ליפּעוועץ זעהר אַ פיינע אלמנה מרת ביילה שתחיה, ביילה גאָלדשפינער, און הגם זי איז ניט אַזוי רייך, ווי הגביר שלכם, דערפאַר שטאַמט זי אָבער פון גאָר אַ הויך אָרט, פון רב פינחס'על ליפּעוויצער, און איבערהויפּט — וואָס זי האָט אַ זוהן, אַ בן־יחיד, איין אַנטיקעל, וואָס מע קריגט דאָס ניט בכל קצוי ארץ, היינו: שען, פיין, שרעקליך געבילדעט מיט סכנות־נפשות! אַ געשטודיערטער, פאַרשטעהט איהר מיך, אויף אַלע לשונות, געבילדעט כמעט ווי אַ דאָקטאָר, און אפשר נאָך מעהר ווי אַ דאָקטאָר, וועט פאַרשטעקען אַלע דאָקטוירים אין גאַרטעל..." (צו חנה־לאה'ן). נו? וואָס וועט איהר עפּיס זאָגען אויפ'ן שדוך? איהר זענט דאָך, ווי זאָגט מען, קיין עין־הרע, אַ קלוגע אידינע, אַ חכמה...

ח נ ה ־ ל א ה (דרעהט מיט דער נאָז). ניין, ניט דאָס מיינען מיר.

ח י י ם ־ ל י ב. ניט דאָס האָבען מיר געמיינט.

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן (צו זיך). אט האָסט דו דיר! הויב זיך אָן מיט די אויפגעקומענע נגידים! דאָס טעלערעל פון׳ם הימעל איז זיי קאָרג! (צו זיי ביידען). וואָס דען האָט איהר געוואָלט וואָס?

ח נ ה ־ ל א ה. מיר האָבען געוואָלט, ס׳זאָל זיין עפּיס... עפּיס... אזעלכעס וואָס... איין אַנטיק!

ח י י ם ־ ל י ב. עפּיס איין אַנטיקעל זאָל זיין!

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן. פאַר צעהן טויזענד ווילט איהר האנדלען מציאות ווילט איהר?

ח נ ה ־ לא ה. צעהן טויזענד? צוואַנציג טויזענד!

ח י י ם ־ ל י ב. צוואַנציג טויזענד? צעהן טויזענד!

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן (צו זיך). הייגט דערגעהט א טאָלק! צעהן טויזענד, צוואַנציג טויזענד! צוואַנציג טויזענד, צעהן טויזענד!

ח נ ה ־ ל א ה (הויך). אז מע זאָגט אייך צוואַנציג טויזענד, איז צוואַנציג טויזענד!

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן. צוואַנציג טויזענד!

ח י י ם ־ ל י ב (הויך). אז מע זאָגט אייך צעהן טויזענד, איז צעהן טויזענד!

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן. צעהן טויזענד!

ח נ ה ־ ל א ה (נאָך העכער). צוואַנציג טויזענד!

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן. צוואַנציג טויזענד!

ח י י ם ־ ל י ב (נאָך העכער). צעהן טויזענד!

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן. צעהן טויזענד! (צו זיך). דול און משוגע קאָן מען פון זיי ווערען! (עס קומט אָן אַ ב ר א מ ט ש י ק מיט א פּאַק ביכער אונטער די הענד, געהט צו דער שאַפע).

## דריטע סצענע.

חיים־ליב. פון וואַנען קומט דאָס אַן אַזאַ איד, ווי דו?

אבראַמטשיק (קוקט נישט אויף קיינעם). אַזאַ איד, ווי איך, קומט אַן פון דער ביבליאָטעקע... פו! אַ היטע! (דערזעהט רב שלום שדכן). אַ? רב שדכן? וואָס טהוט איהר דאַ? וויע־דער אַ שדוך? ווידער שדוכים? גוואַלד, ביז וואַנען וועט איהר האַנדלען מיט לעבעדיגע מענשען? ביז ווי לאַנג וועט איהר פאַר־קויפען כלות מיט חתנים? איהר זענט דאָך ערגער פון אַזיאַטען, ווילדע מענשען, דעספּאָטען!

חיים־ליב (לעגט צו איין אויהער, קוקט אויפ'ן שדכן מיט גרויס גדלות). האַ, וואָס האָסט דו געזאָגט?

רב שלום שדכן. וואָס האָסט דו געזאָגט וואָס?

אבראַמטשיק. אַז איך וועל אייך זאָגען, וועט איהר שוין וויסען?

חנה־לאה. פאַר וואָס ניט? רב שלום זענען דען אַזאַ בהמה?

אבראַמטשיק. ווער זאָגט דען, אַז ער איז אַ „בהמה"? איך זאָג נאָר, אַז ער ווייסט ניט, ווייל ס'איז אַ „אינאַסטראַנע" וואָרט.

רב שלום שדכן. אַ וואָסער אַ וואָרט זאָגסט דו?

אבראַמטשיק (בויגט זיך צו צו רב שלום שדכן). אינאַ־סטראַנע — ווייסט איהר שוין? אינאַסטראַנאַיע סלאָווא!

רב שלום שדכן (פינטעלט מיט די אויגען). אַהאַ! (פאָטער און מוטער קוועלען).

אבראַמטשיק. אַהאַ? וואָס אַהאַ? אַ איד זאָגט דיר באַלד „אַהאַ"!

רב שלום שדכן. איך מיין דאָס וואָרט מיין איך. הייסט עס, אַ פּנים, אַזאַ וואָרט, וואָס דער פּשט איז דערפון... (ער מאַכט מיט די פינגער). ע־ע־ע...

אברמטשיק (האַפּט זיך מיט ביידע הענד ביים בויך). האַ־האַ־האַ! אוי, פאַנאַטיקער! אוי, פאַנאַטיזם! אוי, חסידיזם! אינאַסטראַנע ווערטער ווערעז אַנגערופעז פרעמדע ווערטער, ווערטער פון פרעמדע שפּראַכען, למשל, „דעספּאָט“, „דעספּאָטען“. פון וואַנען נעמט זיך דאָס, ווייסט איהר?

רב שלום שדכן. אדרבה, פון וואַנען, אדרבה? איך בין א איד א פּראָסטער בין איך, אין די שקאָלעס האָב איך ניט גע־לערענט און אין די אוניווערסטוטען בין איך ניט געגאַנגען... גיב מיר נאָר א פּאַפּיראָס גיב מיר. (נעמט ביי איהם א פּאַפּיראָס).

אברמטשיק (מיט גדלות). דאָס וואָרט „דעספּאָט“ נעמט זיך פון דעספּאָטיזם... היינט ווייסט איהר שוין?

רב שלום שדכן (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ). אזוי? פּס!!!... וואָס זשע הייסט דאָס „דעספּאָטיזמא“?

אברמטשיק. דעספּאָטיזם איז דאָס זעלבע, וואָס דעס־פּאָט.

רב שלום שדכן. אהאָ, אויב אזוי ווייס איך שוין! אפשר האָסט דו א שוועבעלע? (נעמט ביי איהם א שוועבעלע). וואָס זשע הייסט דאָס דעספּאָט? (פּיפּקעט דעם פּאַפּיראָס). אדרבה, מאַך מיך קלאָר, אדרבה!

אברמטשיק. א דעספּאָט הייסט אזא מענש, וואָס פיהרט זיך דעספּאָטיש, און שוין!

רב שלום שדכן. איך פערשטעה, איך פערשטעה! (רויכערט דעם פּאַפּיראָס און בלאָזט מיט די ליפּען). איז וואָס זשע הייסט דאָס דעספּאָטיש?

אברמטשיק. דעספּאָטיש הייסט, אז ער פיהרט זיך ווי א דעספּאָט, און א דעספּאָט הייסט א טיראַן, דעספּאָט און טיראַן איז כמעט אלץ איינס, און לאָזט מיך צורוהי! (קוקט אין די ביכלעך אריין און מישט בלעטלעך).

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן. איך פערשטעה שוין, איך פערשטעה שוין! עס הייסט, דער שורש דערפון איז אזוי, נאָר דער פשט איז איין אַנדערער. על פּי דקדוק, הייסט עס... (מאַכט מיט די פינגער). זאָג זשע מיר, אַבראַמטשיק, זאָלסט מיר געזונד זיין זאָלסט דו מיר, פון וואָסער א שפּראַך נעמט זיך דאָס דאָזיגע וואָרט פון וואָסערער? פון דייטשעס, צי פון פראַנטשעייזשעס?

אַ ב ר אַ מ ט ש י ק (קוקט אין ביכעל אריין). האַ? דעס־פּאַטיזם? פון לאַטיין.

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן. אזוי? טצאַ־טצאַ־טצאַ! אַזש פון לעטיין! (צו רב חיים־ליב׳ן מיט זיין ווייב). אַ? זעהט איהר? אַט דאָס הייסט געקענט שפּראַך אַט דאָס! אַט דאָס הייסט היינ־טיגע וועלט אַט דאָס! אין אונזערע יאָהרען, רב חיים־ליב, האָבען מיר עפּיס א סך געוואוסט פון אַ שפּראַך מיט אַ לעטיין? האַ? (דער פאָטער מיט דער מוטער קוועלען).

אַ ב ר אַ מ ט ש י ק (קוקט פון אויבען אראָפּ). וואָס איז דער חתן אייערער, וואָס איהר רעדט מיין שוועסטער: א דאָקטאָר מע־דיצין, צי א יוריסט? צי אפשר גאָר אַ אינזשענער טעכנאָלאָג?

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן (בלאָזט דעם פּאַפּיראָס). נישט דאָס און נישט יענץ און נישט גאָר נישט.

אַ ב ר אַ מ ט ש י ק. נישט דאָס און נישט יענץ און נישט גאָר נישט? טאַ וואָס דען איז ער? אַ קופּטשיק? אַ טונעיאָדעץ?

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן. חס וחלילה! ער איז אַ גביריש קינד, וואָס איז שייך — אַ קענער, אַ מורא׳דיגער קענער! לשונות מיט שפּראַך, מיט אידיש, מיט רוסיש, מיט דייטש, מיט פראַנצויז, מיט סכנות־נפשות!

אַ ב ר אַ מ ט ש י ק. זענט איהר דאָס דער מבין? גוטע יאָה־רען! אומזיסט אייער טרחה! מיין שוועסטער וועט ניט נעמען קיינעם, א חוץ א דאָקטאָר, און דוקא א דאָקטאָר מעדיצין.

ח י י ם ־ ל י ב. ווער פרעגט דיך? וואס ביזט דו פאר א מחותן אהער אויף זאגען דעות?

א ב ר א מ ט ש י ק. ווארום אזוי! איך וויים, אז וויראטשקע וועט נישט נעמען קיין אנדער חתן, א חוץ א דאקטאר מעדיציו.

ח י י ם ־ ל י ב. יא. אבער וואס ביזט דו פאר א שילאטען־שמש? דיין געשעפט איז ביכער און ביכלעך. געה געזונטערהייד!

ח נ ה ־ ל א ה (שטעלט זיך איין). וואס אהרט דיך, אז דאס קינד רעדט?

ח י י ם ־ ל י ב. איך האב פיינט איין עזות־פנים! ס'איז ניט זיין באבע'ס דאגה!

א ב ר א מ ט ש י ק (לאזט זיך געהן, בלייבט שטעהן אויף א ווײלע אין א טראגישער פאזע, שאקעלט מיט'ן קאפ און רעדט צו זיך אליין). א, דעספאטיזם, פאנאטיזם, חסידיזם, אבסקוראנטיזם!... (געהט אוועק. דער פאטער און די מוטער קוועלען).

## פ ע ר ט ע ס צ ע נ ע.

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן. אט דאס הייסט א מושלם! אט דאס הייסט געקענט אט דאס! הקצור, איז ווי אזוי בלייבט דאס ווי אזוי? איהר האט מיר פארשלאגען די פאמערקעם האט איהר מיר... יא! קלאפ איך, הייסט עס, אוועק א דעפעשע, אדער איך שרייב אריין איין אטקריטקע צו מיין שותף וועגען דעם דאזיגען שדוך, אז...

ח נ ה ־ ל א ה (שלאגט איהם איבער). זייט זיך ניט מטריח, קלאפט ניט קיין דעפעשען און שרייבט ניט קיין אטקריטקעס — דער שדוך איז ניט פאר אונז.

ח י י ם ־ ל י ב. ס'איז ניט פאר אונז דער שדוך.

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן. פאר וואס איז?

ח נ ה ־ ל א ה. דערפאר, וואס מיר ווילען א דאקטאר. הײנט ווייסט איהר שוין? איין מאל פאר אלע מאל — א דאקטאר.

ר ב  ש ל ו ם  ש ד כ ן. א דאָקטאָר? מילא, אויך די אייגענע מעשה; איהר זאָגט א דאָקטאָר? לאָז זיין א דאָקטאָר לאָז זיין.

ח י י ם ־ ל י ב (צו חנה־לאה׳ן). א דאָקטאָר? אנדערש לוינט דיר ניט?

ח נ ה ־ ל א ה. אנדערש לוינט מיר ניט.

ח י י ם ־ ל י ב. נו, ווייל איך דוקא א סוחר. איך האָב דיר וויפיעל מאָל געזאָגט, אז איך וויל נעמען א סוחר, ניט קיין דאָקטאָר! א טהייערע מציאה א „יאָקטער״! ער האָט געשטודירט און גע־שטודירט, קוים אויסגעשטודירט — און פון דעסטוועגען ווער קומט צו וועמען, אז עס טהוט איהם וועה דער בויך? ווער נעמט ביי וועמען א קערבעל? איך ביי איהם, צי ער ביי מיר? ניין, אדרבה, זאָגט שוין איהר אליין, רב שלום! הקצור, איך נעם ניט פאַר מיין טאָכטער קיין דאָקטאָר! איך נעם איהר א סוחר! פארשרייבט איך, רב שלום: א סוחר!

ר ב  ש ל ו ם  ש ד כ ן. א סוחר? מילא, אויך די אייגענע מעשה! איהר זאָגט א סוחר? לאָז זיין א סוחר לאָז זיין.

ח נ ה ־ ל א ה. איז דוקא ווייל דו ווילסט א סוחר, וויל איך א דאָקטאָר!

ר ב  ש ל ו ם  ש ד כ ן. א דאָקטאָר.

ח י י ם ־ ל י ב (הויך). איהר הערט, רב שלום? א סוחר!

ר ב  ש ל ו ם  ש ד כ ן. א סוחר.

ח נ ה ־ ל א ה (הויך). א דאָקטאָר!

ר ב  ש ל ו ם  ש ד כ ן. א דאָקטאָר.

ח י י ם ־ ל י ב (נאָך העכער). א סוחר!

ר ב  ש ל ו ם  ש ד כ ן. א סוחר.

ח נ ה ־ ל א ה (נאָך העכער). א דאָקטאָר!

ר ב  ש ל ו ם  ש ד כ ן (צו זיך). משוגע צו ווערען פון זיי! (צו זיי ביידען). ווייסט איהר גאָר וואָס? איך וועל אייך געבען א

סוחר וועל איך אייך געבען אזעלכען, וואס היילט, אדער א דאקטאר, וואס האנדעלט, און לאז דאס האבען איין עק לאז דאס, און הייסט עפּים דערלאנגען צום טיש, דורכשוויינקען דעם גארגעל, טרוקען גע־ווארען אין האלז רעדענדיג מיט אייך, און טאקי... (חנה־לאה טהוט א קלונג. מע טראגט אריין לעקאך מיט בראנפען. עס קומט אן פון דער גאס וויערא טשקע מיט׳ן היטעלע, מיט׳ן זאנטיקעל און מיט די הענטשקעלעד).

## פינפטע סצענע.

וויעראטשקע (צום שדכן). באנזשור, מאנסיע!

רב שלום שדכן. מע רופט מיך רב שלום, ניט מאסיי.

וויעראטשקע. הא־הא־הא! אט א ניעוועזשרא!

„באנזשור מאנסיע" הייסט — גוט מארגען אייך, מיין הערר.

רב שלום שדכן. א שענער גוט מארגען אויף איהר; שוין באלד נאכט... א גוטער אבענד זאל דיר זיין! לחיים, רב חיים־ליב! לחיים, חנה־לאה! נו, לאז גאט געבען ביי איהר צו דער חופה.

וויעראטשקע. הא־הא־הא! אט א קאמיק! וואס טהוט איהר דא? אלץ מכח חתנים? אומזיסט אייער מיה, אומ־זיסט ברעכט איהר פּים.

רב שלום שדכן. די פים זיינען מיינע, ניט קיינעמס.

וויעראטשקע (געהט אוים פאר געלעכטער). הא־הא־הא! הא־הא־הא!

חנה־לאה. וואס לאכסט דו אזוי, טאכטער?

חיים־ליב. וואס איז דער געלעכטער?

וויעראטשקע (צו דער מוטער). א קאמיטשעסקע פיגור! הא־הא־הא! פון וואנען נעמען זיך אזעלכע ניעוועזשדעס? וואס טהוט דא ביי אייך דער שדכן?

ח נ ה ־ ל א ה . וואָס טהוט אַ שדכן? ער רעדט שדוכים.

ו ו י ע ר אָ ט ש ק ע . ווענען רעדט ער דאָס שדוכים?

ח י י ם ־ ל י ב . וועמען? מיר!

ח נ ה ־ ל א ה . זיי רעדען דיר א חתן, ווייעראָטשקע.

ו ו י ע ר אָ ט ש ק ע . וואָס הייסט, ער רעדט מיר א חתן? אַ חתן דאַרף זיך רעדען אליין. (טהוט אוים די הענטשקעלעך). וועמען, אַ שטייגער, רעדט ער מיר?

ח נ ה ־ ל א ה . זיי רעדען דיר אַ דאָקטאָר.

ח י י ם ־ ל י ב . אַ סוחר רעדט ער דיר.

ח נ ה ־ ל א ה (הויך). אַ דאָקטאָר, ניט קיין סוחר! (רב שלום שדכן רעדט נאָך: „אַ דאָקטאָר").

ח י י ם ־ ל י ב (הויך). אַ סוחר, ניט קיין דאָקטאָר! (רב שלום שדכן זאָגט נאָך: „אַ סוחר").

ח נ ה ־ ל א ה (נאָך העכער). אַ דאָקטאָר! (רב שלום שדכן: „אַ דאָקטאָר").

ח י י ם ־ ל י ב (נאָך העכער). אַ סוחר! (רב שלום שדכן: „אַ סוחר").

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן (צו זיך). יאָ! עס הויבט זיך שוין אָן אַ טרעיאַטער! (צו פאָטער און מוטער). שאַט! ווייסט איהר גאָר וואָס? לאָמיר פרעגען ביי איהר אליין לאָמיר. (צו וויערא'ן). וואָס ווילסט דו בעסער, מיידעל, א סוחר, צי אַ דאָקטאָר?

ו ו י ע ר אָ ט ש ק ע . איהר זענט אַ גאַחאָל!

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן . אַ וואָס?

ו ו י ע ר אָ ט ש ק ע . אַ נאַחאָל!

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן . ניין, דו האָסט א טעות, מיידעל, איך בין אַ שדכן בין איך, ניט קיין נעחאָל; איז אויב דו ווילסט, קאָן איך דיר געבען אויף אויסצוקלייבען קאָן איך דיר; רב שלום שדכן האָט ברוך השם געגוג. איך קאָן דיר געבען אַ סוחרישען דאָקטאָר, אָדער א דאָקטאָרשען סוחר. די ברירה איז ביי דיר די ברירה.

וו י י ע ר א ט ש ק ע (קייכט פאר געלעכטער). חא־חא־חא! א סוחרישער דאָקטאָר, אדער אַ דאָקטאָרשער סוחר! חא־חא־חא!...

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן (צו זיך). דאָס מיידעל איז מיר עפּיס פריילעך דאָס מיידעל... (צו פאָטער און מוטער). לחיים, רב חיים־ליב! לחיים, חנה־לאה! נו, לאָז גאָט געבען איין גיכען צו דער חופּה!...

ח נ ה ־ ל א ה. וואָס שווייגסט דו, טאַכטער? זאָג איהם, דעם טאַטען דיינעם, דעם טיראַן, דעם דעספּאָט, אז דו וועסט נעמען אַ דאָקטאָר, ניט קיין סוחר! (רב שלום שדכן זאָגט נאָך: „אַ דאָקטאָר, ניט קיין סוחר").

ח י י ם ־ ל י ב. אַ סוחר וועט זי נעמען, ניט קיין דאָקטאָר! (רב שלום שדכן זאָגט נאָך: „אַ סוחר, ניט קיין דאָקטאָר").

ח נ ה ־ ל א ה (הויך). אַ דאָקטאָר! (רב שלום שדכן זאָגט נאָך: „אַ דאָקטאָר").

ח י י ם ־ ל י ב (הויך). אַ סוחר! (רב שלום שדכן זאָגט נאָך: „אַ סוחר").

ח נ ה ־ ל א ה (אַ טופּ מיט'ן פוס). אַ דאָקטאָר! א דאָקטאָר! א דאָקטאָר!

ר ב ש ל ו ם ש ד כ ן (זאָגט נאָך). אַ דאָקטאָר! א דאָק־טאָר! א דאָקטאָר! לחיים, רב חיים־ליב! לחיים, חנה־לאה'ניו!

וו י י ע ר א ט ש ק ע (קאַטשעט זיך פאר געלעכטער). חא־חא־חא! א דאָקטאָר! אַ דאָקטאָר! אַ דאָקטאָר! (פון יענער זייט וואַנד הערט זיך אַ קול פון אַבראַמטשיקען: „אַ דאָקטאָר! אַ דאָקטאָר! אַ דאָקטאָר!" — עס עפענט זיך די קיכטהיר און עס לויפט אַריין אַיין אי־בערגעשראָקענע ז ל אַ ט ק ע ד אָ ס ד י ע נ ס ט מ י י ד ע ל מיט א האנדטוך און מיט א פלעדערוויש, און נאָך איהר ב ר ײ נ ע ד י א י ־ ד י נ ע מיט א האנטשערקע און מיט א ראָהאָטש).

### זעכסטע סצענע.

ז ל אַ ט ק ע  ד אָ ס  מ י י ד ע ל. אַ דאָקטאָר? ווער איז אַ דאָקטאָר? וועלכען דאָקטאָר? אַט לויף איך ברענגען דעם דאָקטאָר!

ב ר י י נ ע  ד י  א י ד י נ ע. אַ מכה איז מיר א גרויסע! אַ דונער האָט מיך דערשלאָגען! וואָס איז דאָ? מע חלש'ט? ווער חלש'ט? פאר ווען דאַרף מען דאָס דעם דאָקטאָר? (וויע־ראַטשקע הערט ניט אויף צו קאַטשען זיך פאר געלעכטער).

ח נ ה ־ ל א ה (לאָזט זיך צו די דיענסטען מיט ביידע קולאַקעס). אַ בייזער! אַ וויסטער! אַ פינסטערער חלום צו אייער קאָפּ און צו אייערע הענד און פיס! וואָ, שלים־מזלען! ארויס פון דאַנען, דראַנקעס! חצופות! (ביידע דיענסטען לאָזען זיך צו דער טהיר, באגעגענען זיך מיט רב שלום שדכן, צעבוצקען זיך מיט די נעז).

ר ב  ש ל ו ם  ש ד כ ן. ביז עפּיס וואָס, קאָן מען דאָ חאַפּען צווישען יאָ און ניין אַ פּאָר פּעטש קאָן מען... אַ שטוב פון גאָלע משוגעים, כלעבען... זיי דאַרפען אלע א דאָקטאָר דאַרפען זיי... ווי איז לעבען אַריין אַ דאָקטאָר!

פּ אָ ר ה אַ נ ג.

---

## די פערזאָנען:

ד נ י א ל. אַיין אלטער הויזדיענער, אַיין עקאָנאָם און אַיין אויפזעהער אויף די „מענטשען“ אין הויף. א בחור שוין אין די יאָהרען, וואָס וויל אויסזעהען יונג. טראָגט אַ רויטע וועסטע מיט מעשענע קנעפּלעך, קעסטעלדיגע הויזען, אַ גרינעם שניפּס. האַלט זיך גרויס און רעדט שטרענג מיט קלענערע פון זיך; מיט גרעסערע ווערד ער קליין, רעדט ווייך.

ה ע ר ץ. אַיין עלעגאַנטער משרת. טראָגט א פראַק, א ווייסע וועסטע, שענע וואָנסען.

ר י ק ע ל. אַ קעכין. טראָגט אַ ווייסען פאַרטוך, אַ ווייסען שלוּוער. אַ פרוּוליכע נשמה.

פ י ש ע ל. איהר מאַן. דיענט אין צווייטען הויף. אַ פערזאָרגטער נפש.

ל י ז א. אַ שטוב־מיידעל, וואָס מע האָט נאָר־וואָס אָפּגעשאַפט.

ר ע ו ו ע ט ש ק ע. אַ שטוב־מיידעל, וואָס מע האָט נאָר־וואָס צוגענומען.

פ אַ נ י ט ש ק ע. אַ שטוב־מיידעל, וואָס מע האָט שוין לאַנג אָפּגעזאָגט.

ר ב ס ע נ ד ע ר. אַ מלמד. אַ בעוואכסענער גוי אַ חיה. רעוועטשקעס פאָטער.

י ו כ ב ד. זיין ווייב. רעוועטשקע׳ס מוטער.

מ אַ ד אַ ם ג אָ ל ד. אַיין אויפגעקומענע נגידית. מע זאָגט — אַ מיליאָנערקע.

די האַנדלונג שפּיעלט זיך אָפּ ביי די נגידים אין אונטערשטען שטאָק, אין אונזערע צייטען.

---

א גרויסאַרטיגע קיך. אַ ווייסע פּליטע מיט מעשענע רעהרען און גלענצענדע גאָלקעס. אַלע זאַכען און כלים פון א רייכער קיך: רייַן, ווייס און זויבער. דער אויווען רעכטס, מיט'ן פּנים צום פּובליקום. — לינקס, אין וואַנד, טרעפּ אַרויף אויפ'ן צווייטען שטאָק. — צווישען די טרעפּ און צווישען דער ראַמפּע בילדעט זיך ווי אַ מין חדר'ל, אָפּגעזונדערט פונ'ם אויוועַן. דאָרטען שטעהט אַ קליין טישעל מיט אַ גרויסער ווייסער וואָלטער־שטוהל (איין אַלטמאָדישע קרעסלע). אויף דער שטוהל זיצט אַלע מאָל ד נ י א ל . אַקעגען דעם אַלקערעל, ביי דער צווייטער וואַנד, רעכטס, שטעהט א גרויסער גרינער קאַסטען. נעבען דעם קאַסטען, נעהענטער צו דער ראַמפּע, אַ קליין רויט קעסטעל. אין מיטען קיך שטעהט אַ גרויסער לאַנגער טיש מיט עטליכע בענקלעך. ביי'ם טיש, אַראָפּגעוואַרפען דעם פראַק און פערקאַטשעט די אַרבעל, זיצט ה ע ר ץ און שרייבט אַ בריעף. ר י ק ע ל שטעהט הינטער איהם און דיקטירט איהם.

ר י ק ע ל . „...און שרייב מיר, ליעבע שוועסטער, ווי געהט דיר אין דעם דיענסט? און צי ס'איז עפּיס ביי אייך א סך „מענטשען" און וואָסערע „מענטשען"? און ווי אַזוי בעגעהט מען זיך ביי אייך מיט די „מענטשען"?..."

ה ע ר ץ (שרייבט און דרעהט מיט דער צונג אַהין, וואו די פעז געהט). „און שרייב מיר, ליעבע שוועסטער..." נו? ווייטער?

ר י ק ע ל (דיקטירט). „ביי אונז זענען מיר פיער „מענטשען", אחוץ וואָס ביי'ם גרעט וואַשען א בעזונדער „מענטש", און ביי די פערד א „מענטש", און ביי'ם טויער אַ „מענטש", און אין גאָרטען אַ „מענטש"..."

ה ע ר ץ . טררררר!... זעה נאַר, ווי זי האָט זיך עם אַביסעל צעמענטשעלט! איך האַלט נאָך גאַר פון פאַרינט, און זי מאַהלט ווי א מיהל!

ר י ק ע ל . וואו זשע האַלסט דו, שלים־מזל?

ה ע ר ץ . איך האַלט ביי דער ליעבע שוועסטער...

ר י ק ע ל. וואס הייסט, אַט דאַ ערשט האָלסט דו? וואָס ס'האָט זיך מיר געַ'חלום'ט יענע נאַכט און היינטיגע נאַכט! ווען זשע וועלען מיר קומען צו גאָט?

ה ע ר ץ. וואָס זשע האָט איהר געמיינט? אַזוי ווי איהר באַרעבאָנעט, אַזוי זאָל זיך שרייבען? אַ פּען איז ניט קיין צונג, וואָס זאָל מאַהלען! איידער מע שטעלט אַוועק איין אות, דאַרף מען גוט צוהאַרעווען! (קוקט אויף דער פּעדער צו דער ליכט). און דערצו איז נאָך די פּעדער פון אונזער עקאָנאָם גערעכטען אַן איהר בעל־הבית: האַרטלייביג, שווערפּיסיג און פּוזאַטע. (בעווייזט מיט די הענד אויפ'ן בויך. עס קומט אַן ל י ז אַ פון די טרעפּ אַראָפּ, געהט צו צום רויטען קעסטעל, זעצט זיך אַוועק, דאָס פּנים אין די הענד, וויינט).

ר י ק ע ל (צו ליזא'ן). גאָט איז מיט דיר, וואָס וויינסט דו? אויף חורבן בית־המקדש?

ה ע ר ץ (צו ליזא'ן). ביזט משוגע, צי חסר־דעה? אין מיטען דאָנערשטאָג האָט זי זיך צעוויינט? זאָלסט בעסער וועלען זיין מיין כלה...

ר י ק ע ל. האָסט, אַפּנים, געחאַפּט אַ פּעטשאַטעק פון דער מאַדאַם? אַ נאָווינע! אַז מע איז ביי יענעם אַ „מענטש", דאַרף מען אַלסדינג איבערטראַגען!

ה ע ר ץ. האָב זיי אין דער ערד, נאַרעלע, אַזוי ווי איך. (ציהט זיך אויס). איך האָב קיין מורא ניט פאַר קיינעם! איבער מיר איז נישטאָ קיין עלטערס און קיין גרעסערס און קיין שטאַרקערס... וואָס מיר בעל־הבית! ווער מיר מאַדאַם! וואו מיר עקאָנאָם! דו האָב בעסער חתונה פאַר מיר, נאַריש מיידעל וואָס דו ביזט, וועט דיר זיין גוט ווי די וועלט.

ר י ק ע ל . אליין דער חתן — אליין דער שדכן!... (ד נ י א ל אראפ פון די טרעפ. הערץ האפט זיך אויף, טהוט אן דעם פראק, שטעלט אוועק די טינט און פען צוריק אויפ'ן קליינעם טישעל, ווערד איין אנדער מענש. ריקעל שטעלט זיך אוועק צום אויוועז).

ד נ י א ל (צו הערצ'ן). הער נאר דו, פיינער בחור מיינער, קום נאר אהער! (פיהרט איהם צו צום פענסטער, קוקט איהם גלייך אין די אויגען אריין, וויזט איהם מיט'ן פינגער אויף ליזא'ן). נו?

ה ע ר ץ . וואס „נו“?

ד נ י א ל . זיך שעז אויסגעפיינט.

ה ע ר ץ . ווער?

ד נ י א ל . איך!

ה ע ר ץ . איהר?

ד נ י א ל (טהוט איהם א שמיר איבער דער נאז). קלאון! פאיאץ! געה שוין געה ארויף, מע רופט דיך! פארברענט זאל דאס ווערען!

ה ע ר ץ . די רגע! (ער געהט צו די טרעפ ארויף).

ד נ י א ל (בעזעצט זיך פעסט אין דער קרעסלע, פערקאטשעט די ארבעל, שליסט אפ דאס טישקעסטעל מיט א קלונג, נעמט ארויס א ביכעל. טהוט אן א פאר קוילעכיגע ברילען. רופט צו ליזא'ן צום טיש, קוקט אין ביכעל אריין). דיר קומט פאר פיער חדשים מיט דריי וואכען. פיער מאל אכט איז, א פנים, צוויי און דרייסיג; און פאר די דריי וואכען צו צוויי רובעל א וואך — איז דריי מאל צוויי האבען מיר, אפנים, זעכס. צוויי און דרייסיג און זעכס איז, אפנים, אכט און דרייסיג. צוועלף האסט דו צו א גלייכען חשבון, איז, א פנים, פופציג. נא, אט האסט דו געלד. (נעמט ארויס געלד, שטעלט אוועק אויף ליזא'ן די קוילעכיגע ברילען). דו וויינסט? דו ביזט נאך געדעכט? הא?... (שטרענג). מאך ניט קיין אנשטעלען און נעם געלד!

ל י ז א (נעמט דאָס געלד, הערט ניט אויף צו וויינען). וואָס בין איך שולדיג? ער האָט מיר געזאָגט, אַז איך בין אַ שענע. ער האָט מיר געשוואָרען, אַז ער האָט מיך ליעב...

ד נ י א ל. אַ גדולה! ער האָט זי ליעב! אָט דער ליץ, דער פּאַיאַץ, דער משולחת? פאַרברענט זאָל דאָס ווערען!...

ל י ז א (הויבט אויף דעם קאָפּ). וועמען מיינט איהר דען?

ד נ י א ל. און דו וועמען מיינסט דו?

ל י ז א (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ). נאַטאַנע'ן מיין איך, נאַטאַן מאַיסעיעוויטש...

ד נ י א ל (חאַפּט זיך אויף). האַ? וואָס האָסט דו געזאָגט? נאַטאַן מאַיסעיעוויטש?

ל י ז א (שטיל). ער...

ד נ י א ל (שטיל). שוטה! וואָס זשע האָסט דו געשוויגען, נאַריש ציעגעל וואָס דו ביזט? (מיט כעס). פאַר וואָס האָסט דו ניט געזאָגט מיר? נאַריש קעלבעל! מ י ר האָסט דו בעדאַרפט זאָגען, מ י ר! פאַרברענט זאָל דאָס ווערען!...

ר י ק ע ל (לויפט צו פונ'ם אויגוועז). וואָס איז? וועה איז מיר! (ברעכט די הענד).

ד נ י א ל. ניט אייער באָבע'ס דאגה! צו אייער אַרבייט געהט!

ר י ק ע ל. טפו! (געהט צוריק צום אויוועז).

ד נ י א ל. ווי אַזוי איז דאָס געוועזן? דערצעהל, פאַר מיר האָב קיין מורא ניט; מיר קאָנסט דו דערצעהלען אַלץ. (שטיל). הייסט דאָס, האָט ער דיר איינגערעדט, אַז ער האָט דיך ליעב? און דו האָסט איהם געגלויבט אויף נאמנות? אומגליקליכע וואָס דו ביזט!... און איך האָב געמיינט, אַז דו האָסט זיך פערבונדען מיט אָט דעם פּוסטען בחור, מיט דעם שלים־מזל! קום נאָר אַהער, זיץ...

(ווייזט איהר אויף אַ בענקעל נעבען זיין שטוהל). זאָג מיר נאָר דעם ריינעם אמת, גערענק! דו רעדסט מיט מיר... ס'איז ער? נאַטאַן מאַיסעיעוויטש, זאָגסט דו?

ל י ז א (ווייננט). לאָמיך שוין אַזוי לעבען און געזונד זיין מיט אייך אין איינעם... אַט האָט ער מיר געשענקט אַ פינגערל... (זי ווייזט איהם דעם פינגער).

ד נ י א ל (נעמט איהר האַנד, בעטראַכט דעם פינגער מיט'ן רינג). אומגליקליכע וואָס איהר זענט!... שאַף! ציעגען! קעלבלעך!... לאָזט זיך איבעררעדען פון יעדען איינציגען!... (טהוט איהר אַ וואַרף אָפּ די הענד). געהאַלטען דאָס בסוד פון מיר?!... סודות? זיך צע־נויפגערעדט? געגלויבט? געמיינט, זי איז אויפ'ן זיבעטען הימעל?! פאַרברענט זאָל דאָס ווערען!!... (חאַפּט זיך אויף, שפּאַנט אַרום). אַט אַזוי נאַרט מען אייך אַריין, אומגליקליכע נפשות וואָס איהר זענט! (געהט־צו צו איהר, רעדט הויך). וואָס האָסט דו געמיינט? וואָס האָסט דו זיך געטראַכט? האָסט גערעכענט, אַז ער וועט דיך נעמען? אַ מאַדאַם גאָלד האָסט דו זיך געריכט צו זיין, חאַ־חאַ־חאַ! וואָס שווייגסט דו, וואָס? (זעצט זיך אַוועק אַקעגען איהר, נעמט איהר האַנד, רעדט ווייכער). דערצעהל מיר, קינד, דערצעהל מיר אַלץ.

ל י ז א (זעצט זיך אַוועק נעבען איהם אויף אַ בענקעל, חליפּעט. ריקעל גנב'עט זיך אונטער, לעגט צו אַיין אויער). די ערשטע צייט, אַז איך בין אַנגעקומען, איז ער מיר נאָר נאָכגעגאַנגען און געזאָגט, אַז איך בין אַ שענע, אַ פּאַרשוין... אַז איך בין אַ ציערונג אין שטוב. אַז ער וואָלט אויף מיר נאָר געקוקט און נאָר געקוקט... נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבען זיפצען און צו קרעכצען, זאָגען, אַז ער האָט מיך ליעב, אַז ער געהט אויס נאָך מיר, אַז ער קאָן אָהן מיר ניט לעבען... מיך געפרעגט, אויב איך וויל זיין זיינע... געבעטען, איך זאָל אויף איהם האָבען רחמנות... צוגעזאָגט, אַז ער וועט איבער־רעדען מיט זיי... און אַז זיי וועלען ניט וועלען, וועט ער זיך סמ'ען.

אדער שיסען... ער וועט זיך נעמען דאס לעבען... אפגעלעגט אזוי פון טאג אויף טאג... ס'איז אויף איהם געווען א גאט'ס רחמנות...

דניאל. זי האט אויף איהם געהאט רחמנות? חא־חא־חא! פארברענט זאל דאס ווערען! נו, און ער אויף דיר? פאר וואס האט ער אויף דיר קיין רחמנות ניט? הא?... וואס־זשע האט ער דיר געזאגט היינט, נעכטען, עהערנעכטען? האסט גערעדט מיט איהם? זאג!

ליזא. גערעדט, וואס דען, איך האב ניט גערעדט? איך האב איהם אלסדינג געזאגט... איך האב געוויינט... (וויינט).

דניאל. זי האט געוויינט!... נו, און ער?

ליזא. ער האט געבעטען פריהער מיט גוטען, איך זאל שווייגען, מיר צוגעזאגט מתנות, געלד... און אז איך האב מיך אפגעזאגט פון די מתנות, האט ער אנגעהויבען מיט בעזען. ער האט מיר געזאגט, אז טאמער מאך איך א סקאנדאל, וועט ערגער זיין פאר מיר, פאר מיין שוועסטער...

דניאל. פון וואנען וויים ער פון דיין שוועסטער?

ליזא. איך האב איהם דערצעהלט, אז איך האב א שוועסטער א קאסירערין. טאמער ווערד מען געוואהר, פערלירט זי די שטעלע...

דניאל (חאפט זיך אויף מיט כעס, טהוט א זעץ אין טיש אריין. הויך). וואו זענען געווען מיינע אויגען, פארברענט זאל דאס ווערען!... און פאר וואס האסט דו מיר פריהער ניט געזאגט, אומגליקליכע וואס דו ביזט! (זעצט זיך אוועק, רייבט זיך דאס פנים, רעדט אביסעל וויכער). זאג מיר נאר, קום אהער, דו נאריש מיידעל וואס דו ביזט, ווענען האסט דו דא אחוץ דער שוועסטער?

ליזא (דורך טרערען). קיינעם ניט. איך האב דאך אייך געזאגט, אז איך האב דא נאר איין שוועסטער, דיענט זי אין א קלייט. א קאסירערין איז זי, א אינגערע פון מיר; איז טאמער ווערד מען געוואהר פון מיין אומגליק, פערלירט זי די שטעלע (יאמערט).

דניאל (שטילט זי איין). האָב קיין מורא ניט, ס'וועט דיין שוועסטער ניט שאַדען... גוט, וואָס דו האָסט מיר געזאָגט. איך וועל שוין פון דיינעטוועגן זעהען. איך וועל שוין זעהען... (טראַכט אַ ווײַלע). ווייסט דו וואָס? איך וועל דיר געבען אַ קוויטעל צו מיינע אַ בעקאַנטע... דאָרט וועסט דו זיין, ביז איך וועל זעהען... איך וועל שוין זעהען... (נעמט אַרויס אַ שטיקעל פּאַפּיער. שרייבט און סאָפּעט. ליזא זיצט און וויינט. פון די טרעפּ הערט זיך אַ פרויען־קול: „דניאל! דניאל!").

דניאל (לעגט־אַריין דאָס שטיקעל פּאַפּיער צוריק אין טישקעס־טעל, טהוט אויס די בריללען, ווערד מיט אַ קאָפּ נידעריגער). באַלד! באַלד! (לאָזט זיך אַרויף אויף די טרעפּ).

ריקעל (געהט־צו מיט'ן לעפעל צו ליזאַ'ן, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ). מיינסט, איך האָב נישט געהערט? כ'האָב געהערט אַלסדינג... אַט אַזוי האָט מען, אַז מען איז אַ „מענטש" ביי יענעם. קומען זאָל אויף זיי אַ חלירע, אויף אַלע בעלי־בתים, רבונו של עולם!

ליזא (וויינט). אוי, ריקעל־קרוין, נשמה'ניו, האַרצעניו! איך בין אומגליקליך! וואָס וועל איך טהון? וואוהין וועל איך געהן? וואָס וועל איך זאָגען?... (ברעכט די הענד).

ריקעל. וויין נישט, נאַרעלע! איך האָב פיינט מיך מישען אין פרעמדע געשעפטען, דו ווייסט דאָך; נאָר ווען ס'זאָל קומען אויף מיר... (בויגט זיך איין צו איהר אויפ'ן אויהער). ווען עס קומט אויף מיר אַזאַ זאַך, וואָלט איך ביי זיי אָפּגעצאָפּט דריי אָקעס בלוט! פּאַסקען וואָלט איך פון זיי געשניטען! (וויייזט מיט'ן לעפעל). פּאַסקען! קינדס־קינדער וואָלטען זיי פערזאָגט, זיי זאָלען זיך ניט בעגעהן אַזוי מיט „מענטשען"! אַ חלירע זיי אין פּנים!

ליזא (ברעכט די הענד). וועה איז מיר, איך האָב מורא פאַר דער שוועסטער, פאַר מיין שוועסטער, זי וועט פערלירען די שטע־לע... וואָס וועל איך טהון? וואָס וועל איך טהון?...

ר י ק ע ל. אוי, גאָט'ס בהמה'לע וואָס דו ביזט! האָסט אַ געלעגענהייט זיך בעוואָהרענען איצט מיט נדן! זיי האָבען גע־נוג, נישקשה, אויסקרענקען מעגען זיי! און נעמען אַ חתן, נאַרעלע, אויף מיר אַזאַ יאָהר, חתונה האָבען און אויפהערען זיין אַ „מענטש" ביי יענעם... ווערען אַ בעל־הבית'טע, נאַרעלע, און אַליין האַלטען „מענטשען"... בעטראַכט זיך!... אוי, מע געהט... (לויפט אָפּ צוריק צום אויוועז. ד נ י א ל און ה ע ר ץ געהען ביידע פון די טרעפּ).

ה ע ר ץ. דאָס איז יאָ גאָט די נשמה, און דעם הונד דעם לונג און לעבער! (מאַכט אַ מאָדנע גרימאַסע, נעמט זיך צו אַיין ארבייט). בלבולים גאָר!!

ד נ י א ל (שטרענג). זאָל זיין שטיל! (צו ליזא'ן). איינגע־פּאַקעוועט ביי דיר די זאַכען? (עפענט אויף דאָס טישקעסטעל). נאַ, אָט האָסט דו נאָך אַ פּופציגער... אויף הוצאות וועסט דו בעקומען אַחוץ... איך וועל שוין זעהען... אומגליקליכע בעשעפענישען וואָס איהר זענט! פערבלאָנזעטע שעפּעלעך, גאָט'ס בהמה'לעך, פאַר־ברענט זאָל דאָס ווערען! (ליזא וויינט, וויל געהן, ער האַלט זי אָפּ), האָב צייט. איך וועל דיר געבען אַ קוויטעל, אַ בריעף וועל איך דיר געבען. (וויל שרייבען. קומט־צו ריקעל).

ר י ק ע ל (לויפט־צו צו דניאל'ן מיט'ן לעפעל אין האַנד). איהר ווייסט דאָך, אַז איך האָב פיינט מיך מישען אין פרעמדע געשעפ־טען. נאָר זי האָט איצט אַ געלעגענהייט זיך בעוואָהרענען האָטש מיט נדן. אַ כשר בהמה'לע, איהר זעהט דאָך...

ד נ י א ל (שטרענג, קוקט דורך די ברילען). ווער פרעגט ביי אייך עצות? אייער ארבייט איז ביים אויוועז! גרייט נאָר צום טיש נאָך אויף דריי פאַרשוין. דאָ קומט באלד אַראָפּ דער מאדאַם'ס קרובים, אָרעמע קרובים, דאַרף מען זיי געבען עסען אין קיך מיט די „מענטשען".

ה ע ר ץ. אַ גליק חאַטש, וואָס ניט מיט די הינט... (ר ב ס ע נ ד ע ר, י ו כ ב ד און ר ע ו ו ע ט ש ק ע לאָזען זיך אַראָפּ אַלע דריי, טהוען זיך אויס. רב סענדער וויקעלט זיך אויף פון די שאַלען, און מען דערזעהט אַ בעוואַכסען פּנים. ריקעל און הערץ בעטראַכטען איהם, ווי אַ ווילדע חיה).

ר י ק ע ל. וואָס איז דאָס? (ווייזט מיט די אויגען אויף די געסט).

ה ע ר ץ. זאָל מיך אַזוי וויסען אַ בייזע וועטשערע! קיין עין־הרע, אַ גערעט אויפ'ן פּנים, גוט בעוואַכסען...

ד נ י א ל (צו די געסט). זעצט זיך אַוועק אָט דאָ ביי'ם טיש, וועט מען אייך געבען עסען... ריקעל! גיט עסען! (רב סענדער וואַשט זיך, מאַכט המוציא הויך אויף אַ קול. הערץ ענטפערט „אמן יהא שמיה רבה"... ריקעל לאַכט אין פויסט. — מ אַ ד אַ ם ג אָ ל ד קומט אַריין באַלד נאָך זיי. בשעת די מאדאם גאָלד בעווייזט זיך, ווערד אַיין איבערקעהרעניש אין קיך: ריקעל טהוט זיך אַ וואָרף צום אויווען. הערץ חאַפּט זיך צו די טעלער, קלאַפּט מיט די גאָפּלען, וואַרפט מיט די לעפלען. ליזא האָט זיך אויפגעהויבען פונ'ם רויטען קעסטעל, האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון קיך אין דרויסען אַרויס. דניאל האָט אַראָפּגעוואָרפען די ברילען, אויפגעשטאַנען, געוואָרען מיט אַ קאָפּ קלענער. רב סענדער האָט אַוועקגעוואָרפען דאָס עסען).

מ אַ ד אַ ם ג אָ ל ד (אויף די אונטערשטע טרעפּ, אַביסעל העכער פונ'ם באָדען). ריקעל! וועסט זיי געבען עסען און צו גלעזלעך טיי. (צו יוכבד). איך האָב גאָר פערגעסען פרעגען, ווי אַזוי הייסט זי, אייער טאָכטער?

י ו כ ב ד. ריווע.

ר ב ס ע נ ד ע ר. רבקה הייסט דאָס.

מ א ד א ם ג א ל ד. ריווע? רבקה? ניט שען!... רעוועקע. רעוועטשקע — זאָל זי הייסען רעוועטשקע.

י ו כ ב ד. איהר ווילט רעוועטשקע, זאָל זיין רעוועטשקע! ווער קאָן אייך זאָגען א דעה? זי איז דאָך אייערע...

ר ב ס ע נ ד ע ר. מיינע ווערטער. אבי ס'זאָל איהר זיין גוט און קיין זאַך ניט פעהלען. לא המדרש עיקר, אלא המעשה.

מ א ד א ם ג א ל ד. דאָס ווענדט זיך אָן איהר. ווערט זי זיין גוט, וועט איהר זיין גוט; וועט זי זיין שלעכט, וועט איהר זיין שלעכט.

ד נ י א ל. (האַפּט אונטער). וועט זי דיענען גוט, וועט איהר זיין גוט; וועט זי דיענען שלעכט, וועט איהר זיין שלעכט. (טהוט אַ וואונק צו הערצ'ען און צו ריקל'ען).

ה ע ר ץ און ר י ק ע ל (ביידע אין איינעם). וועט זי דיענען גוט, וועט איהר זיין גוט; וועט זי דיענען שלעכט, וועט איהר זיין שלעכט.

ה ע ר ץ (בעזונדער, אויף אַ זייט). אזא יאָהר אויף זיי!

מ א ד א ם ג א ל ד. מיינע מענטשען האָבען זיך נאָך קיין מאָל אויף מיר נישט באקלאָגט.

ד נ י א ל. אונזערע מענטשען האָבען זיך נאָך קיין מאָל נישט באַקלאָגט! (ווינקט צו הערצ'ען און צו ריקל'ען).

ה ע ר ץ און ר י ק ע ל (ביידע אין איינעם). קיין מאָל נישט באַקלאָגט זיך נאָך.

ה ע ר ץ (בעזונדער, אויף אַ זייט). אַזוי פיעל מכות זיי!

מ א ד א ם ג א ל ד. ביי מיר, עס קומט־אונטער א יום־טוב, א אימענינעס, נעם איך אָן אַלע מענטשען מתנות.

ד נ י א ל. דאָ בעקומען אַלע מענטשען מתנות! (ווינקט צו הערצ'ען און צו ריקל'ען).

ה ע ר ץ און ר י ק ע ל. מיר בעקומען אַלע מאָל מתנות!

ה ע ר ץ (בעזונדער, אויף אַ זייט). ניט מעהר זאָלען זיי פאַר־מאַגען!

ר ע װ ו ע ט ש ק ע. צו וואָס מתנות? מתנות איז ניט נויטיג...

י ו כ ב ד (צו דער טאָכטער, מיט אַ ציה ביי'ם אַרבעל). ריוועלע, וואָס טהוסט דו? דו דאַרפסט שווייגען!

ר ב ס ע נ ד ע ר. מיינע ווערטער. יפה שתיקה...

ה ע ר ץ (אויף אַ זייט). דער איד רעדט, אפנים, תרגום־לשון...

מ אַ ד אַ ם ג אָ ל ד. און דאָס, וואָס זי קאָן שרייבען, איז זעהר גוט. עס מאַכט זיך אַ מאָל, מע דאַרף פאַרשרייבען דאָס גרעט פון דעם בוידעם, וואָרום מע טראָגט, מע שלעפּט, מע גנב'עט.

ד נ י א ל. מע גנב'עט! (ווינקט צו הערצ'ען און צו ריקל'ען).

ה ע ר ץ און ר י ק ע ל. נאָך אַ מין גנב'נען!

ה ע ר ץ (בעזונדער, אויף אַ זייט). אַז אַך און וועה איז צו די גנבים!

מ אַ ד אַ ם ג אָ ל ד (צו רעוועטשקען). עס אָפּ און נעם זיך צו דער אַרבייט. (צו דניאל'ן). דניאל! זאָלסט אַכטונג געבען צו די פערד, צי מען גיט זיי האָבער, צי מע שרייבט גלאָט אַזוי אַ גוט יאָהר. זיי האָבען זעהר ליעב שרייבען חשבונות... (מאַדאַם גאָלד אָפּ. נאָך דער מאַדאַם'ס אָפּגאַנג ווערד איין אַנדערע שטימונג: דניאל טהוט אָן די ברילען, ווערד מיט אַ קאָפּ העכער, זעצט זיך אַוועק אין זיין גרויסען שטוהל, שרייבט. ריקעל גיט־אויף צו'ם טיש. די געסט עסען. הערץ עסט מיט זיי. עס הערט זיך פון אויבען אַ קול: „דניאל"! „דניאל"!...)

ד נ י א ל (וואַרפט אַראָפּ די ברילען, ווערד מיט אַ קאָפּ קלענער, פער־שפּילעט זיך, געהט אויף די טרעפּ). באַלד! באַלד! איך געה! איך געה! (דניאל אָפּ).

ר י ק ע ל (דערלאַנגט צו'ם טיש). עסט, מיינע ליעבע געסט!

י ו כ ב ד. ווער איז אָט דער בייזער איד, אָט דער, וואָס מע רופט איהם דניאל? אָט איז ער גרויס און אָט איז ער קליין...

הערץ. דאָס איז אונזער חצי בעל־הבית.

רב סענדער (לעגט אַוועק דעם לעפעל). חצי וואָס?

ריקעל. דאָס איז אונזער עקאָנאָם; ער האָט צו שאַפען אויף אַלע „מענטשען”. דורך זיין האַנד נעמען מיר וואָס אונז קומט... זענט איהר, הייסט דאָס, טאַקי נאָהענטע קרובים מיט אונ־זערע בעלי־בתים?

יוכבד. ניט שטאַרק נאָהענט. נאָר מיר געהערען זיך אַז שטיקלעך פריינדלעך.

רב סענדער. שני שבשלישי׳ס. איהר ווילט וויסען, ווי אַזוי? (לעגט אַוועק דעם לעפעל). אַט וועל איך אייך אויסרעכענען.

הערץ. מהכתיתי, רעכענט אונז אויס, ס׳איז כדאי צו ווי־סען. (עסט). אַ מענש דאַרף אַלסדינג וויסען וואָס אויף דער וועלט טהוט זיך. (עסט).

רב סענדער. מיין פעטער, דאָס הייסט, אונזער ביידענס פעטער, — מחמת איך מיט מיין ווייב זענען אויך אייגענע גע־שוועסטערקינדלעך, — האָבען זיך אַנגעקעהרט מיט אייער מאַ־דאַמ׳ס מוהמע שוועסטער און ברודער. היינט פאַרשטעהט איהר שוין? (נעמט זיך צו׳ם עסען).

יוכבד. פונקט קאַפּויר! (לעגט אַפּ דעם לעפעל). אונזער מוהמע מיט אייער מאַדאַמ׳ס פעטער זענען געווען שוועסטער און ברודער.

רב סענדער (לעגט אַפּ דעם לעפעל). מיינע ווערטער! ווי אַזוי האָב איך דען געזאָגט?

הערץ (צו יוכבד׳ן). ווי אַזוי האָבען זיי דען געזאָגט? (עסט).

יוכבד (לעגט אַפּ דעם לעפעל). דו האָסט געזאָגט, אַז אונ־זער פעטער מיט איהר מוהמע...

רב סענדער (לעגט אַפּ דעם לעפעל, ווערד אין כעס). איך האָב געזאָגט? ווי האָב איך געקאָנט אַזעלכעס זאָגען?

ה ע ר ץ (צו יוכבד'ן). ווי האבען זיי געקאנט אזעלכעס זאגען? (עסט).

י ו כ ב ד (לעגט אפ דעם לעפעל, רעדט צו דער טאכטער). נו? האט ער נישט געזאגט אזוי? זאג שוין דו, ריוועלע, וואס שווייגסט דו?

ר ע ו ו ע ט ש ק ע. וואס איז דער אונטערשיעד, אזוי געזאגט, אדער אזוי געזאגט? עסט בעסער, איהר האט שוין א מעת-לעת נים געגעסען...

ה ע ר ץ (צו רב סענדער'ן). אייער טאכטער איז גערעכט, לאם איך האבען אזא יאהר! פאר'ן עסען, זאגט מען, געהט קיין טאנץ נישט... הכלל, זענט איהר, הייסט דאס, אייגענע. וואס זשע? זיי האבען אייך טאקי געשריבען, איהר זאלט קומען צו פאהרען?

ר ב ס ע נ ד ע ר. חס ושלום! מיר זענען אליין געקומען צו פאהרען, געבראכט אהער די טאכטער זוכען איין ארט. דערוויי'ל האבען מיר זיך דערמאנט, אז מיר האבען דא רייכע קרובים, זענען מיר געקומען צו געהן. תחילת האבען זיי אונז אפילו נישט דער-קענט...

י ו כ ב ד. פון וואנען זאלען זיי אונז קענען? יענע זענען, קיין עין הרע, אזוי רייך! מיליאנטשיקעס! (עס הערט זיך א קלינגען פון אויבען).

ה ע ר ץ. דאס מיינט מען מיך! זיי לאזען דען אפעסען? (עסט געהענדיג). אזוי ווי א הונט מוז מען חאפען און ווארגען זיך, דערווארגען זאלען זיי ווערען! (אפ).

ר י ק ע ל (צו יוכבד'ן). קומט דאך אויס, אז איהר זענט טאקי עפים גאר...

י ו כ ב ד. וואס דען האט איהר געמיינט? אונזער משפחה זענען לויטער בעלי-בתים. אונזער משפחה...

ר ע ו ו ע ט ש ק ע. וואס דארפען זיי וויסען די משפחה? דו טהוסט מיט מיר א שדוך?

יוכבד. וואס דען? זיי דארפען וויסען אלסדינג. זאלען זיי ניט מיינען, אז דו ביזט גלאט אזוי א „מענטש", גלייך מיט אלע „מענטשען".

רעוועטשקע. מאמע! ס'איז נאר שווער ביז מע פועל'ט ביי זיך צו זיין ביי יענעם; נאר קוים האב איך מיך גע־שטעלט, בין איך גלייך מיט אלע... (אפגעגעסען, נעמט זיך צו איין ארביט, וואשט און ווישט די טעלער).

רב סענדער (בענקט מיט א ניגון, מאכט מיט'ן קאפ). אור־הום... אמת, אמת... „על הארץ ועל המזון... רחם נא..." (שאקעלט זיך).

ליזא (קומט פון דרויסען, ברעכט די הענד, געהט צו צום רויטען קעסטעל, זעצט זיך אוועק, שפארט אן דעם קאפ אויף דער האנד).

רעוועטשקע. ווער איז אט דאס מיידעל?

ריקעל. דאס איז אונזער געוועזענע פאקאיאווע... היינט ערשט האט מען זי אפגעזאגט...

רעוועטשקע. פאר וואס?

יוכבד. א נאווינע וואס מען שאפט אפ א „מענטשען"! זיי נעמען צו, זיי שאפען אפ.

רב סענדער (האלט אין מיטען בענטשען). אור־אום... אור־הום... כחומר ביד היוצר... „הר־חמן..."

ריקעל (צו יוכבד'ן). וואס זאגט אייער מאן?

יוכבד (צו ריקלען). איהר וועט ניט פארשטעהן. ס'איז פון דער גמרא. (דניאל קומט אן פון אויבען).

דניאל (געהט ארום הין און צוריק א מינוט אהן ווערטער. שטעלט זיך אוועק אקעגען ליזא'ן. רעדט שטיל). אומגליקליכע וואס דו ביזט!... זאלסט מיר געוועזן זאגען פריהער חאטש, פארברענט זאל דאס ווערען!... קום אהער... (ליזא געהט צו. ער זעצט זיך צוריק צום בריעף). אט דא האסט דו איהר אדרעס... אהין זאלסט דו

צופאהרען... וועסט לאזען גריסען פון מיר. וועסט זאגען, איך וועל דארט זיין אפשר היינט נאך, אויב איך וועל קאנען, אניט — איז מארגען... אומגליקליכע וואס איהר זענט! (ליזא געהט צום רויטען קעסטעל, עפענט אויף, זוכט עפּיס און פערשליסט צוריק).

ר ב ס ע נ ד ע ר (האט אפּגעבענשט, שטעהט אויף פון טיש, ווישט זיך אפּ די הענד אן דער קאפּאטע, געהט־צו צו דניאל'ן). נאט אייך אפּ שלום־עליכם. איך האב געהערט, איהר זענט דא דער צווייטער בעל־הבית...

ד נ י א ל (טהוט אן די ברילען, ווערד מיט א קאפּ העכער). וואס וועט איהר זאגען?

ר ב ס ע נ ד ע ר. גארנישט. איך האב אייך נאר געוואלט בעטען, איהר זאלט אכטונג געבען אויף אונזער קינד, השגחה געבען.

ד נ י א ל. אכטונג געבען? השגחה געבען? (קוקט אויף איהר און אויף ליזא'ן). אכטונג געבען אויף אייער קינד? (זיפצט). יא־א־א! אכטונג געבען, אכטונג געבען.

י ו כ ב ד. זי איז ביי אונז טהייער... זי איז חלילה נישט קיין בת יחידה, נאר זי איז די עלטערע ביי אונז און סאמע די געראטע־נע... איך בעט אייך, גיט אכטונג...

ר ע ו ו ע ט ש ק ע. אויף מיר דארף מען ניט אכטונג געבען: איך קאן, ברוך השם, מיין שטעדטעל אליין באשטעהן...

י ו כ ב ד (צו דער טאכטער). נארעלע וואס דו ביזט! (צו דניאל'ן). איהר פארשטעהט... א שען מיידעל איז דער פרעמד...

ד נ י א ל. א שען מיידעל אין דער פרעמד... (קוקט אויף איהר און אויף ליזא'ן). דאס איז דוקא פון די קליינע מעלות...

ר ע ו ו ע ט ש ק ע. מאמע! דאגה ניט פאר מיר. קיינער וועט מיך ניט אויסחאפּען. איך בין ניט אלט קיין צעהן יאהר...

י ו כ ב ד (צו ריקלען). וואס זאגט איהר אויף איהר? קיין עין הרע, א בר־דעת! (צום מאן). סענדער, טהו דיך אן, מיר דאר־

פען פאהרען. (צו דער טאָכטער). זיי געזונד, ריוועלע, שאַנעווע דיך, וועט דיר זיין, אם ירצה השם, גוט, בעסער ווי אין דערהיים.

ר ב ס ע נ ד ע ר. מיינע ווערטער: הכל תלוי במזל... (צו דניאל'ן). זייט געזונד, רב דניאל, און גיט השגחה אויף מיין קינד. (זיפצט).

ד נ י א ל. געבען השגחה אויף אייער קינד... יאַ־אַ־אַ! געבען אכטונג אויף אייער קינד. (רעוועטשקע בעגלייט איהר פאָטער און מו־טער ביז אויף יענער זייט טהיר, קומט צוריק און נעמט זיך ווידער צו דער ארבייט. — רב סענדער און יוכבד אָפּ. — פון אויבען, פון די טרעפּ, קומט אַן הערץ).

ה ע ר ץ. די מאַדאַם האָט געהייסען שפּאַנען אַ וואַגען און ארויסבעגלייטען אונזער ליזא'ן מיט כבוד. (נעמט זיך צום רויטען קעסטעל. צו דניאל'ן). און אייך האָט מען געלאָזט בעטען מחילה ארויף. נאַטאַן מאַיסעיעוויטש וויל אייך זעהן וועגען די פערד.

ד נ י א ל. וויעדער פערד! ער האָט מיך שוין פערמוטשעט מיט די פערד! אַ פערד איז ביי זיי טהייערער פון אַ מענטשען! (לאָזט זיך געהן). פאַרברענט זאָל דאָס ווערען! (דניאל אָפּ).

ה ע ר ץ. חאַ־חאַ־חאַ! דעם ערגסטען הונט קומט אַן דער בעסטער ביסען... (צו ליזא'ן). מיך האָסט דו ניט געוואָלט פאַר קיין חתן, ניין? שטעהט דיר ניט אַן דער יחוס! דערפאַר, ווייל איך בין אַ „מענטש“? אודאי איז אַ בעל־הבית בעסער פון אַ „מענטשען“. נאָר אַז די „מענטשען“ וועלען אנהויבען חתונה האָבען פאַר די בעלי־בתים, און די בעלי־בתים פאַר די „מענטשען“, היינט וואָס פאַר אַ פּנים וועט דעמאָלט האָבען די וועלט?

ר י ק ע ל (צו הערץ'ן). טאָמער וואָלסט דו שוין איינגענומען אַביסעל שטומעניש, דו משומד איינער? אַ מענטש איז נעבאָך אזוי אומגליקליך, קומט ער צו געהן מיט אַ מענה לשון!

ל י ז א (פאַלט צו מיט אַ געוויין צו ריקל'ען). מאַמע מײַנע טײַערע!

ר ע װ ו ע ט ש ק ע (צו הערץ'ן). וואָס וויינט זי?

ה ע ר ץ. זי האָט זיך דערמאָנט אַ ווייִנענדיגס

ר ע װ ו ע ט ש ק ע (צו ריקל'ען). וואָס וויינט זי?

ר י ק ע ל. ס'איז איהר אַנגעזאָלעט אויפ'ן האַרצען, וויינט זי.

ר ע װ ו ע ט ש ק ע (געהט צו צו ליזאַ'ן). וואָס איז אייך? (ברעכט די הענד). זאָגט מיר...

ל י ז א (ברעכט די הענד). אוי, זאָל אייך גאָט היטען... איהר זאָלט נישט וויסען דאָס, וואָס איך!... (קוקט אַרויף אויף די טרעפּ אַ ווײַלע, מיט טרערען פולע אויגען, פאַלט צו ריקל'ען אויף די הענד, וויינט ווי אַ קינד). זייט געזונד, מאַמע מײַנע געטרייע!... איהר זענט מיר געוועזען אַ מאַמע!...

ר י ק ע ל (גלעט ליזאַ'ן איבער'ן קאָפּ). נו, גענוג, גענוג וויינען, קינד! ס'אַ גאָט'ס זאַך, אַ גאָט'ס זאַך... פאָהר געזונד. זאָל דיר גאָט באַגליקען, ווי דו ווינשט זיך אַליין... אודאי, ווען דו זאָלסט מיך פאָלגען!... פאָהר געזונד!... (קאָן ניט רעדען מעהר. בעהאַלט דאָס פּנים אין פאַרטוך. עס הערט זיך אַ צוגעפּאַהרענע פוהר. הערץ טהוט אַ כאַפּ דאָס רויטע קעסטעל אויף די פּלייצעס. אויף זיינע אויגען שטעהען טרערען. ער מאַכט זיך פריילידך).

ה ע ר ץ. דאָס קעסטעל איז, קיין עין הרע, גוט געפּאַקט. אַפּנים, קיין מאָל נישט געקרענקט... (טראָגט דאָס אַרויס פון דער טהיר. ליזא געהט נאָך מיט אַ געוויין, ברעכט די הענד, קוקט צום לעצטען מאָל אַרויף, אויף די טרעפּ. ריקעל וויינט אין פאַרטוך. רעוועטשקע בעטראַכט אַלעמען, הערט ניט אויף צו אַרבייטען).

ר י ק ע ל (צו זיך אַליין). אַט־אַזוי־אַ באַגעהט מען זיך מיט אַ „מענטשען“. אַ „מענטש“ און אַ הונט איז ביי זיי אַלץ איינז שוואַרץ יאָהר... אַ מצוה אויף איהר — אַליין שולדיג... אַ „מענטש“

דארף געדענקען, אז ער איז ניט מעהר ווי א „מענטש" !... (צו רע־וועטשקען). הערסט דו, מיידעל ? אז דו וועסט זיין דארטען (ווייזט איהר ארויף, אויף די טרעפ), זאלסט דו אין זינען האבען, אז דו ביזט א „מענטש", און אז דיין ארט איז אט־א־דא...

הערץ (קומט צוריק פון דרויסען מיט רויטע אויגען). ווינציגער ביי אונז מיט א „מענטשען"... (צו ריקל'ען). מיך פערדריסט נאר איין זאך: גענוג זיי זינדיגען, לעגען זיי נאך ארויף די באד אויף יענעם...

רעוועטשקע. אט דאס מיידעל האט עפּיס געזינדיגט ? מע האט זי געחאפּט מיט א גנבה ? (ריקעל און הערץ שיסען אויסביידע א געלעכטער).

ריקעל (צו רעוועטשקע'ן). ביזט נאך גאר א ציגעל, ווי איך זעה ארויס !

הערץ. א תמ'עוואטע מיידעל. א וואהל מיידעל, ווי איך בין א מענטש ! איך האב ליעב אזעלכע מיידלעך !... (וויל געבען רעוועטשקען א גלעט אין בעקעל. ריקעל גיט איהם איבער די הענד).

ריקעל. אהז הענט ! ביזט ניט נאטאן מאיסעיעוויטש...

הערץ. גערעכט ! זיי (ווייזט ארויף) מעגען אלסדינג, מיר טארען ניט.

ריקעל. זיי זענען בעלי־בתים, מיר זענען „מענטשען"...

הערץ. הערט איהר, ריקעל סערדצע ? איך האב שוין א צייט ניט געהאלטען די כלי. די פינגער זענען מיר שוין פארקליאק־נעט, צו אל־די שווארצע יאהר ! מע דארף ארויסנעמען דעם אינ־סטרומענט. (נעהמט ארויס פון אונטער'ן בעט די גיטארע). ס'איז פּאס־קודנע אויפ'ן הארצען, דארף מען צעטרייבען א ביסעל די מחשבות... שפּיעלען א פּרייליכס... וואס זאל איך איך שפּיעלען ? (שטעלט אן די גיטארע). מיך אז מע הערט שפּיעלען, ווערד מען די כפּרה !... (קוקט אויף רעוועטשקע'ן און ווינקט אויף איהר מיט די אויגען). איך

וואלט א בעלן געווען, אז אלע שענע מיידלעך מיט אלע שענע ווייב־לעך זאלען מיך הערען... ריקעל קרוין! וואס זאל איך אייך זינגען אזעלכעס, ס׳זאל אייך נעמען?

ר י ק ע ל. נעמען זאל דיך שוין — ווייסט דו וואר? זינג אונז א אידיש ליעדעל — און א סוף.

ה ע ר ץ. א אידיש ווילט איהר? וועל איך אייך זינגען יקום פורקן. (שפּיעלט און זינגט א פּרייליכס, קלאפּט מיט׳ן פוס און מאכט מיט׳ן קאפּ).

יקום פורקן —
חיים, שמעיה,
חנא וחסדא!
בעריל איז דא?
דא — דא — דא!
שמעריל איז דא?
דא — דא — דא!
אוי־וועה, בעריל,
אוי זשע, שמעריל!
בעריל, שמעריל,
חיים, שמעיה,
חנא וחסדא, —
יאקעל איז דא?
דא — דא — דא!
טאדרעס איז דא?
דא — דא — דא!
אוי־וועה, בעריל!
אוי זשע, שמעריל!
אוי זשע, יאקעל!
אוי זשע, טאדרעס!
בעריל, שמעריל,

חיים, שמעיה,
יאַקעל, טאַדרעס,
חנא וחסדא!...
געציל איז דאָ?
דאָ — דאָ — דאָ!
פייוועל איז דאָ?
דאָ — דאָ — דאָ!
אוי־וועה, בעריל!
אוי זשע, שמעריל!...

(וואָס ווייטער ווערד דאָס שפּיעלען אַלץ שטאַרקער און פריוויליכער. הערץ קאַכט זיך, ריקעל און רעוועטשקע קאַטשען זיך פאַר געלעכטער, בעמערקען נישט, אַז פון דרויסען־טהיר איז ארויינגעקומען ריקעל'ס מאַן — פ י ־ ש ע ל ).

פ י ש ע ל (קומט אַן מיט שטילע טריט, שטעהט און הערט, ווי הערץ קאַכט זיך אינ'ם ליעדעל און ווי ריקעל מיט רעוועטשקען לאַכען, טהוט אַ הוסט). קיין עין הרע, ביי אייך פריילּיך! גוט יום־טוב אייך!

ה ע ר ץ . גוט יאָהר. נישטאָ וואָס צו טהון, שפּיעלט מען אביסעל אויפ'ן אינסטרומענט.

פ י ש ע ל (אויפגעבראַכט). נישטאָ וואָס צו טהון, שלאָגט מען זיך קאָפּ אַן וואַנט! (צום ווייב). פרעגט גאָר נישט אויפ'ן קינד, וואָס סע מאַכט? אבי ס'איז, דאַנקען גאָט, דאָ אַ גיטאַרע, און אַט דער פּוסטעקראַט ברעמזעט אויף איהר!

ר י ק ע ל . זעה נאָר, זעץ דיך אַוועק פריהער, רוה זיך אָפּ. (הערץ טראָגט איהם אונטער אַ בענקעל).

פ י ש ע ל (קוקט אויף הערץ'ן, ווי אַ גזלן, וויל זיך ניט זעצען אויף דעם בענקעל, וואָס הערץ האָט איהם אונטערגעטראָגען, טהוט דאָס אַ וואָרף־אָפּ. נעמט זיך איין אַנדער בענקעל, זעצט זיך אַוועק). זאָג מיר נאָר, דו פּיפּערנאָטער, דו שמינדער בגעץ, דו גרינער אגרעס, דו

פוילע קיסליצע! וואס ביזט דו מיר א רב שמעלקע מיט מיין ווייב.
וואס דו אונטערהאלסט זי מיט ליעדלעך און מיט אינסטרומענטען?

ה ע ר ץ. ערשטענס, אונטערהאלט איך ניט נאר אייער ווייב אליין. צופיעל כבוד פאר איהר. און צווייטענס, דארף מען ניט פארגעסען, אז מע איז ביי יענעם א „מענטש“, איז נישטא קיין מאן, נישטא קיין ווייב, נישטא קיין שוועסטער, נישטא קיין ברו־דער.

פ י ש ע ל. אזוי גאר? הפקר ציבעלעס?

ה ע ר ץ. וואס דען? הוליע קבצן! ס'איז היינט א פרייע וועלט!

ר י ק ע ל (צום מאן). וויים איך, וואס ער וועט דיר דערצעה־לען, אט דער חושים!

פ י ש ע ל (אויסער זיך). וואס פאר א חושים איז ער? ער איז ניט קיין חושים; ער איז איין אויסגעלאזענער יונג, א הולטיי, א שמד'ילניק, א כל־בו'ניק מיט אויסגעדרעהטע וואנצעס, וואס פארדרעהט דעם קאפ פרעמדע ווייבלעך מיט נארישע מיידלעך!

ה ע ר ץ. זעהט נאר! איך בין שולדיג, אז אלע מיידלעך מיט אלע ווייבלעך זענען נאך מיר די כפרה!

ר י ק ע ל. די כפרה מעגסט דו שוין זיין פאר אלע אידען! שלים־מזל!

ה ע ר ץ. סע טהוט זיך אביסעל! למאי דארטען? (ווייזט מיט די אויגען ארויף). וואס איך זעה מיך דארטען אן — טאטעניו! נישטא קיין מאן, נישטא קיין ווייב, מיינס און דיינס — שותפות'־דיגס... וואס דארפט איהר מעהר — איך האב אליין געזעהן, ווי אונ־זער מחותן האט ארומגענומען די מאדאם אט אזוי א, אט וועל איך אייך ווייזען... (ציהט אוים די הענד צו ריקל'ען).

ר י ק ע ל (טהוט איהם א שליידער־אפ פון זיך). מיט'ן קאפ אין דער ערד! (דניאל קומט אן פון אויבען).

ד נ י א ל (האַפּט אָן הערצ'ן פאַר'ן קאָלנער פון הינטען). אַט וועל איך דיר געבען אַ נעם־אַרום, וועט דיר ווערען פינסטער אין די אויגען! גייט אַרויף, מע רופט דיך, פאַרברענט זאָל דאָס ווערען!

ה ע ר ץ. אַטאַ גייט איך. (צו פּישלען). זייט געזונד, האָט אַ גוטען יאַריד!

פּ י ש ע ל (צו הערצ'ן פון דער ווייטען). מיט'ן קאָפּ אין דער ערד! ברעך דיר אויס אַ פוס, אדער אהינצו אדער צוריקוועגס! (הערץ אָפּ).

ד נ י א ל (לעגט אוים אויפ'ן טיש געלד אין עטליכע קופּקעלעך. רעדט צו פּישל'ען). איהר דאַרפט ניט זיין אַזוי דאַסיג פון דעם משוגע'נעם לץ. זיינע ווערטער האָבען אַ ממשות, פּונקט אַזוי ווי דער הונט בילט. (עפענט אויף דאָס טיש־קעסטעל, נעמט אַרוים די ביכער).

פּ י ש ע ל. ניין. איהר פאַרשטעהט אַ מעשה? ביי זיי אַ „מענטש" האָט דען אַ ווערטה פון אַ מענטשען? מע איז פאַרקויפט צו זיי. מע ווייסט נישט פון קיין שבת, פון קיין יום־טוב. מע קוקט נישט אָן קיין ווייב, קיין קינד. און טאָמער מאַכט זיך, מע האַפּט זיך אַרויס איין מאָל אין אַ יובל, מע קומט צו געהן — טרעפט מען איהם, אַט דעם שאַרלאַטאַן, ברעמזען אויפ'ן צימבעל, און זיי שטעהען. די טעלעצעס, און קוקען אויף זיין בייז וואונדער!...

ד נ י א ל. נאַרישקייטען! (צעהלט געלד און וואַרפט אויף בייגדלעך). נאַרישקייטען!...

ר י ק ע ל. (צו דניאל'ן). נו, זאָגט שוין איהר אַליין!

פּ י ש ע ל (צו דניאל'ן). ביי אייך איז דאָס נאַרישקייטען. און ביי מיר איז אַ וועהטיג מיט אַ פאַרדראָס! מע מעג טאַקי זיין ביי יענעם אַ „מענטש", אבער אַ מענטש איז מען דאָך, און אַ מענטש האָט אַ גאַל מיט איין אמביציע! (שלאָגט זיך אין האַרצען).

ד נ י א ל. וואסער אמביציע? (ווארפט אויף בייגדלעך). אמ־ביציע!... א מענטש מיט אמביציעס! ווי קומט צו א „מענטשען" אמביציעס?

ר י ק ע ל (צו דניאל'ן). זאגט שוין איהר אליין טאקי, אמ־ביציע גאר!

פ י ש ע ל. אודאי אמביציע! מע איז טאקי ניט מעהר ווי א „מענטש" ביי יענעם, א „מענטש" האט אבער אויך א נשמה! א גאנצע וואך איז מען איינגעשפאנט, ווי איין אייזעל, און טאמער מאכט זיך איין מאל אין א דאנערשטאג א האלבע שעה, אז מע חאפט זיך אמאל ארויס זעהען זיך מיט'ן קינד, צי מיט'ן ווייב, טרעפט מען זיך דער שווארץ יאהר ווייסט מיט וועמען!... (וויקעלט אויס פון א פאפיער א שאל, גיט ריקלען). נא, דאס האב איך דיר גע־קויפט א שאל. קאסט א דרייערל. א מציאה פון א גנב!...

ר י ק ע ל. טאקי? אוי, איך וועל דאס אוועקגעבען פייר־געלע'ן, זי געהט נעבאך נאקעט... איך האב זיך געזעהן מיט איהר יענע וואך אין מארק אויף א מינוט. ווייזט אויס, אז קיין האניג לעקט זי דארט ניט... אז אך און וועה צו די יאהרען, אז מע איז אליין א „מענטש" ביי יענעם און מע דארף נאך האלטען א קינד הינטער די אויגען. מע איז פארקויפט. (נעמט זיך צוריק צו דער ארבייט).

פ י ש ע ל. פארקויפט? פון דעסטוועגען וואלסט דו נאך געקאנט אויספיהרען, מאהלט אייך, זיך זעהן מיט איהר אביסעל אפטער. האסט קיין צייט ניט געהן צו איהר? דו שלאפסט אין שלייער? קאן זי קומען צו דיר. מע טאר זיך ניט דערווייטערען פון א קינד.

ר י ק ע ל. אט זאגט ער מיר מוסר. דערווייטערען זיך פון א קינד. די מאדאם וויל ניט וויסען פון קיין קינדער. די מאדאם האט פיינט א „מענטשען". וואס האט קינדער. דאס ווייסט דו, צי ניין?

פ י ש ע ל. זיי האבען אלע פיינט! וואלסט בעסער געזעהען אפגעבען זי אהער, בעשטעלען פאר א „מענטשען", זאל זי זיין מיט דיר...

ר י ק ע ל. דא? פאר א „מענטשען" מיט מיר? א, ניט דערלעבען זאל איך דאס גאר, רבונו של עולם! מיין קינד וועל איך אוועקגעבען צו אט די וועלף, ס'זאל פון איהר ווערען חלילה אזא תכלית, ווי ס'איז געווארען פון פאניטשקען, אדער פון ליזא'ן... (צום מאן, זאגט איהם עפּיס אויפ'ן אויער, ביט אוועקלעגענדיג די ארבייט).

פ י ש ע ל (טהוט א שפּרונג־אפּ). א חלירע! א מיתה משונה! זיבעצעהן חלירע'ס! אכצעהן מיתה משונה'ס! (מיט די קולאקעס ארויף אויף די טרעפּ). ס'זאל אייך אנחאפּען און ס'זאל אייך קויקלען און אויסקויקלען איינציגווייז, און ס'זאל ניט בלייבען פון אייך קיין שריד ופליט! ס'זאל א רוח אין אייער... (עס הערט זיך פון די טרעפּ אראפּ א פרויען־קול: „דניאל!" „דניאל?").

ד נ י א ל (ווערד מיט א קאפּ קלענער, שרייעט ארויף). איך געה! איך געה! (אין א זייט, געהענדיג ארויף). אראפּ און ארויף! אראפּ און ארויף! פארברענט זאל דאס ווערען! (דניאל אפּ).

פ י ש ע ל. אומעדום דאס אייגענע!... (גלייכט זיך אויס די ביינער, קלויבט זיך געהן). דארט זוכט מען מיר שוין. מע שרייט שוין: „פישעל!" פון אלע זייטען: „פישעל! פישעל!" פישלען זאל זיך זיי אין קאפּ, רבנו של עולם! ס'זאל זיך זיי אזוי גלוסטען צו לעבען אויף דער וועלט, ווי מיר גלוסט זיך אוועקצוגעהן פון דאנען, האטש די גרויסע פארגעניגענס וואס מע האט, אז מע קומט אהער... (זיפצט). אך־אך־אך! מילא, אז מען איז „מענטשען" ביי יענעם, דארף מען טאקי אזוי זיין פארקויפט? אפּגעריסען מאן פון ווייב, מאמע פון קינדער, שוועסטער פון ברידער... פע! א

פאסקודנע װעלט! (צו רעװועטשקע'ן). הערסט דו, מיידעל! ביזט דא א נייע פאקאיאװע מסתמא? דו װעסט דאך אמאל חתונה האָ־בען? גאָט זאָל דיך היטען, זאָלסט זיין נאָך דער חתונה א „מענטש“ ביי יענעם! דעם דריטען טאָג א שטיקעל ברויט — אבי אליין. (צו ריקל'ען). און דו? מעגסט זיין. נישקשה, אביסעלע מעהר פון דער װייטען מיט דעם מוזיקאנט. װאָס האָט ארויפגעדרעהט די װאָנצעס ארויף, װי עפּיס רעכטס... א גוטען! (פישעל אָפּ).

ר י ק ע ל . (קוקט איהם נאָך א װיילע, צעלאַכט זיך). אט װעל איך מיך געהן אװעקזעצען קלאָגען אויף חורבן בית המקדש, חאַ־חאַ־חאַ!

ר ע ו ו ע ט ש ק ע (איבערראַשט). װאָס לאַכט איהר?

ד י ק ע ל . װאָס זאָל איך װיינען?

ר ע ו ו ע ט ש ק ע . ער איז דען ניט גערעכט, אייער מאַן?

ד י ק ע ל . װער זאָגט דען, אַז ער איז אומגערעכט?

ר ע ו ו ע ט ש ק ע . למאי זשע טהוט איהר איהם אַן יסורים?

ד י ק ע ל . איך איהם? װאָס טהו איך איהם? װאָס בין איך שולדיג, אַז מיר זענען ביידע פארקויפטע מענטשען? פריהער, מיידעלװייז, בין איך געװען אלע יאָהרען א „מענטש“ ביי יענעם. געקליבען, געקליבען נדן, חתונה געהאַט פאר איהם, געזעהן, ס'איז קיין תכלית ניט, ער װעט זיין ביי יענעם א „מענטש“, און איך װעל זיצען װי א פּריצה מיט צענויפגעלעגטע הענט, האָב איך מיך געשטעלט פאר א „מענטשען“, און אַז מיין פייגעלע איז אונטער־געװאַכסען, האָב איך זי אויך באשטעלט פאר א „מענטשען“...

ר ע ו ו ע ט ש ק ע . פאר א „מענטשען“?

ר י ק ע ל . פאר א „מענטשען“. מיר זענען „מענטשען“, און אונזערע קינדער זענען „מענטשען“, און אונזערע קינדס־קינדער, אפּנים, װעלען אויך זיין „מענטשען“. שוין אזוי באשערט פון גאָט, מיר זאָלען זיין „מענטשען“...

ר ע ו ו ע ט ש ק ע . באשערט פון גאָט, מיר זאָלען זיין „מענ־טשען“?

ר י ק ע ל. נו, יאָ. נעם, למשל, אַט דו אַליין טאַקי. אַט ביזט דו איצט אַ „מענטש“ ביי יענעם. וועסט אַנקלויבען עטליכע קערבלעך, וועסט דו מסתמא חתונה האָבען אויך פאַר אַ „מענ־טשען“?

ר ע וו ע ט ש ק ע. פ אַ ר וו ע מ ע ן זאָגט איהר?

ר י ק ע ל. פאַר אַ „מענטשען“.

ר ע וו ע ט ש ק ע. פאַר וועמען דען האָט אַ מענטש חתונה? נים פאַר קיין מענטשען?

ר י ק ע ל (אַ פּלעסק מיט די הענד). אוי, אידען! איז דאָס מיידעל נאַריש — מע קאָן בלייבען אָהן אַ בויך לאַכענדיג! (עס קומט אַן פון די טרעפּ הערץ מיט אַ פּאַק מלבושים).

ה ע ר ץ. דער אַראָפּ, דער אַרויף! דער אַרויף, דער אַראָפּ! איך האָב עס געחאַפּט פון איהר אַ פּעטשאַטעק! דניאל האָט זיך אויך נישט גענאַרט פון איהר! פריהער פון איהם, דערנאָך פון איהר... דער אַראָפּ, דער אַרויף, דער אַרויף, דער אַראָפּ! (נעמט זיך צו די מלבושים, שפּייעט אויפ׳ן בערשטעל און בערשטעלט). אַרויף און אַראָפּ! אַראָפּ און אַרויף!

ר י ק ע ל. וואָס קאַיעט דאָס מיט זיי הייגט ווי אַ קדחת!

ה ע ר ץ (בערשטעלט). ווייסט זיי דער רוח—אַרויף און אַראָפּ! אַראָפּ און אַרויף! מע ריכט זיך אויף געסט. די קראַקאָוועצקים דאַרפען באַלד זיין. די מאַמע מיט דער טאָכטער. אַרויף און אַראָפּ! אַראָפּ און אַרויף! נאַטאַן מאַיסעיעוויטש האָט זיך אויסגעפּוצט ווי אַ מויד. ס׳איז אַ סברה, אַז ס׳וועט זיין אַ שדוך. אַרויף און אַראָפּ! אַראָפּ און אַרויף! (צו רעוועטשקע׳ן). באַרישני, ביזט גע־בליבען אָהן אַרבייט? עפּיס זיצסט דו מיר, ווי אַ מחותנת׳טע אויף אַ פרעמדער חתונה? נשמה מיינע, העלף מיר פּוצען די מלבושים, קעצעלע! (גיט איהר דאָס בערשטעל). אונזער מאַדאַם

האט פיינט, אז מע זיצט, ווי א פריצה. זיצען, זאגט זי, איז פאר א „מענטשען" אומגעזונד. (ער טהוט זי א קניפ אין בעקעל). בעק־לעך, ווי די פאמפעשקעס!

ר י ק ע ל (גיט איהם איבער די הענד). אזאס, דו משומד! מיינט, ס'איז איהם ליזא.

ה ע ר ץ. מע דארף זי איינגעוועהנען ביסלעכווייז, איידער זי וועט קומען ארויף און איידער אונזער נאטאן מאיסעיעוויטש וועט זיך מיט איהר בעקענען... שאט! אז געהט פאניטשקע! א גאסט!... ריקעל, צעווארפט דעם אויוועז! (עס קומט אז פ א־נ י ט ש ק ע פון דרויסען, איין אויסגעפוצטע, איין אנגעפארבטע, פאלט ריקעל'ן אויפ'ן האלז).

פ א נ י ט ש ק ע. באן זשור, מאדאם!

ר י ק ע ל. טהו נאר א קוק — א גאנצע פריצה! פאניטשקע! פאר וואס זעהט מען דיך ניט? די גאנצע צייט מורא געהאט זיך בעווייזען? וואו ביזט דו אצינד? וואס מאכסט דו?

ה ע ר ץ. זעה נאר, אין איין קלאפ, ווי די עשרת בני המן! לאזט איהר איבערהאפען דעם אטהעם. (גיט איהר די האנד, טראגט איהר אונטער א בענקעל).

פ א נ י ט ש ק ע (צו הערצ'ן). מערסי, מאסיע! (פערנייגט זיך צו איהם).

ה ע ר ץ. דו רעדסט שוין אויף פראנצויזיש?

פ א נ י ט ש ק ע. האַ־האַ־האַ! קיין אנדער שפראך רעד איך ניט אצינד, א חוץ פראנצויזיש. באן זשור, זשע וואו פרי, קעסקע־סע דאניי מאא, קעלקשאז אדעוואואר ל'ארזשאז מאסיע — הא? פערשטאנען וואס איך האב דא געזאגט?... איהר קוקט אויף מיר און וואונדערט זיך? בלאטע! ס'איז שוין ניט די פאניטשקע וואס אמאל!... אטאנדע! פאניטשקע איז שוין מעהר נישט קיין „מענטש" ביי יענעם! איך בין מיר אליין פאר זיך א „מענטש"!... וואאליא!

(טהוט אַ זעץ איבער די קעשעני). חאַ־חאַ־חאַ! (צו רעוועטשקע׳ן). וואָס קוקסט דו אַזוי אויף מיר מיט אָפענע אויגען? ווער ביזט דו? אַ נייע פּאָקאָיאָווע? און וואו איז ליזאַ?... (טהוט אַ פייף און אַ מאַך מיט דער האַנד). דורכגעטריבען? חאַ־חאַ־חאַ! מיר איז בעסער פון אייך אַלעמען אָט־דאָ־אָ, טשאָרט פּאָבערי!... איך האָב מיר מיין שטוב, פיער צימער מיט אַ קיך, פּאָראַל דע אַנאַר, מיט אַ פולען קאַסטען מיט גרעט, מיט אַ פולע שאַפע מיט קליידער, און ציערונג קעלקשאַז דע מאַניפיק!... ערשט נישט לאַנג האָט מען ביי מיר אוועקגע׳גנב׳עט אַ פּאָר בריליאַנטענע אויהרינגלעך, טאַקי מיינער אַ חתן, אַ טשערקעס פון קאַווקאַז מיט ברענענדיגע אויגען, חאַ־חאַ־חאַ!... זעה נאָר, ווי זי קוקט אויף מיר!... (ווייזט אויף רעוועטשקע׳ן).

ר י ק ע ל (צו הערצ׳ן). זי איז מיר עפּיס צו פריילידך!

ה ע ר ץ. איך האָב מורא, אַז זי איז אונטער׳ן גלעזעל.

פּ אַ נ י ט ש ק ע. סע נעפּאַ ווראַ! איך טרינק נישט! איך טרינק נישט קיין בראַנפען, איך טרינק וויין! שאַמפּאַנסקאָיע, פּאָראַל דע אַנאַר!... (האַפּט ארויס אַ סיגאַרעטעל, הערץ טראָגט אונ־טער פייער).

ה ע ר ץ. אַזוי? האָסט דו שוין אַ חתן, פּאַניטשקע?

פּ אַ נ י ט ש ק ע. פּאַשאָל! וואָסער פּאַניטשקע? אוים פּאַ־ניטשקע! פּאַניאַ יעפּימאָוונאַ, טשאָרט פּאָבערי! אַלע אָפיצערען, פּאָלקאָווניקעס, גענעראַלען — ווייסען נאָר פּאַניאַ יעפּימאָוונאַ, אי באַסטאַ!... פּאָר פּאַניאַ יעפּימאָוונאַ האָבען זיך צוויי סטודענטען געשלאָגען, פּאָראַל דע אַנאַר! מיך האָט מען אויך געשלאָגען, איהר זעהט? (פערקאָטשעט די אַרבעל, ווייזט אַ בלויען צייכען). נאָט, קוקט, טשאָרט וואָס פּאָבערי, חאַ־חאַ־חאַ!... (לאַכט היסטעריש).

ר י ק ע ל (נעמט זי פּאַר אַ האַנד, זעצט זי אַוועק ביים אויוון נעבען זיך). דערצעהל נאָר, קינד, וואו ביזט דו געווען די גאַנצע ציים? פּאַר וואָס זעהט מען דיך נים?

פ א נ י ט ש ק ע. וואס זאל איך דערצעהלען? איך האב שוין דא אויסדערצעהלט אלסדינג!... נאר וואס דא טהוט זיך (ווייזט אויפ׳ן הארצען) — דאס איז נישט קיינעמס עסק! הא־הא־הא!... און דארט אויבען וואס הערט זיך? (בעווייזט ארויף אויף די טרעפ). ליזא׳ן אפגעשאפט און די צוגענומען?... (ווייזט אויף רעוועטשקע׳ן). זיי שאפען אפ און נעמען צו... אלע מאל נייע „מענ־טשען“? אלע מאל נייע „מענטשען“? הא־הא־הא! „מענטשען“, הא־הא־הא!... וואס האט איהר אראפגעלאזט די נאז אלע? וואס קוקט איהר מיך אן? וואס איך לאך, הא־הא־הא? ס׳איז מיר גוט, לאך איך!... הא־הא־הא! ס׳זאל זיי זיין אזוי גוט, ווי מיר! (ווייזט ארויף אויף די טרעפ).

ה ע ר ץ. אמן!

פ א נ י ט ש ק ע. חאטש האלב ווי מיר!

ה ע ר ץ. אמן יהא שמיה רבה!

פ א נ י ט ש ק ע. דאס האב איך זיי, זיי צו פארדאנקען מיט דעם גוטסקייט, וואס מיר איז אצינד, הא־הא־הא! ניט קיין טאג, ניט קיין נאכט, תמיד אויסגעפוצט, תמיד אנגעפארבט, תמיד פרייליך! און מיין ברודער? מיין ברודער איז פאר חרפה אוועק פון דאנען. אוועק, מע ווייסט ניט וואוהין. ס׳איז א סברה, אז ער זיצט... (רעדט שטיל). ער איז א פ א ל י ט י ־ ט ש ע ס ק י. פריהער איז ער געווען א שטילינקער, איצט איז ער געווארען א פ א ל י ט י ט ש ע ס ק י... פאר בזיון, פאר צרות... (פויזע). אוי, האט ער מיך אמאל ליעב געהאט! ליעב געהאט! ליעב געהאט! (צעוויינט זיך היסטעריש).

ר ע ו ו ע ט ש ק ע (געהט צו צו איהר, וויל זי בערוהיגען). וויינט נישט... וואס איז אייך? זאגט, וואס איז אייך?...

ר י ק ע ל (וויינט אין פארטוך). אזא סוף אויף אלע אונזערע שונאים!

פאניטשקע (צו רשעוועטשקע'ן). אוועקט! אוועקט פון מיר! ריהר מיך נישט אן! דו ביזט א הייליגע!... איהר קאנט זיך נאך אלע אננעמען פון מיר. חא־חא־חא! ווי מיין חתן זאגט... איך האב א חתן א פאעט, א דיכטער, שרייבט ער ליעדלעך, חא־חא־חא!

הערץ. וויפיעל חתנים זי האט!

פאניטשקע. וויפיעל חתנים, זאגסט דו? און דו האסט זיך ניט גע'שדכ'ענט אמאל צו מיר, מאן שער אמי?... עי טי ראזשא מיט די אויסגעדרעהטע וואנצעס, קום מיט מיר א וואלס, סיל וואו פלע! (האפט הערצ'ן טאנצען. אויף די טרעפ בעוויזט זיך מאדאם גאלד, נאכדעם דניאל. מאדאם גאלד שטעהט א ווילע אויף די טרעפ, קוקט זיך איין, דערקענט פאניטשקע'ן).

מאדם גאלד (שטארק אויפגערעגט). וואס איז דאס? ביי מיר אין קיך?? מיינע „מענטשען" זאלען זיך ערלויבען??? מיט אזא ???? דניאל, היינטיגען טאג זאלען מיר אפגעשאפט ווערען אלע „מענטשען"! דו הערסט? אלע „מענטשען"!!

דניאל (איינגעבויגען אין דרייען). אלע „מענטשען". אלע „מענטשען"!...

פאניטשקע (ארויף צו דער מאדאם). דורכטרייבען אלע „מענטשען"? אייך איז גרינג „מענטשען" צונעמען און „מענטשען" אפשאפען! איהר ווארפט זיך מיט „מענטשען", מא שער מאדאם! אויב ס'איז איבער מיר, ארעוואאר אוועק פלעזיר! (מאכט איהר א קניקסען). גריסט אייער עהרליכען תכשיט נאטאן מאיסעיעוויטש. מיר וועלען זיך נאך אמאל בעגעגענען מיט איהם!... און איהר ווארפט זיך נאר ניט אזוי מיט „מענטשען", מאדאם, ווארום „מענטשען" זענען אויך מענטשען, טשארט וואס פאבערי!...

מאדאם גאלד (טופעט מיט די פיס). דניאל! וואס שטעהסט דו. ווי א לעהמענער גולם? ווארף זי ארויס! ווארף זיי אלעמען ארויס! אלעמען! אלע „מענטשען"! אין דער ערד אריין!

אין דער ערד אריין די „מענטשען“. איהר מאכט מיר א תל פון מיין שטוב! איהר פארפאסקודיגט מיר מיין שטוב!!!...

ד נ י א ל (אראפ צום טיש, האפט ארויס דאס געלד פון טישקעס־טעל מיט די פאפיערען מיט די ביכלעך, טהוט דאס א ווארף דער מאדאם צו די פיס אינאיינעם מיט'ן בינטעל שליסלען, פערשפיעלט זיך פון אויבען ביז אראפ). גענוג! גענוג האב איך געשוויגען, פארברענט זאל דאס ווערען! (צו די דיענסטען הויך). איהר מאכט זיי א תל פון זייער שטוב! איהר פארפאסקודיגט זיי די שטוב! מיר, „מענטשען“, פארפאסקודיגען זיי זייער שטוב!... טהוט זיך אן! קומט! קומט אוועק פון דאנען! מיר טארען דא ניט זיין! ווער זענען מיר? וואס זענען מיר? מיר זענען ערגער פון ערגער! מיר זענען גאר־ניט! מיר זענען דער רוח ווייסט וואס! מיר זענען „מענטשען“! „מענטשען“ זענען מיר! (אויסער זיך, די אויגען אנגעגאסען, שרייעט הויך). מענטשען! מענטשען!...

(פ א ר ה א נ ג).

---

דאָס גרויסע געווינס. אַ פאָלקס־
שפּיעל אין פיער אַקטען.

געשריבען אין יאָהר 1915.

## די פּאַרשוינען:

שימעלע סאָראָקער. אַ שנײַדער בן שנײַדער, אַ מענש אין די מיטעלע יאָהרען, מיט אַ קול נגינה.

עטי־מעני. זײַן װײַב. אַ טשיקאַװע אידינע.

בײַלקע. זײַער טעכטערעל. אַ מײדעל אַ פּאַרשױן.

מאָטעל קאַסאַי.
קאָפּעל פּאַלבאַן.
} שנײַדעריונגען. טשעפּקע בחורים.

אָסקאַר סאָלאָמאָנאָװיטש (רב אשר) פּײַן. אַ איד אַ נגיד, איין אַריסטאָקראַט, מיט אַ בײַכעל און מיט א ליסינע.

גערטרודא װלאָדימיראָװנא (גאָלדע) פּײַן. זײַן מאַדאַם. גרין װי גראָז.

סאָלאָמאָן אָסקאַראָװיטש פּײַן. זײַער זוהנדעל. אַ שענער יונג.

קאָלטון. אַ פּריקאַזטשיק בײַ די פּײַנס. אַ בחור אַ פּערזעהעניש.

סאָלאָװײטשיק. אַ מאָדערנער שדכן מיט אַ קאַפּעליש.

גאָלדענטאָלער. אַ דירעקטאָר פון א באַנק.

הימעלפארב. אַ בוכהאַלטער. אַ מענטש מיט אַ צינגעל.

װיגדאָרטשוק. אַ געװעזענער מוזיקאַנט. אַ מענש מיט געדאַנקען.

רובינטשיק. אַ געװעזענער פּאַריקמאכער. זײַנער אַ חבר.

פּעריל די מיטניטשקע. אַ אידינע װאָס פערקױפט מעהל און מאַהלט װי אַ מיהל.

מענדעל דער לאָקײ. אַ געװעזענער משרת, איצט אַ „לאָקײ".

יוכבד די מויד. אַ שטובמײדעל, אַ האָנאָריסטע נקבה.

א קצב, א באקאלײשטשיק, גבאים פון תלמוד תורה, הערנען און דאמען, און גלאט אידען און װײבער.

**אָ ר ט** — אַ אידישע שטאָדט אין דער אַלטער הײם.

**צ י י ט** — פאַר דער מלחמה.

---

# ערשטער אקט.

א גרויס חדר, אין בעל־מלאכה'שען צושטאנד מעבלירט. א לאנגער טיש. אויפ'ן טיש אנגעווארפען שניט־סחורה, א גרויסע שער מיט א קריידעל. ביי'ם טיש זיצען ביידע יונגען, מאטעל קאסאי און קאפעל פאלבאן, פערטיעפט אין דער ארבייט און זיפצען. ביי'ם פענסטער שטעהט א נייה־מאשין. צוויי טירען: איינע אין דרויסען ארוים, די אנדערע צו דער קיך צו.

מאטעל קאסאי. אויף גוי'שע קעפ! וואס זיפצסט דו, קאפעל?

קאפעל פאלבאן. וואס זיפצסט דו, מאטעל? דו מעגסט?

מאטעל קאסאי. לאמיר זיך וועטען, אז איך וויים, וואס דו זיפצסט.

קאפעל פאלבאן. אז דו ווייסט, היינט וואס פרעגסט דו? (פויזע).

מאטעל קאסאי. קאפעל! אז דו וועסט מיר געבען דאס ווארט, אז דו וועסט קיינעם ניט דערצעהלען, וועל איך דיר עפיס זאגען.

קאפעל פאלבאן (גיט איהם די האנד). אט האסט דו מיין האנד.

מאטעל קאסאי (קוקט זיך ארום). קאפעל! ביז וואנען וועלען מיר זיך שפיעלען אין בעהעלטעניש? צו־וואס קאמעדיעס? צייט מיר זאלען זיך דורכשמועסען... איין מאל פאר אלע מאל — וואס וועלען מיר דערמיט פועל'ען? גארנישט מיט גארנישט. מיר ביידע האבען ליעב איין מיידעל, אז דער רוח נעמט אונז אוועק!

ק א פ ע ל  פ א ל ב א ן. דו מיינסט ביילקען? (לאזט אראפ די אויגען).

מ א ט ע ל  ק א ס א י. מיר פאר דיין שכל, ליכטיגער פנים! וועמען דען מיין איך — דעם רב'ס טאכטער? פערשטעהסט זיך, אז איך מיין ניט קיין אנדערע, נאר אונזער בעל־הבית'ס טעכטערל, ביילקען מיין איך... איז דאך ממה־נפשך: אדער איך, אדער דו...ביידע קאנען מיר דאך פאר איין מיידעל ניט התונה האבען... ווי מיינסט דו, קאפעל?

ק א פ ע ל  פ א ל ב א ן. איך מיין, אז ניין.

מ א ט ע ל  ק א ס א י. אויף מיר אזא יאהר, וואס פאר א שטיק חכם דו ביזט! וועמען, הייסט דאס, זי האט ליעב, דעם וועט זי נעמען... איז דאס קלאר?

ק א פ ע ל  פ א ל ב א ן. קלאר, ווי דער טאג.

מ א ט ע ל  ק א ס א י. לעבען זאלסט דו מיר, ביזט קלוג. ווי די וועלט! וואס זשע טהוט מען אבער, קאפעל סערדצע, טאמער האט זי אונז ביידען גלייך ליעב?

ק א פ ע ל  פ א ל ב א ן. נו־יא, וואס טהוט מען דעמאלט?

מ א ט ע ל  ק א ס א י. אט אזוי האב איך דיך ליעב! דעמאלט איז דא נור איין עצה.

ק א פ ע ל  פ א ל ב א ן. דהיינו, וואס פאר איין עצה, מאטעל?

מ א ט ע ל  ק א ס א י. מיר'ן ווארפען גורל, ציהען קניפלעך. און ווער ס'וועט ארויסציהען דאס קניפעל — דער וועט זיין דער גליקליכער... האסט דו עם צעקיים? (קאפעל שאקעלט מיט'ן קאפ). אויב אזוי, דארפען מיר זיך ביידע געבען תקיעת־כף, אז וואס מיר האבען אפגעמאכט איז הייליג, און אז מיר דארפען געהן ביידע האנד ביי האנד, זיך העלפען איינס דאס אנדערע איז א גויט און אנוועג־דען אלע מיטלען, אז ביילקע זאל זיין אונזערע... דאס הייסט, זי זאל זיין מיינע אדער דיינע! איז דאס געמאכט? געב מיר נור דיין יד! (קאפעל ציהט איהם אויס די האנד). געב אהער די מארדע, לאם

איך דיך האטש א קוש טהון! (זיי צעקושען זיך מיט א פעטען הויכען סמאַצקעדיגען קוש. עס עפענט זיך די דרויסען־טהיר און עס קומט־אַן ביילקע מיט אַ פעקעל סחורה, ווייס־גרעט. זי לעגט אַוועק דאַס פעקעל אויפ'ן טיש, טהוט אויס דאַס היטעלע, מאַכט צו־רעכט די האַר, גרייט זיך זעצען צו דער מאַשין).

ביילקע. מאטעל קאסאי! קאפעל פאלבאן! וואס זיצט איהר, ווי די חתנים? פאר וואס צענעמט איהר ניט דאס פעקעל? (ביידע יונגען טהוען זיך אַ וואָרף צום פעקעל. ביילקע צעלאַכט זיך).

מאטעל קאסאי (צו ביילקען). ביילקע! מיר האבען אייך געוואלט עפּיס פרעגען א זאך.

קאפעל פאלבאן (זיפצט). יא, עפּיס א זאך פרעגען.

ביילקע. ביידע איין זאך? צי יעדער בעזונדער א זאך?

מאטעל קאסאי. ס'איז איין זאך, נאר עס געהער זיך אַז מיט יעדען בעזונדער... פון אונז ביידען...

קאפעל פאלבאן. טאקי פון אונז ביידען, הייסט עס...

ביילקע (פערשטעלט זיך די אויערען). טרא־טא־טא־טא־טא! אַז איהר'ט רעדען ביידע מיט אמאל!...

מאטעל קאסאי (צו קאַפּלען). לאַז מיך — איכ'ל רעדען.

קאפעל פאלבאן (צו מאַטלען). רעד דו, רעד!

מאטעל קאסאי. אוי, ביילקע! וואס ווייסט איהר?... מיר קלויבען זיך שוין פון לאנג!...

קאפעל פאלבאן (זיפצט). נאך פון פאראיאהרען!...

מאטעל קאסאי (צו קאַפּלען). שלאָג זשע ניט איבער! ממה נפשך — אדער איך, אדער דו...

קאפעל פאלבאן (צו מאַטלען). נו, רעד, רעד! ווער לאזט דיך ניט?

מאטעל קאסאי (צו ביילקען). האבען מיר געוואלט פריהער א שמועס טהון מיט'ן טאטען...

קאפעל פאלבאן. מיט'ן בעל־הבית, הייסט עס...

מ א ט ע ל  ק א ס א י (קוקט אויף קאפּלען בייז). דערנאָך האבען מיר זיך בעטראַכט — נייז, ס'טויג ניט: אויף צו פריהער דארפען מיר איבעררעדען מיט אייך...

ק א פּ ע ל  פּ א ל ב א ן. ווארום מיר ווייסען דאָך ניט, ווער פון אונזביידען...

מ א ט ע ל  ק א ס א י (צו קאַפּלען). וואָס זשע האפּסט דו ביי מיר פונ'ם מויל?

ב י י ל ק ע. שאַ! ווייסט איהר וואָס? לאָמיר גאָר וואַרפען גורל, ציהען קניפּלעך. (מאַכט אַ קניפּעל אין נאָז־טיכעל). ווער ס'וועט ארויסציהען דאָס קניפּעל, דער וועט רעדען.

מ א ט ע ל  ק א ס א י. אוי! לעבען זאָלט איהר,ביילקע, נשמה טייערע! מיר האָבען טאַקי נאָר־וואָס אָפּגערעדט צווישען אונז ביידע, אַז מיר זאָלען ציהען קניפּלעך...

ק א פּ ע ל  פּ א ל ב א ן. ניט אויף רעדען — אויף איין אַנ־דער זאַך...

ב י י ל ק ע. אויף וואָסער זאַך?

ק א פּ ע ל  פּ א ל ב א ן. אַז מיר... אַז איהר...

מ א ט ע ל  ק א ס א י. אַ ביסעל אַ לשון! (קרימט איהם איבער). אַז מיר... אַז איהר!... אַט וועל איך...

ק א פּ ע ל  פּ א ל ב א ן. נו, זאָג דו, זאָג!

מ א ט ע ל  ק א ס א י. איז געבליבען ביי אונז אָפּגעמאַכט: אַזוי ווי מיר ווייסען ניט ווער, דאָס הייסט, וועמען, איך מיין, ווער וועמען... זאָלען מיר אויף צו פריהער וואַרפען גורל, ווער ס'וועט ארויסציהען דאָס קניפּעל, דער לאָז אייך... מיין איך. דעם זאָלט איהר... טפו — אַז ער לאָזט ניט רעדען!

ב י י ל ק ע. חאַ־חאַ־חאַ! (עס עפענט זיך די דרויסען־טהיר און עס קאַטשעט זיך אַריין ע ט י ־ מ ע נ י מיט אַ גרויסען קאַשעק, אָנגעלאָדען מיט כל המינים גרינס פונ'ם מאַרק. די יונגען טהוען זיך אַ וואָרף צו דער אַרבייט. ביילקע — צו דער מאַשין).

ע ט י ־ מ ע נ י . דער טאַטע נאָך ניטאָ? (נעמט זיך צום קאַשעק, לעדיגט איהם אויס). אַ יקרות געוואָרען אויף קנאָבעל — זאָל גאָט היטען! אַ שטיקעל גליק האַטש, וואָס ציבעלעס איז וואָלוועל. און רעד מיט איהם, זאָגט ער — דוקא קנאָבעל! אָט איז ער, דער ברויטגעבער, מע זאָל דערמאָנען משיח'ן! (עס קומט אַן ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר מיט אַ מאָדנעם גרויסען קאַשקעט אויפ'ן קאָפּ און מיט איין אַלטער געלער ריפּסענער קאַפּאָטע. ווי ער קומט אריין וואַרפט ער אראָפּ די קאַפּאָטע, בלייבט מיט די ווייסע אַרבעל, און אַ ציצה פון טלית־קטן קוקט אַרויס פון אַ לייבעל, וואָס שפּיעלט אַ ראָלע פון אַ זשילעט, מיט גרויסע קעשענים און מיט נאָדלען אין דער רעכטער לאַץ. אין באָרד זעהט זיך אַ ווייסער פאָדים. איבער'ן האַלז הענגט ביי איהם אַ לאַנגע סאַנטימעטער־מאָס, אויף דער נאָז טהוט ער אָן אַ פּאָר ברילען, אויפ'ן קאָפּ — אַ יאַרמעלקע, וואָס מע זעהט זי קוים ארויס פון די געדיכטע האָר, און ער נעמט זיך גלייך צו דער שער, מאָהלט פריהער מיט'ן קרייד־דעל אויף דער שוואַרצער מאַטעריע, וואָס ליגט גרייט אויפ'ן טיש).

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר (שנײַדענדיג, זינגט ער אונטער דער נאָז). עמך — אונזער פאָלק, שער און אייזען — עמך!... (צום ווייב). וואָס האָסט דו געזאָגט — משיח?...

ע ט י ־ מ ע נ י (געבראַכט פון קיך אַ פּאָר טעפּלעך, זעצט זיך אַוועק אָן אַ זייט, שיילט קאַרטאָפלים). איך זאָג, מע זאָל דערמאָנען משיח'ן. מע האָט גערעדט פון קנאָבעל, ביזט דו אַנגעקומען.

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר (צייכענט מיט'ן קריידעל). אַ סמיכות הפרשה! דערימאָך געהען קאַטשקעס באַרוויס און גענז אָהן פּלודערען... (די טאָכטער און די יונגען לאַכען).

ע ט י ־ מ ע נ י (בעלעדיגט). ער דרשנ'ט, און זיי קוועלען אַז. טאָמער ווייסט דו, וואָס איז דער געלענדער?

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר . וואָס זשע? אַז מע רעדט פון קנאָבעל, דערימאָך איז וואָס?

עטי־מעני. זאג איך, אז קנאבעל איז מיט גאלד גלייך, און דו האסט אקוראט ליעב קנאבעל...

שימעלע סאראקער. דעריבער דארף קומען משיח? (קלאפט אין טיש). וואו איז מיין שער? (געפינט די שער). די שער איז דא! (ער נעמט זיך מיט דער שער שניידען איבער די ציינבענס, חאפט אראפ אלע מינוט די פאפיערענע מאס פון האלז, זינגט בעת מעשה א ליעדעל.ביידע יונגען און די טאכטער האלטען אונטער).

עטי־מעני (זיפצט). אט באלד וועט קומען א זאקיציע— דער שענער פריקאזטשיק פונ׳ם שענעם בעל־הבית׳על, א חלירע זאל קומען אויף זיין קאפ און אויפ׳ן בעל־הבית׳ס הענט און פיס, און אויפ׳ן בעל־הבית׳ס זוהנדעל אויף אביסעל!... (ביידע יונגען לאכען).

שימעלע סאראקער. וואס האסט דו צום בעל־הבית? וואס איז ער שולדיג, אז ער האט א דירה און מיר זיצען אין איהר? (צו די יונגען, וועלכע לאכען). טאמער וואלט איהר זיך גענומען בעסער צו די אייזענס? עס קומט באלד צוגעהן דעם בעל־הבית׳ס זוהנדעל געבען א מעסט־אן דעם גארניטער... (די יונגען טהוען זיך א נעם צו די אייזענס). איך האב איהם צוגעזאגט אויף היינט, בעדארף מען האלטען ווארט. שימעלע סאראקער איז ניט פון יענע בעל־מלאכות, וואס קאטארע׳שער און אייזען אונזער פאלק עמך... (עס עפענט זיך די טהיר און עס קומט אריין סאלאמאן פיין, א גלאטער, א ריינער, איין אויסגעפוצטער פון קאפ ביז פיס, ווי א ליאלקע. שימעלע סאראקער בעגעגענט איהם מיט א שמייכעל). מע זאל דערמאנען משיח׳ן... נאר וואס גערעדט פון אייך.

סאלאמאן (העכער האלב גערעדט אויף רוסיש). ניעאוזשעלי? (קוקט אויף ביילקען). פאקראיניי מיעריע, צו גוטען?

עטי־מעני. וואס זשע, צו בייזען וועט מען אייך חלילה דערמאנען? וואס האבען מיר צו אייך?

סאלאמאן (צו דער שניידעריין). אטשען ראד! (צום שניידער). און וואס הערט זיך, דאראגאי סאסיעד, ווענען מיין ליעטני קאסטיום?

שימעלע סאראקער. אייער זומערדיגער קאסטיום? הלוואי וואלט איך שוין אזוי זיין באוואהרענט מיט דירה־געלד צאה־לען אייער פאפאשע, ווי איהר זענט באוואהרענט מיט א זומער־דיגען גארניטער.

עטי־מעני (צום מאן). טאמער וואלסט דו איהם טאקי גע׳דבר׳ט, אז ער זאל דבר׳ען זיין אבי, אז דער אבי זאל דבר׳ן דעם שענעם פריקאזטשיק, ער זאל אזוי גוט זיין נישט דעקוטשען מיט׳ן דירה־געלד?

שימעלע סאראקער (נעמט אראפ פונ׳ם פלעקעל א זומערדיגען, נאך ניט קיין פערענדיגטען אנצוג. צום ווייב). הערסט דאך, אז ער איז מבין כל דבור!... (ער מעסט אן אויף סאלאמאנען דעם ווייסען פידזשאק). אויף מיר אזא יאהר, ווי עס ליגט אויף איהם אויסגעגאסען! איך, אז איך נעם זיך צו א שטיקעל ארבייט, זעה איך, ס׳זאל זיין עמך — שער און אייזען אונזער פאלק! אזא יאהר אויף מיר!

עטי־מעני. אמן!

שימעלע סאראקער (שפיגעלט זיך אין דעם פידזשאק). כ׳וואלט א בעלן געווען אין דעם גרעסטען קליידער־מאגאזין זאל מען איך דערלאנגען אזא מין שטיקעל ארבייט. נאר ווי לאנג קרענ־קען זיי! שער און אייזען אונזער פאלק — עמך!

עטי־מעני. אמן!

שימעלע סאראקער (צום ווייב). ברוך הוא וברוך שמו אמן! בייזט אין שול, להבדיל, וואס דו האסט זיך צע׳אמנ׳ט?

סאלאמאן. קאגדא זשע?

שימעלע סאראקער. ווען איהר׳ט עס האבען פאר־טיג? הלוואי וואלט איך שוין אזוי גיך געווען פארטיג מיט דירה־

נעלד. וואס איך דאַרף צאָהלען אייער טאַטען, און אייער אופּראַוו־ליאַיושטשי דעקוטשעט, לאָזט נישט לעבען!... אפשר וואָלט גע־ווען אַ סברה, איהר זאָלט אַ רעד טהון מיט אייער פּאַפּאַשע, אַז...

סאַלאָמאָן (שלאָגט איהם איבער). עטאָ ניע מאָיאָ דיעלאָ...

שימעלע סאַראַקער (צום ווייב). ער זאָגט, ער מישט זיך נישט אין זיין טאַטענ׳ס געשעפטען.

סאַלאָמאָן (צום שניידער און צו דער שניידערין). לאָזט ניט אָראָפּ קיין אויג פון ביילקען). דאָ סווידאַניאַ.

שימעלע סאַראַקער (בעגלייט איהם אַרויס, נייגט זיך). דאָסווידאַניע, פּראַשטשאַיטיע, לאָזט גריסען אייער פּאַפּאַשע. זאָגט איהם, אַז ער זאָל זיין רוהיג — כ׳וועל איהם מיט גאָט׳ס הילף אין גיכען מסתמא אָפּצאָהלען...

עטי־מעני (שרייט איהם נאָך). און נאָך מיט גרוים דאַנק!...

סאַלאָמאָן (אָראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, שוין ביי דער טהיר). עטאָ מעניאַ ניע קאַסאַיעטסאַ. (אָפּ. — עס הערשט אַ קורצע אונאַנגענעהמע שטילקייט. יעדער טהוט זיך זיין אַרבייט).

עטי־מעני (שיילענדיג די קאַרטאָפלים). דער רוח וואָלט איהם גענומען, ער זאָל זאָגען דאַרטען דעם פּאַפּאַשע אַ גוט וואָרט פאַר אונז!...

מאַטעל קאַסאַי (פּרעסענדיג). דאָס עפּעלע פאַלט ניט ווייט פונ׳ם בוימעלע...

קאָפּעל פּאַלבאַן (שפּייעט אויפ׳ן פינגער און אויפ׳ן פּרעסעל). בורזשוק בלייבט בורזשוק...

שימעלע סאַראַקער (לעגט אַוועק די שער. צו די יונ־גען). בורזשוק? איך וואָלט אַ בעלן געווען זעהן, וואָס וואָלט איהר געזאָגט, האָלעדראַנציס, ווען איהר האָט אַ טאַטען רב אשר פּייז, צי וואָלט איהר בעסער געווען? גלאַט אין דער וועלט אַריין — בורזשוק! עמך! (צום ווייב). און דו פאַרנעמסט זיך אויך מיט „קריטיקעס“, פּעטי־מעטי? (טהוט אַ קוק אַריין צו איהר אין טאָפּ

אַריין). טהוסט, דאַכט מיר, איין אײדעלע ארבייט — שיילסט קאַר־טאָפּלים — טאַ שייל! דו ווייסט דען איין אַנדער מאכל אַ חוץ קאַרטאָפּלים? (זינגט). זונטאָג בולבעס! מאַנטאָג בולבעס! דיענ־סטאָג בולבעס!...

ע ט י ־ מ ע נ י. שטעהט איהם ניט אָן! אפשר געבראַטענע טײבעלעך מיט מאַרצעפּאַנעס? (הערט אויף צו שיילען די קאַרטאָפּ־ליס, נאָר זי בראָקט זיי אויף קליינע שטיקלעך, איבערלעגענדיג פון איין טאָפּ אינ׳ם אַנדערען).

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר. וואָס זשע מיינסט דו? אַז גאָט וויל נאָר, קאָנען מיר נאָך היינט האָבען געבראָטענע טייבעלעך מיט מאַרצעפּאַנעס... היינט איז דאָך דער צווייטער מאַי... היינט קעהר מען שוין וויסען. (קוקט אויפ׳ן וואַנט־זייגער). נישטאָ נאָך קיין צעהן אַזייגער. ווייטער וואָלט איך געשיקט אין באַנק אַריין אַ פרעג טהון, וויפיעל האָט אויסגענומען מיין בילעט...

ע ט י ־ מ ע נ י. חאַ־חאַ! ו ו י פ י ע ל ער האָט אויסגע־נומען? פריהער ווער געוואויר, אויב ער האָט עפּיס אויסגענומען, און דערנאָך ערשט — „וויפיעל“?

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר (שטעלט אָן די ברילען אויפ׳ן ווייב). אַזוי? חכמה מיינע! אַז מיין בילעט האָט אויסגענומען — דאָס פערשפּאָר איך שוין פרעגען...

ע ט י ־ מ ע נ י. פון וואַנען ווייסט דו דאָס? עמיצער האָט דיר געשריבען אַ בריוועל?

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר (קוקט שפּאָטיש דורך די ברילען, ווי אַ מענטש, וואָס ווייסט עפּיס אַ סוד). אַז איהר זאָלט וויסען, וואָס פאַר אַ חלום מיר האָט זיך היינטיגע נאַכט גע׳חלומ׳ט, וואָלט איהר זיך אויפגעהערט צו ווערטלען... נאָר וואָס איז מיט אייך צו רעדען? (צעשפּיליעט דאָס לייבעל, וואָס זעהט אויס ווי אַ זשילעט, בינדט אויף אַ אינוועניגסטע קעשעני, נעמט אַרויס פון דאָרטען אַ פּאַ־טשיילע, וואו עס ליגט איינגעוויקעלט אַ געל פּאַפּיער, צעהאַקט און פער־

סמאַלצעוועט). אַט וועט איהר הערען, וואָס פאַר אַ חלום עס חלומ'ט זיך שימעלען. (אַלע וואַרפען די אַרבייט, גרייט אויסהערען זיין חלום). איך האָב פיינט פוסטע חלומות! שימעלען אַז עס חלומ'ט זיך אַ חלום, איז דאָ וואָס צו הערען! שער און אייזען אונזער פאָלק עמך... (טהוט אויס די ברילען). עס חלומ'ט זיך מיר, הערט זשע, אַז איך שטעה מיר אַזוי ביי מיין טיש, ווי איהר זעהט מיך אַטאָ, מיט מיין שער און אייזען, און שנייד מיר צו אַ שטיקעל אַרבייט. אַ געווענטענעם „פרינץ אַלבערט" פון פיער אַכציג איין אַרשין. דער־ווייל, אַזוי ווי איך שטעה פאַרטראַכט מיט דער שער אין האַנד, הויב איך אויף די אויגען און טהו אַ קוק, גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין, — דערזעה איך אַ בוים אין מיטען שטוב...

ב י י ל ק ע. אין מיטען שטוב אַ בוים?

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר. און אויפ'ן בוים וואַכסען רענדלעך...

ב י י ל ק ע. אויפ'ן בוים רענדלעך?

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר. גאָלדענע רענדלעך. רוף איך מיך אָנעט צו דער מאַמע: עטי־מעני, זאָג איך, זעהסט רענדלעך? זאָגט זי: איך זעה. זאָג איך: וואָס זשע שווייגסט דו? זאָגט זי: וואָס זשע זאָל איך טהון? זאָג איך: קריך, זיי מוחל, אַרויף אויפ'ן בוים און טרייסעל, און איך וועל, זאָג איך, קלייבען... זאָגט זי: קריך דו, וואָס עפּיס איך? זאָג איך: וואָס האָסט דו מורא? ס'וועט דיר חלילה אָפּפאַלען? זאָגט זי: לאָז פון מיינע שונאים פאַלען גאַנצע שטיקער...

ע ט י ־ מ ע נ י. ס'אַ ליגען. איך האָב עס ניט געזאָגט!

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר (צום ווייב). בהמה וואָס דו ביזט — ס'איז דאָך אַ חלום! (צו דער טאָכטער). אַט דאָ האָסט דו די קוויטאַנציע... אַז דו וועסט ענדיגען דאָס שטיקעל אַרבייט אויף דער מאַשין, וועסט דו זיך מטריח זיין אין דער באַנק — דו ווייסט דאָך וואו?...

ב י י ל ק ע (אַרבייטענדיג). אין דער טשאַסנע קאָמערטשעסקי?

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר. טשאַסנע קאָמערטשעסקי... און וועסט זיי אַ ווייז געבען די קוויטאַנציע, ניט אַוועקגעבען, נאָר אַ ווייז געבען... און אַ פרעג טהון, וויפיעל האָב איך אויסגענומען?

ע ט י ־ מ ע נ י (טהוענדיג איהר אַרבייט). ווידער אַמאָל „וויפיעל"? — אַ קאָמעדיע מיט איהם!

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר (אויפגעבראַכט). גוטע יאָהרען, ווער ס'אַ מבין אויף קאָמעדיעס! אַז מיר חלומ'ט זיך אַ חלום, דערצעהלט זי מיר מעשיות — „אַ קאָמעדיע!"... זי מיינט, איך בין גלאַט אויפגעשטאַנען אין דער פריה פלוצים פון דער העלער הויט און האָב זיך איינגערעדט אַ לונג און לעבער... איך בין טאַקי אַ שניידער, נאָר שכל אויף אויסצונעמען דעם גרויסען געווינס האָב איך גלייך מיט'ן גרעסטען נגיד! דאָס אַליין איז שוין אַ בריה'־שאַפט — האַלטען אַ בילעט עטליכע און צוואַנציג יאָהר, פגר'ען פאַר אַ גראָשען און דעם בילעט אַ מכה פאַרקויפען — דאָס קאָן נאָר שימעלע סאַראַקער, אונזער פאָלק שער און אייזען עמך... (פרעסט. זינגט בעת מעשה אונטער דער נאָך עפּיס אַ ניגון. חברה האַלטען אונטער. נאָך אַ פויזע צו דער טאָכטער). האָסט שוין געענדיגט? אצינד קאָנסט דו געהן. (גיט איהר איבער די קוויטאַנציע פאַרזיכטיג). זעה נאָר, זאָלסט חלילה ניט פאַרלירען די קוויטאַנציע — ס'איז געלד! און אַ סך געלד!... (ביילקע אָפּ).

ע ט י ־ מ ע נ י. שמעון! וויפיעל בעטרעפט דאָס?

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר. וואָס?

ע ט י ־ מ ע נ י. אָט דאָס גרויסע געווינס, וואָס דו זאָגסט?

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר (שטעלט אָן אויף איהר די ברילען). און אַז איך וועל דיר זאָגען, וועסט דו וויסען? צוויי מאָל הונדער טויזענד.

ע ט י ־ מ ע נ י (דערשראָקען). צוויי מאָל טויזענד הונדערט?

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר . ניט צוויי מאָל טויזענד הונ־
דערט, נאָר צוויי מאָל הונדערט טויזענד! אוי, אַט די ווייבער!
נאָר אַ באַשרייבונג פון זיי צו מאַכן, אַ קאָמעדיע מיט איהר!

ע ט י ־ מ ע נ י . אַזוי? איז שוין גאָר מיט מיר אַ קאָמעדיע?

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר . וואָס דען? מיט מיר? (עס עפענט זיך די טהיר און עס קומט אַריין  ק אָ ל ט ו ן  דער פּריקאַזטשיק, אַ שוואַרצער יונגערמאַנטשיק, אביסעל א סאַטולעוואַטער, אָנגעטהאָן אין בייעס פון קאָפּ ביז די פיס, נאָר אַלסדינג הענגט אויף איהם, ווי אַ זאַק. אַז ער רעדט, שמייכעלט ער און האַפּט זיך אַלע מאָל ביי די לאַנגע ארבעל, קאַטשעט זיי אַרויף. רעדט אַביסעל מיט דער סין און גיך, שלינגט די ווערטער, ניט געקויט. אויפ'ן קאָפּ איז ביי איהם אַ פּליך, נאָר צו־געדעקט מיט די עטליכע איבערגעבליבענע לאַנגע שוואַרצע גלאַנצענדיגע האָר. כסדר שוויצט ער. שימעלע סאַראַקער צום אַריינגעקומענעם). אַ? מע זאָל דערמאַנען משיח'ן! נאָר־וואָס גערעדט פון אייך.

ק א ל ט ו ן . האַטשבי צום גוטען, חע־חע? (קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטען).

ע ט י ־ מ ע נ י . וואָס זשע? צו בייזען וועט מען פון אייך רעדען?

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר  (ווייזט איהם אויף אַ שטוהל). זיצט, פּאַני קאַלטון.

ק א ל ט ו ן . אַ דאַנק. איך בין נישט געקומען זיצען, חע־חע. איך בין געקומען פּאַ דיעלו. (קוקט זיך ארום, זוכט עמיצען). איהר ווייסט שוין, מן הסתם, וואָס איך בין געקומען?

ע ט י ־ מ ע נ י  (קוקט איהם נאָך, ווי ער זוכט). הלואי וואָלטען מיר אַזוי ניט געוואוסט! וועמען זוכט איהר, וואָלט איך געוואָלט וויסען — דעם נעכטיגען טאָג?

ק א ל ט ו ן  (מאַכט זיך ניט הערענדיג). היינט איז שוין דער צווייטער מאַי, חע־חע.

שימעלע סאָראָקער (דורכגעצויגען אַ פֿאָדעם און אַ לעק דעם פֿינגער). איך האָב אַ גוטען סימן, אַז היינט איז דער צוויי־טער מאַי, וואָרום נעכטען איז געווען די ציהונג. (קוקט אויפ'ן זייגער).

קאַלטון. וואָסער ציהונג? (פֿערדרייבערט אַ גראָבע ציגאַר).

שימעלע סאָראָקער (פֿערהוסט זיך פֿון קאַלטונס ציגאַר). ווי טייער צאָהלט איהר, פּאַני קאַלטון, פֿאַר אייערע האַלע־וועשקעס?

קאַלטון. ערשטענס, רופֿט מיך ניט „פּאַני קאַלטון", הע־חע, רופֿט מיך ביי'ם אמת'ן נאָמען: יעפּים פּאַנטעלעמאָנאָוויטש — אַזוי רופֿען מיך אַלע.

שימעלע סאָראָקער. האָט קיין פֿאַראיבעל ניט, יעפּים פּאַנטאַלאָנאָוויטש...

קאַלטון. ניט פּאַנטאַלאָנאָוויטש, נאָר פּאַנטעלעמאָנאָ־וויטש.

שימעלע סאָראָקער. לאָז זיין פּאַנטעלעמאָוויטש... אין חלומות גלויבט איהר? צי ניין?

קאַלטון. פֿאַר וואָס ניט? אָט האָט זיך מיר אַנומעלטען גע'חלום'ט, אַז מע ציהט מיר אַ באַקצאָהן, איז טאַקי געשטאָרבען ביי מיר אַ שוועסטער נאָך פֿריהער איידער עס האָט זיך מיר גע'־חלום'ט. אַקעגען וואָס איז דאָס געקומען צו רעד? (קוקט זיך ארום). וואו איז דאָס אייער טאָכטער, וואָס מען זעהט זי ניט? (די יונגען קוקען זיך איבער).

שימעלע סאָראָקער. מיין ביילקע? זי וועט באַלד קומען. (זיפֿצט). אַי, אַז גאָט זאָל נאָר וועלען, בין איך היינט אַ גביר און שיט אַן אָט אַזאַ היטעל מיט געלד! (ווייזט איהם מיטביידע הענד). עמך!...

קאַלטון. זעהט איהר, דאָס וואָלט געווען אַ שכל און ס'וואָלט טאַקי געווען, חע־חע, זעהר־זעהר גוט!

שימעלע סאראקער (קוקט איהם אן). וואס וואלט געוועז די גוטסקיים?

קאלטון. וואלט איהר פארשפארט, חע־חע, מיר אפלעגעז פון איין וואך אויף דער אנדערער און פון איין חודש אויפ׳ן אנ־דערען. נאר פון וואנעט, למשל, וועט זיך עם ביי אייך נעמען פלוצים אזא גבירה׳שאפט? א רייכער פעטער איז ביי אייך געשטאר־בען אין אמעריקע? צי וואס?

שימעלע סאראקער (לעגט אפ די ארבייט). ניין! מיין פעטער אין אמעריקע לעבט נאך ביז הונדערט צוואנציג יאהר! (קוקט אויפ׳ן וואנד־זייגער). אט נאך א האלבע שעה וועלען מיר ווי־סען... איך האב, פארשטעהט איהר מיך, א וויגריזשנע בילעט האב איך.

קאלטון (איבערראשט). איהר האט וויגריזשנע בילעטען, האט איהר, און אז סע קומט צו דירה־געלד...

עטי־מעני. בילעטען? משטיינס געזאגט — איינעם א בילעט! אי דאס — ליגט ער פארזעצט און פאר׳משכונ׳ט פון מתושלח׳ס יאהרען... מיינע שונאים מעגען דאס פארמאגען, וואס ער האט אין דעם בילעט!...

שימעלע סאראקער. פון דעסטוועגען קאן אזא בי־לעט אויסנעמען דאס גרויסע געווינס... קיינער ווייסט ניט ווע־מעם מארגען ס׳איז...

קאלטון (שטעהט אויף). אויב איהר מיינט דערמיט סלוק׳ען מיר דירה־געלד, האט איהר א טעות, מיין ליעבער שניידער. קיין וויגריזשנע בילעטען געווינען ניט. בלאטע! דאס האבען די קאנ־טארען און די בענק אויסגעטראכט. גיכער וועט אויף אייך איינ־פאלען אט די סטעלי, זעהט איהר?...

עטי מעני. א קאץ וואשט זיך, א גוטער פריינד בענטשט. פאלען זאל אויף מיינע שונאים א דונער אין קאפ! — האסט דו געהערט אביסעל?!...

ק אַ ל ט ו ן. אידינע! עס רעדט זיך אַזוי בדרך משל... מיינע בעלי־בתים האָבען אַביסעל מעהר ביליעטען, און עס האָט נאָך פון זיי קיין איינער נישט געוואונען. פון די זאַכען פארגעסט. איהר זוכט בעסער איין עצה, וואו קריגט מען דירה־געלד, ווארום איך· דאַרף אייך זאָגען, חאָטש ס'איז מיר זעהר ניט איינגענעהם, אַז (קוקט אויפ'ן זייגער) אין אַ האַלבע שעה אַרום קום איך צו אייך מיט'ן סודעבנע פּריסטאַוו און וואַרף אייך אַרויס פון דער דירה... (די ווערטער זענען ווי אַ דונער. אַלע טהוען זיך אַ וואָרף, בלייבען ווי געלעהמט. קיינער קאָן קיין וואָרט נישט אויסרעדען, אויסער איין עטי־מעני).

ע ט י ־ מ ע נ י (שטעהט אויף, געהט צו צו קאָלטונען). אַרויס־וואַרפען? מיט'ן פּריסטאַוו? וואָס הייסט עס אַרויסוואַרפען? און נאָך מיט פּריסטאַווס? הפקר פּעטרישקע? שמעון! וואָס שווייגסט דו איהם? איך קאָן אַליין אויך טרעפען צו די פּיינערס! איכ'ל זיי פרעגען, צי ס'איז טאַקי אַ יושר אַרויסוואַרפען שכנים, וואָס זייצען שוין עטליכע יאָהר? איכ'ל זיי...

ק אַ ל ט ו ן (די הענד אין די קעשענים). האָט קיין פּאַראיבעל ניט, מיין ליעבע אידינע! מיט די פּיינערס, ווי איהר זאָגט, קעהר זיך עס ניט אָן גאָר ניט! ס'איז אינגאַנצען איבערגעגעבען געוואָרען צו מיר; דאָס האָב א י ך איינגעגעבען אויף אייך דעם איסק, און דאָס ברענג א י ך צו אייך דעם סודעבנע פּריסטאַוו, און דאָס וואַרף א י ך אייך אַרויס פון דער דירה, אויב איהר צאָהלט מיר נישט אָפּ חאָטש פאַר דריי חדשים...

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אָ ק ע ר. אַזוי? דאָס זענט א י ה ר גאָר? ווי באַלד אַזוי, טאָ געהט זשע מיר אין דער ערד אַריין! עמך — אונזער פאָלק שער און אייזען עמך! (נעמט איהם אָן הינטען פאַר'ן קאָלנער און טהוט איהם אַ וואָרף ארויס פון דער טהיר. עס דערהערט זיך דאָרט אַ שטאַרקער קלאַפּ און אַ גערעדעריי פון עטליכע קולות. אין אַ האַלבע מינוט אַרום קומען אַריין ש מ ו א ל ־ נ אָ ס י דער

קצב, אַ איד אַ גבר, נאָך מיט'ן פאַרטוך פון דער יאַטקע, נאָך איהם משה-וועלוויל דער באַקאַליישטשיק, אויסגעשמירט אין הערינג, און פעריל די מיטניטשקע, אַ אידינע, אויסגעשמירט פון קאָפּ ביז די פיס אין מעהל).

שמואל-יאָסי קצב. ווער האָט דאָס געגעבען אַזאַ וואָרף אַרויס דעם שמינדער בגעץ? ער האָט אונז אַלעמען שיער גע'מזיק'ט! אַ גליק, וואָס איך האָב איהם געגעבען אַ שטויס-אָפּ צוריק, אַזוי אַז ער האָט ביי מיר געקליבען די ציינער...

שימעלע סאַראַקער. דאָס האָב איך איהם געוויזען וואו יענע זייט טהיר געפינט זיך... זיצט, רב שמואל-יאָסי! זיצט, רב משה-וועלוויל! וואָס הערט מען עפּיס נייעס אויף דער וועלט?

שמואל-יאָסי קצב. אַ שענעם דאַנק אייך, וואָס איהר בעט אונז זיצען. מיר האָבען אָבער קיין צייט ניט צו זיצען — מיר זענען געקומען נאָך געלט... איהר דאַרפט וויסען, מיין ליעבער חייט, אַז איך האָב אייך שטענדיג געגעבען פלייש, ניט קיין ביינער...

משה-וועלוויל. און איך האָב אייך געגעבען באַקאַליי...

עטי-מעני (צו פערלען). זיצט, פערעל, פאַר וואָס זיצט איהר ניט?

פעריל. אַ דאַנק, שוין גענוג געזעסען. (זעצט זיך אוועק און מאַהלט ווי אַ מיהל). איהר מיינט, איך וואָלט געקומען? מיינע שונאים און אייערע שונאים און אונזערע אַלעמענס שונאים זאָלען אַזוי צייט האָבען אַ שטיקעל ברויט אויפצועסען, ווי איך האָב צייט אוועקצולאָזען מיין קלייטעל מיט מיין מעהל און געהן מאָנען אַלטע חובות מיט נעכטיגע טעג, אַז סוף הכל איז נישטאָ ביי מיר קיינער, אויף וועמען צו איבערלאָזען דאָס קלייטעל אפילו, טאָמער טראָגט אַן דער רוח אַ שוואַרץ יאָהר טאָמער. וואָרום דער זוהן איז ביי די ביכלעך, טאָג ווי נאַכט ביכלעך און ביכלעך, און די טאָכטער איז אין שטוב — אַ שטוב? וואָס שטוב? ווער שטוב? משטיינס געזאָגט, אַ חורבה ניט קיין שטוב! דערווייל זעה איך משה-וועלוועל געהט,

משה־וועלוועל דער באקאליישטשיק. גוט מארגען — גוט יאהר. וואוהין איז? זאגט ער: צום שניידער, צו שימעלע סאראקער נאך געלט. פרעג איך איהם: ער האט שוין געלט האט ער שוין? זאגט ער: יא...

עטי־מעני (צום באקאליישטשיק). וואס הייסט דאס?

משה־וועלוועל (וויל אנהויבען דערצעהלען). דא איז אזא מעשה: דער שדכן סאלאוויטשיק...

פעריל (לאזט איהם ניט רעדען, מאהלט). ווי באלד אזוי, דארף מען געהן, טראכט איך מיר, ווארום מיר קומט ניט פאר רויכווארג און ניט פאר בריליאנטען. מיר קומט פאר מעהל קומט מיר, און מעהל איז דאס נויטיגסטע פונ'ם נויטיגסטען. אט ליגט א ברויט. (דערזעהט אויף דער פאליצע א האלבען ברויט; זי שטעהט אויף און נעמט דאס ברויט, האלט אין איין מאהלען). דאס ברויט איז פון מיין מעהל געבאקען, מיין גוטס, מיין בלוט, מיין חיות, וואס פערמאג איך דען א חוץ דאס ביסעל מעהל? אז יעדער איינציגער וועט קומען און וועט נעמען ביי מיר מעהל אויף בארג, וואס וועט מיר בלייבען וואס? וואו וועל איך נעמען אויף אפצוצאהלען אין מיהל אריין וואו? ווער וועט מיר אויסהאלטען מיינע קינדער ווער?....

עטי־מעני. שאט! לאזט נאך עמיצען אויסרעדען אווארט. (צו משה־וועלוועלען). וואס האט איהר עפיס געזאגט דער שדכן סאלאווייטשיק?

משה־וועלוועל. דער שדכן סאלאווייטשיק האט מיר געזאגט, אז ער האט פאר אייך געלט...

שימעלע סאראקער (צום ווייב). וואס איז דאס פאר א שווארץ יאהר? עמך!

עטי־מעני. מיינע צרות אויף זיין קאפ!

פעריל. בין איך שוין ניט משוגע בין איך? (עס עפענט זיך די טהיר און עס קומט אריין סאלאווייטשיק דער שדכן,

א איד אין אַ קאַפּעלישעל, אפילו איין אָפּגעבאַרעטעס, אַ קורץ וויטיקעל, האָטש ניט אַזוי ניי, הויזען ברייטע נאָר קורצע, שטיוועל אויסגעדרעהטע).

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר. ברוך הבא, א איד א שדכן! מען זאָל דערמאַנען משיח'ן! נאַר־וואָס, אָבער טאַקי די רגע, האָט מען דאָ גערעדט פון אייך.

ס א ל א ו ו י י ט ש י ק. ניעאָ־זשעלי?

ע ט י ־ מ ע נ י. זאָגט נאָר, פּאַני סאָלאָווייטשיק, וואָס מיר נעאוזשעלי־שמעלי? וואָס האָט איהר דאָס ארויסגעלאָזט פאַר א קלאַנג אין שטאָדט, אַז איהר האָט פאַר אונז געלט?

ס א ל א ו ו י י ט ש י ק. אָט אַזוי פיעל געלט! (ווייזט מיט ביידע הענד). איהר קאָנט זיך גאָר ניט פאָרשטעלען — ס'איז טשטאָ ניבוד אָסאָבענע! (מאַכט מיט די פינגער).

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר. אודאי אַ שידוך פאַר אונזער טאָכטער? איך קען שוין סאָלאָווייטשיק דעם שדכן אויסגעבונ־דען!... (די שניידער־יונגען קוקען זיך איבער, נעמען זיך צו די פּרעס־אייזענס, זיפצען שטאַרק).

ס א ל א ו ו י י ט ש י ק. טשטאָ זאַ וואָפּראָס? נאָר אַלץ הייסט ביי אייך אַ שידוך! דאָס איז טשטאָ ניבוד זאַמעטשאַטעל־נאַ — לאָם איך אַזוי לעבען מיט אייך און מיט אייער ווייב, ווי איך זאָג אייך ניט קיין דבר שקר! איך וועל אייך דערצעהלען ווער דאָס איז, און איהר, אויב ס'איז אייך ניט שטאַרק היים, וועט איהר זיך בעטראַכטען און וועט זיך אַנחאַפּען מיט ביידע הענד! איין חסרון — צופיעל עולם... (צו די פרעמדע). איזווינ‌יטיע, גאָספּאָדאָ! (דער קצב און דער באַקאַליישטשיק רוקען זיך אָפּ אויף אַ זייט. נאָר פּעריל בלייבט זיצען. סאָלאָווייטשיק געהט צו צו איהר). איזווינ‌יטיע, מאַדאַם! (זי ריהרט זיך ניט).

פ ע ר י ל. וואָס מיר איזווינ‌יטיע? ווער מיר מאַדאַם? איהר האָט געבראַכט, זאָגט איהר, געלט דעם שניידער, וואו איז אייער געלט? מיר קומט פאַר מעהל קומט מיר, נישט פאַר בריליאַנטען!

אַט דאָס ברויט, וואָס איהר זעהט, איז פון מיין מעהל געבאַקען, מיין גוטס, מיין בלוט, מיין חיות!...

סאָלאָוויטשיק (שטופּט אָוועק פון זיך די מיטניטשקע, וואָס הערט ניט אויף צו מאַחלען). אַ מין אַנשיקעניש אַט די מיטניטשקע — וואַזמוטימעלנאַ! (צום בעל הבית). דער חתן, וואָס איך פּרעדלאַגאַיע אייער טאָכטער, איז אַ מענטש אַ סאַמאָסטאַיאַטעלנע... ער האָט אַ טייערע דאָלזשנאָסט... ער איז אַ פּאָלנע אופּראַווליאַיושטשע איבער אַ הויז. אַדנים סלאַוואָם, איהר קענט איהם גאַנץ גוט — דאָס איז דער אופּראַווליאַיושטשע פון דעם דאָזיגען הויז, קאַלמאַן. (ביי די שניידער־יונגען פאַלען אַרויס די פּרעס־אייזענס פון די הענד. עס ווערד אַ סומאַטאָכע).

שימעלע סאַראַקער (שפּרינגט אַזש אונטער). אַט דער יעפים פּאַנטאַלאָנאַוויטש? אַט דער פּאַסקודניאַק, וואָס כ'האָב איהם נאָר וואָס אַרויסגעשמיסען פון יענער זייט טהיר, שער און אייזען אונזער פּאָלק עמך???... (עס קומט אַן ביילקע).

ביילקע (פּעררויטעלט, קוים וואָס זי רעדט). טאַטע! אַ גוטע בשורה!...

שימעלע סאַראַקער (טהוט זיך אַ וואָרף צו דער טאָכטער). האַ? וואָס? וויפיעל?...

ביילקע. דאָס גרויסע געווינס! דאָס גרעסטע געווינס!

שימעלע סאַראַקער (נאָך צעטומעלט). עטי־מעני! דו הערסט?

עטי־מעני (אַ פּלעסק מיט די הענד). גאָט!...

פּעריל. וואָס איז שוין ווייטער וואָס? אַ נייער אומגליק? וועה איז מיר!

שימעלע סאַראַקער (אויסער זיך). אידען! גיט מיר אַ מזל טוב — מיין בילעט האָט אויסגענומען! געוואונען!! דאָס גרויסע געווינס!!! דעם גרעסטען פון אַלע געווינסען!!! (לאָזט זיך לויפען איבער דער שטוב).

פ ע ר י ל. לאזט! לאזט! וואו?

ס א ל א ו ו י י ט ש י ק (שטופּט אַפּ פּערלען). איזווויניטיע, מאַדאַם! (וויל עפּיס זאָגען. אַלע איבעריגע קוקען זיך איבער אָהן ווערטער, שטוינענ. מאַטעל קאַסאַי און קאַפּעל פּאַלבאַן האָבען זיך פערשלאָגען אין אַ ווינקעלע, שטעהען בעטריבט, אָהן לשון).

ב י י ל ק ע (נאָך אַלץ אין היטעלע, פּריילינך אויפגערעגט). די גאַנצע שטאָדט ווייסט שוין דערפון... דער דירעקטאָר, דער בוכהאַלטער, די פּיינט... זיי קומען אַלע באַלד אהער...

ע ט י ־ מ ע נ י (אַ פּלעסק מיט די הענד). אַלע אהער? וועה איז מיר!... (פון גרויס צעטומעלטקייט זעצט זי זיך צו אויף אַ בענקעל, ווישט זיך מיט'ן פאַרטוך דעם שוויים. עס עפענט זיך די טהיר און עס קומען אַריין ה י מ ע ל פ א ר ב דער בוכהאַלטער, נאָך איהם — ג אָ ל ־ ד ע נ ט אָ ל ע ר דער דירעקטאָר).

ה י מ ע ל פ א ר ב. וואו איז דאָ דער שניידער?

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר (טרעט אַרויס מיט גדלות). דער שניידער — דאָס בין איך.

ה י מ ע ל פ א ר ב (בעטראַכט דעם שטוינענדען עולם. צום שניידער). איהר ווייסט שוין? אייער ביליעט, וואָס אין אונזער באַנק, האָט אויסגענומען דאָס גרויסע געווינס. אונזער באַנק, די טשאַסטנע קאָמערטשעסקי, איז די גליקליכסטע באַנק אין דער וועלט. שוין דאָס פיערטע מאָל, אַז אין אונזער באַנק געווינט מען. יעדער, ווער עס קויפט ביי אונז אַ ביליעט, האָט אַ שאַנס צו געווינען. אָט שטעהט דער דירעקטאָר, דער הערר גאָלדענטאָלער אליין, טאָמער גלויבט איהר ניט.

ג אָ ל ד ע נ ט א ל ע ר (קוקט אויף אַלעמען. צום שניידער). איהר זענט דאָס דער... דער... סאַראַקער? איהר ווייסט שוין? (דריקט איהם די האַנד). מזל טוב אייך, מזל טוב!

פ ע ר י ל (פריהער צום באַנקיר, דערנאָך צו די איבעריגע געסט). אידישע קינדער, איך בעט אייך, וואָס איז דאָ געשעהן? וואָס

פאר א מזל טוב? ווער איז דא געלעגען געוואָרען? צי חתונה געהאט? צי א קנס־מאָל? צי וואָס?

ס אַ ל אָ ו ו י ט ש י ק (שטופּט אָפּ פּערלען). איזוויניטיע, מאַדאַם! (דריקט דעם שניידער די האַנד). פּאָזדראַווליאַיו! (חאַפּט זיך אַרום מיט איהם קושען).

ק אַ ל ט ו ן (לויפט אַריין ניט טוידט, ניט לעבעדיג). האַ? וואָס? טאַקי איין אמת? וואָס האָב איך געזאָגט? האָט איהר זיך בע־דאַרפט אָפּעסען דאָס האַרץ?!! איהר קאָנט דאַ זיצען און זיצען... אַט איז דער בעל הבית אַליין אויך דאַ... (עס קומט אָן ר ב א ש ר פ י י ן. קאַלטון טרעט אָפּ אויף אַ זייט, פּערלירט דעם לשון).

ר ב א ש ר פ י י ן (גיט די האַנד דעם דירעקטאָר, ווייטער קיינעם ניט. רעדט מיט איהם צוויי ווערטער, ווענדט זיך צום שניידער פון דער ווייטען). מזל טוב אייך, הערר סאַראַקער! איך בין זעהר צופריעדען, זעהר צופריעדען, וואָס ביי מיר אין מיין שטוב האָט אייך בעגליקט... (עס קומט אָן סאָלאָמאָן. צום זוהן). דו הערסט, ס'איז דאָך טאַקי איין אמת!...

ס אַ ל אָ מ אָ ן. סקאָלקאָ? דוויעסטי טיסיאטש?... (די אויגען בלישטשען. צום שניידער פון דער ווייטען, זוכט מיט די אויגען דעם שניידער'ס טאָכטער). פּאָזדראַווליאַיו! פּאָזדראַווליאַיו! (צו ביילקען, שאַרט עלעגאַנט מיט'ן פיסעל). אָסאָבענע בין איך גליקליך פאַר אייך. אַטשען ראַד, אַטשען סטשאַסטליוו, מאַדמואַזעל סאַראַ־קין...

ב י י ל ק ע (נאָך אַלץ פערדרויטעלט, מיט אַ שמייכעל). ערשטענס, ניט סאַראָקין, נאָר סאַראַקער, און צווייטענס, וואָס איז דאַ אַזוי אויף א י י ך פאַר אַ גדולה?

ס אַ ל אָ מ אָ ן. ווייל, פּאָנימאַיעטיע לי... (וויל עפּיס זאָגען, קוקט זיך אום און דערזעהט אויף זיך אָנגעשטעלט צוויי פּאָר אויגען פון די שניידער־יונגען. די יונגען טרעטען־אָפּ אָן אַ זייט, רעדען שטיל צווישען זיך).

מ אַ ט ע ל  ק אַ ס אַ י. נו, קאַפּעל, וואָס זאָגסט דו אַצינד?

קאַפּעל פּאַלבאַן. וואָס זאָל איך זאָגן? באַשערט אַ מענטשען מיט אַ מאָל ווערן אַ... אַ... בורזשוק! אַ מיליאָנטשיק!

מ אַ ט ע ל  ק אַ ס אַ י. איך פאַרגין דאָס זיי מיט'ן גאַנצען האַרצען. וואָס וועט אָבער איצט זיין מיט אונז?

קאַפּעל פּאַלבאַן. וואָס ווילסט דו, ס'זאָל זיין?

מאַטעל קאַסאַי (קוקט איהם אַן אַ ווייל). ביזט דו דאָך טאַקי אַ בהמה בצורת פערד!...

ר ב  א ש ר  פ י י ן (צום שניידער). אפשר דאַרפט איהר געלט? (נעמט זיך צו דער קעשעני).

ה י מ ע ל פ אַ ר ב (שפּרינגט צו). געלט? ניין! פּאַזוואָלטי! געלט — ביי אונז אין באַנק. (צום שניידער). איהר האָט אַ קאָנטאָ ביי אונז, קאָנטאָקורענט... (קוקט אויפ'ן דירעקטאָר).

(די פאָלגענדע רעדען אַלע אינאיינעם).

ש מ ו א ל - י אָ ס י  ק צ ב (צו דער שניידערין). איז וויפיעל זאָל איך אייך שיקען פליישׁ?

מ ש ה - וועלוויל באַקאַלײשטשיק. דאָס איז יאָ — „אַז גאָט גיט מיט'ן לעפעל, געבען לייטען מיט'ן שעפעל"...

פּ ע י ל (דערהערט, מע רעדט פון געלד, שלאָגט זי זיך צו צו רב אָשר פיין, דערנאָך צום דירעקטאָר). אַזוי? מע צאָהלט געלט? אויף געלט בין איך פאַרהאַנד — איך בין איין אלמנה. מיר קומט פאַר מעהל, און מעהל איז דאָס נויטיגסטע פון'ם נויטיגסטען! (צעהלט אויף די פינגער). איין מאָל אַ רובעל מיט צוואַנציג פאַר ראַזעווע מעהל, און פינף און זעכציג קאָפּיקעס פאַר קאָרענע מעהל, און נאָך אַ מאָל פינף און זעכציג, און ווידער פינף און זעכציג...

ס אַ ל אָ ו ו י י ט ש י ק (שלעפּט זי אָפּ). איזוויניטיע, מאַדאַם! (דערזעהט סאָלאָמאָנען נעבען ביילקען. צום שניידער). פּאָסלושאַיטע — האָב איך פאַר אייך אַ אידעיע, גאָר אַ שפּאָגעל-נייע אידעיע, אָבער

משטא ניבוד אסאבענע, איך זאָל אזוי לעבען מיט אייך און מיט אייער ווייב!...

שימעלע סאראקעה (ווי צעדולט, לויפט אַרום פון איינעם צום אַנדערען. שרייט איבער אַלעמען). ווארט נאָר אויסעט א ווײַלע! איך וועל אייך, איך וועל אייך אַלעמען בעווייזען, ווער איז שימעלע סאראקער און וואס שימעלע סאראקער קאן, און וואס בעדייט שער און אייזען אונזער פאַלק עמך! (צום ווייב). נו, עטי־מעני, וואס זאגסט דו, אז מיר חלומ׳ט זיך א חלום?

עטי־מעני. וואס דען? ביזט עפּים א יונגעלע?

שימעלע סאראקער (טהוט אוים די ברילען. צו דער טאָכטער). קינדערלעך מיינע!... (צענעמט די הענד, קושט זיך מיט איהר, צעווײַנט זיך. — לאַנגזאַם פאַלט דער פאָרהאנג).

ענדע פון ערשטען אקט.

---

## צווייטער אקט.

א גרויס חדר, א מין קאבינעט. האפט דעם אנבליק פון א מעבעל מאגאזין. וואס פאר סארט מעבעל ס'איז דא אויף דער וועלט — געפינט זיך דא. אלסדינג איז נײ, אלסדינג גלאנצט. דער בעל-הבית, שימעלע סאראקער, געהט אנגעטהאן נײ און עלעגאנט: א זיידענער חאלאט, נאר-וואס פון דער נאדעל ארויס, א פיעלפארביגע סאמעטענע זשילעט מיט גאלדענע קנעפלעך. אלץ איז נײ, פריש געפרעסט. דאס חעמה שעמערירט. דאס בערדעל איז שטארק ארומגעשוירען. גאלדענע ברילען. אהן א היטעל. קוים צו דערקענען דעם פריהעריגען שניידער. זיין ווייב, עטי-מעני — איינגעטונקען אין זייד און אין סאמעט, ארומגענייהט מיט די בעסטע שפיצען-ארבייט. אויפ'ן האלז פערעל, אין די אויהערען גרויסע דימענטענע אויהרינגלעך, אויף אלע אכט פינגער בלישטשען פינגערלעך. — ער האלט א ביכעל, שאקעלט זיך און לייענט, וויזט אוים, מיט גרויס אינטערעס. זי זיצט גלאט אזוי און שפיעגעלט זיך אין איהר ציערונג.

עטי-מעני (צום מאן מיט א ניגון). שמעון! שמעון? (ער הערט ניט. נאך א מאל מיט'ן איינענעם ניגון, נאר א ביסעל העכער). שמעון! שמעון?

שימעלע סאראקער (אפגעריסען זיך פונ'ם בוך, מאכט איהר נאך מיט'ן אייגענעם ניגון, וואס זי). „שמעון! שמעון?“ סעמיאן מאקארעוויטש, ניט שמעון!

עטי-מעני. סעמיאן מאקארעוויטש, וויפיעל איז אויף דיין גילדענעם זייגער?

שימעלע סאראקער (נעמט ארויס א גאלדענעם זייגער). דריי פערטעל אויף עלף. וואס איז דען?

עטי-מעני. גאר-ניט, גלאט אזוי. פאר דריי וואכען איז דער צייט האבען מיר נאך ניט געוואוסט, אז אונזער ביליעט וועט

אויסנעמען דאָס גרויסע געווינס... (קנאַקט אויס די פינגער יעדען בעזונדער, שפּיעגעלט זיך אין די ברוליאַנטען. — פּויזע). שמעון! שמעון?

שימעלע סאַראַקקער (הרעהט אויס דעם קאָפּ צו איהר). ווידער אַ מאָל שמעון? קאַצענער מח! וויפיעל מאָל אַ טאָג בעדאַרף מען דיר קלאַפּען אין קאָפּ אַריין „סעמיאָן מאַקאַרעוויטש“! „סעמיאָן מאַקאַרעוויטש“! „סעמיאָן מאַקאַרעוויטש“!?

עטי־מעני. האָב קיין פּאַראיבעל ניט, סעמיאָן מאַקאַרעוויטש, וואָס טהוסט דו דאָרטען?

שימעלע סאַראַקקער. זעהסט דאָך, וואָס איך טהו — איך לייען. (קאָן ניט אָפּרייסען זיך פונ׳ם בוך).

עטי־מעני. איך זעה, אַז דו לייענסט. איך פרעג: וואָס דו לייענסט?

שימעלע סאַראַקקער. און אַז איך וועל דיר זאָגען, וועסט דו וויסען? איך לייען אַ געשיכטע לייען איך.

עטי־מעני. וואָס פאַר אַ געשיכטע לייענסט דו?

שימעלע סאַראַקקער. ניט קיין געשיכטע, נאָר אַזוי אַ באַשרייבונג, אַ... אַ... אַ קריטיקע — און טשעפּע זיך אָפּ! (שאָקעלט זיך און לייענט ווייטער).

עטי־מעני. ביזט אַפּנים, אויפגעשטאַנען אויף דער לינקער זייט? (פּויזע). וועדליג דו ביזט אין כעס. האָב איך מורא, אַז דו לייענסט און ווייסט ניט, וואָס דו לייענסט.

שימעלע סאַראַקקער (האַלט נאָך אַלץ אין שאָקלען זיך). מאהל דיר, לאָז זיך דיר דאַכטען, אַז איך וויים שוין דוקא יאָ, וואָס איך לייען. איך לייען אַ קריטיקע פון איינעם אַ ליץ, וואָס מאַכט חוזק פון דער גאַנצער וועלט. און הייסען הייסט ער שלום עליכם.

עטי־מעני. עליכם שלום!... אַז ס׳איז נישטאָ וואָס צו טהון, איז דאָס אויך איין ארביים! וואָס האָט ער צו דער וועלט?

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר . צו דער וועלט האָט ער גאָר ניט. נאָר ער באַשרייבט דאָ איינעם אַ שניידער, וואָס איז געווען אַמאָל אַ קבצן אין זיבעך פּאָלעס און איז מיט אַ מאָל אויסגעוואַקסען, געוואָרען אַ גביר...

ע ט י ־ מ ע נ י . זיין טאַטענ׳ס עסק! נו, און ווייטער וואָס?

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר . און ווייטער גאָרנישט. לצ׳ע־וועט ער פון איהם אָפּ און פון זיין ווייב... אַ רעכטער ממזר! איין אמת׳ער עמך!...

ע ט י ־ מ ע נ י . מיינע צרות אויף זיין קאָפּ! וואָס האָט ער צום ווייב?

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר . ער מאַכט פון זיי ביידען אויסצודרעהען. נאָר פון איהר, פון דער שניידעריןְ, מאַכט ער גאָר אַ לעמעשקע — אַ רוח איהם אין זייט אַריין!

ע ט י ־ מ ע נ י . מאַכען זאָל זיך איהם אַ מכה — טפו! איך וואָלט אַזאַ פּאַסקודסטוואָ אין די הענט ניט געהאַלטען... און גלאַט, וואָס איז דאָס פאַר איין עובדה — אַ איד זעצט זיך אוועקעט אין מיטען דרינען לייענען אַ ביכעל, גלייך ווי שבת נאָכ׳ן טיש, און שאַקעלט זיך!...

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר . וואָס זשע? אַז איך ווער שיער ניט משוגע. איך זאָל האָבען עפּיס אַ טהועכץ. געוואוינט געוואָרען אַרבייטען — עמך!...

ע ט י ־ מ ע נ י . האָסט שוין גענוג געאַרבייט. לאָזען שוין דיינע שונאים אַרבייטען פאַר דיר! (פּויזע). שמעון! טפו, מיין איך סעמיאָן מאַקאַראָוויטש! וואוהין געהען מיר היינט אויף דער נאַכט?

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר . ווילסט אפשר אין טרעיאַטער?

ע ט י ־ מ ע נ י . פּע, טרעיאַטער! (געהניצט). סקוטשנע! איך פאַרשטעה ניט אַ וואָרט! מע זאָל האָטשבי וועלען שפּיעלען אויף אידיש! בעסער אין דער „לוזיאַנע“.

ש י מ ע ל ע  ס אַ ר אַ ק ע ר. אין סינעמאַטאָגראַף מיינסט דו? וואָרט אויס, אַט וועל איך מאַכן דאָס געשעפט מיט דער פילם־קאָמפּאַניע, וועלן מיר דעמאָלט שוין גיין און גיין אַלע נאַכט און אַהן אַ גראַשן געלט.

ע ט י ־ מ ע נ י (פֿער׳גנבה׳ט). וועסט ניט זיין ברוגז? וועל איך דיר עפּיס זאָגן.

ש י מ ע ל ע  ס אַ ר אַ ק ע ר. איך ברוגז? אַ סך מאָל בין איך ברוגז? אַבי אַ גלייכע זאַך, קאָנסט דו זאָגן.

ע ט י ־ מ ע נ י. מיר געפעלט ניט די קאָמפּאַניע מיט די צוויי זשוליקעס, וואָס דו האָסט זיך מיט זיי סקאָמפּאַניעט...

ש י מ ע ל ע  ס אַ ר אַ ק ע ר. דו קענסט זיי דען, וואָס דו רופסט זיי זשוליקעס?

ע ט י ־ מ ע נ י. דערפאַר וואָס איך קען זיי ניט, האָב איך מורא, זיי זאָלן דיך ניט אָפּנאַרן.

ש י מ ע ל ע  ס אַ ר אַ ק ע ר. מיך? אָפּנאַרן? בלאָטע! ניט מיך נאַרט מען! איך כאַף מיט זיי אַ גוטען קאָנטראַקט! זיי זענען ביי מיר גוט פאַרצוויקעוועט! צוויי און צוואַנציג פּונקטען! שער און אייזען אונזער פּאָלק עמך!...

ע ט י ־ מ ע נ י. צוויי און צוואַנציג פּונקטען? און אויפ׳ן דריי און צוואַנציגסטען וועלן זיי ביי דיר צונעמען דאָס געלט, ווי מיט די הענט.

ש י מ ע ל ע  ס אַ ר אַ ק ע ר (שוין אין כעס). ביים דיר אָפּ די צונג! בהמה! הער זיך צו וואָס דו רעדסט! דו ווייסט דען, וואָס דו רעדסט?

ע ט י ־ מ ע נ י. אַט דאָס איז דאָך די מעשה מיט דיר, וואָס מע קאָן מיט דיר ניט רעדען — באַלד ווערסט דו אין קאַקעס!

ש י מ ע ל ע  ס אַ ר אַ ק ע ר (אַ קלאַפּ מיט דער האַנד אין טיש). פּעטי־מעטי! ברענג מיך ניט אַרויס פון די כלים!! (שטעהט אויף, שפּאַנט אַרום עטליכע מאָל הין און צוריק). דו פאַרגעסט זיך מיט

זועמען דו רעדסט! דיר מאַהלט זיך אויס, אַז דו רעדסט מיט שי־מעלע דעם שניידער... דו פאַרגעסט, אַז איך בין שוין היינט אוים עמך! אוים אונזער פּאַלק שער און אייזען! איך בין שוין היינט ס ע מ י אָ ן מ אַ ק אַ ר אָ ו ו י ט ש ס אַ ר אַ ק ע ר, איינער פון די גרעסטע, אויב ניט דער גרעסטער גביר אין שטאָדט! ... (גע־הענדיג הין און צוריק געהט איהם אָפּ דער כעס). געה, הער, וואָס מע זאָגט אויף מיר... און די מענטשען, וואָס קומען אריין צו מיר... און די געשעפטען, וואָס מע לעגט מיר פאַר — עמך!

ע ט י ־ מ ע נ י. ביי מיר ביזט דו דער איינענער, וואָס דו ביזט געוועזן...

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר. אט דאָס איז טאַקי דער אומ־גליק! וואָלסט געמעגט האָבען חאָטש אַ ביסעלע מעהר דרך־ארץ...

ע ט י ־ מ ע נ י. אט באַלד נעם איך אראָפּ פאַר דיר דאָס היטעל...

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר (אַ מאַך מיט דער האַנד). וואָס איז מיט דיר צו רעדען? (פּויזע). וואו איז ערגיץ ביילקע, מיין איך איזאַבעלעטשקע?

ע ט י ־ מ ע נ י. אויף וואָס דאַרפסט דו ביילקען? מיין איך איזאַבעלעטשקען?

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר. איך וויל, זי זאָל מיר לייענען די פּאָטשט וויל איך.

ע ט י ־ מ ע נ י. ווידער אַ מאָל די פּאָטשט? האָסט שוין ווידער בעקומען אַ פּאָטשט?

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר. נאָך אַ מין פּאָטשט! (ווייזט איהר אויפ'ן שרייבטיש אַ באַרג מיט כּיט קיין געעפענטע בריעף).

ע ט י ־ מ ע נ י. נייטיגע בריוולעך! אודאי פון אַ אידען, וואָס מע האָט איהם אַרויסגעטריבען פון דאָרף מיט ווייב און קינ־דער און פון איין אַלמנה, וואָס איהר מאַן האָט זיך געהאַנגען איבער

איהר, אדער גאָר פון אַ מויד, וואָס ס'האָט זיך איהר פארוואָלט חתונה האָבען און זי האָט נים קיין נדן...

שימעלע סאָראָקער. נו, וואָס זשע מיינסט דו? איז טאָקי אַ רחמנות אויף איהר, אויף דער דאָזיגער מויד.

עטי־מעני. בעדאַרפסט דו, הייסט עס, בעוואָהרענען די גאַנצע וועלט?

שימעלע סאָראָקער. אויף וויפיעל איך קאָן.

עטי־מעני. אָט צוליעב דעם טאָקי האָט דיר גאָט געגעבען דאָס גרויס געווינס?

שימעלע סאָראָקער. צוליב וואָס דען? צוליעב דעם, מיר זאָלען עסען קאָשע מיט יוך?

עטי־מעני. אויף וויפיעל זשע וועט דאָס דיר קלעקען?

שימעלע סאָראָקער (שוין גאָר ווייך). נאַרעלע, דאָס געשעפט מיט דער פילם־קאָמפּאַניע וועט טראָגען אויף אַלסדינג. די גאַנצע שטאָדט איז מיר מקנא. ס'אַ סברה גאָר, אַז סע שמעקט מיט אַ האַלבען מיליון... נאָר וואָס פארשטעהסט דו אין די מיליאָנען? עמך!...

עטי־מעני. גוט איז דיר, אַז דו פאַרשטעהסט, וואָרום דו ביזט דאָך אויסגעוואַכסען אין מיליאָנען!

שימעלע סאָראָקער. פון דעסטוועגען, אָט זעהסט דו דאָך... (זעצט זיך אַוועק צוריק אויף זיין אָרט, צעשאָקעלט זיך, קוקט אַריין אין'ם זעלבען בוך. אין אַ וויילע אַרום, שטיל). עטי־מעני! (אין אַ האַלבע מינוט אַרום נאָך אַ מאָל, שוין העכער). עטי־מעני!

עטי־מעני. וואָס פאַר אַ עטי־מעני בין איך דיר? איהם זאָל מען רופען סעמיאָן מאַקאַראָוויטש, און מיך (מאַכט איהם נאָך) — „עטי־מעני!" „עטי־מעני!"...

שימעלע סאָראָקער (געפינט זיך געשלאָגען). וואָס אמת איז אמת. האָב קיין פאַראיבעל ניט, איך האָב גאָר פאַרגעסען, אַז דו הייסט שוין היינט ערנעסטינע יעפימעוונע.

ע ט י ־ מ ע נ י. זאגסט דאך אויף מיר, אז א י ך בין א קאצענער מח.

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר. זעהר גערעכט. איך בעט דיך מחילה... ווייסט דו, וואס איך וועל ביי דיר בעטן, ערנעסטינע יעפימעוונע?

ע ט י ־ מ ע נ י. אשטייגער, וואס וועסט דו ביי מיר בעטן, סעמיאן מאקאראוויטש?

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר (מיט א רחמנות־פנים). א ביסעל איינגעמאכטס.

ע ט י ־ מ ע נ י. פלוצים אין מיטען דרינען איינגעמאכטס? (שרייעט הויך אויף א קול). מויד! מויד? מוי־עד? (עס עפענט זיך א זייטיגע טהיר און עס קומט אריין י ו כ ב ד ד י מ ו י ד).

י ו כ ב ד ד י מ ו י ד (שטעלט זיך אוועק. גרויס). מיך רופט איהר?

ע ט י ־ מ ע נ י. ניין. וועמען דען רוף איך? דעם רב?

י ו כ ב ד ד י מ ו י ד. איך האב דען קיין אנדער נאמען ניט, א חוץ „מויד"?

ע ט י ־ מ ע נ י. און אז „מויד" — וואס שטעהט דיר דא אזוי ניט אן? א חסרון, אז מע איז א מויד? (גיט איהר די שליסעלעך). נא! געה נאר נעם א שעלכעל און ברענג איינגעמאכטס פאר'ן בעל־הבית, פונ'ם אפענעם סלאי, וואס מיט א שאל צוגעדעקט און מיט א טיבעל איבערגעבונדען.

י ו כ ב ד ד י מ ו י ד (נעמט די שליסעלעך). וויפיעל זאל איך ברענגען?

ע ט י ־ מ ע נ י. האסט געדיענט, זאגסט דו דאך, אין נגיד'ישע הייזער, בעדארפסט דו אליין וויסען, וויפיעל א נגיד עסט איינגעמאכטס.

י ו כ ב ד ד י מ ו י ד. פארהאן אלערליי נגידים, פארהאן א נגיד, וואס עסט אוים'ן שפיץ מעסער, ווי א פייגעלע, און פארהאן,

איך בעט איבער אייער כבוד, נגידים חזירים, וואָס וויפיעל זיי עסען, איז זיי קאָרג.

ע ט י ־ מ ע נ י. עסען זאָלען דיך שוין ווערעם. אַ ביסעל אַ לשון פון אַ מויד !

י ו כ ב ד  ד י  מ ו י ד  (לאָזט זיך געהן מיט די שליסעלעך, שטעלט זיך אָפּ אויף אַ ווײלע, צו דער בעל־הבית'טע). מע רופט מיך י ו כ ב ד.

ע ט י ־ מ ע נ י. יוכבד ? גוט, וואָס דו האָסט מיר געזאָגט. געה אין דער ערד אַריין, יוכבד ! (יוכבד די מויד געהט אָפּ. — עטי־מעני צום מאַן). איין עזות פון אַ דיענסטמויד ! (שרייעט הויך). מענדעל ! מענדעל ! (עס קומט אַריין מ ע נ ד ע ל  ד ע ר  ל א ק י י אין אַ פראַק מיט אַ ווייסען שניפּס אויף אַ הויכען קאָלנער. די ליפּען זענען ביי איהם שוואַרץ און גראָב און פעט בעוואַכסען. דעם קאָפּ האַלט ער אַ ביסעל אויף אַ זייט. די הענד טעלעבענדען זיך ביי איהם, ווי אוי־בעריגע).

מ ע נ ד ע ל  ד ע ר  ל א ק י י  (בעלעקט זיך). מיך רופט איהר דאָס ?

ע ט י ־ מ ע נ י. וועמען דען רוף איך ? די רביצין ? געה נאָר געב אַכטונג, איך האָב געשיקט די מויד נאָך איינגעמאַכטס. זאָל זי זיך ניט צוהאָפּען דאָרט צו שטאַרק, ווי אַ הונגעריגע קאַץ צו דער סמעטענע...

מ ע נ ד ע ל  ד ע ר  ל א ק י י  (לאָזט זיך געהן און קעהרט זיך אום צוריק. רעדט צום בעל־הבית). בעל־הבית ! די קנאַקערס וואַרטען דאָרטען אין פערעדני.

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר. וואָסערע קנאַקערס ?

מ ע נ ד ע ל  ד ע ר  ל א ק י י. אָט די צוויי, וואָס פונ'ם טרעיאַטער.

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר (לעגט אוועק דאָס בוך). אַ? ווינדארטשוק און רובינטשיק? מיינע שותפים פון דער פילם־קאָמ־פּאַניע? פאר וואס קומען זיי ניט אריין?

מ ע נ ד ע ל  ד ע ר  ל א ק י י (אויף די גראָבע ליפּען בעווייזט זיך ביי איהם אַ שמייכעל). דערפאר, וואס איך לאָז זיי ניט.

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר (פערוואונדערט). וואס הייסט, דו לאָזט זיי ניט?

מ ע נ ד ע ל  ד ע ר  ל א ק י י (גאַנץ ערנסט). אַזוי איז דער איינפיהר ביי די נגידים. אַז עמיצער קומט, איז אויב ער געהט אַרעם געקליידעט, גיט מען איהם האַלז און נאַקען און מע וואַרפט איהם אַרויס, און אויב ער געהט שוין אָנגעטהאָן, בעדאַרף מען פריי־הער דאַלאָזשען דעם בעל־הבית, און דערנאָך ערשט, אַז דער בעל־הבית הייסט, מע זאָל איהם אַריינלאָזען, לאָזט מען איהם אַריין.

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר (שטוינט. צום ווייב). ערנעס־טינע יעפימעוונע! וואס זאָגסט דו דערויף? עמך!...

ע ט י ־ מ ע נ י (צום מאַן). וויים איך וואס! ־־י האָסט זיך אָוועקגעשטעלט אויס'טענה'ן מיט אַ משרת מיצקע דרינען, און די מויד וועט דאַרטען דערווייל אויפפרעסען דאָס גאַנצע איינגע־מאַכטס. (צום משרת). געה טהו וואס מע הייסט דיר!

מ ע נ ד ע ל  ד ע ר  ל א ק י י (לאָזט זיך געהן, בלייבט שטעהן. צום בעל־הבית). איז וואס זאָל איך זיי זאָגען?

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר. וועמען?

מ ע נ ד ע ל  ד ע ר  ל א ק י י. די קנאַקערס.

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר. גאָרנישט. שיק זיי אַריין אהערצוצו! (מענדעל דער לאקיי אָפּ, בעגעגענט זיך אויף דער טהיר מיט יוכבד די מויד, טונקט איין זיין פינגער אינ'ם איינגעמאַכטס און טהוט אַ לעק. יוכבד טהוט איהם אַ זעץ איבער דער האַנד, טראָגט צו דעם בעל־הבית דאָס איינגעמאַכטס און לאָזט זיך געהן, בלייבט שטעהן אַ ווײַלע).

יוכבד די מויד (צו דער בעל־הבית'טע). און ווייטער גארנישט?

עטי־מעני. וואס נאך האסט דו געוואלט?

יוכבד די מויד (פויזע). אז איהר וועט מיך דאס אנ־דערע מאל בעדארפען רופען, זאלט איהר וויסען, אז איך הייס יוכבד. (אפ).

עטי־מעני (צום מאן). וואס איז דאס פאר איין אנשי־קעניש? דאס איז עפיס א גאנס שטראף, ניט קיין מויד! ... (עס עפענט זיך די טהיר און מענדעל דער לאקיי לאזט אריין איינעם נאכ'ן אנדערען וויגדארטשוקען און רובינטשיקען, און אליין געהט ער אפ. ביידע געהען אנגעטהאן גרויסארטיג, געגאלט ווי ארטיסטען, מיט צילינדערס אין די הענד, טראגען הענטשקעלעך, גרויס־ארטיגע שניפסען).

שימעלע סאראקקער (שטעהט אויף, נעמט אויף די אריינגעקומענע זעהר העפליך). ברוך הבא געסט! האט איהר שוין געבראכט מיט זיך דעם איבערגעשריבענעם קאנטראקט? (צום ווייב). ערנעסטינע יעפימעוונע! הייס געבען נאך איינגעמאכטס און א ביסעל ווישניק אויך אין איין וועגס. (עטי־מעני הויבט זיך אויף אהן חשק און געהט אליין נאכ'ן ווישניק מיט'ן פערבייסען. שי־מעלע צו די יונגע לייט). דעם קאנטראקט גיט אהער, וועלען מיר איהם דורכקוקען. (וויגדארטשוק נעמט ארויס א פערשריבענעם פאפיער). דאס הייסט, דורכקוקען וועט איהם מיין טאכטער. איך בין, ניט פאר אייך געדאכט, קורץ אין דער עברי, האב איך א טעכטערעל, האט מיך גאט געבענטשט, א געראטענע, איהר קענט זי — איז זי ביי מיר מיין גאנצער בוכהאלטער מיט'ן פריקאזטשיק מיט'ן שרייבער מיט הכל בכל... לייענט און שרייבט און חשבונ'ט, ווי א וואסער... (טראגט זיי אונטער א זילבערנע פושקע מיט פאפיראסען). פאני רובינ־טשיק! פאני וויגדארטשוק! אנו, פערזוכט אקארשט פון די דאזיגע פאפיראסען! ס'איז שוין איין מאל פאפיראסען, פון די

אמת׳ע עמך!... (ביידע יונגע־לייט הויבן זיך אויף, נעמען מיט צוויי פינגער צו פאפיראסען). יא, איז וואו, הייסט דאס, האלטען מיר אין דער הגדה? זאגט מיר, איך בעט אייך, מיין ליעבער וויגדארטשוק און מיין טייערער רובינטשיק, וואס איכ׳ל אייך פרעגען: ווי קומט איהר, צוויי יונגע לייט, — האט קיין פאראיבעל ניט. וואס איך רעד מיט אייך אזוי אפענטליך און פראסט, — ווי קומט איהר צו אזא גאלדענעם עסק, ווי דאס פילם־געשעפט?

וויגדארטשוק. א! אין דעם איז א גאנצע געשיכטע...

רובינטשיק. וואס מע קאן זי דערצעהלען אין דריי ווערטער. מיר זענען, ווי איהר קוקט אונז אן...

וויגדארטשוק (לאזט איהם ניט רעדען). לאז מיך, איך וועל זיי איבערגעבען אין דריי ווערטער. איך און מיין חבר רובינטשיק זענען מענטשען מיט געדאנקען.

רובינטשיק, מיט קאמבינאציעס.

וויגדארטשוק. און מיר האבען פון שטענדיג אן געהאט א שייכות צו טהעאטער. איך, צום ביישפיעל, בין געווען אמאל א מוזיקאנט, און א באריהמטער מוזיקאנט, געשפיעלט אין אלע טהעאטערן. און מיין חבר רובינטשיק איז אויך נישט קיין אבי־ווער — ער האט געהאלטען א פאריקמאכערסקי זאוועדיעניע און פלעגט געהן אין טהעאטער אריין גרעמירען די אקטיארען. איך דארף איהם זאגען אין די אויגען, דעם ממזר, — ער, אז ער פארגרעמירט עמיצען, איז עס נאטור! דערווייל האט זיך געטראפען א מעשה. די צייט איז געווען שלעכט, ניט היינט געדאכט, ניט פאר אייך געדאכט, האב איך מיך בעשטעלט אין טהעאטער־קינעמאטאגראף שפיעלען. איך שפיעל א נאכט, איך שפיעל צוויי, איך שפיעל דריי, איך הויב מיך אן צוקוקען — וואס איז דער שכל פונ׳ם קינעמאטאגראף? לאזט זיך אויס, אז ס׳איז אין דעם קיין שום שכל...

**רובינטשיק.** ס'א געלעכטער!...

**וויגדארטשוק** (פערהאפט זיך). דאס הייסט, דער שכל איז א גרויסער שכל. נאר פאר דעם, וואס ווייסט דעם שכל, איז דער שכל אוים שכל.

**רובינטשיק.** גאלע גאר ניט!

**שימעלע סאראקער.** איך פארשטעה ניט — איך בין א פראסטער עמך! ממה נפשך — אדער מילכיג, אדער פליישיג! אדער אהין, אדער אהער! און ביי אייך קומט אוים — אט אז ס'איז א גרויסער שכל, און אט איז דאס א געלעכטער, גאר קיין שכל ניט, — אזוי אז איך בין שוין גאר צעדולט!...

**וויגדארטשוק** (צו רובינטשיקען). שולדיג ביזט דו, אז דו שלאגסט מיך איבער! איך וועל זיי געבען צו פארשטעהן דעם שכל מיט א גאנג...

**רובינטשיק.** נו, געב זיי צו פארשטעהן, ווער לאזט דיך ניט?

**שימעלע סאראקער.** ניין! איהר דארפט וויסען, אז מיר זענען גרויסע בעלנים דערויף... נאך אז איך בין געוועזן א... ניט היינט געדאכט, א פראסטער עמך, זענען מיר אלע וואך געגאנגען אין דער לוזיאנע, אבי ס'איז נאר געוועזן פאר וואס. און היינט, זינט גאט האט מיך בעגליקט מיט'ן גרויסען געווינס, איז במעט נישטא די נאכט וואס מיר זאלען ניט געהן אהינצוצו. וואלט איך זעהר וועלען וויסען, ובפרט איצט, אז איך געה אריין אין דעם מיט געלט, דעם... דעם... תמצית (מאכט מיט די פינגער). דעם שכל דערפון. דא מוז דאך שטעקען עפים א קונץ, עפים... עפים... (א קנאק מיט די פינגער). א מין עמך!

**וויגדארטשוק.** געווים איז דא פארהאן קונץ!

**דוביגטשיק.** און נאך וואס פאר א קונץ!

וויגדאָרטשוק (לאָזט איהם נישט). לאָז זיך דיענען! אַט וועל איך זיי געבען צו פאַרשטעהן די גאַנצע זאַך אַקוראַט. זיי זענען אַ איד מיט פערשטאַנד. (רוקט זיך צו צום שניידער). די זאַך איז אַ פּראַסטע זאַך. האָט איהר זיך צוגעקוקט, אַז אַקעגען דער סצענע, איבער דער טהיר, איז פאַרהאַן אַ לאַמטערנע מיט אַ רעדעל? איז אויפ'ן רעדעל, וואָס סע דרעהט זיך דאָרט ביי דער לאַמטערנע, אַנגעצויגען אַ לענטע פון צעלאַלאיד, אַ לאַנגע לענטע. (מאַכט מיט די הענד).

רובינטשיק (קוקט דעם חבר אין מויל אַריין און שאָקעלט צו מיט'ן קאָפּ). אַ פילמע הייסט עס.

וויגדאָרטשוק. איז אויף דער פילמע אָפּגעפאָטאָגראַפירט אַלע בילדער, וואָס איהר זעהט אויפ'ן לייווענט... האָט איהר עס צעקיים?

שימעלע סאַראַקער. האָט קיין פאַראיבעל ניט, וואַרט אָפּ איין ווײַלעטשקע. איך וויל, פאַרשטעהט איהר, אַז מיין אידינע זאָל אויך זיין דערביי און זאָל אויך וויסען דעם שכל... דרעהט זיך אוים צום ווייב, וועלכע קומט אַריין פון צווייטען חדר. נאָך איהר געהט נאָך מענדעל דער לאָקיי מיט אַ טאַץ. אויף דער טאַץ — אַ קאַראַפין רויטע משקה מיט גלעזלעך. נאָך מענדלען געהט נאָך יוכבד די מויד אויך מיט אַ טאַץ. דאָס אַלץ ווערד אַוועקגעשטעלט אויפ'ן טיש. מענדעל און יוכבד אָפּ).

עטי-מעני. אַט האָט איהר ווישניק, אַט שטעהט איינגעמאַכטס. איהר קאָנט נעמען, אַז איהר ווילט...

שימעלע סאַראַקער. מע וועט נעמען, אם ירצה השם, געוויס וועט מען נעמען. (גיסט אָן אין די גלעזלעך. ווענדט זיך צום ווייב). ווילסט הערען דעם שכל פון „לוזיאָנע“, פאַר וואָס סע דרעהט זיך און מיר זעהען אַלסדינג אויפ'ן לייוועגט, וואָס אויף דער וועלט טהוט זיך אָפּ? זעץ דיך אַקאָרשט צו, וועסט דו עפּים

הערצן. האסט דאך עס ליעב. דו וואלסט דאך דארט געטאנצט און געגעכטיגט!

עטי־מעני. און דו האסט דאך עס נעבאך פיינט! (זעצט זיך אוועק ביי דער זייט אויף א ווייכער קושעטקע, שפארט זיך אן אויף א זיידען קישעלע מיט אויסגענייהטע קווייטען פון אלערליי פארבען, לעגט צענויף די הענד אזוי, מע זאל ארויסזעהן דאס גאנצע ביסעל ציער־רונג). נו, לאמיר הארכען.

וויגדארטשוק (פלייסט זיך צו זעצען מיט׳ן פנים קעגען דער מאדאם, נאר רעדען רעדט ער צום בעל־הבית). איז וואו האלטען מיר?

רובינטשיק. ביי דער פילמע האלטען מיר, ווי אזוי דאס רעדעל דרעהט זיך דארט ביי דער לאמטערנע...

שימעלע סארקער (צום ווייב). ביי דער טהיר פון אויבען, אקוראט אקעגען דעם לייליך, האסט דו געזעהן א לאמטער־נע? איז דארטען דא א רעדעל און סע דרעהט זיך. (ווייזט מיט די הענד, ווי סע דרעהט זיך. טהוט זיך א נעם צום קאראפין, גיסט אן דריי גלעזלעך. צו די געסט). זאל זיך עס דארטען דרעהען. מיר׳ן דערווייל נעמען צו די ליפען... לחיים! לאז גאט געבען, ס׳זאל זיין איין מאל פאר אלע מאל עמך!... (טרינקט. די געסט ריהרען זיך צו מיט די ליפען). אצינד שיסט וויטער!

וויגדארטשוק. אלזא, נאך א מאל אין קורצען. (מאהלט מיט ביידע הענד). דא האט איהר א לייווענט.

רובינטשיק. א געוויינטליכען לייוועגט.

וויגדארטשוק. אויף דעם לייוועגט איז ניטא גאר־נישט.

רובינטשיק. גאלע גארנישט.

וויגדארטשוק. און אויף יענער זייט לייוועגט איז אויך ניטא גארנישט.

ר ו ב י נ ט ש י ק. אויך גארנישט! (שימעלע סאראקער קוקט אויפ׳ן ווייב איבערראשט).

ע ט י ־ מ ע נ י (גלויבט ניט). דאס וועט איהר שוין דער־צעהלען דער באבע אייערער! וואס הייסט נישטא גארנישט? מיר געהען ניט אין דער „לוזיאנע“? עס קאסט אונז קארג געלט? איין אנדערער וואלט זיך עס געוואונשען איך וויים אליין ניט וואס, — זאגען זיי, אז אויף יענער זייט לייווענט איז נישטא גארנישט! מיר זענען דאך עפים נישט קיין קליינע קינדער, וואס מע וועט אונז דערצעהלען בבא־מעשיות!...

ו ו י ג ד א ר ט ש ו ק (מטושטש, שמייכעלט). האט קיין פאר־איבעל ניט, מאדאם, מיר זענען ספעציאליסטען. מיר ארבייטען אין דעם טאג ווי נאכט. מיר האבען דאס געזונט מיט׳ן לעבען אוועקגעלעגט דערויף.

ר ו ב י נ ט ש י ק. ס׳איז אונזער פרנסה!

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר (צו וויגדארטשוקען). בקיצור, נו! שיסט ווייטער!

ו ו י ג ד א ר ט ש ו ק. אלזא — גארנישט. דער רעכטער עיקר איז דאס רעדעל, וואס דארט אקעגען, ביי דער לאמטערנע. (דרעהט זיך אוים מיט׳ן פנים צוריק, ווייזט מיט דער האנד אויף דער טהיר. אלע דרעהען־זיך אוים צו דער טהיר). דארט, וואו עס דרעהט זיך די לענטע...

ר ו ב י נ ט ש י ק (דרעהט מיט דער האנד). די פילמע הייסט עס... (עס עפענט זיך די טהיר און אין דער מינוט קומט פאר אזא מין סצענע: עטליכע אידען רייסען זיך ארויסצוגעהן, מענדעל דער לאקיי האלט זיי אפ מיט ביידע הענד)....

מ ע נ ד ע ל ד ע ר ל א ק י י. האט צייט איין מינוט, ביז איכ׳ל דאלאזשען.

ד י א י ד ע ן (אַלע אינאיינעם). וואָס מיר דאַלאָזשען? וועט מיר דאַלאָזשען? מיר דאַרפֿען האָבען אַ נדבה אויף דער היגער תלמוד־תורה!

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אָ ק ע ר (שרייט צום לאָקיי). נאַרישער מענדיוק, אַ רוח אין דיין פּאַרענט און מיטען אַריין! וואָס האָסט דו צו די אידען? לאָז זיי אַריין! (מענדעל טרעט אָפּ, נאָר ער בעווייזט די אידען מיט דער האַנד אויפ'ן קאָפּ, זיי זאָלען אויסטהון די היטלען. די אידען קווינקלען זיך, צי זאָלען זיי אויסטהון די היטלען, צי ניט. אַ פּאָר האָבען אויסגעטהאָן, די איבעריגע נאָך ניט. געהען לאַנגזאַם).

ע ט י ־ מ ע נ י (צו די אידען). וואָס'ט איהר זאָגען?

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אָ ק ע ר. זיצט. איהר קאָנט געהן אין די היטלען. מיר זענען נאָך ניט קיין גויים. מיר זענען נאָך אידען דער־ווײַלע. (די אידען ווערען אַ ביסעל שטאַרקער ביי זיך, זעצען זיך אַוועק. איינער פון זיי, דער גבאי ראשון, ווענדעט זיך צום שניידער).

ג ב א י ר א ש ו ן. מיר זענען געקומען צו אייך, רב שמעון, אַזוי ווי מיר האָבען געהערט פון אייך, אַז זינט גאָט האָט אייך גע־האָלפען, הערט איהר ניט אויף צו געבען, זענען מיר די גבאים פון דער היגער תלמוד־תורה און מיר דאַרפען אַ נדבה דאַרפען מיר...

ע ט י ־ מ ע נ י (נעמט זיך צו דער קעשעני. צו די אידען). צו וואָס אַזאַ לאַנגע הקדמה? זאָגט, אַז איהר ווילט אַ נדבה, וועט מען אייך געבען... אויסגאַב וועט זיך געפינען ביי אייך?

ד י א י ד ע ן (פרייליך. אַלע אינאיינעם). פון וויפיעל?

ע ט י ־ מ ע נ י (ציהט אַרויס אַ זילבערנע מטבע). פון אַ פער־ציגער. (די אידען איבעראַשט, קוקען איינער אויפ'ן אַנדערען, בלייבען אָהן לשון).

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אָ ק ע ר (חאַפּט זיך אויף, ווערד אַלערליי קאָלירען, וויל אויסגיסען זיין צאָרן אויפ'ן ווייב, נאָר ער האַלט זיך איין, רעדט צו די אידען מיט אַ געלעכטער). מיין אידינע האָט נישט איינגעהערט, חאַ־חאַ, אַז איהר זענט די גבאים פון דער היגער

תלמוד־תורה. זי האט, אפנים, געמיינט גלאט אזוי א נדבה פאר א אידען... קומט, איך וועל אייך געבען. (נעמט ארויס א קליין שלוי־סעלע פון דער זשילעט־קעשעני, געהט־צו צו דער אייזערנער שאפע, פארעט זיך א ווײלע, נעמט ארויס א פעקעל, פיער פינף־און־צוואנציגער, און טראגט עס צו צו די אידען). נאט. אט האט איהר א נדבה און שרייבט אריין אין בוך אריין מיין נאמען, מיין אמת'ען אידישען נאמען — שמעון בר' מאיר סאראקער שענקט פאר דער היגער תלמוד־תורה א הונדערטער. (די אידען שטעהען אויף אלע איבערראשט, דאנקען איהם זעהר. איינער פון זיי געפינט זיך צו זאגען קוים עטליכע ווערטער).

ג ב א י ר א ש ו ן. רב שמעון! מיר זאגען שהחינו וקימנו והגיענו לזמן הזה. זינט די היגע תלמוד־תורה איז א תלמוד־תורה, איז דאס דער ערשטער הונדערטער. זאל אייך גאט געבען הונדערט יאהר גליק און הצלחה און אלדאס גוטס — אמן.

ד י א י ד ע ן (אלע). ברכה און הצלחה — אמן. (געזעגענען זיך אפ פריינדליך און געהען אפ. די שטימונג איז א געשלאגענע. עטי־מענע פויערט. שימעלע פיהלט זיך ניט גוט, שפאנט ארום, בלייבט שטעהן).

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר (צו זיך אליין). יא־יא. א גוואל־דאוונער שכל!... מענטשען טראכטען צו... לענטע... לייווענט... פילם... און דאס לעבט! דאס ריהרט זיך! עמך! (צו די יונגע לייט). איז וואו האלטען מיר, הייסט דאס? יא, מיר זאלען ניט פערגעסען. ס'איז פארהאן נאך א פונקט, וואס מיין ווייב וועט ניט דורכלאזען בשום אופן! (צום ווייב). ערנעסטינע יעפימעוונע! איך וויל, אז אין קאנטראקט זאל שטעהן בפירוש, אז דו און איך און אונזערע פריינד, למשל, האבען דאס רעכט צו געהן אין וואס פאר א טרעיאטער מיר ווילען, און ווען מיר ווילען, סאי בייטאג, סיי ביינאכט, בחינם, אהן א שום געצאהלטס, הייסט עס.

ע ט י ־ מ ע נ י (פערברעכט די הענד). אַ שענע מעשה! סע שטעהט נאָך גאָרניט אין קאָנטראַקט אפילו?!

ו ו י ג ד אָ ר ט ש ו ק. מע האָט פערגעסען אריינשטעלען.

ר ו ב י נ ט ש י ק. מאַדאַם! מע האָט גערעדט — איז געננג.

ע ט י ־ מ ע נ י (לאָזט אויס איהר כעס צו איהם). אַזוי זאָגט א י ה ר? און אַז ס'וועט קומען צו עפּיס, וועט איהר נאָכדעם זאָגען, איהר ווייסט ניט!... מיר קענען אייערע לייט! מיר זענען אויך מבינים אויף אַ טשאַד!

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר. זאָגסט דו, מע זאָל עס אריינ־שטעלען? איך זאָג אויך — אריינשטעלען. (צו ווייגדאָרטשוקען, ווייזט איהם אויפ'ן שרייבטיש). פאַרקאַטשעט, זייט מוחל, די אַרבעל און שרייבט אריין.

ו ו י ג ד אָ ר ט ש ו ק (טהוט זיך אַ וואָרף צום שרייבטיש. שרייבט־צו אויפ'ן פּאַפּיער, דערנאָך לייענט ער). „מיר, די אונטערגעשריבענע, געבען־צו נאָך אַ פּונקט, אַז דער הער סאַראַקער, די מאַדאַם סאַראַ־קער, אָדער ווער פון זייער פאַמיליע, האָט דאָס רעכט, סאַי ביי־טאָג, סאַי ביינאַכט, אריינצוקומען און זיצען אין יעדען פון אונ־זערע טהעאַטער־קינעמאַטאָגראַפען בחינם, אָהן געלט". צופריעדען? (שימעלע קוקט אויפ'ן ווייב).

ע ט י ־ מ ע נ י. איך וויל, אַז אין קאָנטראַקט זאָל שטעהן מיין שוועסטער פּייגעל אויך.

ו ו י ג ד אַ ר ט ש ו ק. מאַדאַם! סע שטעהט דאָך „די פאַ־מיליע סאַראַקער"!

ע ט י ־ מ ע נ י. איהר פאַמיליע איז ניט סאַראַקער, איהר פאַמיליע איז ווישקראַבענקאָ.

ר ו ב י נ ט ש י ק. די מאַדאַם זענען גערעכט.

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר. וויבאלד אזוי, טא שטעלט אריין אלע פריינד און באקאנטע...

ע ט י - מ ע נ י (חאפט זיך אויף). באקאנטע? אט האסט דו דיר נאך, טאמער איז קארג! א מכה זיי — זיי זענען ניט קראנק צאהלען!

ר ו ב י נ ט ש י ק. די מאדאם זענען פאלקאם גערעכט. (צום חבר). שרייב אריין מאדאם ווישקראבענקא מיט איהרע קינדער.

ע ט י - מ ע נ י. ניין; זי יא, די קינדער נישט. זי האט קינדער — מעג אויף זיי קומען איין אויסחאפעניש! איין שארלאטאן גרעסער פונ'ם אנדערען...

ר ו ב י נ ט ש י ק. די מאדאם זענען פאלשטענדיג גערעכט! שרייב מאדאם ווישקראבענקא — און איין עק.

ע ט י - מ ע נ י. וואסער מאדאם? א שענע מאדאם! נעבאך איין עני'טע, איין אביונ'טע, אז אך און וועה איז איהר! (עס קומט אן ביילקע, אנגעטהאן פראסט ווי אלע מאל).

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר. גוט, וואס דו ביזט דא. קום אהער, וועסט דו מיר איבערלייענען דעם קאנטראקט, צי ס'איז אלסדינג דא, וואס מיר האבען נעכטען אפגערעדט? (ביידע יונגע ליוט שטעהען אויף, גריסען ביילקען, דערלאנגען איהר דעם קאנטראקט און זעצען זיך צוריק אוועק).

ב י י ל ק ע. (נעמט דעם קאנטראקט). מעג איך עס לייענען פאר זיך? (זעצט זיך אוועק אין א שטוהל, לייענט פאר זיך).

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר (צו די יונגע לייט, שטיל). זי קאן שוין דוקא גוט!... אידיש און רוססיש און דייטש, און וואס איהר ווילט!... (עס קומט אריין מענדעל דער לאקיי מיט א בוקעט).

מ ע נ ד ע ל ד ע ר ל א ק י י. צו איזאבעלא סעמיאנאווונא מיט א קארטעל.

ב י י ל ק ע. צו מיר? (נעמט די בלומען).

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר  (צופריעדען). בלומען? פון ווענען איז?

ב י י ל ק ע  (לייענט דאָס קאַרטעל). סאַלאָמאָן אַסקאַראַוויטש פיין. האַ־האַ־האַ!

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר . וואָס זשע איז דער געלעכ־טער? (צום לאָקיי). קאָנסט געהן. (מענדעל אָפּ).

ב י י ל ק ע . וואָס זשע? ס'איז ניט קיין געלעכטער? וואָס איז גאָר פּלוצים פּאַר מתנות — בלומען? וואו איז ער געוועזן פּאַר דריי וואָכען אין דער צייט, געדענקסט? אז מע האָט ביי איהם געבעטען אַ טובה, ער זאָל זאָגען אַ גוט וואָרט צו זיין פּאַטער וועגען דירה געלט, האָט ער פערקנייטשט מיט די פּלייצעס (מאַכט איהם נאָך) — „עטאָ דאָ מעניאָ ניע קאַסאַיעטסיאַ!"... (גיט איבער דעם פּאָטער די פּאַפּיערען). דער קאָנטראַקט איז געשריבען אַזוי, ווי מע האָט גערעדט. (ווייזט אויפ'ן פּאַק בריעף, וואָס אויפ'ן טיש). אָט דאָס איז די היינטיגע פּאָטשט? (נעמט די בריעף צו זיך). איך נעם עס צו זיך, דאָרט וועל איך איבערלייענען די פּאָטשט און וועל דיר נאָכדעם איבערגעבען. (פערנייגט זיך צו די יונגע לייט, וועלכע האַפּען זיך אויף מיט אַ טראַסק. — ביילקע אָפּ).

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר  (צו די יונגע לייט). אַ מאָדנע מיידעל ביי מיר!... איין אַנדערע אויף איהר אָרט אין אַזאַ ראַס־קאָש!... ביי אַזאַ עשירות!...

ע ט י ־ מ ע נ י . זאָג האָטש: קיין עין־הרע ניט!

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר . אַ קליידעל, אַ בורנוסעל, אַ היטעלע אַ נייעס אַז מע וויל איהר קויפען, קוממ־אָן מיט גרינגע ווערעם — זי וויל ניט! וואָס'ט איהר טהון? (ביידע יונגע לייט זעגען נתפּעל). וואָס דאַרפט איהר מעהר, מע רעדט איהר שדוכים — די שענסטע, די גרעסטע — וויל זי ניט הערען, ניט זעהען... שטעלט אייך פּאָר — רב אשר פיין האָט איהר געהאָרכט מן הסתם? וויל ער מיט מיר אַ שדוך טהון — ער שטאַרבט! דאָס הייסט, ניט אַזוי

ער וויל דעם שדוך, ווי זיין זוהן, און ניט אזוי זיין זוהן, ווי איך וואלט א בעלן געווען זיך משדך זיין מיט אזא אידען ווי פיין, וואס איך בין אמאל געווען זיינער א שכן...

עטי־מעני. זאג חאטש: ניט היינט געדאכט...

שימעלע סאראקער. איז דאך גוט? איא? אז ער וויל, און דער זוהן וויל, און איך וויל אויך, וואלט מען דאך געקאנט ברעכען טעלער און א סוף? — זאגט זי אבער: לא! זי וועט זיך בעטראכטען. (ביידע יונגע לייט זענען נתפעל. — עס בע־וויזט זיך מענדעל דער לאקיי).

מענדעל דער לאקיי (קייעט). דער שלים־מזל איז שוין ווידער דא.

שימעלע סאראקער. וואסער שלים־מזל?

מענדעל דער לאקיי. סאלאווייטשיק דער שדכן.

שימעלע סאראקער. סאלאווייטשיק? וואו איז ער?

מענדעל דער לאקיי. דארט איז ער, אין פערעדני.

שימעלע סאראקער. פאר וואס געהט ער ניט אריין?

מענדעל דער לאקיי. איך האב דאך אייך געזאגט שוין, אז איך בין ניט דאס ערשטע יאהר אין נגידישע הייזער, און ביי די נגידים איז דער איינפיהר, אז...

שימעלע סאראקער. אז מע דארף פריהער דאלא־זשען? נו, האסט דו דאך מיר שוין דאלאזשעט. אצינדערט געה רוף איהם אריין! (מענדעל אפ). אוי, אט די פאראדקעס מיט די צערעמאניעס, הערט איהר, ביי די סטעקראטען, צווישען אונז גע־רעדט, גאט זאל ניט שטראפען פאר די רעד!... (עס עפענט זיך די טהיר ברייט, מענדעל דער לאקיי לאזט אריין סאלאווייטשיקען דעם שדכן, מאכט צו די טהיר, געהט אפ). ברוך הבא, א איד א שדכן! מע זאל דערמאנען משיח'ן. זיצט, פאני סאלאווייטשיק.

ס אַ ל אַ ו ו י י ט ש י ק. סאַראַ היץ היינט — טשטאַ ניבוד אַסאַבענע! (בעטראַכט די יונגע ליִיט). און ווער זענען אַט די אידען? עפּים זעהר קענטליך! (דערמאָנט זיך). אַ? דאַס זענען די דאַזיגע? פון'ם טהעאַטער? דאַס האָט איהר מיט זיי געמאַכט דאַס געשעפט. וואָס די שטאָדט קלינגט מיט דעם? (גיט זיי די האַנד). וואָס זשע מאַכט איהר? מע זאָגט, אַז איהר זשעברעוועט געלט? (ווייזט מיט בײדע הענד).

ו ו י ג ד אָ ר ט ש ו ק. ע! מע זשעברעוועט געלט! גאָרנישט, מהכתיתי, מע האָט פּרנסה.

ר ו ב י נ ט ש י ק. און מע לעגט אָפּ אַ קערבעל.

ס אַ ל אַ ו ו י י ט ש י ק (צום שניידער). ווייס איך, וואָס הערט איהר זיי! איהר פרעגט מ י ך! ס'איז אַ גאָלדען געשעפט! ס'איז אַ ברונען, וואָס שעפּט זיך ניט אויס! מענטשען ווערען נתעשר — זאָגען זיי, מע לעגט אָפּ אַ קערבעל! (בײדע יונגע ליִיט ווערען ברייטער ווי לענגער).

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר (צום שדכן). זאָגט איהר, אַז מע וויים שוין אין שטאָדט פון'ם פילם-געשעפט, וואָס איך מאַך? אפשר וועט איהר פערזוכען אונזער ווישניק? (גיסט איהם אָן אַ גלעזעל).

ס אַ ל אַ ו ו י י ט ש י ק. טשטאַ זאַ וואָפּראָס! אַלע וויסען און אַלע רעדען און אַלע זענען אייך מקנא. (טרינקט אויס און פערבייסט).

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר. מקנא?

ס אַ ל אַ ו ו י י ט ש י ק. איך זאָל אַזוי לעבען מיט אייך און מיט אייער ווייב! וואָס זשע? כ'וועל אויסטראַכטען? מע שמועסט גאָר, אַז איהר ווערד אַ מיליאָנער... הלואי, זאָל אייך גאָט העלפען! (צו די יונגע ליִיט). סעמיאָן מאַקאַראָוויטש איז אַ מענטש, וואָס האָבען ליעב אַליין גראָב צו פערדיענען, און עס אַהרט זיי ניט.

אז יענער פערדיענט אויך. ווי פּאני זאָגט: ל ע ב ע ן א ו ן ל ע־ב ע ן ל א ס ע ן... (צום שניידער). ס'איז אייך איצטער אוועק דאָס גליק, סעמיאָן מאַקאַראָוויטש, וועט דאָס שוין אייך געהן און געהן, ווי אין פּסוק שטעהט: החילות לנפול, נפול תפול...

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר (צום ווייב). דו הערסט ווערטער? (גיסט איהם אָן נאָך אַ גלעזעל).

ע ט י ־ מ ע נ י (קוקט אויפ'ן פלעשעל). איך הער, איך בין ניט טויב! (צום שדכן). וואָס הערט זיך בעסער פון י ע נ ע ם גע־שעפט, וואָס מ י ר ווייסען?...

ס א ל א ו ו י י ט ש י ק (צו דער שניידערין). וואָס זאָל זיך הערען, מאַדאַם? אויף אַלע אידישע קינדער געזאָגט געוואָרען! (צום שניידער און צו דער שניידערין). אַז סאַלאָווייטשיקען פאַלט איין אַ אידעע, מעג זיך שוין איבערקעהרען די וועלט, וועט ער זי דורכפיהרען... אָט דאָס גערה איך פון דאָרטען טאַקי, פון די רעס־טאַקראַטען... אַ פריאָם האָב איך געהאַט — „מאַיאַ פּאַטשטעניע", און „סאַדיטיעס", און „פּאַפּיראָסען", און „לעמאָנאַד"... מחמת די היטץ איז טרוקען אין מויל — טשטאַ ניבוד אַסאַבענע!... (טרינקט אויס אַ צווייטען מאָל, פערבייסט. שימעלע טראָגט איהם אונטער די פּושקע פּאַפּיראָסען).

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר. הכלל, געהט איהר דאָס פון די פיינערס. איז וואו האַלט דאָס דאָרטען אין דער ספירה?

ס א ל א ו ו י י ט ש י ק. עס האַלט שוין גוט! הלואי וואָלט איך שוין אַזוי געהאַלטען מיט אַלע מיינע פּאַרטיעס, וואָס איך פיהר... סאַלאָווייטשיקען, אַז עס פאַלט איהם איין אַ אידעע! (פערראויכערט דעם פּאַפּיראָס). אויב ס'איז אייך ניט שטאַרק היים, וועל איך אייך דערצעהלען מיין היינטיגען וויזיט, ווי אַזוי איך בין געקומען, און וואָס איך האָב געזאָגט, און וואָס זיי האָבען גע־זאָגט, און וואָס איך האָב זיי געענטפערט, און וואָס זיי האָבען מיר

געענטפערט — אונזער גאַנצען ראַזגאַוואָר. (פערקאַטשעט די אַרבעל, איז גרייט צעלעגען אויף טעלערלעך).

שימעלע סאָראַקער (האָט גישט קיין געדולד). וואָס טויג מיר, פּאַני סאַלאָוויטשיק, ראַזגאַוואָרען ? איהר ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ פּראָסטער עמך בין איך, און כ'האָב ליעב אַניל וואַשמח — אויפגענייהט און אויסגעפּרעסט. איהר זאָגט מיר די לעצטע שורה. דעם רעכטען שפּיץ!

סאַלאָוויטשיק. דער רעכטער שפּיץ איז — זיי וועלען אייך איינלאַדען צו זיך אויף אַ וויזיט. דאָרט וועט זיין די גאַנצע ריסטאָקראַטיע... נאָר קודם וועלען זיי זיין ביי אייך מיט אַ וויזיט, און אפשר נאָך היינט. דאָס קאָן סאַלאָוויטשיק!

שימעלע סאָראַקער (צום ווייב). דו הערסט? (שטיל). מע דאַרף צוגרייטען כל המינים פאַרבייסאַכצען... (צום שדכן). זענט איהר זיכער, אַז זיי וועלען דאָ זיין?

סאַלאָוויטשיק (פערטרינקט דעם איינגעמאַכטס). אַזוי ווי איך בין זיכער, אַז מע רופט מיך סאַלאָוויטשיק.

שימעלע סאָראַקער. און דער „יאַט" אויך מיט זיי?

סאַלאָוויטשיק (דאָס לעצטע ביסעל איינגעמאַכטס). משטאָ זאַ וואָפּראָס?

שימעלע סאָראַקער. ער טאַקי, דער אַלטער הייסט עס, האָט אייך אַליין געזאָגט?

סאַלאָוויטשיק. טאַקי ער אַליין, דער אַלטער הייסט עס, האָט דאָס מיר געזאָגט: „מיר'ן זיין, זאָגט ער, ביים הערר סאָראַקער מיט אַ וויזיט, זאָגט ער, אפשר נאָך היינט, — פּאָרט, זאָגט ער, געוועזן אַ מאָל אונזערער אַ שכן"...

שימעלע סאָראַקער. טאַקי מיט דעם לשון? (צום ווייב). גענע זעה, ס'זאָל זיין אַלסדינג... (עטוי-מעני אָפּ).

סאָלאָווייטשיק. טאָקי מיט דעם לשון און מיט די ווערטער — איך זאָל אַזוי לעבען מיט אייך און מיט אייער ווייב!... וואָס מיינט איהר — סאָלאָווייטשיק איז עפּיס אַ יונגעלע?... נישמעהר, איך האָב מיט אייך צו רעדען נאָך אַ פּאָר ווערטער אויג אויף אויג. (צו די יונגע לייט). איזווינימיע!... (נעמט שימעלען אויף אַ זייט). שלשה דברים — צוויי ווערטער. (ביידע שטעהען גאָהענט צו דער ראַמפּע).

שימעלע סאַראַקער (צום שדכן). איך ווייס פריהער, וואָס איהר ווילט מיר זאָגען. איהר ווילט רעדען מיט מיר מכח'ן נדן, וויפיעל איך געב?

סאָלאָווייטשיק (רעדט שטיל). זאָלט איהר מיר געזונט זיין, וואָס פאַר אַ חכם איהר זענט! און איהר מיינט אודאי, אַז דאָס ווילען זיי וויסען? אָדער דער חתן? באַזשע סאָחראַני! גלאַט אַזוי... ווייבאלד עס האַלט שוין אַזוי נאָהענט, אַט־אַט, איז טאַמער, פּאַנימאַיעטיע, מע טהוט מיך אַ פרעג, זאָל איך ניט בלייבען שטעהן, ווי אַ לעהמענער גולם...

שימעלע סאַראַקער. איהר ווייסט גאַנץ גוט, זי איז ביי מיר איינע, און איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר איז עס איננאַנצען איהרס...

סאָלאָווייטשיק. פון דעסטוועגען, באָלי־מעני?...

שימעלע סאַראַקער. פופציג טויזענד ליגט גרייט אין טשאַסנע קאָמערטשעסקי באַנק, דאָס הייסט, ליגען ליגט דאַרטען דריי מאָל פופציג טויזענד, נאָר פופציג טויזענד — דאָס איז פאַר דער טאָכטער בעזונדער, און אַזוי ווי זי איז ביי מיר איינע, איז איבער הונדערט צוואַנציג יאָהר, אַז מע וועט אַ רוף טהון אַהין, זייט זשע מוחל, עמך... (ביידע יונגע לייט הערען זיך צו).

ס אָ ל אָ װ ײ ט ש י ק (שלאָגט איהם איבער). טשעפּוחא! װער רעדט פון אַזעלכע זאַכען? איהר װעט נאָך, אם ירצה השם, לעבען און לעבען! איהר ד אַ ר פ ט לעבען, װאָרום איהר טהוט אַ סך גוטס. מע װײסט — גוטס לאָזט זיך הערען... סליעדאָװאַטעלנאַ, פופציג טױזענד — דאָס איז מזומן?

ש י מ ע ל ע ס אָ ר אָ ק ע ר. קלאַפּ און צעהל. ביי מיר איז ניטאָ קיין מאַניפּאַרגעס, פּוסטע דבורים, צוזאָגעכצען. ביי מיר, אַז איך זאָג געבען, געב איך. עס איז, פאַרשטעהט איהר מיך, עמך!...

ס אָ ל אָ װ ײ ט ש י ק. אָדנים סלאָוואָם — מיר האָבען שוין פון אַלסדינג אָפּגערעדט. סליעדאָװאַטעלנאַ, קאָן איך שוין געהן װײטער. איך דאַרף נאָך לויפען און לויפען, רעדען און רעדען. זייט מיר געזונד און מאַכט גוטע געשעפטען! פּראָשטשאַיטיע! אם ירצה השם, אין גיכען אויף אַ קנס־מאָל... (צו די צװײ שותפים) אייך װינש איך צו האַלבע מיליאָן אויף אַ חלק, און אייער שותף — אַ גאַנצען מיליאָן! דאָסווידאַניאַ, פּראָשטשאַיטיע! (אָפּ).

ש י מ ע ל ע ס אָ ר אָ ק ע ר (צו די יונגע לייט). האָט קיין פאַראיבעל ניט — ביי מיר אַ שטוב, קיין עין הרע, אַלע מאָל נייע מענטשען מיט נייע געשעפטען... איצט דאַרף מען זיך אַ נעם טהון צו אונזער אייגענעם געשעפט. (טהוט אָן די ברילען, פערקאַטשעט די אַרבעל, געהט צום טיש). בעדאַרף מען, הייסט עס, טהון אַ דעליקאַטנע אַרבייט — לעגען דעם טאַטען. (שרייבט זיך אונטער אויפ'ן פּאַפּיער. נאָך איהם שרייבען זיך אונטער ביידע שותפים). און איצט בעדאַרף מען, הייסט עס, אייך געבען די ממתקים... דאָס ביסעל מינץ... (געהט צו דער אייזערנער קאַסע). דאַרף איך אייך אָבער זאָגען, מיינע ליעבע שותפים, אַז קיין מזומן געלט, ניט אויסגערעדט זאָל זיין, האָב איך ניט... איין אייזערנע קאַססע האָב איך טאַקי, נאָר אַזעלפע געלטען האַלט איך נישט ביי זיך אין דער היים. דערויף איז דאָ, פאַרשטעהט איהר מיך, אַ באַנק... (עפענט אויף די קאַסע, נעמט אַרויס אַ טשעק־ביכעל). די טשאַסנע קאָמערטשעסקי באַנק. דאָרטען

האַלט איך מיין גאַנצען קאַפּיטאַל, און ווען איך דאַרף, און וויפיעל איך בעדאַרף — שרייב איך אויסעט אַ טשעק, גיט מען מיר... (לעגט אַוועק דאָס טשעק־ביכעל אויפ'ן טיש). נאָר וואָס דען? אַז עס קומט צו שרייבען רוסיש, בין איך קורץ אין דער עברי. דערויף האָב איך אַ טאָכטער, איז זי ביי מיר, ווי איהר ווייסט שוין, מיין גאַנצער בוכהאַלטער. (עס קומט אַן עטי־מעני). טהו נאָר אַ רוף אַהער ביילקען אויף אַ מינוטקעלע. זי דאַרף מיר עפּיס אָנשרייבען.

ע ט י ־ מ ע נ י. איזאַבעלעטשקע? מיר דאַכט, אַז זי איז ניטאָ אין דערהיים. אַט וועל איך געהן אַ קוק טהון. (געהט אַפּ).

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר. נישט גוט, הערט איהר, אַז מען איז אַ בלינדער מענטש... אַז מע קאָן ניט שרייבען קיין רוסיש, איז נאָך ערגער, ווי אָהן אַ ברילל... (פּויזע). אָדער שאַ? ווייסט איהר וואָס? אפשר וואָלט געוועזן אַ סברה, אַז איהר זאָלט זיין אַזוי גוט, אָן האָט איהר אייך אַ טינט און פּעדער, און זיך מטריח זיין טאַקי אַליין אויסשרייבען אַט־אָ־דעם טשעק? ווער פון אייך קאָן בעסער שרייבען? (וויגדאָרטשוק און רובינטשיק טהוען זיך ביידע אַ וואָרף צום שרייב טיש. וויגדאָרטשוק נעמט זיך צום טינט און פּעדער. שימעלע טהוט אָן די ברילען, טייט מיט'ן פינגער אין טשעק־ביכעל, ווי אַ מענטש, וואָס איז קלאָהר אין הלכות טשעקס). אַט דאָ, אין דער רעכטער האַנד, זעהט איהר? זייט זשע מוחל, שטעלט אַוועק מיט ציפער פופצעהן טויזענד... איין איינס, מיט אַ פינף, מיט דריי — יאָ, מיט דריי נולען. אַט אַזוי... און דאָרטען, אונטען, שטעלט אַוועקעט מיט ווערטער פּעטנאַצעט טיסיאַטשי... רובליי דאַרף מען ניט — סע שטעהט שוין. אַט אַזוי... האָט איהר געשטעלט? אַצינד גיט, זייט מוחל, די פּען אַהערצו, וועלען מיר ווידער אַ מאָל אוועקלעגן דעם טאַטען. (פערקאַטשעט ווידער די אַרבעל, חתמ'עט פּאַוואָלינקע, שוויצט). אוף! פּשוט איינגעמידט זיך היינט שרייבענדיג. (פאָכט מיט'ן טשעק אין דער לופטען). און ווער איז שולדיג? — טאַקי מיין טאַטע אַליין. ער, עליו השלום, האָט נישט געוואָלט

מיך לערנען שרייבען. מיך מע זאָל געווען לערנען שרייבען, וואָלט איך געווען איין שרייבער אין דער וועלט! אַ סימן האָט איהר — נעמט דאָס גרעסטע געשעפט אין דער וועלט, וועל איך עס אייך אַרומנעמען מיט'ן קוק...

וויגדאָרטשוק (געזעגענט זיך). ס'איז ביי אייך זעלטענע פעהיגקייטען!

רובינטשיק (געזעגענט זיך). אַ טאַלאַנט! אַ בעזונדערער טאַלאַנט!

שימעלע סאָראָקער (שטאַרק צופריעדען. קוועטשט זיי די האַנד). טאַקי? איין עבירה וואָס מיין אידינע איז דאַ ניטאַ. זי וואָלט האָטש געהערט, וואָס לייט זאָגען... (גיט איבער דעם טשעק צו וויגדאָרטשוקען. רובינטשיק קוקט אין איהם אַריין. וויגדאָרטשוק דערלאַנגט דעם חבר אין זייט אַריין מיט'ן עלענבויגען, לעגט אַריין דעם טשעק צו זיך אין טויסטער אַריין, ווערד בעמערקבאַר נערוועז, פערשפּי־לעט זיך און קלויבט זיך געזעגענען).

וויגדאָרטשוק. מיר האָבען צוגענומען ביי אייך אַזוי פיעל צייט...

רובינטשיק. און אָנגעדולט אַ קאָפּ...

שימעלע סאָראָקער. וואָס רעדט איהר? מיר האָבען דאָך עפּיס געמאַכט אַ געשעפט מיט גאָט'ס הילף!

וויגדאָרטשוק. און אַ גוט געשעפט דערצו!

רובינטשיק. אַ גלענצענדעס!

שימעלע סאָראָקער. הייַנט וואָס זשע רעדט איהר? ווי באַלד אַזוי, מוז מען פאַר'ן אָוועקגעהן אויסטרינקען האָטש נאָך צו גלעזלעך פון אַט דעם דאָזיגען ווישניק (גיסט אָן דריי גלעזלעך שטעהענדיג) און צו־ווינשען זיך, אַז דער האַלבער מיליאָן זאָל זיך ביט לאָזען לאַנג וואַרטען און די שטאָדט זאָל וויסען, וואָס הייסט עמך!... (קלינגען מיט די גלעזער, טרינקען שטעהענדיג). אַצינד קאָנט איהר געהן געזונטערהייד און זייט מצליח... (וויגדאָרטשוק און רוביג־

טשעק געזעגענען זיך העפליך, געהען אפּ. שימעלע בעגליוט זיי צו דער טהיר. — אין אַ האַלבע מינוט קומט אַריין עטי־מעני). אַט באַלד קומט אהער ביילקע. (קוקט זיך ארום). און וואו זענען די צוויי שלים־מזל׳ען? שוין אוועקגעגאַנגען? און ווער האָט דיר אָנגעשריבען דאָס, וואָס מע דאַרף? צי דו האָסט דאָס אָפּגעלעגט אויף איין אַנדערש מאָל?

שימעלע סאַראַקער. וואָס פאַר אָפּלעגאַכטסען? איך האָב פּיינט אָפּלעגען! ביי מיר איז אומר ואוכל — אויפגע־נייהט און אויסגעפּרעסט! עמך!...

עטי־מעני. ווער זשע האָט דיר אָנגעשריבען?

שימעלע סאַראַקער. טאַקי זיי אַליין. איך האָב געזאָגט און זיי האָבען געשריבען.

עטי־מעני (אַ פּלעסק מיט די הענד). זיי האָבען געשריבען? ווער וויים, וואָס זיי האָבען דיר דאָרטען אָנגעשריבען. האָסט ניט געקאָנט וואַרטען אויף איזאַבעלעטשקען? (אויף די ווערטער קומט אַן ביילקע).

ביילקע. איך בעט אייך, רופט מיך ניט איזאַבעלעטשקע, רופט מיך ביי מיין אמת׳ן נאָמען ביילקע, אַזוי ווי איך הייס!

עטי־מעני. שוין! אַט האָסט דו דיר די אַנדערע טעג יום טוב! מיר זענען דען די, וואָס מיר זענען געווען?

ביילקע. אַט דאָס איז טאַקי די צרה, מאַמע, וואָס מיר זענען ניט די, וואָס געווען. דאָס הייסט, זיין זענען מיר טאַקי די אייגענע וואָס געווען, נאָר מיינען מיינען מיר, אַז מיר זענען ניט מיר... דעריבער טהוען מיר ניט דאָס, וואָס מע דאַרף, געהען ניט אהין, וואו מע דאַרף, און נעמען אויף ניט דעם, וואָס מע דאַרף, און דער וואָס איז אונזער גליכען און אונזער אמת׳ער פריינד — יענעם לאָזען מיר איז שטוב ניט אַריין...

ע ט י ־ מ ע נ י (צום מאַן). עפּיס רעדט זי פאַרשטעלט, אַזוי מאָדנע, אַז מע קאָן גאָרנישט פאַרשטעהן!...

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר (צום ווייב). ווי קומסטו דו צו פאַרשטעהן, אַז מיר רעדען? (צו דער טאָכטער). פון דעסטוועגען איינס צו אַנדערען געהער זיך ניט אָן — אַז מע׳ט אונז איינלאַדען צו די פיינערס מיט אַ וויזיט, און ווער שמועסט, אַז זיי וועלען אַליין זיין ביי אונז מיט אַ וויזיט, וועסטו מסתמא זיך ניט אָפּזאָגען מיט אונז מיטצוגעהן — פּאָרט רב אשר פיין!

ב י י ל ק ע. דאָס וועלען מיר זעהן... מיר׳ן זיך נאָך בעטראַכטען — אָדער איך׳ל מיטגעהן, אָדער איך׳ל ניט מיטגעהן...

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר (אויפגעבראַכט). וואָס הייסט, דו וועסט ניט מיטגעהן? און וואו בין איך? בין איך אַ טאַטע, צי ניין?

ע ט י ־ מ ע נ י (וויל מאַכען שלום). ווייס איך וואָס, זעהט נאָר אַביסעל! איידער מע האָט געחאַפּט דעם בער, קריעגט מען זיך שוין פאַר דער פעל... די פיינערס זענען נאָך דערווייל ביי אונז נישט געווען, און אונז האָט מען נאָך נישט גערופען, און צו מעלער ברעכען איז נאָך ווייט....

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר (נאָך מעהר אין כעס). מזל טוב! אַט איז זי אויך דאָ! (צום ווייב). ווער בעט דיך פאַר אַ רודף־שלום־ניצע? (צו דער טאָכטער). מיר וועלען זיך מיט דיר ניט קריעגען, ווי מיר האָבען זיך ניט געקריעגט ביז אַהער קיין מאָל... מיר, עמך, ווייסען, אַז מיט גוטען מאַכט מען תמיד בעסער ווי מיט בייזען... דו זאָג מיר, טאָכטער, וואָס איז מיט דיר דער מעהר, וואָס זינט גאָט האָט מיך בעגליקט מיט׳ן גרויסען געווינס, זעה איך ניט, דו זאָלסט זיין צופריעדען, אויפגעלעגט, גליקליך, עפּיס גלייך ווי גאָרנישט איך האָב אויסגענומען דעם הויפּט־טרעפער...

ב י י ל ק ע. וואָס האָסט דו געוואָלט? איך זאָל טאַנצען אין די גאַסען?...

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר. ווער זאָגט דען טאַנצען אין די גאַסען?... איך מיין, דו וואָלסט בעדאַרפט עפּיס אַזוי... (ווייזט מיט די הענד). עפּיס לעבען... עפּיס, עפּיס — עמך...

ב י י ל ק ע. איכ׳ל דיר זאָגען דעם גאַנצען אמת, טאַטע. אַז דו צווינגסט מיך, איך זאָל דיר זאָגען, וועל איך דיר זאָגען... עס געהט מיר ניט איין... ס׳איז מיר קיין זאַך ניט ליעב... קיין זאַך ניט טייער... אַלסדינג איבער נויט... יעדע זאַך מיט געוואַלד... דעם, וואָס איך וויל זעהען, קאָן איך ניט... דעם, וואָס איך זעה, וויל איך ניט... איך קאָן מיין האַרץ ניט עפענען, וואָרום איהר׳ט מיך ניט פאַרשטעהן... איהר ווילט מיך ניט פאַרשטעהן און קאָנט מיך ניט פאַרשטעהן, וואָרום דאָס גרויסע געווינס האָט אייך אַזוי דעם קאָפּ פאַרדרעהט, אַז איהר זעהט ניט די וועלט פאַר זיך... וואָס איז ווייס זעהט אייך אויס שוואַרץ, און וואָס שוואַרץ זעהט אייך אויס ווייס...

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר. קומט אויס, אַז ס׳איז גאָר איין אומגליק, וואָס איך האָב אויסגענומען דאָס גרויסע געווינס?...

ב י י ל ק ע. פאַר וועמען ס׳אַ גליק, פאַר וועמען איין אומגליק... אייער גליק איז מיין אומגליק... (כמעט דורך טרערען).

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר (חזר׳ט איבער איהרע ווערטער) אונזער גליק איז איהר אומגליק... (צום ווייב). וואָס זאָגסט דו דער־רויף? פאַרשטעהסט עפּיס אַ וואָרט?

ע ט י ־ מ ע נ י (צום מאַן). דו זאָגסט דאָך, אַז נאָר איך פאַר־שטעה ניט, און אַז דו פאַרשטעהסט אַלסדינג... דאָס זאָגט זי דיר, זי גיט דיר אַנצוהערעניש, אַז זי וויל ניט מיטגעהן צו די גבירים — זי האָט זיי פיינט....

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר (חזר׳ט איבער איהרע ווערטער). דו? און א י ך זאָג אַנדערש! (העכערט מיט אַ טאָן). איך, אַז איך זאָג געהן — געהט מען! (אַ זעץ אין טיש). עמך!... שער און אייזען!...

ב י י ל ק ע (האַפּט זיך ביים קאָפּ). אומגליקליכע וואָס איך בין! (אַנטלויפט).

ע ט י ־ מ ע נ י. נו? צו וואָס האָסט דו עס בעדאַרפט? צערייצט אַ קינד...

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר (האַפּט זיך אויף ווי איין אָפּגע־בריהטער). פעטי־מעטי! ברענג מיך ניט אריין אין כעס!...

ע ט י ־ מ ע נ י. זאָג מיר נאָר, וואָס סטראַשעסט דו מיך מיט דיין כעס?

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר. דרך ארץ! האַלט ס'מויל! דאַכט זיך, דו ווייסט, ווער איך בין? עמך!!...

ע ט י ־ מ ע נ י זעה נאָר, ווער עס האַלט זיך גרוים! נאַדעל־פאַדעם האָט דיר געלאַזט געריסען!...

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר (אויסער זיך). מיר זאָגסט דו אַזעלכע ווערטער?! מיר?! וואָס אַ יעדער נעמט אַראָפּ דאָס היטעל, אַז איך געה אין גאַס?!

ע ט י ־ מ ע נ י. יעדער, נאָר ניט איך, ביי זיך ביזט דו אפשר אַ פּריץ, ביי מיר — אַ שניידער אַ פּאַלגוץ!

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר. שווייג, דו צרה, וואָרום איך וועל דיר ווייזען, ווער איך בין!

ע ט י ־ מ ע נ י. ווער די כפּרה — דו קאָנסט דאָס ניט דער־לעבען!

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר. טפו זאָלסטו ווערען!

ע ט י ־ מ ע נ י. טפו זאָלסט דו ווערען! (עס עפענט זיך די טהיר און עס בעווייזט זיך מענדעל דער לאַקיי).

מ ע נ ד ע ל ד ע ר ל אַ ק י י (קייעט). אין זאַל וואַרטען אויף אייך געסט.

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר (אַ האַפּ־אויף). געסט?

ע ט י ־ מ ע נ י. וואסערע געסט?

מ ע נ ד ע ל  ד ע ר  ל א ק י י. דער הערר פיין, די מאדאם פיין...

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר (מיט א מאל אויסגעניכטערט זיך). וואס זשע שוויינסט דו? (צום ווייב). ערנעסטינע יעפימעוונע! הײם שטעלען דעם סאמאוואר! הײם דערלאנגען ווישניק און וויין און איינגעמאכטס, אלערליי איינגעמאכטסען!... (וויל זיך לאזען געהן).

ע ט י ־ מ ע נ י (שלעפט דעם מאן צוריק). וואוהין פליהסט דו? אין א חלאט ווילסט דו אויפנעמען אזעלכע געסט? (צום לאקיי). וואס שטעהסט דו, ווי א לעהמענער גולם? זעהסט דאך, דער בעל־הבית געהט אין חלאט. טראג איהם אריין אהער די קאפאטע! (מענדעל אפ). און איך וועל דערווייל געהן אויפנעמען די געסט. (מאכט זיך צורעכט אקעגען שפיעגעל, געהט אפ. — מענדעל דער לאקיי ברענגט א שווארצען סורדעט, טהוט־אן דעם בעל־הבית. שימעלע פער־שפיליעט זיך אויף אלע קנעפלעך, בויגט זיך און בייגט זיך, מאכט א רעפעטיציע, ווי אזוי ער וועט אריינקומען און פארשטעלען זיך פאר די געהויבענע געסט. הינטער זיינע פלייצעס מאכט איהם מענדעל נאך מיט אלע פישטשעווקעס. מיט ברייטע טריט לאזט זיך שימעלע סאראקער צו דער טהיר. מיט די זעלבע טריט געהט נאך מענדעל. — דער פארהאנג פאלט).

ענדע פונ'ם צווייטען אקט.

---

## דריטער אקט.

### ע ר ש ט ע ס   ב י ל ד.

אַ פּאַדער־צימער, פערצויגען מיט אַ צווייטען פאָרהאַנג, אַזוי אַז ווי נאָך דאָס ערשטע בילד איז צו ענדע, הויבט זיך באַלד אויף דער צווייטער פאָר־האַנג, און דאָס צווייטע בילד פון דריטען אַקט קאָן אָנהויבען צו געהן זיין וועג גלייך, אָהן אַנטראַקט. — דאָס פּאַדער־צימער דאַרף זיין לאַנג געצויג, ענטהאַלט אַ טישעל מיט אַ שפּיעגעל, אַ הענגער און אַ קאָרב אויף שטעקלעך מיט שירעמס. אַ וואַנד־זייגער און אַ פּאָר שטוהלען פון שטרוי. אויפ'ן פאָרהאַנג אַ צוגעמאכטע טיר, געמאָהלט. איינער אָדער צוויי אריינ־גאַנגס פון די זייטען. — ביי דער אויסגעמאָהלטער טיר שטעהט מ ע נ ־ ד ע ל   ד ע ר   מ ש ר ת. נעבען איהם, אין אַ פּאָזע פון אונטער־טעניגקייט, שטעהען ביידע שניידער־יונגען, מ אַ ט ע ל   ק א ס אַ י און ק אָ פּ ע ל   פּ אַ ל ב אַ ן, ווישען זיך דעם שוויים, דינגען זיך מיט מענדעל דעם לאַקיי, וואָס האַלט די הענד אין די קעשענעס, קייעט און זעהט אויס, ווי אַ מענש, וואָס האָט אַ סך צו זאָגען.

מ ע נ ד ע ל. ווי איהר זעהט מיך אַ שווימענדיגען, ביי איין אנדערען וואָלט איך ניט גענומען פאַר אַזאַ זאַך — איהר זאָלט מיר אַנשיטען אַט די שטוב מיט גאָלד. און ערשט נאָכדעם וואָלט איך איהם געגעבען דעם וועג. ווארום... ווארום איהר ווייסט גאָרניט, וואָס פאַר אַ שטרענגער בעל־הבית דאָס איז! (ביידע יונגען איבער־ראַשט).

מ אַ ט ע ל   ק א ס אַ י. שימעלע סאראקער אַ שטרענגער בעל הבית? איהר טרייבט קאַטאָוועס!

ק אָ פּ ע ל   פּ אַ ל ב אַ ן. איהר מאַכט פון אונז חוזק!

מ ע נ ד ע ל   ד ע ר   ל אַ ק י י. חוזק? לאָז יענעם אויס־וואַכסען אַ חוזק אויף דער נאָז! ער האָט מיר אָנגעזאָגט אפשר

טויזענד מאָל, אַז אַ איד פון אַ גאַנץ יאָהר, וואָס געהט ניט רייך אָנגעטהאָן, זאָל ניט אריבערטרעטען די שוועל... און טאָמער אַ בעל־מלאכה, למשל, אַ שניידער — זאָל איך איהם טרייבען האַלז אין נאַקען! (ביידע יונגען שטויגען).

מ א ט ע ל ק א ס אַ י (צום חבר). וואָס זאָגסט דו דערויף? וואָלסט זיך געגלויבט, אשטייגער?

ק אַ פּ ע ל פּ אַ ל ב אַ ן. אַ מענטש בייט זיך. בעקומט מען געלט, ווערד מען אַ בורזשוק גלייך מיט אַלע בורזשוקעס.

מ א ט ע ל ק אַ ס אַ י (נעמט אַרויס דאָס בייטעלע, קראַצט אַרויס אַ מטבע, גיט איבער דעם לאקיי). נאַט אייך, לאָז שוין זיין, ווי איהר זאָגט...

ק אַ פּ ע ל פּ אַ ל ב אַ ן. אַבי געהט און רופט זי אַרויס אַהערצוצו.

מ ע נ ד ע ל ד ע ר ל אַ ק י י (בעטראַכט די מטבע, בעהאַלט אין קעשעני). איז וועמען, זאָגט איהר, זאָל איך אַרויסרופען? נאָר זי, די באַרישני, הייסט עס, צי...?

מ אַ ט ע ל ק אַ ס אַ י. נאָר זי. נאָר זי.

ק אַ פּ ע ל פּ אַ ל ב אַ ן. קיין אַנדערען דאַרף מען ניט!

מ ע נ ד ע ל ד ע ר ל אַ ק י י. און וואָס זאָל איך איהר זאָגען?

מ אַ ט ע ל ק אַ ס אַ י. זאָגט איהר, אַז צוויי בחורים וואַרטען אויף איהר, דאַרפען איהר זאָגען נאָר צוויי ווערטער.

ק אַ פּ ע ל פּ אַ ל ב אַ ן. ניט גלאַט בחורים, נאָר בחורים, וואָס האָבען געאַרבייט מיט איהר דריי יאָהר ביי איין טיש.

מ ע נ ד ע ל ד ע ר ל אַ ק י י (קייעט, בעטראַכט זיך). ניין. בחורים אליין טויג ניט. מאַלע וואָסערע בחורים ס'איז דאָ אויף דער וועלט! מע דאַרף האָבען נעמען! נעמען דאַרף מען!

מ אַ ט ע ל ק אַ ס אַ י. וויבאַלד אַזוי, טאַ זאָגט איהר: מאַטעל קאַסאַי און קאַפּעל פּאַלבאַן דאַרפען אייך זעהען.

קאַפּעל פּאַלבאַן. אויף צוויי ווערטער, נישט מעהר.

מענדעל דער לאַקיי (חזר'ט). מאַטעל פּאַלבאַן און קאַפּעל קאַסאַי, מאַטעל פּאַלבאַן און קאַפּעל קאַסאַי.

מאַטעל קאַסאַי (פערריכט איהם). ניט מאַטעל פּאַל־באַן און קאַפּעל קאַסאַי, נאַר פערקעהרט.

קאַפּעל פּאַלבאַן. מאַטעל קאַסאַי און קאַפּעל פּאַלבאַן.

מענדעל דער לאַקיי. אַהאַ! און דאָס וואָרט „בחורים" מוז געזאַגט ווערען נעפּרעמעננאַ? (ביידע בחורים הויבען אָן צו ווערען נערוועז).

מאַטעל קאַסאַי. דערווייל געהט דאָך ביי אייך אוועק די צייט.

קאַפּעל פּאַלבאַן. און עס קאָן אָנקומען ער אַליין...

מענדעל דער לאַקיי. פאר איהם האָט קיין מורא ניט — ער איז גאָר ניטאָ אין דער היים. געגאַנגען שפּאַציערען, גע־מאַכט אַ געשעפט, אַ גוואַלדאָוונע געשעפט! אָוועקגעקויפט אַלע טרעיאַטערס, וואָס אין שטאָדט! אַלע טרעיאַטערס וועלען שוין איצט זיין אונזערע... אז איהר וועט וועלען געהן אין טרעיאַטער, דאַרפט איהר פריהער אָנקומען צו אונז. (ביידע בחורים קוקען זיך איבער). און מיר, אַז מיר'ן וועלען, וועלען מיר אייך אַריינלאָזען, און אַז מיר'ן ניט וועלען, וועט איהר אַ ברירה האָבען שטעהן אין דרויסען... איהר שפּיעלט זיך מיט אונז? (זעהט, אַז די בחורים ווערען ניט נתפּעל פון דעם, פּרובט ער וויימער). דאָס ווייסט איהר, אַז מיר זענען רייכער פון די פּיינערס? זיי שלאָגען אונז אָפּ די טירען... פריהער האָבען זיי געשיקט צו אונז דעם שדכן דריי מאָל אַ טאָג... דערנאָך זענען זיי אַליין געקומען... אַלץ צוליעב'ן שידוך... זיי געהען אוים... זיי זענען גאָר די כפּרה נאָך אונזער באַרישני! און זייער בנ'אָק — ביז אַהער! (ווייזט אויף די אויהערען). נעמט איין אַ מיתה משונה! און זי אין איהם — אויך פערליאַפּעט.

מ א ט ע ל ק א ס א י. פערליעבט?

ק א פ ע ל פ א ל ב א ז. שוין לאנג? פון ווען אן?

מ ע נ ד ע ל ד ע ר ל א ק י י. פון ווען אן — ווייס איך ניט. נאר ס'איז טאג ווי נאכט ביי זיי קוצעניו־מוצעניו, אדער ער צו איהר, אדער זי צו איהם, און נאר געקאצקיט זיך, און נאר גע־סמאצקיט זיך... איז ווי אזוי זאל איך איהר זאגען? צוויי בחורים — קאטעל פאסאי, מאפעל פאלבאן? טפו! איך האב מיך פערפלאנ־טעט איבער אייך! אז איהר דרעהט מיר א מח!...

מ א ט ע ל ק א ס א י. זאגט ניט קיין נעמען; זאגט נאר „צוויי בחורים“ — און א סוף!

ק א פ ע ל פ א ל ב א ז. אבי איין עק זאל עס האבען!

מ ע נ ד ע ל ד ע ר ל א ק י י. ביי מיר האט איהר גע־פועל'ט. איך געה. נאר טאמער מאכט זיך, עס קומט אן אהער די חלירע...

מ א ט ע ל ק א ס א י. וואסער חלירע?

ק א פ ע ל פ א ל ב א ז. ער מיינט אודאי עטי־מעני'ן.

מ ע נ ד ע ל ד ע ר ל א ק י י. וואסער עטי־מעני? עטי־מעני פארגעסט! זי הייסט שוין ניט עטי־מעני, נאר ערנעסטינע יעפימעוונע. (געהט און קעהרט זיך אום צוריק). זיצט דערווייל אט־א־דא־א, אדער אט־א־דא. (בעזעצט זיי, געהט און קייעט און חזר'ט). מאקעל פאסאי, פאטעל פאלבאן, קאטעל פאסאי, מאפעל פאלבאן... (אפ. ביידע שניידער־יונגען זעצען זיך אוועק פארזיכטיג אויף די שטרויענע שטוהלען, רעדען צווישען זיך שטיל).

מ א ט ע ל ק א ס א י. א מאדנער לאקיי!

ק א פ ע ל פ א ל ב א ז. עפיס א חושים! (פויזע).

מ א ט ע ל ק א ס א י. ווער וועט אנהויבען פריהער, איך צי דו?

ק א פ ע ל פ א ל ב א ז. הויב דו אן פריהער, דערנאך וועל איך.

מ אַ ט ע ל ק אַ ס אַ י. ס'וועט קומען צו עפּיס, וועסט דו אויסהאַפּען פריהער.

ק אַ פּ ע ל פּ אַ ל ב אַ ן. איך וועל ניט חאַפּען. פון וואָס ווילסט דו אָנהויבען?

מ אַ ט ע ל ק אַ ס אַ י. איך וועל אָנהויבען אַזוי... (שטעהט אויף, הוסט זיך אויס, רעפּעטירט מיט א ציטערדיגער שטימע). „דאָס, וואָס מיר זענען געקומען, ביילקע, דאָס, וואָס ס'האָט אונז געבראַכט אַהער, געהער זיך ניט אַן מיט קיינעם"...

ק אַ פּ ע ל פּ אַ ל ב אַ ן. „נאָר מיט אייך אליין".

מ אַ ט ע ל ק אַ ס אַ י (צום חבר). נו, דו ווילסט רעדען, רעד דו! (זעצט זיך אוועק).

ק אַ פּ ע ל פּ אַ ל ב אַ ן. ניין, רעד דו, רעד!

מ אַ ט ע ל ק אַ ס אַ י. וואָס זשע שלאָגסט דו מיך איבער? (שטעהט אויף, הוסט זיך אויס, לעגט אוועק די האַנד אויפ'ן הארצען, רעפּעטירט ווייטער). „דאָ האַנדעלט זיך נאָר וועגען אייך, ביילקע, וועגען אייער גליק, וועגען אייער גורל אויפ'ן גאַנצען לעבען. ס'איז ניט אונזער עסק זיך אריינמישען אין פרעמדע געשעפטען — מיר ווייסען דאָס. נאָר מיר האָבען זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען מעהר, ווייל מיר זענען געוואוירע געוואָרען, אַז איהר פערבינדט זיך, אדער אנדערע פערבינדען אייך אויפ'ן גאַנצען לעבען מיט אַ מענטשען, וואָס איז אייך ניט ווערטה... ניט ווערטה צו זיין מיט אייך אונטער איין דאַך, צו עסהעמען מיט אייך איין לופט..."

ק אַ פּ ע ל פּ אַ ל ב אַ ן. גוט געזאָגט!... און אַז זי וועט דיך אַ פרעג טהון: אַקעגען וואָס איז דאָס געקומען צו רעד?

מ אַ ט ע ל ק אַ ס אַ י. וועל איך איהר זאָגען דעם גאַנצען אמת, אזוי ווי מיר האָבען זי ביידע ליעב שוין פון ווייט איך ווען אַן, מיר געהען אוים...

ק אַ פּ ע ל פּ אַ ל ב אַ ן. מיט ליעב און לעבען! (הערט זיך ־ו מיט איין אויער). שאַ! מיר דאַכט, זי געהט...

מ א ט ע ל  ק א ס א י (הערט זיך צו). ווער? ביילקע? (פערשפּילעט זיך אויף אלע קנעפּלעך, גרייט ארויסצוטרעטען, הוסט זיך אויס. — עס קומט אַן ב י י ל ק ע . די יונגען געהען אקעגען).

ב י י ל ק ע (ציהט זיי אויס ביידע הענד). גוט, וואס איהר זענט געקומען! גאט אליין האט אייך געבראכט!... וואו זענט איהר געוועזן ביז אהער? כ'האב שוין אלע אויגען ארויסגעקוקט אויף אייך! איך האב שוין פערלוירען די האפענונג...

מ א ט ע ל . וואס ווייסט איהר, ביילקע, נשמה'ניו, די צרות וואס מיר האבען?

ק א פּ ע ל . מע לאזט דען צו צו אייך?

ב י י ל ק ע . ווער?

מ א ט ע ל . אט דער שומר ישראל אייערער!

ב י י ל ק ע . אך! וואס ווייסט איהר, וואס פאר א שטוב ס'איז געוואָרען! און מיינע צרות האבען דען א שיעור? !

מ א ט ע ל . מיר שלאגען זיך צו אייך שוין פון ווייס איך ווען, שלאגען מיר זיך...

ק א פּ ע ל . ווי דורך אייזערנע טויערען...

מ א ט ע ל (צו קאפּלען). שלאג זשע מיך ניט איבער! (קאפּעל ווערד אַנשווייגען). מיר האבען אייך געוואלט זאגען... איהר ווייסט ניט, ווי אזוי איהר זענט אונז טייער, אונז איינגעבאקען אין הארצען!...

ק א פּ ע ל . ווי א שוועסטער! ווי איין אייגענע שוועסטער!

ב י י ל ק ע . ניט דאס... ניין... ניט איצט איז די צייט דער־צויף... איצט דארף מען מיך ראטעווען.

מ א ט ע ל . מיר זענען גרייט פאר אייך אויף אלסדינג!

ק א פּ ע ל . אין פייער און אין וואסער!...

ב י י ל ק ע . אט, אט, אט! אט דאס איז דער עיקר! איהר דארפט מיר העלפען זיך ראטעווען פון דאנען, ארויסראטעווען פון

דער דאָזיגער שטובן איהר ווייסט ניט, וואָס פאַר אַ שטוב ס'איז געוואָרען! און וואָס פאַר אַ מענטש דער טאַטע איז געוואָרען! זינט ער האָט אויסגענומען דאָס גרויסע געווינס, איז איהם ניט צו דער־קענען! איך האָב איהם קיין מאָל ניט געזעהן אַזוי אין כעס... איצט — אַ מינדסטע זאַך, ווערד ער אויפגערעגט מיט סכנות! לאָזט קיין וואָרט ניט רעדען! קיין קאָפּ ניט אויפהויבען! און דער עיקר — ער וויל מיך פערשלייערען פאַר אַט־אַ־דעם־אַ... (פערשטעלט זיך).

מ א ט ע ל. מיר ווייסען! מיר האָבען שוין געהערט! מיר ווייסען אַלסדינגן...

ק אַ פּ ע ל. אַט דער בורזשוק? — ניט דערלעבען זאָל ער!...

ב י י ל ק ע. ער איז דאָ געווען ניט לאַנג... זיי זענען דאָ אַלע געווען... געבעטען אונז צו זיך... צוגעזאָגט, אַז מיר'ן זיין... האָב איך אָבער געזאָגט דערנאָך, אַז איכ'ל ניט זיין — האָט דער טאַטע אונז אָפּגעשפּיעלט אַ וויוואַט — ס'איז געווען אַלסדינג: געשרייען, און טרערען, און וואָס איהר ווילט... נאָר איך האָב זיך אוועקגעשטעלט איין מאָל פאַר אַלע מאָל — ניין, און ניין, און ניין! וואָס בין איך? עפּיס אַ קוקלע, וואָס איכ'ל זיך לאָזען קויפען, צי פאַרקויפען?...

מ אַ ט ע ל און ק אַ פּ ע ל (ביידע). גערעכט!... זעהר גערעכט!

ב י י ל ק ע. איך וועל ניט געהן! — איך וועל ניט געהן אין ערגיץ!... איכ'ל אַנטלויפען פון זיי! איכ'ל לויפען אין דער וועלט אריין — וואוהין די אויגען וועלען מיך טראָגען! דעם דריי־טען טאָג אַ שטיקעל ברויט — אַבי ניט... (פערשטעלט זיך מיט ביידע הענד דאָס פּנים, ווײנט שטיל).

מ אַ ט ע ל. ביילקען! נשמה'ניו! האַרצעניו! וויינט ניט! מיר'ן אייך העלפען!

ק אַ פּ ע ל. אין פייער און אין וואַסער!

ב י י ל ק ע (אויפגעלעבט). וועט איהר מיר העלפען? איך האב געוואוסט, אז איהר וועט מיר קומען צו הילף!... איך וויל זיי אנלערנען!... טאקי מיין טאטען מיט מיין מאמען וויל איך אנ־לערנען!... איך וויל זיי אנשרעקען! מאכען א סקאנדאל!... אנט־לויפען! אין מיטען נאכט אנטלויפען!... ניט ווייט, אין דער צווייטער שטאדט, אין דער ערשטער סטאנציע — נאר אנטלויפען!... אוי, וועלען זיי זיך איבערשרעקען! אוי, וועלען זיי מיך זוכען! דער־מאלט וועל איך אויספיהרען אלץ, וואס איכ'ל וועלען!...

מ א ט ע ל. אוי, לעבען זאלט איהר, ביילקע, וואס פאר א חכמה איהר זענט!

ק א פ ע ל. קלוג ווי די וועלט!

ב י י ל ק ע. וועט איהר מיר העלפען לויפען?

מ א ט ע ל און ק א פ ע ל. ווען?

ב י י ל ק ע. האטש אפילו היינטיגע נאכט!... זיי וועלען אוועקגעהן אהין, איך וועל בלייבען אליין... וועט איהר זיין גרייט אט דא אונטער מיין פענסטער (ווייזט מיט דער האנד). איהר דארפט צוגרייטען א פוהר... און איהר דארפט דאך געלט. (נעמט זיך צו דער קעשעני).

מ א ט ע ל א ו ן ק א פ ע ל (ביידע). וואס געלט? ווער געלט? מע דארף ניט — מיר האבען געלט!...

ב י י ל ק ע. געדענקט זשע, ווי באלד זיי געהען אוועק, עפען איך דאס פענסטער... אוי, די מאמע געהט! (טהוט זיך א ווארף אין איין זייט. פון דער אנדערער זייט קומט אן ע ט י ־ מ ע נ י. ביידע בתורים בלייבען ווי געלעהמט).

ע ט י ־ מ ע נ י (בעטראכט זיי). זעה נאר! קאפעל? מאטעל? אודאי צו מיין מאן? וואס זשע מאכט איהר? ביי וועמען ארבייט איהר? פאר וואס זיצט איהר ניט? ממה נפשך, אז איהר זענט שוין דא, מעגט איהר זיך צוזעצען אויף א ווייל'ע... איהר ווילט זעהען מיין מאן? היינט קאנט איהר איהם ניט זעהען... מארגען אויך ניט...

איבערמאַרגען אויך ניט... מחמת ער איז תמיד זעהר באַשעפטיגט. ער האָט געמאַכט אַ קאָנטראַקט מיט אַ גאַנצער קאָמפּאַניע דאַר־טען... אַ געשעפט. אַ גרויס געשעפט. זעהר אַ גרויס געשעפט!...

מאַטעל קאַסאַי. יאָ, מיר ווייסען.

קאָפּעל פּאַלבאַן. מיר האָבען שוין געהערט.

עטי־מעני. וואָס האָט איהר געהערט?

מאַטעל קאַסאַי. אַז רב שמעון האָבען געמאַכט אַ גרויס געשעפט.

קאָפּעל פּאַלבאַן. אוועקגעקויפט די גאַנצע שטאָדט...

מאַטעל קאַסאַי. מיט אַלע טהעאַטערס...

קאָפּעל פּאַלבאַן. און מיט אַלע האָטעלען...

עטי־מעני (איבערראַשט). ווער האָט דאָס אייך געזאָגט?

מאַטעל קאַסאַי. אַלע זאָגען!

קאָפּעל פּאַלבאַן. די גאַנצע שטאָדט!

עטי־מעני. די גאַנצע שטאָדט?

מאַטעל קאַסאַי. פון איין עק ביז'ן אַנדערען.

קאָפּעל פּאַלבאַן. עס קאָכט, ווי אַ קעסעל!

עטי־מעני. קאָכען זאָל זיי אין האַרצען און אין בויך! פון וואַנען ווייסען זיי שוין אַזוי גיך? אַפּנים, דער שדכן האָט צע־פּויקט — אַט אַ לאַנגע צונג!... איז קאָנט איהר איהם, מיין מאַן, הייסט עס, איצטער ניט זעהען. נאָר אויב איהר דאַרפט איהם שטאַרק האָבען, קאָנט איהר זאָגען מיר.

מאַטעל קאַסאַי. מיר דאַרפען גאָרנישט ניט.

קאָפּעל פּאַלבאַן. מיר זענען אַריינגעקומען גלאַט אַזוי.

עטי־מעני. צוגאַסט, הייסט עס? מהכתיתי. זעהר שען פון אייך. אַנקוקען קאָן איך נישט אַט־אַ־יענע־אַ, די קבצנים, די שלעפּערס, גאָט זאָל ניט שטראָפען פאַר די רעד, וואָס וויפיעל מע

גיט זיי און וויפיעל מע טהוט זיי, איז זיי קארג, ווי איז א לעבעריגען זאק... האט איהר, הייסט עס, אלסדינג? עס טהוט מיר הנאה! און ס'איז זעהר פיין פון אייך, וואס איהר פארגעסט נישט אייערע אלטע בעלי־בתים. קומט אריין אמאל. ווייסט איהר ווען? אם ירצה שם, יום טוב... (ביידע בחורים קוקען זיך איבער, שטעהען אויף). דער־מאלט וועט מיין מאן זיין פריי... נאר איהר זאלט ניט רעדען מיט איהם פון דעם, וואס ס'איז געוועזן אמאל. ס'איז איהם ניט איינגע־נעהמען... איהר פארשטעהט דאך, קיין פינגער אין מויל דארף מען אייך ניט ארייגלעגען — איהר'ט איהם אפבייסען... (די בחורים רוקען זיך מיט'ן הינטען צו דער טיר, ווישען זיך דעם שוויים). געהט געזונטערהייד און זייט געזונט. געדענקט זשע, למען השם, יום טוב, אם ירצה שם, וועט איהר זיין אנגעלעגטע געסט. איך וועל אייך מכבד זיין מיט ווישניק און מיט איינגעמאכטס... געהט געזונט. זייט געזונט! (עטי־מעני געהט אפ רעכטס. די שניידער־יונגען נעמען זיך לינקס און אקוראט ביי'ם ארויסגאנג בעגעגענען זיי זיך מיט שימע־לע סאראקקער, וואס קומט אן פון גאס מיט'ן אויבער־ראק און מיט'ן שטעקעל).

שימעלע סאראקקער. א! ברוך הבא, געסט! וואס טהוט איהר דא אין מיטען מיטוואך שבת־צו־נאכטס? און פאר וואס זעהט מען אייך ניט די גאנצע צייט? וואס באהאלט איהר זיך? עמך — אונזער פאלק, שער און אייזען...

מאטעל קאסאי. צו אייך צוטרעטען איצט איז ווי צו א קייסער! מיר זענען דא געוועזן וויפיעל מאל, לאזט ער אונז ניט צו.

שימעלע סאראקקער. ווער?

קאפעל פאלבאן. אט דער ביינברעכער, דער משרת.

שימעלע סאראקקער. וואס הארכט איהר איהם? איהר געהט גלייך! איהר זענט דאך פון מיינע לייט — עמך!...

מ אַ ט ע ל  ק אַ ס אַ י. און ער זאָגט, אַז איהר האָט איהם אָנגעזאָגט, אַז טאָמער קומט צו געהן אַ שניידער, זאָל מען איהם געבען האַלז אין נאַקען...

ק אַ פּ ע ל  פּ אַ ל ב אַ ן. בשם אלקי ישראל — צו אַלדע שוואַרצע יאָהר!

ש י מ ע ל ע  ס אַ ר אַ ק ע ר (אויסער זיך). איך האָב אַזוי געזאָגט? איך? (חאַפּט דאָס גלעקעל און קלינגט ווי אויף אַ שרפה. עס קומט צולויפען ניט טוידט ניט לעבעדיג עטי־מעני).

ע ט י ־ מ ע נ י. ווער קלינגט דאָס? (דערזעהט די בחורים). איהר זענט נאָך דאָ? (די יונגען ווילען זיך אַרויסרוקען. שימעלע האַלט זיי צו).

ש י מ ע ל ע  ס אַ ר אַ ק ע ר. דאָס האָב א י ך געקלונגען... וואו איז ער ערגיץ, דער שענער לאַקיי, דער ליץ, דער שמינדער בגץ?...

ע ט י ־ מ ע נ י. וואָס איז דען? וואָס דאַרפסטו איהם?

ש י מ ע ל ע  ס אַ ר אַ ק ע ר. דאַרפען דאַרף איך איהם אויף טישטשע כפרות! איך האָב איהם נאָר געוואָלט געבען אַ וויסטען, אַ פינסטערען סוף — ער זאָל מיר אויפהערען טרייבען מענטשען פון שטובּ! (צו די יונגען). וואָס זשע מאַכט איהר עפּיס גוטס? שוין לאַנג פאַרבענקט זיך נאָך אייך... פאַרט געאַרבייט ביי איין וואַרשטעק אזא צייט... קומט אַריין, וועלען מיר אַ ביסעל זיצען, שמועסען, נעמען צו קאַפּעלע עמך...

ע ט י ־ מ ע נ י. משוגע מיינע שונאים! ווער וועט דיך לאָזען אַצינדערטאַ אפילו אַ טראָפּען צו די ליפּען? האָסט פאַרגעסען, אַז אָט בעדאַרפען מיר גרייטען זיך צו אַזאַ וויזיט?... (אַ קוק אויפ'ן זייגער). און ס'איז טאַקי צייט אָנהויבען אָנצוטהון זיך... מאַטעל און קאַפּעל וועלען קיין פאַראיבעל ניט האָבען — זיי זענען היימישע מענטשען — זיי וועלען בעסער אַריינקומען איין אַנדערס מאָל...

מ א ט ע ל  א ו ן  ק א פ ע ל  (צופריעדען, ביידע אינאווי־נעם). בעסער איין אנדערש מאל.

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר  (ציהט זיי אויס די האנד). פארגעסט זשע ניט דעם זיי געזונט און קומט אריין שבת... נאה געהט גלייך. פרעגט ניט קיינעם. קוקט ניט אויף דעם גיהנם־שמש, וואס ביי דער טיר. אז ער וועט אייך ניט צולאזען, זאלט איהר איהם ווייזען, ווער איז עמך!... (ביידע יונגען אפ אין איין זייט. שימעלע אפ אין דער צווייטער זייט. עטי־מעני קלינגט אין גלעקעל. עס קומט ארויס  י ו כ ב ד  ד י  מ ו י ד).

ע ט י ־ מ ע נ י . אט־דא־א, זעהסט דו, געה, ברענג די בארשט, קעהר אויס, רוים אויף און מאך, ס'זאל זיין ריין.

י ו כ ב ד  ד י  מ ו י ד  (קוקט זיך איין). אוואו? דא איז, דאכט זיך, גענוג ריין! וואס זאל איך דא קעהרען? וואס זאל איך רוימען?

ע ט י ־ מ ע נ י . מוידן מע זאגט דיר, זאלסט רייניגען — דארפסט דו רייניגען! האסט דאך געזעהען צוויי שלים־מזל'ען זענען דא נאר־וואס געזעסען, אנגעפאסקודעט מיט זייערע שטיוואלעס — שטעלט זי זיך אוועקעט פרעגען שאלות וואו און וואס! (יוכבד די מויד קנייטשט מיט די פלייצעס, געהט אפ. עס קומט אן ביילקע, דעם קאפ פערבונדען מיט א ווייסע פעטשיילע).

ב י י ל ק ע  (האלט זיך ביים קאפ). וואס איז דא פאר א קלינגעריי?

ע ט י ־ מ ע נ י . דאס האב איך גערופען די מויד אהער... (אונרוהיג). וואס האלסט דו זיך ביים קאפ, טאכטער?

ב י י ל ק ע . גאר ניט, מאמע, ס'וועט איבערגעהן...

ע ט י ־ מ ע נ י  (נאך מעהר אונרוהיג). פיהלסט דו ניט קיין פיבער, חס וחלילה? א קעלט אין לייב?

ב י י ל ק ע . קיין פיבער ניט, נאר אזוי א ביסעל קאלט...

ע ט י ־ מ ע נ י. פיהלסט דו ניט, ס'זאָל דיר ברעכען די ביינער? אדער ס'זאָל חלילה שטעכען אין א זייט?

ב י י ל ק ע. די ביינער זאָלען ברעכען — דאָס ניט. נאָר אין דער זייט שטעכט א ביסעל...

ע ט י ־ מ ע נ י (פערברעכט די הענט). וועה איז מיר — ס'איז די פלענציע! (עס קומט ארויס פון שטוב שימעלע מיט א ווייס העמד אריבער די הויזען, האַלט זיך ביים קאָלנער).

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר (דעם קאָפּ ארויף, זעהט ניט די טאָכטער). עטי־מעני — טפו! מיין איך ערנעסטינע יעפימעווגע! וואו ביזטו? וואָס פאַר א מין העמד האָסט דו מיר צוגעגרייט? מיט א קאָלנער אויף דערוואָרגען צו ווערען? עס שפּאַרען מיר ארויס די אויגען פון קאָפּ! האָטש טהו זיך אַן א מעשה! האָטש שריי עמך!

ע ט י ־ מ ע נ י. געה, טהו אויס, וועל איך דיר געבען איין אנדער העמד. וואָס דאַרף מען שרייען?

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר (האַלט זיך ביי'ם האַלז). דיר איז גרינג צו זאָגען איין אנדער העמד! ניט אהין, ניט אהער — א ריינער עמך!... (דערזעהט די טאָכטער). וואָס איז דאָס? דעם קאָפּ פערבונדען?

ע ט י ־ מ ע נ י. דאָס קינד איז ניט געזונט. זי האָט פלענציע...

ב י י ל ק ע. צו דער אינפלוענצי איז נאָך ווייט... א ביסעל ניט געזונט...

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר (פארגעסט אינ'ם קאָלנער). וואָס זשע שווייגט מען? פאַר וואָס לעגסט דו זיך ניט צו? לאָז מען שיקען נאָכ'ן דאקטאָר! (קלינגט).

ב י י ל ק ע. צו וואָס? מע דאַרף ניט. ס'וועט איבערגעהן אזוי... איך וועל זיך צולעגען — טאַמער וועל איך זיך איבערשלאָפען... מיך ניט וועקען...

ע ט י ־ מ ע נ י. לעג דיך צו, שלאָף געזונט, מ׳עט דיך ניט וועקען... (ביילקע אָפּ).

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר (בעאונרוהיגט, צום ווייב). אפשר וואָלטען מיר פאָרט געשיקט נאָכ׳ן דאָקטאָר? (עס קומט אָן מענדעל). געה, מענדעל, טהו א שפרונג אויף איין פוס, ברענג אהער דעם דאָקטאָר.

ע ט י ־ מ ע נ י. לאָז שוין זיין שפעטער, אז מיר׳ן קומען פונ׳ם וויזיט, איצטער לאָז זי בעסער שלאָפען... (צו מענדלען). מע דאַרף ניט רופען דעם דאָקטאָר. (מענדעל בלייבט שטעהן).

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר. טאָמער וואָלטען מיר אָפּ־געלעגט דעם וויזיט אויף איין אַנדערם מאָל?

ע ט י ־ מ ע נ י. ביי מיר האָסט דו גע׳פועל׳ט. איך דאַרף דעם וויזיט אינגאַנצען אויף כפרות...

ש י מ ע ל ע ס אַ ר א ק ע ר. וואָס הייסט? נו, און דער שדוך? געהאָרעוועט, געשלאָגען זיך קאָפּ אָן וואַנט, געאַקערט מיט דער נאָז די ערד. געקומען צום רעכטען שפּיץ, לאָזט זיך אוים עמך!...

ע ט י ־ מ ע נ י. וויבאַלד אזוי, געה זשע טהו זיך אָן! (עס קומט אָן יוכבד די מויד מיט אַ באַרשט, מיט א פלעדערוויש און מיט אַ נאַסע שמאַטע). זעה נאָר, אַ מויד! מע האָט איהר געזאָגט א ביסעל צוקעהרען, איז זי געקומען מיט׳ן גאַנצען קלאָפּערגעצייג!

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר. איז וואָס זשע זאָגסט דו? זאָל מען ניט שיקען נאָכ׳ן דאָקטאָר? (צום משרת). וואָרט אויס אַ ווײַלע! (צום ווייב). טאָמער איז דאָס טאַקי אינפלוענציע?

ע ט י ־ מ ע נ י. האָסט דאָך געהערט, אז דאָס קינד וויל שלאָפען... זי האָט געבעטען, מע זאָל זי ניט וועקען.

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר. נע מאָלע באַבאַ חלאָפּעטי — זיך געקויפט ליבאַ נאַ מפּטיר... צו וואָס האָט מיר געטויגט דעה גאַנצער טאַרעראַם מיט׳ן גאַנצען עמך? (אָפּ אין שטוב אַריין. נאָך איהם

**עטי-מעני.** — מענדעל דער לאקיי און יוכבד די מויד קוקען זיך איבער אָהן ווערטער, האַפּען זיך מיט די הענד ביי די זייטען און פערגעהען זיך אין אַ לאַנגען געלעכטער, וואָס געהט אַלע מאָל העכער, קרעשטשענדאָ. — עס ווערד אויף אַ ווײַלע אויסגעלאָשען דאָס ליכט. אין דעם אויגענבליק ווערד פערשוואונדען די דעקאָראַציע און עס ענטשטעהט דאָס צווייטע בילד פונ׳ם דריטען אַקט אָהנאונטערבראָכען).

## דריטער אקט.

## דאָס צווייטע בילד.

אַ נגידיש הויז. — אַ שען־בעלויכטער זאַל, — דער בעל־הבית, רב אשר פיין, א פארפונדעוועטער גביר, אַ איד מיט אַ בייכעל און מיט אַ ליסינע, א גרויסער שוויגער, לאָזט נישט ארויס די ציגאַר פון מויל, זיצט ארום אַ גרין טישעל מיט דריי געסט און מע מאַכט אַ פּרעפּעראַנסעל. די איבעריגע אַריסטאָקראַטישע געסט זיצען ארום די שפּיעלער, קוקען אריין אין די קאָרטען מיט גרויס אינטערעס. פון די שפּיעלער הערען זיך נאָר איינציגע ווערטער מיט פויזען: „זיעבען פּיק“... „פּאַס“... „זעכס טרעף“... „פּאַס“... „פּאַס, פּאַס... — ביי אַ צווייטען טיש, אויף וועלכען עס ליגען אַלערליי אלבומען, גרויסע און קליינע, זיצט די מאַדאַם פיין, פונקט דער היפּך פון איהר מאַן: אַ גרינע, אַ דאַרע, נאָר איינגעטונקען אין בריליאַנטען, מיט איהרע געסט, די ווייבער פון די אריסטאָקראַטען, — אלע אויסגעפוצט און בעהאנגען מיט ציערונג. די דאַמען זיצען סטאַטעטשנע, ווי אמת'ע אַריסטאָקראַטקעס, בלעטערען די אלבומען. נאָר אַ פּאָר פון זיי זיצען פון ביידע זייטען ביי דער מאַדאַם פיין און פיהרען מיט איהר א געשפּרעך אין א האלבער שטימע. די איבעריגע דאַמען, וואָס זענען פערטיעפט כלומר'שט אין די אלבומען, הערען זיך צו צום געשפּרעך מיט איין אויהער און קוקען זיך איבער צווישען זיך פיעלדייטיג, מאַכען דערביי מאָדנע גרימאַסען. — קאָלטון, יעפים פּאַנטעלעמאָנאָוויטש, האָט זיך צוליעב דער שמחה, וואָס ביי די פיינס, אָנגעטהאָן גרויסארטיג, אין אַ פראַק מיט אַ ווייסען שניפּס און מיט ווייסע הענטשקעס, און גענומען אויף זיך די ראָלע פון איין אָבער־אויפזעהער, וואָס בעדיענט די געסט נישט אלס דיענער, חלילה, נאָר אלס גוטער פריינד

פונ׳ם הויז. ער האַלט זיך פון דער ווייטען, כאַר גדול׳דיג, מעשה אופּראַוואָליאַיושטשי, וואָס האָט צו שאַפען איבער אלע־מען און איבער אלץ. — ס אַ ל אָ וו י י ט ש י ק דער שדכן איז אויך דאָ; אָנגעטהאָן יום־טוב׳דיג, שיינט, זיצט ניט איין אויף איין אָרט.

מ אַ ד אַ ם פ י י ן. מע דארף ניט זיין שעהן, מע דארף ניט זיין קלוג; מע דארף נאָר האָבען גליק.

ע ר ש ט ע ד אַ מ ע. אַקעגען וואָס איז דאָס געקומען צו רעד, גערטרודא גריגאָרעווגאַ?

מ אַ ד אַ ם פ י י ן (לאָזט דורך פאַרביי). איהר פערשטעהט? מיין מאַן האָט אהן א שיעור וויגרישנע בילעטען פון וויס איך ווען אַן. האָט ער נ י ט געוואונען. און דער, מיט רעספּעקט צו מעלדען, האָט מעהר ניט ווי איין בילעט, דארף זיין בילעט אַקוראַט אויסנעמען, און דוקא דאָס גרויסע געווינס! (די זייטיגע דאַמען קו־קען זיך איבער און שמייכלען פיעלדייטיג). איהר וועט מיר גלויבען, צי ניין? נאָר איך פערזיכער אייך, אַז דעם טאָג, וואָס מע האָט מיר אָנגעזאָגט די בשורה, אז דאָס גרויסע געווינס האָט אויסגענומען אַט דער... סאַראַקער, בין איך געווען אַ טוידטע. פריהער האָב איך ניט געגלויבט. דערנאָכדעם, אַז מיין מאַן איז געקומען, און מיין סאָלאָמאָן נאָך איהם, און האָבען מיר געזאָגט, אז זיי האָבען אליין געזעהען מיט זייערע אויגען דעם דירעקטאָר גאָלדענטאָלער, און אז ער האָט זיי אליין געזאָגט, אז די מעשה איז אמת, איז מיר געוואָ־רען, מיט רעספּעקט צו מעלדען, אזוי שלעכט, אז ס׳איז מיר אָפּ־געגאַנגען אַ מינוט צו חלש׳ען! אַ גאַנצע נאַכט דערנאָכדעם האָט מען מיר געלעגט קאַלטע האַנטיכער. איך האָב בעקומען אַ מין ספּאַזמע, צי וואָס... און נאָך איצט, אַז איך דערמאָן זיך, געהט מיר איבער אַ פראָסט איבער׳ן לייב... (די זייטיגע דאַמען שאָקלען מיט די קעפּ: „אַי־אַי־אַי!“).

ע ר ש ט ע ד א מ ע. ער איז דאך אט־אט, זאגט מען, אייער מחותן, גערטרודא גריגארעוונאַ!

מ א ד א ם פ י י ן (לאָזט דורך פאַרביי). דאָס אייגענע איז מיט שידוכים... איך האָב תמיד געבעטען גאָט, אַז פאַר מיין סאָלאָמאָן זאָל ער מיר צושיקען אַ שידוך פון דער פרעמד, פון אַ גרויסער שטאָדט, מיט אַ גרויסע משפחה... אַזאַ זוהן, ווי מיין סאָלאָמאָן... איך בעדאַרף איהם ניט לויבען — מע קען איהם... צום סוף מישט זיך אריין אין מיטען דער שטן, ליובאָוו, מיט רעספּעקט צו מעל־דען!... (די זייטיגע דאַמען מאַכען אַ גרימאַסע; איינע פון זיי שטילער־הייט: „אַ ליובאָוו פון פופציג טויזענד!"...).

צ ו ו י י ט ע ד א מ ע. גערטרודא גריגארעוונאַ! ס'איז אמת, וואָס מע זאָגט, אַז ער גיט דער טאָכטער פופציג טויזענד?

מ א ד א ם פ י י ן. לאָז זיך אייך דאַכטען, אַז ער גיט פינף און זיבעציג טויזענד... און אַז ער זאָל שוין געבען אַלע הונדערט טויזענד? ער קאָן ניט? אינגאַנצען איין קינד!... איהר דאַרפט אָבער ניט פאַרגעסען, ווער איז ע ר, מיט רעספּעקט צו מעלדען, און ווער זענען מ י ר?

ע ר ש ט ע ד א מ ע. דערפאַר איז אָבער דאָס מיידעל, זאָגט מען, זעהר אַ שענע.

צ ו ו י י ט ע ד א מ ע. און אַ געראָטענע, זאָגט מען...

מ א ד א ם פ י י ן (לאָזט דורך פאַרביי). ווען עס קומט אַ שדכן, אַשטייגער, און לעגט מיר פאַר דעם שידוך, וואָלט ער זיכער געעפענט ביי מיין מאַן מיט'ן קאָפּ די טיר. נאָר וויבאַלד עס האָט זיך אריינגעמישט אין מיטען, מיט רעספּעקט צו מעלדען, ליובאָוו... (עס עפענט זיך די טיר און עס בעוויזט זיך ק אַ ל ט ו ן און רופט אויס גדול'דיג און מיט הכנעה צו גלייכער צייט די נעמען פון די נאַר־וואָס אָנגעקומענע געסט).

ק אַ ל ט ו ן. סעמיאָן מאַקאַראָוויטש סאַראַקער! ערנעסטינא יעפימאָוונא סאַראַקער! (בויגט זיך אויס פאַר זיי שטאַרק הכנעה'דיג.

לאָזט דורך מיט אַ פֿרײַנדליך־פֿאַני־בראַטסקי שמייכעלע דעם שנײַדער מיט
א נײַעם צילינדערהוט אויפֿ'ן קאָפּ, די שנײַדערין, מאָדנע אָנגעטהאָן מיט
אַלע פֿארבען פֿון א רעגענבויגען. — אַלע געסט ווענדען אָן זײַערע אויגען
צו די אָויינגעקומענע).

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר (ציהט אויס קאַלטונ'ען די
האנד). וואָס מאַכט א איד, יעפים פֿאַנטאַ... פֿאַנטאַ...

ק אַ ל ט ו ן (פֿערלעגט די הענד אַהינטער און זאָגט איהם אונ־
טער שטיל). פֿאַנטעלעמאָנאָוויטש.

ע ט י ־ מ ע נ י (אַ ציה דעם מאַן פֿאר'ן אַרבעל). קום! מיט
ווען האָסט דו זיך אָוועקגעשטעלט רעדען? אַ פּנים פֿון חלשות!

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר (צום ווייב). ס'איז דאָך
קאַלטון, אונזער געוועזענער אופּראַווליאַיושטשע, עמך! האָסט
איהם ניט דערקענט? (דער בעל־הבית, רב אשר פֿיין, טהוט אַ וואָרף די
קאָרטען, שטעהט אויף און טהוט זיך אַ לאָז מקבל פּנים זײַן די ליעבע
געסט. — די מאַדאַם פֿיין איז אויך אויפגעשטאַנען. — פֿון א זײַטיגער
טיר קומט ארויס ס אָ ל אָ מ אָ ן , לאָזט זיך אקעגען די אַרײַנגעקו־
מענע געסט).

ר ב א ש ר פ י י ן (געהענדיג אקעגען די געסט). ברוך
הבא, געסט! מע קוקט שוין לאנג ארויס אויף אייך. וואָס אזוי
שפּעט? וואו איז אײַער טאָכטער?

ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר (בלײַבט שטעהן אינ'ם צילינ־
דער אויפֿ'ן קאָפּ). שולדיג איז זי! (ווײַזט אויפֿ'ן ווייב). אַז מע האָט
גענומען זיך אָנצוטהון, איז וואָס מע זאָל ניט אָנטהון — איז
שלעכט. און אַז מיר זענען שוין גאָר אײַנגאַנצען געווען פֿארטיג
אַרום און אַרום (בעטראַכט זיך אין זײַן נײַעם אָנצוג), זאָגט זי מיר,
אַז זי וועט ניט געהן מיט מיר, ביז איך וועל ניט אָנטהון קיין
צעלענדער. זאָג איך: צו וואָס טויג מיר דער צעלענדער? דער קוי־
מען אויפֿ'ן קאָפּ? זאָגט זי מיר: אַלע סטעקראַטען אַזוי. זאָג איך:

און אז די סטעקראַטען וועלען זיך אָפּשניידען די נעזער, בין איך אויך מחויב? (טהוט אוים דעם צילינדער. קאַלטון לויפט אונטער, וויל איהם נעמען אוועקלעגען. דער שניידער גיט ניט).

איינער פון די געסט. חאַ-חאַ! אָפּשניידען די נעזער — גוט געזאָגט! (אַלע לאַכען. עס וואַכסט אוים סאַלאָווייטשיק דער שדכן).

סאַלאָווייטשיק. חאַ-חאַ! זאַמעטשאַטעלנע! אַז סעמיאָן מאַקאַראָוויטש זאָגען א וואָרט, איז דאָס טשטאָ ניבוד אָסאָבענע!

רב אשר פיין (נעמט דעם שניידער פאר א האנד). קומט, וועל איך אייך פאָרשטעלען פאר מיינע געסט! (פיהרט איהם צו צו יעדען בעזונדער, הויך): מאַקאר סעמיאָנאָוויטש סאראָקער... זייט בעקאַנט... מאַקאר סעמיאָנאָוויטש סאראָקער...

שימעלע סאראָקער (רייסט איהם איבער). האָט קיין פאראיבעל ניט, איהר האָט איבערגעדרעהט די יוצרות אויף דער לינקער זייט... (אין דער זעלבער צייט האָט די מאַדאַם פיין גע-חאַפּט די מאַדאַם סאראָקער, פריהער זיך גוט צעקושט מיט איהר אין די פּיסקלעך, דערנאָך האָט זי גענומען זי פאָרשטעלען פאר די איבעריגע דאַמען).

מאַדאַם פיין. וואו זשע איז אייער טאָכטער?

עטי-מעני. עפּים נישט מיט אַלעמען... כ'האָב מורא, אויב ניט די פלענציע...

מאַדאַם פיין. זאָל גאָט היטען! פון וואַנען נעמט איהר עס? עס מאַכט זיך, א מענטש ווערד נישט געזונט. אָט בין איך אַליין אויך געווען, מיט רעספּעקט צו מעלדען, א גאַנצע וואָך נישט מיט אַלעמען... (בעזעצט די שניידערין אויבענאָן).

ערשטע דאַמע (שטיל). הוץ איהר שאַדען אויף אונז נעזאָגט געוואָרען...

צ ו ו י י ט ע  ד אַ מ ע. און אויף אַלע קראַנקע, רבונו של עולם!...

ר ב  א ש ר  פ י י ן (צום שניידער). וואו איז אייער טאָכ־טער? פאַר וואָס זעהט מען זי ניט?

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר. פּלוצים פאַרשלאָפט געוואָ־רען. געחאַפּט אַ פאַרקיהלעכץ. און אפשר גאַר אַטשאַדעט געוואָ־רען. נעבאַך געבליבען אין דער היים.

ר ב  א ש ר  פ י י ן (בעזעצט דעם גאַסט אויבענאַן. שימעלע צעלעגט זיך גאַנץ ברייט. אַלע זעצען זיך אויף זייערע ערטער. דער בעל־הבית טראָגט איהם אונטער אַ קעסטעל ציגאַרען). וואָס רויכערט איהר? איך מיין, וואָס האָט איהר בעסער ליעב, — פּאַפּיראָסען, אָדער ציגאַרען? אַ שאָד, אָר־וואָ, וואָס אייער טאָכטער איז ניט געקומען!

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר. דעם אמת זאָגענדיג, רויכער איך ניט קיין ציגאַרען און ניט קיין פּאַפּיראָסען. נאָר גאָרנישט, ווי זאָגט דער גוי: „אָט פּריביטקא האַלאָווא ניע באָליט“. (נעמט אַ ציגאַר).

א י י נ ע ר  פ ו ן  ד י  ג ע ס ט. אָט פּריביטקא גאָלאָווא ניע באָליט — האַ־האַ! גוט געזאָגט! (אַלע איבעריגע לאַכען).

ס אַ ל אָ ו ו י י ט ש י ק. האַ־האַ! זאַמעטשאַטעלנאָ!

ש י מ ע ל ע  ס א ר אַ ק ע ר (טראָגט צו די ציגאַר צום מויל). ווער פון אייך איז אַ הייסער איד, וואָס קאָן געבען פייער? (עטליכע געסט טהוען זיך אַ חאַפּ צו די קעשענים, און עס ווערען איהם אונטער־געטראָגען עטליכע שוועבעלעך מיט אַ מאָל). אַ שענעם דאַנק אייך! (טראָגט צו די ציגאַר צום פייער, פּיפּקעט, פּיפּקעט און פּיפּקעט — עס רויכערט זיך ניט).

ס אַ ל אָ ו ו י י ט ש י ק (געשטאַנען פון דער ווייטען, לויפט צו). איזוויניטיע! איהר האָט פאַרגעסען אָפּבייסען דעם פּטום.

ש י מ ע ל ע  ס א ר אַ ק ע ר (צום שדכן). וואָס בין איך — אַ מעוברת'ע אידינע, וואָס איך זאָל בייסען דעם פּטום?

אײנער פון די געסט. א מעוברת'ע אידינע — חא־חא! גוט געזאגט! (די איבעריגע לאכען).

סאלאװײטשיק. זאמעטשאטעלנא, חא־חא! (אין דער זעלבער צייט פערנעמען זיך די דאמען מיט דער שנײדערין; װער עס טראָגט איהר אונטער א שטוהל אויף צו זיצען, װער עס רוקט איהר אונטער א בענקעלע אונטער די פיס, װער עס בעװײזט איהר איין אלבום. די מאדאם פײן שײנט און שמײכעלט, גיט אַכטונג, מע זאָל אלעמען געבען טײ. דעם טײ סערװירט קאַלמון קונציג, װי אַ פּאַקוסניק).

שימעלע סאראַקער (האַפּט קאַלמונען פאר'ן פראַק). יעפים פאַנטאַלאַנאַװיטש! װאס דרעהט איהר זיך ארום, װי א חזן אויפ'ן ונעריצך? שטעהט א װײלע! איך האב אײך געװאָלט עפּים פרעגען. געדענקט איהר האַטש אײערע װערטער פאר דרײ װאָכען, אז א װיגרײזשנע בילעט האַט נאָך קײן מענטש ניט געװאונען זינט די װעלט שטעהט, אז ס'א שװינדעל, האַט איהר געזאָגט? עמך! (די מאַדאַם פײן איז אױסער זיך פון דעם סקאַנדאַל, װאָס דער מחותן רעדט מיט איהר פּריקאַזטשיק. זי װינקט צום מאַן, ער זאָל ראַטעװען די לאַגע, פארגלעטען דעם סקאַנדאל).

רב אשר פײן. אײך קומט מזל טוב, סעמיאָן מאַקאַראװיטש. איהר האַט געמאַכט, זאַגט מען, א גרױס געשעפט.

אײנער פון די געסט. אַ מיליאָנען־געשעפט!

שימעלע סאראַקער. צו מיליאָנען איז נאָך װײט. נאָר אז גאָט װעט װעלען, װעט זײן מיליאָנען אױך...

אײנער פון די געסט. מע זאָגט, אז איהר האַט געמאַכט א סינדיקאַט אױף אלע קינעמאַטאָגראַפען פון שטאָדט?

נאָך אײנער פון די געסט. אין אמעריקא רופט מען דאס „טראַסט".

שימעלע סאראַקער. װי אזוי מע רופט דאס אין אמעריקא װײס איך ניט. איך װײס נאָר, אז פון אלע געשעפטען,

וואָס מע האָט מיר פאַרגעלעגט, איז דאָס דאָס בעסטע, דאָס שענ־סטע און דאָס בכבוד׳סטע — און מיליאָנען איז ביי גאָט... (בלאָזט דעם רויך). איהר קאָנט זיך גאַרניט פאָרשטעלען, וויפיעל געשעפטען מע האָט מיר פאַרגעשלאָגען! איהר האָט ניט אזוי פיעל האָר אין קאָפּ! און אלע, די גאַנצע וועלט, זענען מיט אמאָל געוואָרען מיינע בעסטע גוטע פריינד, ממש די כפרה! (עס דערהערט זיך אַ קלונג. קאַלטון טהוט זיך א גליטש צו דער טיר).

ק אַ ל ט ו ן (רופט אוים). הענריך פעליקסאָוויטש הימעל־פארב!

ר ב א ש ר פ י י ן (נעמט הימעלפּארבען פאר דער האנד, פיהרט איהם צו, שטעלט איהם פאַר פאַר די געסט). הענריך פעליקסאָ־וויטש הימעלפארב. בוכהאַלטער פון דער קאָמערטשעסקי באַנק.

ש י מ ע ל ע ס א ר אַ ק ע ר . איין אַלטער באַקאַנטער! (גיט איהם די האַנד). וואָס הערט זיך עפּעס נייעס? עמדו!...

ה י מ ע ל פ אַ ר ב . יאָ. אַלטע־אַלטע באַקאַנטע. (צום בעל־הבית). איך בין געוועזן דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעזאָגט זיי די גוטע בשורה, אז זיי האָבען געוואונען דאָס גרויסע געווינס. (צום שניידער). וואָס? בין איך ניט געוועזן דער ערשטער?

ש י מ ע ל ע ס א ר אַ ק ע ר . דער ערשטער, ניט דער ערשטער, נאָר פון די ערשטע.

א י י נ ע ר פ ו ן ד י ג ע ס ט . דער ערשטער, ניט דער ערשטער, נאָר פון די ערשטע — חאַ־חאַ! גוט געזאָגט! (אַלע לאַכען).

ס אַ ל אָ ו ו י י ט ש י ק . אז סעמיאָן מאַקאַרעוויטש זאָגען, איז טשטאָ ניבוד אָסאָבענע!

ש י מ ע ל ע ס א ר אַ ק ע ר (צום שדכן). וואָס האָב איך דען דאָ געזאָגט אַזעלכעס?

ה י מ ע ל פ אַ ר ב (צום שניידער). יעדענפאַלס, אויף אונזער באַנק האָט איהר זיך ניט צו בעקלאָגען.

שימעלע סאראקער. לאָם איך עס אויסקרענקען, וואָס איך האָב צו אייך דערלעבט! אויף אַלע אָרעמע בעלי מלאכות געזאָגט געוואָרען — עמך!

הימעלפארב (צום שניידער). ספּראַשיוואַיעטסיא, ווי־באַלד אַזוי, וואָס זשע איז די מעשה, וואָס איהר האָט אונז עפּים פּלוצים אין מיטען דרינען אַוועקגעוואָרפען? דאָס וועלד אַנגערופען טשאַרנע ניעבלאַגאָדאַרנאָסט, אָדער געצאָהלט מיט שטיינער... דאָס הייסט, איהר האָט אונז חלילה נישט אומגליקליך געמאַכט, נאָר סע פערדריסט. אַמביציע! ביי אונז איז דאָך עפּים נישט קיין בענקעל, ווי אַנדערע בענק. אונזער באַנק וואָלט געמעגט שטעהן אין יעהופּעץ, וואָלט זי אויך נישט פאַרשעמט געוואָרען! ביי אונז שפּיעלט אַ ראָלע אַרויסגעבען ק״ן אַלפים, אַזוי ווי — פּו! (אַ מאַך מיט דער האַנד).

שימעלע סאראקער (פאַרשטעהט ניט; טרינקט זיין טיי, קוקט זיך אַרום). וואָס וויל דער יאַט — ווייסט איהר ניט?

הימעלפארב (האַלט אין איין רעדען). מיר שטעהען ניט חלילה אין אייער געלד. פּאַזשאַלאַי, עס ווילט זיך האָבען אַזאַ קליענט, ווי איהר. פאַר וואָס ניט? נאָר צוריק, וואָס האָבען מיר געטהאָן איידער איהר האָט געוואונען די צוויי הונדערט טויזענד? נישט מעהר, עס פאַרדריסט אונז, וואָס איהר האָט פּלוצים, אין מיטען דרינען, אַרויסגענומען דאָס גאַנצע געלט!

שימעלע סאראקער (לאַכט בריוטליך). וואָסערע לאַקשען? וואָסערע פלאָמען? וואָס דרעהט ער אַ יאַרמעלקע, אָט דער שמויגער?...

הימעלפארב (הערט גיט אויף). די ערשטע מינוט, אַז מיר האָבען דערזעהן אייער טשעק אויף אַזאַ סומע, איז אונז גע־וואָרען אַ ביסעל קאַלעמוטנע, און מיר האָבען געוואָלט שיקען צו אייך אַנפרעגען, אויב ס׳איז ניט קיין טעות. נאָר אַזוי ווי מיר האָ־בען געהערט, אַז איהר מאַכט אַ קאַלאַסאַלען געשעפט, אַ סינדי־קאַט, און אַז איהר בויעט פּיתום מיט רעמסס, האָבען מיר אָנגעפּרעגט

ביי אונזער דירעקטאָר, הערר גאָלדענטאָלער. האָט אונזער דירעק־טאָר געהייסען נישט מאַכען קיין וואַפּראַסען און אַרויסגעבען... נאָך זיין הייסען ארויסגעבען האָט מען געזעהען, אַז ער איז ברוגז — און איז גערעכט. וואָרום ווי דאָס געשעפט זאָל ניט זיין גרויס, קאָנט איהר נישט בעדאַרפען אין איין טאָג אָלע הונדערט און פופציג טויזענד. סליעדאָוואַטעלנאָ, דאָ בעדאַרף זיין נאָך איין אַנדער פּרי־טשינע, וואָס איהר ווילט זיך אריבערטראָגען מיט אייער קאָנטאָ־קורענט אין איין אַנדער באַנק. איך פרעג אייך ניט, אין וואָסער אַ באַנק, וואָרום פאַר קאָנקורענציע האָבען מיר קיין מורא נישט. איך פרעג נאָר, וואָס פאַר אַ פּריטשינע? אדרבא, זאָגט, אָט שטעהען מענטשען... (דער עולם הויבט אָן ווערען בייגיעריג. מע רינגעלט אַרום דעם שניידער מיט'ן בוכהאַלטער. די דאַמען הערען זיך צו פון דער וויטען. וואָס דאָ טהוט זיך — פארשטעהט נאָך קיינער ניט. און ווינציגער פון אלעמען — דער שניידער).

שימעלע סאָראָקער (צום בעל־הבית פיין). וויפיעל, זאָגט ער, האָב איך אַרויסגענומען, אָט דער יאַקעל בן פלעקעל? אָט דער עמך?

ר׳ באשר פיין. ער זאָגט: הונדערט און פופציג טויזענד...

שימעלע סאָראָקער. חאַ־חאַ־חאַ! אַ רעכטער ליגן! (צום בוכהאַלטער). יונגערמאַן! געהט לעגט זיך שלאָפען!

הימעלפאַרב. שלאָפען געהט שוין איהר בעסער — איך איז צייט. איך בין נאָך אַ יונגערמאַן און וויל נאָך געבען אַ לעב־אונטער. מע זאָגט, ס'וועלען זיין טענץ אויך. איהר טאַנצט דאָך ניט, סעמיאָן מאַקאַראָוויטש, און איך טאַנץ.

שימעלע סאָראָקער. טאַנץ, טאַנץ געזונטערהייט. אָבער וואָס איז דאָס פאַר הונדערט פופציג טויזענד, וואָס דו זאָגסט?

הימעלפארב (שוין מיט כעס). וואפערוויף, וועל איך אייך בעטען, איהר זאלט מיך ניט דוצען...

שימעלע סאראקער. ניט וואסען? (צוגעמאכט איין אויג).

הימעלפארב. ניט דוצען! ניט זיין מיט מיר אויף „דו"... איך בין טאקי יונגער פון אייך, א סך יונגער. נאר קיין „מאלטשיק" בין איך אייך ניט.

רב אשר פיין (וויל מאכען שלום). ווייס איך וואס? וועןּ?

סאלאווייטשיק (אויף אין מיטען). טשעפוהא!

הימעלפארב. און וואווטאריך, וואס מאכט איהר זיך גע'פגר'ט: „וואסערע הונדערט פופציג טויזענד?" איהר וועט אפשר זאגען, אז ס'איז ניט אייער טשעק, וואס האט געבראכט עפּיס איינער א קרעמענטשוק, אדער א ראמאנטשוק?

שימעלע סאראקער. ניט קרימענטשוק און ניט ראמאנטשוק, נאר וויגדארטשוק. דאס איז איינער פון מיינע צוויי שותפים, וואס האבען געמאכט מיט מיר דעם... דעם פילם־געשעפט... איך האב איהם דאס אויסגעשריבען א טשעק אויף פופצעהן טויזענד...

הימעלפארב. איהר קעהרט וועלען זאגען: אויף הונדערט פופציג טויזענד?...

שימעלע סאראקער. דאס קעהרט איהר וועלען זאגען! איך זאג נאר אזוי פיעל, וויפיעל דארט שטעהט געשריבען.

הימעלפארב. אויב איהר זאגט אזוי פיעל, וויפיעל דארט שטעהט געשריבען, מוזט איהר זאגען הונדערט און פופציג טויזענד.

שימעלע סאראקער. וואס איז עפּיס?

הימעלפארב. אַט דערפאַר, ווייל אַזוי פיעל האָט איהר געהייסען געבען.

שימעלע סאָראָקער. מאַכט איהר מיך, הייסט עס, פאַר אַ משוגע'נעם?

הימעלפארב. ניין. דאָס ווילט איהר מיך מאַכען פאַר אַ ליגנער, אָדער פאַר אַ שווינדלער, אָדער איהר טרייבט קאַטאָוועס — באַך וואָס זנאַיעטע! (דער עולם ווערד נאָך מעהר בייגיעריג און מע רינגעלט זיי ארום נאָך ענגער).

שימעלע סאָראָקער (אַ ביסעל שוין אונרוהיג). וואָס זאָגט איהר, איך בעט אייך, אויף דער קאָמעדיע? איך געב אַ אידען אַ טשעק אויף פופצעהן טויזענד קאָרבען, דערצעהלט ער מיר הונדערט פופציג טויזענד! — עפּיס אַ מאָדנער מין עמך!

רב אשר פיין. פון פופצעהן טויזענד ביז הונדערט פופציג טויזענד איז אַזאַ חילוק, ווי פון יככה ביז יבבה.

סאָלאָווייטשיק. זאַמעטשאַטעלנע!

שימעלע סאָראָקער. וואָס דערצעהלט איהר מעשיות? איך אליין האָב געשריבען דעם טשעק... דאָס הייסט, ניט איך, געשריבען האָט ער, דער וויגדאָרטשוק, נאָר איך האָב גוט געקוקט בשעת איך האָב גע'חתמ'עט דעם טשעק (מאַהלט אין דער לופטען ציפערען): איין איינס, און אַ פינף, און דריי נולען...

הימעלפארב (מאַהלט אויך אין דער לופטען). איין איינס, און אַ פינף, און פיער נולען!

שימעלע סאָראָקער (מאַהלט אין דער לופטען). דריי נולען!

הימעלפארב (מאַהלט אין דער לופטען). פיער נולען!...

שימעלע סאָראָקער. זעהט נאָר, ווי ער דרעהט מיט דער האַנד, אַט דער פּיפּערנאָטער: פּיער נולען! פינף נולען! זעכס הונדערט נולען! און מיט ווערטער איז ניט געשטאַנען בפירוש: פּעטנאַצעט טיסיאַטשי? וואָס וועט איהר איצטער זאָגען, עמך?

הימעלפארב (הויך). סטא פיאטדעסיאט טיסיאטש — קעהרט איהר וועלען זאגען! סטא פיטדעסיאט טיסטש רובליי!

רב אשר פיין. פע! דא איז עפּיס א מיאוס'ע מעשה! (די דאַמען האָבען זיך שוין אויך צענויפגעקלויבען אַלע. מע פיהלט, אַז דאָ קומט עפּיס פאָר. עטי־מעני געהט צו די לעצטע).

עטי־מעני. וואָס טהוט זיך דאָ, שמעון... מיין איך סעמיאָן מאַקאַרעוויטש? (אין דער גאַנצער צייט, וואָס דאָס קומט פאָר, שטעהט קאָלטון ביי דער זייט, שמייכעלט מעפיסטאָפעליש, קוקט פון איינעם אויפ'ן אנדערען און קוועלט. עס דערהערט זיך א קלונג. קאָלטון גיט זיך א גליטש צו דער טיר און רופט אויס).

קאָלטון. מאַקסים וואַסילעוויטש גאָלדענטאָלער! (אויף א ווײלע דרעהען אלע אוים די אויגען צו דער טיר).

רב אשר פיין (בעגעגענט דעם דירעקטאָר, וויל איהם פאָרשטעלען, שפּרינגט ארוים הימעלפארב מיט היץ).

הימעלפארב. שאַט! אַט איז דער דירעקטאָר אַליין! (צו גאָלדענטאָלערען). מאַקסים וואַסילעוויטש! אויף וויפיעל איז געוועזן דער טשעק פון הערר סאראָקער, וואָס מיר האָבען ארויס־געצאָהלט איינעם א מאיראָוויטש, אָדער וויגדאָראָוויטש, אָדער וויגדאָרטשוק — יאָ, וויגדאָרטשוק?

גאָלדענטאָלער (מיט קאלטע לונג און לעבער). הונדערט פופציג טויזענד רובעל — וואָס איז דען?

שימעלע סאראָקער (די אויגען בלאָנזען). עטי־מעני!... וואו זענען מיר? (דערזעהט זי, שרייט ניט מיט זיין קול). גוואַלד, אידען, ראַטעוועט! לויפט! יאָגט! חאַפּט! מע האָט מיך בע'גנב'עט! בע'גזל'ט! בדיל־הדל געשטעלט! צוגענומען אינגאַנצען! געמאכט פאר א קבצן! העלפט מיר! העלפט מיר חאַפּען די גזלנים! (חאַפּט דעם צילינדער, וויל זיך לאָזען לויפען. עס עפענט זיך די טיר און עס רייסט זיך אריין מענדעל דער לאקיי מי איין איבערגע־שראָקען פּנים).

מ ע נ ד ע ל ד ע ר ל אַ ק י י (זוכט מיט די אויגען). נישט געווען דאָ איזאַבעלאַ סעמיאָנאָוונאַ? אויב אזוי — זענט איהר אויף גרויסע צרות... בעל־הבית! אייער טאָכטער איז אַרויס דורכ'ן פענסטער און — פיו־איט!...

ע ט י ־ מ ע נ י (ברעכט די הענד). וועה איז מיר! ווינד איז מיר! איין אומגליק האָט מיך געטראָפען! אַ בראָך אויף מיין קאָפּ! איך וויים שוין וואָס דאָס איז! איך האָב געוואוסט, אַז ס'וועט אזוי זיין!... זי האָט מיר אָבער געזאָגט: „מאַמע! איכ'ל לויפען אין דער וועלט אריין!"...

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אָ ק ע ר (צום ווייב). אַזוי? וואָס זשע האָסט דו געשוויגען? בהמה! פאַר וואָס האָסט דו נישט געזאָגט מ י ר ?!... (חאַפּט זיך ביים קאָפּ). מיין טאָכטער! מיין קינד!!... אַ כפּרה דאָס געלד! אַ כפּרה אַלסדינג פאַר מיין קינד!... (חאַפּט אַרויס דעם טייסטער פון זייט־קעשענע, רייסט אראָפּ פון זיך דעם גאָלדענעם זייגער מיט'ן קייטעל, שרייט צום ווייב). עטי־מעני! נעם אראָפּ! גיב אהער די פּערעל! די אויערינגלעך! די פינגערלעך! דאָס גאַנצע בי־כעל ציערונג!... (עטי־מעני פאָלגט איהם, טהוט אויס און גיט איהם איבער. ער נעמט דאָס אלסדינג צענויף אין צילינדער אריין און טראָגט דאָס צו צו די געסט). אידען! נאַט אייך אָפּ אַט דאָס אלעס, וואָס איך פערמאָג! טהוט מיט דעם, וואָס איהר ווילט, — אַבי העלפט מיר אָפּזוכען מיין טאָכטער! העלפט מיר, העלפט מיר אומקעהרען מיין קינד!... (ברעכט אויס אין אַ געוויין. עטי־מעני וויינט מיט איהם. דער עולם שטוינט. דער פאָרהאַנג פאַלט).

ענדע פונ'ם דריטען אַקט.

---

## פיערטער אקט.

קומט פאר אויף א סטאַנציע אין איין איינפאָהר־הויז. — צוויי חדרים. — אין איין חדר, א גרויס, א ליכטיגס, שטעהען צוויי בעטלעך ביי די ווענט, פערבעט און צוגעקלויבען. — א טישעל, עטליכע שטוהלען, אַ קאַנאַפּע, א שפּיגעל, ביליגע בילדער אין פּראָסטע רעמלעך אויף די ווענט. — א פּאָר טעפּ מיט בלומען. — צוויי טירען: איין טיר צום פּראָנט, אין דער גאַס ארויס, די צווייטע טיר אין צווייטען חדר אריין, וועל־כעס איז געשלאָסען. — ביי דער צווייטער טיר שטעהט מ אַ ט ע ל ק א ס אַ י , צוגעלעגט איין אויהער. — אין מיטען חדר שטעהט ק אַ פּע ל פּ א ל ב אַ ן . — זיי רעדען שטילערהייד.

ק אַ פּ ע ל פּ אַ ל ב אַ ן (צו מאַטלען). נו?

מ אַ ט ע ל ק אַ ס אַ י (טרעט אָפּ פון דער טיר אויף די שפּיץ פינגער). זי שלאָפט נאָך...

ק אַ פּ ע ל פּ אַ ל ב אַ ן . אַ וועלטעלע — אזא נאַכט נישט געשלאָפען!...

מ אַ ט ע ל ק אַ ס אַ י . היינט דער שרעק! די פּחדים! עס האָט זיך איהר אלע ווײלע אויסגעוויזען, אז מע יאָגט אונז נאָך פון הינטען...

ק אַ פּ ע ל פּ אַ ל ב אַ ן . פון וואַנען ווייסט דו דאָס?

מ אַ ט ע ל ק אַ ס אַ י . זי האָט עס מיר געזאָגט.

ק אַ פּ ע ל פּ אַ ל ב אַ ן . ווען?

מ אַ ט ע ל ק אַ ס אַ י . היינט... אין דער צייט, ווען דו ביזט געגאַנגען זאָרגען וועגען עסען און וועגען שטעלען דעם סאַ־מאָוואַר, האָבן מיר דאָ דערווייל געשמועסט...

ק אַ פּ ע ל פּ אַ ל ב אַ ן . וועגען וואָס?

מ אַ ט ע ל ק אַ ס אַ י . וועגען אַלעס...

קאַפּעל פּאַלבאַן. און וועגן דעם, וואָס וועט זיין ווייטער?

מאַטעל קאַסאַי. אויך גערעדט...

קאַפּעל פּאַלבאַן. אַז וואָס?

מאַטעל קאַסאַי (אויפגערעגט). אַז וואָס! דו ווייסט דאָך וואָס, היינט וואָס פרעגסטו דו? זי האָט מורא, טאָמער יאָגט אונז אַן דער פאָטער, וועלען מיר אַלע האָבען אַ וויסטען סוף.

קאַפּעל פּאַלבאַן. לכן דעריבער, וואָס זשע איז די עצה?

מאַטעל קאַסאַי. איז די עצה, אַז מע זאָל וואָס פריהער שטעלען אַ חופּה, — דעמאָלט מעג ער שוין קומען מיט'ן רב און מיט דער רביצין, איז פאַרפאַלען... איצט בלייבט איבער נאָר איין זאַך: ווער פון אונזביידען זאָל זיין דער גליקליכער?

קאַפּעל פּאַלבאַן (דערשראָקען). נו יאָ. דאָס איז דאָך די גאַנצע זאַך...

מאַטעל קאַסאַי. איז דאָך שוין וועגען דעם ביי אונז לאַנג אָפּגערעדט געוואָרען: אָדער מיר'ן עס איבערלאָזען פאַר איהר אַליין, פאַר ביילקען הייסט עס, לאָז זי זאָגען, ווער איז איהר אויסדערוועהלטער... אָדער אַז ניט, וועלען מיר וואַרפען גורל...

קאַפּעל פּאַלבאַן (אונרוהיג). אָבער דערווייל האָט זי דיר נאָך גאָרניט געזאָגט, ווער... דאָס הייסט, וועמען?...

מאַטעל קאַסאַי. שוטה! זי זאָל מיר זאָגען, וואָלט איך דאָך דיר געזאָגט...

קאַפּעל פּאַלבאַן. הייסט עס, אַז די גאַנצע זאַך הענגט נאָך אין דער לופטען?

מאַטעל קאַסאַי (קוקט אין דער לופט). פערשטעהט זיך, אין דער לופטען... נאָר דערווייל שאַדט נישט, מע זאָל באַציטענס צוגרייטען אַלץ, וואָס מע בעדאַרף צו דער חופּה...

ק אַ פּ ע ל  פּ א ל ב אַ ן. למשל, אשטייגער?

מ אַ ט ע ל  ק א ס אַ י. אשטייגער, למשל, א מנין אידען...

ק אַ פּ ע ל  פּ א ל ב אַ ן. דאָס איז ניט שווער. מע וועט זיי באַצאָהלען צו האַלבע רובעל, וועלען זיי קומען צו לויפען.

מ אַ ט ע ל  ק א ס אַ י (לעבעדיג). לאָם איך האָבען אזא יאהר, וואָס פאר א פּלאַן דאָס איז!

ק אַ פּ ע ל  פּ א ל ב אַ ן. און טאָמער האָבען זיי ניט קיין רב, קאַן איך באַשטעהן, אַז אַ פּראָסטער איד, אבי איין עהרליכער, וועט מסדר קדושין זיין.

מ אַ ט ע ל  ק אַ ס אַ י. בלעבען, קאַפּעל, ביזט אַ חכם! אַ קאָפּ־מענטש!

ק אַ פּ ע ל  פּ אַ ל ב אַ ן. איי, טאָמער האָבען זיי ניט קיין חופּה? קאַן מען זיך בעגעהן מיט פיער שטאַנגען, פון אויבען אי־בערגעבונדען מיט א גרויסע פּעטשיילע, — וואָס איז דאָ דער אומגליק?

מ אַ ט ע ל  ק אַ ס אַ י (חאַפּט איהם אָרום). ביזט ווערטה, מע זאָל דיך קושען, קאַפּעלן... נעם טהו אלסדינג, וואָס דו זאָגסט, זאָל זיין גרייט!... דו וועסט געהן, און איך וועל בלייבען דאָ — מע קאָן זי דאָך ניט לאָזען אליין...

ק אַ פּ ע ל  פּ א ל ב אַ ן. זאָל גאָט היטען! (וואַקעלט). די זאַך איז נאָר אָט וואָס: אפשר זאָלען מיר פריהער וויסען, ווער וועמען... דערנאָך ערשט געהן?...

מ אַ ט ע ל  ק א ס אַ י. צו וואָס, נאַרעלע, פערלירען צייט? דערווייל וועט ווערען שפּעט, און טאָמער טראָגט איהם אָן דער גוטער יאָהר... דו גרייט צו אָט די אַלע שאַלעמויזען. דערנאָך, אַז דו וועסט קומען שוין מיט'ן גאַנצען קלאַפּערגעצייג, וועלען מיר באַשליסען מיט איהר, אהין צי אַהער... ממה נפשך, וועמעס גליק עס וועט זיין... איך פערזיכער דיך, אז טאָמער ביזט דו דער גליק־

ליבער, וועל איך דיר פערגיגען מיט'ן גאַנצען האַרצען... וואָס האָב איך צו דיר?... אונזער ביידענס וואונש איז דאָך נאָר זעהען ביילקען גליקליך...

ק אָ פּ ע ל פּ א ל ב אָ ז. דאָס אייגענע איך — טאָמער ביזט דו, אין דיין גליק... וואָרום דער עיקר איז ביילקע... אַלזאָ, איך געה. (טהוט זיך אָן). און דו זעה, געב אַכטונג... (לאָזט זיך צו דער טיר, קעהרט זיך אום, שטעהט א ווײַלע און געהט אָפּ).

מ אָ ט ע ל ק א ס אָ י (צו זיך אליין). אָט אָ לעמעשקע! ער האָט נאָך אָ האָפענונג... מיר דאַכט, אַז אָ בלינדער קאָן שוין זעהען, אין וועמען ביילקע איז פאַרליעבט... (הערט זיך איין). מיר דאַכט, זי ריהרט זיך שוין... (עס עפענט זיך די טיר פון צווייטען חדר און עס בעוויזט זיך אויף דער שוועל ב י י ל ק ע, אָ שווינענדיגע, אָ שמייכלענדיגע).

ב י י ל ק ע (מאַכט צורעכט די צעקודעלטע האָר, קוקט זיך ארום). נישטאָ קיינער? וואו איז קאָפּעל?

מ אָ ט ע ל ק א ס אָ י. אוועקגעגאַנגען ברענגען אידען, אָ חופּה און דעם גאַנצען איבעריגען קלאָפּערגעצייג, ווי מיר האָבען אָפּגערעדט...

ב י י ל ק ע. מוז עס טאָקי היינט געשעהן, מאָטעל?...

מ אָ ט ע ל ק א ס אָ י. ניין, וואָס דען? אָפּלעגען אויף מאָרגען? און טאָמער טראָגט עס אָן דעם טאַטען אַהערצוצו?...

ב י י ל ק ע. אוי, רעד גאָר נישט, מאָטעלע! איך קאָן גאָר וועגען דעם ניט טראַכטען! (געהט צו נעהענטער). עס ווילט זיך מיר נאָר נעמען נקמה, באַווייזען, אַז איך בין אַ מענטש פאַר זיך, אַז איך בין פריי... נאָכדעם מעגען זיי שוין קומען, זאָגען וואָס זיי ווילען... אָך, מאָטעל, מאָטעלע! אַ אידישע טאָכטער קאָן זיך באַפרייען פון איהר טאַטע־מאַמע נאָר דעמאָלט, ווען זי גיט אָפּ איהר פרייהייט צו איין אַנדערען...

מ א ט ע ל  ק א ס א י. ווער רעדט פון פרייהייט? ווער וויל דאס ווּעמעס פרייהייט? ביילקע, נשמה טייערע! האבען מיר דען ניט געשוואוירען איינס דאס אנדערע טרייע און אייביגע ליעבע? זענען מיר ניט געבונדען איינס מיט דאס אנדערע שוין פון לאנג, נאך איידער דיין טאטע האט געטראפען דאס גרויסע גליק, אדער דאס גרויסע אומגליק, אויסצונעמען דעם הויפּטטרעפער? נישמעהר, מיר האבען דאס מיט ווערטער נישט ארויסגעזאגט, ביז ס'איז געקומען די רעכטע צייט... איצט קומט אוים עפּים גלייך, ווי עמיצער פון אונז וואלט צוריקגעצויגען...

ב י י ל ק ע (מיט פייער). איך ציה קיין מאל ניט צוריק! איך באקלאג מיך נאר אויף מיין מזל, פאר וואס זאל איך, א געליעבטע בת־יחידה, א ציטעריגע ביי טאטע־מאמע, באדארפען איהר בעסטע שמחה, דעם בעסטען יום־טוב פון איהר הארצען, פראוּוען האפענדיג, ווגנבה, גלייך ווי איך טהו עפּים א פארברעכען... פארגעס ניט, מאַ־טעל, אז דער טאטע איז מיר פארט א טאטע, און די מאמע — א מאמע!...

מ א ט ע ל  ק א ס א י. אויב עס איז א רחמנות אויף טאטע־מאמע, איז דא צוויי וועגען: אדער צו ווארטען ביז זיי וועלען קומען אהער, אדער פערקערעוועז די האלאבלים און פאהרען צוריק אהיים...

ב י י ל ק ע. זאל גאט היטען! דעמאלט בין איך א פארלוי־רענע! דו קענסט ניט דעם טאטען! דו מיינסט, אז דאס איז דער איד וואס געוועזען? גאט זאל מיך ניט שטראפען, — זינט ער האט אויסגענומען דאס גרויסע געווינס, איז ער צעווילדעוועט געווארען! ניין! איך דארף איהם אפּטהון אזא זאך, וואס מע קאן שוין צוריק נישט האפען!

מ א ט ע ל  ק א ס א י. הייסט דאס, נאר צוליעב דעם אליין?...

ב ײ ל ק ע (קוקט אויף מאָטלען מיט אַ שמייכעל). אַך, מאָטעלע! טשיקאַווער מאָטעל וואָס דו ביזט! דו ווילסט איין איבעריג מאָל אַרויסרייסען ביי מיר דאָס וואָרט פון מויל, אַז איך האָב דיך ליעב, ווי דאָס לעבען... ווייסט שוין קאָפּעל אַלעס? האָסט דו שוין גע־רעדט מיט איהם?

מ אָ ט ע ל ק אַ ס אַ י. ניין, ביילקע, איך קאָן נישט. איך האָב קיין הארץ נישט!... דער בחור איז בלינד. ער האָט נאָך אַלץ אַ האָפענונג, טאָמער איז ער, ניט איך, דער אויסדערוועהלטער...

ב ײ ל ק ע (פערטראַכט טרויעריג). אַ רחמנות... דער יונג איז פארליעבט אין מיר...

מ אָ ט ע ל ק אַ ס אַ י. מיט סכנות!

ב ײ ל ק ע. וואָס זשע טהוט מען? זאָל א י ך מיט איהם רעדען?

מ אָ ט ע ל ק אַ ס אַ י. אויב דו קאָנסט... איך האָב איהם געזאָגט, אַז דו דאַרפסט היינט ביידער לעצטער מינוט באַשטימען, ווער פון אונז צוויי איז דיין באַשערטער... און אַז דו וועסט ניט באַשטימען, האָב איך איהם איינגערעדט, אַז מיר'ן וואַרפען גורל, ציהען קניפּלעך. ווער ס'וועט אַרויסציהען דאָס קניפּעל — דער...

ב ײ ל ק ע (צעלאַכט זיך הילכיג). האַ־האַ־האַ! האַ־האַ־האַ־האַ!

מ אָ ט ע ל ק אַ ס אַ י (איבערראַשט). וואָס איז דער געלעכ־טער?

ב ײ ל ק ע. מיר איז איינגעפאַלען אַ געדאַנק! איי, אַ געדאַנק! (חאַפּט אַ ווייס טיכעל, מאַכט א קניפּעל און נאָך א קניפּעל). איך האָב דאַ צוויי קניפּלעך. און אַזוי ווי דו ביזט עלטער, וועל איך דיר געבען ציהען צום ערשטען, וועסטו האָבען אַרויסגעצויגען דאָס קני־פּעל — האַ־האַ־האַ!... (עס הערען זיך טריט פון דרויסען. ביילקע טרעט אָפּ צום פענסטער. עס קומט אַן קאָפּעל פּאַלבאַן אַ פערשוויצטער, אַנגעלאָ־דען מיט גאַנצע פּעקלעך און שקאַרמוצען).

ק אַ פּ ע ל פּ א ל ב אַ ן. אַ! שוין אויפגעשטאַנען ביילקע? (צו ביילקען). אַ גוטער אויפשטאַנד אויף אייך!... אוהו! איך האָב זיך עס אַביסעל אַנגעלאַפען! (לעגט אַוועק די פּעקלעך מיט די שקאַר־מוצען, ווישט זיך דעם שוויים).

מ אַ ט ע ל ק אַ ס אַ י. איז האָטש ניט געווען אומזיסט דאָס לויפען? (בעטראַכט וואָס אין די פּעקלעך טהוט זיך).

ק אַ פּ ע ל פּ א ל ב אַ ן. חלילה! וואָס הייסט אומזיסט? אַט באַלד קומען צוגעהן א בינטעל אידען מיט'ן גאַנצען קלאַפּערגע־צייג, ווי מיר האָבען אָפּגערעדט... (ווייזט אויף די שקאַרמוצען). און דאָס איז גוטע זאַכען אויף צו פערבייסען: לעקאַך, הערינג און אַ ביסעל משקה...

מ אַ ט ע ל ק אַ ס אַ י. בראַוואָ, קאַפּעל, ביזט ווערטה אַ מעדאַיל!... אצינד בלייבט נאָך איבער איין זאַך: אַ מנין ווע־לען מיר האָבען. אַ מסדר קדושין אויך. אַ חופּה אויך. מיט לעקאַך און בראַנ־פען און מיט פאַרבייסען זענען מיר שוין אויך בעוואָהרענט. און אַ כלה האָבען מיר אויך. די פראַגע איז נאָר, ווער פון אונז צוויי איז דער חתן? דאָס דאַרפסט דו... (פערהאַפּט זיך). מיין איך, דאָס דאַרפט איהר, ביילקע, באַשטימען — עס איז געווענדט אָן דיר... מיין איך, אָן אייך...

ב י י ל ק ע. אַך! מיר איז שווער, מיר איז אונאַיינגענעה־מען... איהר ווייסט, אַז איך בין אייךביידען דאַנקבאַר... איהר האָט פאַר מירביידע אַזוי פיעל געטהאַן...

מ אַ ט ע ל ק אַ ס אַ י. און מיר זענען ערשט גרייט צו טהון...

ק אַ פּ ע ל פּ א ל ב אַ ן. אין פייער און אין וואַסער!

ב י י ל ק ע (טראַכט כלומרשט אַ ווײַלע). שאַט! ווייסט איהר וואָס מיר איז נאָר־וואָס איינגעפאַלען? לאָמיר וואַרפען גורל!...

מ אַ ט ע ל ק אַ ס אַ י. דאָס אייגענע האָבען מיר שוין מיט קאַפּלען לאַנג געטראַכט...

קאַפּעל פּאַלבאַן. נאָך איידער דאָס אומגליק האָט געטראָפען מיט'ן גרויסען געווינס...

ביילקע. זעהט איהר? — אויף אַ גלייכע זאַך פאַלען אַלע גליק... (נעמט דאָס טיכעל מיט די צוויי פאַרטיגע קניפּלעך, דרעהט כלומרשט אַ ניי קניפּעל, ציהט עס אויס צו זיי ביידע). ווער פון אייך איז עלטער?

קאַפּעל פּאַלבאַן (איז שוין גרייט געווען אויסצוציהען די האַנד). דו ביזט עלטער, מאָטעל, אויב איך האָב קיין טעות...

מאָטעל קאַסאַי. מיט אַ יאָהר און מיט אַ וואָך.

ביילקע (צו מאָטלען). ווי באַלד אַזוי, בעדאַרפסט דו... מיין איך, בעדאַרפט איהר, מאָטעל, ציהען דער ערשטער... (טראָגט איהם אונטער די צוויי עקען פונ'ם טיכעל. מאָטעל קאַסאַי קלערט כלומר'שט אַ ווײַלע, וואַקעלט, ציהט פּאַמעליך מיט צוויי פינגער ביים שפּיץ פון עק טיכעל און שלעפּט אַרויס אַ קניפּעל. ביילקע באַהאַלט דאָס טיכעל).

מאָטעל קאַסאַי (טרייסעלט אָפּ די הענט, קוקט אויף קאַפּלען מיט ענטשולדיגונג). נו?

קאַפּעל פּאַלבאַן (בלאַס, זיפצט אָפּ. צו מאָטלען). דיין גליק... לאָז גאָט געבען... (קאָן ניט רעדען ווייטער פון אויפרעגונג. שלינגט די טרערען).

ביילקע. איי־פע, קאַפּעל, איך האָב זיך ניט געריכט אויף אייך... געהאַלטען פאַר אַ גוטען פריינד...

מאָטעל קאַסאַי (צו ביילקען). קאַפּעל זאָגט דען עפּיס? אדרבה!...

קאַפּעל פּאַלבאַן. אדרבא! לאָז מיר אָנגעהן, וואָס איך וויניש איהם און אייך ביידען... ס'איז דאָך אַ גורל, אַ לאָטעריע...

מאָטעל קאַסאַי. ער זאָל געווען ארויסציהען, וואָלט ער...

ק אַ פּ ע ל  פּ אַ ל ב אַ ן. איך זאָל געווען ארויסציהען, וואָלט איך.. איך ווינש אייך, איהר זאָלט אייך עלטערען אין... אַלדעם גוטס.

מ אַ ט ע ל  ק אַ ס אַ י. אמן! קום אהער, לאָמיר זיך צעקושען. (נעמען זיך אַרום, מאָטעל מיט קאַפּלען, און צעקושען זיך).

ק אַ פּ ע ל  פּ אַ ל ב אַ ן. דעם אמת אויב איהר ווילט ווי־סען, האָט מיר דאָס הארץ געזאָגט שוין לאַנג, אז דער גליקליכער וועט זיין מאָטעל, ניט איך... ווי קום איך? איך בין פון תמיד אן א שלים־מזל... שלים־שלים־מזל... און איך האָב צו קיינעם ניט קיין טענות... גאָט איז מיין עדות, ווי איך האָב אייך ליעב געהאַט, ביילקע, און האָב אייך ליעב נאָך אצינד... און וואָס פאַר א גוטער פריינד איך בין צו מיין חבר מאָטעל... איך זאָג אייך נאָך א מאָל, אז וואָס איך ווינש אייך ביידען, מעג עס מיר אַנגעהן חאָטש האַלב... איי, איך האָב געהאַט א שטיקעל האָפענונג — בין איך ניט שולדיג. איך בין דאָך נישט מעהר ווי א מענטש... איך האָב אָבער אין זינען געהאַט אויך די אנדערע זייט, אז טאָמער חלילה לאָזט זיך אוים מיט מיר א בוידעם — אזוי פאָהר איך גלייך אוועק קיין אַמעריקא. א סימן האָט איהר... (צעשפּיליעט זיך, ציהט אַרויס פון בוזעם־קעשעני אַ ביכעל). אָט האָב איך מיר צוגעגרייט א פּאַס... (מאָטעל קאַסאַי און ביילקע קוקען זיך איבער. ביידע זענען געריהרט).

ב י י ל ק ע. צו וואָס אַזוי ווייט, אַזש קיין אַמעריקא? בלייבט דאָ, און לאָמיר זיין גוטע פריינד.

מ אַ ט ע ל  ק אַ ס אַ י. פאַרגעס ניט קאַפּעל, ווער עס בעט דיך...

ק אַ פּ ע ל  פּ אַ ל ב אַ ן. מיר'ן נאָך האָבען א ישוב... דער־ווייל בין איך נאָך א היגער און באַדאַרף פריהער פּראָווען אייער חתונה. איך בין דאָך עפּיס א מחותן... פון חתנ'ס צד.

ב י י ל ק ע. ניין, פון כלה'ס צד.

מ אַ ט ע ל  ק אַ ס אַ י. פון ביידע צדדים.

ק אַ פּ ע ל פּ אַ ל ב אַ ן. פוןביידע צדדים. (הערט זיך צו). מע געהט. מע געהט... (עס קומט איינס נאָך דאָס אַנדערע אַ מנין אידען פון אַלערליי מינים — מיט היטלען און מיט קאַפּעלישלעך, מיט לאַנגע קאַפּאָטעס און מיט קורצע ווייטיקלעך.— איינער מיט גראָבע פּאות און מיט אַ יאַרמעלקע אונטער׳ן ווייכען קאַפּעליש, אונטערגעבונדען די קאַפּאָטע מיט אַ רויטע פעטשיילע, — שפּיעלט די ראָלע פון אַ רב. — נאָך איינער האַלט אַ פלעשעל מיט אַ גלעזעל — ער וועט דאָס זיין דער שמש. פיער אַנדערע אידען האַלטען די פיער שטאַנגען, פון אויבען אַ גרינע שאַל מיט באַחראַמאַ, — דאָס וועט זיין די חופה. אַ פּאָר ווייבער האָבען זיך אויך אריינגערוקט, שטעהען פון דער ווייטען מיט פרומע פּנימ׳ער גרייט צו ענטפערען „ברוך הוא וברוך שמו אמן“. אויך יונגלעך קונדייסים זענען געקומען אָנקוקען אַ שטילע חופּה און אפשר חאַפּען אַ שטיקעל לעקאַך).

ק אַ פּ ע ל פּ אַ ל ב אַ ן (טהוט אַ וואונק צום אידען, וואָס שפּיעלט די ראָליע פון אַ רב). נו?

ד ע ר א י ד (צו קאַפּלען). נו־נו! (טהוט אַ וואונק צו איינער פון די ווייבער, זי זאָל נעמען די כלה. — יענע געהט־צו צו ביילקען, נעמט אַרויס אַ געלע פעטשיילע).

ד י א י ד י נ ע. ווער איז דאַ דער חתן? (רופט צו קאַפּלען).

ק אַ פּ ע ל פּ אַ ל ב אַ ן (ווייזט אויף מאָטלען). דער חתן איז — ער.

מ אָ ט ע ל ק אַ ס אַ י (געהט צו). דאָס בין איך.

ד י א י ד ע נ ע (גיט איהם די געלע פעטשיילע). אָט מיט דער פעטשיילע, זייט מוחל, דעקט איבער דער כלה דאָס פּנים. דאָס וועט זיין דאָס באַדעקענס. (מאָטעל נעמט די געלע פעטשיילע, געהט־צו פּאַמעליך צו ביילקען און דעקט איהר איבער דאָס פּנים. די אידינע נעמט ביילקען פאַר אַ האַנד, טהוט אַ וואונק צו קאַפּלען, ער זאָל נעמען דעם חתן פאַר אַ האַנד. ער פיהרט זיי אַרונטער דער חופּה).

ד ע ר  א י ד (צום חתן). אי־א? טבעת? ... (דער חתן פערשטעהט ניט).

ד י  א י ד י נ ע. א רינגעל, א פינגערעל, אויף מקדש זיין...

ק א פ ע ל  פ א ל ב א ן (טהוט זיך א חאפ צו די קעשענים). א פינגערעל? ס'איז דא, ס'איז דא... אלסדינג האב איך באדארפט אין זינען האבען... יעדע זאך באזארגען... אפילו א קדושין פינגערעל... (ציהט ארויס א פאפיערעל פון קעשעני, וויקעלט ארויס פון דארט א גאלדען רינגעל, גיט דאס איבער צו מאטלען).

ד ע ר  א י ד (צו מאטלען). טהו אן דאס פינגערעל דער כלה און זאג מיר נאך איטליכס ווארט! (זאגט, מאטעל זאגט איהם נאך). „הרי את... מקודשת לי... בטבעת זו... כדת... משה וישראל"... מזל טוב!

ד ע ר  ע ו ל ם. מזל טוב! מזל טוב! (קאפעל פאלבאן און מאטעל קאסאי חאפען זיך ארום און קושען זיך. — אין דעם סאמע רעכטען טומעל עפענט זיך די טיר און עס רייסען זיך אריין: ש י מ ע ל ע ס א ר א ק ע ר, ע ט י ־ מ ע נ י און ס א ל א ו י י ט ש י ק דער שדכן מיט זיי. עס ווערד א סומאטאכע).

ב י י ל ק ע (פאלט־צו צו מאטלען אויף די הענד). דער טאטע!... די מאמע!...

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר (קוקט זיך ארום, דערקענט ניט די טאכטער אונטער דער געלער פעטשיילע). וואו איז זי ערגיץ? וואו איז מיין קינד? וואס שווייגט איהר, אידען? עמך!...

ע ט י ־ מ ע נ י. דו הערסט דען ניט איהר קול?

ס א ל א ו י י ט ש י ק (שטופט זיך דורך). פאזוואלטיע!... איזווינימיע, גאספאדא! אט דאס איז זי דאך! (רייסט ארונטער די געלע פעטשיילע פון ביילקע'ס פנים). זאמעטשאטעלנא! דאס איז א מעשה, וואס טשטא ניבוד אסאבענע!...

שימעלע סאַראַקער (דערזעהט ביילקען. לאָזט זיך צו איהר מיט אָפענע אָרעמס). טעכטערלעך מיינע טייערע! אָבי דו לעבסט און מיינע אויגען זעהען דיך! (ביילקע פאַלט איהם אין די הענד אריין. ביידע וויינען).

עטי־מעני (פערברעכט די הענד, פאַלט אויף אַ שטוהל, שאָ־קעלט זיך און וויינט, לייענענדיג מיט אַ ניגון פון תחינות). וועה איז מיר און ווינד איז מיר! אַ דונער איז מיר און אַ בראַך איז מיר! צו וואָס מיר האָבען זיך דערלעבט און וואָס מיר זעהען מיט די אויגען! מיט וואָס האָבען מיר זיך פאַרזינדיגט ביי גאָט, אַז אונזער קינד זאָל אונז אַזוי פאַרשוואַרצען דאָס פּנים? וואָס טהוט זיך דאַ און מיט וועמען וויל זי דאָס געהן צו דער חופה, פאַרוויסט און פאַרפינסטערט בין איך געוואָרען?!...

סאָלאָוויישיק (האָט שטילערהייד געהאַפּט אַ פּאָר ווערטער מיט די אידען און געוואוירע געוואָרען אין איין מינוט אַלס־דינג. — צו עטי־מעני'ן). איזווינימיע, מאַדאַם! איהר ווייסט גאָרניט וואָס איהר רעדט. אייער טאָכטער האָט שוין חתונה געהאַט נאָר־וואָס... מיט אָט דעם יאַט... (ווייזט אָן אויף מאָטלען). איך קומט מזל טוב!...

עטי־מעני (פערוואַרפט דעם קאָפּ אויף צו חלש'ען). אוי, אַ דונער איז מיר! אוי, אַ שלאַק איז מיר! אַ קויל האָט מיך געטראָפען! אַ שפּיעז אין הארצען אריין!...

שימעלע סאַראַקער. שאַ! שטיל! גענוג דיר צו לעגען קנייטלעך! נאַרישע קלאַגמוטער! בהמה וואָס דו ביזט! דיין קינד זאָל געוועזען חלילה שטאַרבען, אָדער אוועק'שמד'ען זיך, וואָלט געוועזען בעסער? הערט נאָר איין אומגליק — איהר טאָכטער האָט חתונה געהאַט פאַר איהר גלייבען, גענומען אַ שניידער, איין אמת'ען עמך — איז איהר ביטער! (צו דער טאָכטער). ווער איז דייז באַשער־טער? (ווייזט אויף מאָטלען און אויף קאָפּלען). דער? צי יענער? איך בין נאָך נישט קלאָהר אַקוראַט...

ק א פּ ע ל  פּ א ל ב א ן  (ווייזט אויף מאַטלען). ער איז דאָס דער גליקליכער... מיר האָבען געוואָרפען גורל...

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר  (איבערראַשט). וואָסער גורל?

ק א פּ ע ל  פּ א ל ב א ן. אַזוי ווי מיר ביידע זענען געווען פאַרליעבט, האָבען מיר געצויגען קניפּלעך, האָט ער ארויסגעצויגען, הייסט עס, איז ער זוכה בגורל.

ס א ל א ו ו י ט ש י ק. זאַמעטשאַטעלנאָ! האָב איך אייך ניט געזאָגט, אַז איינער פון די צוויי וועט נעמען אייער טאָכטער? איך זאָל שוין טאָקי אַזוי לעבען מיט אייך און מיט אייער ווייב!...

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר. וואָס זשע האָט מען נאָך באַדאַרפט אַנטלויפען? האָט איהר דאָך געקאָנט זאָגען מיר, וואָלט דאָך עס געווען שען און פיין און שאַ און עמך...

מ א ט ע ל  ק א ס א י. ווער האָט געקאָנט מיט אייך רעדען?

ב י י ל ק ע. נאָך דעם אומגליק, וואָס האָט געטראָפען, זינט דו האָסט אויסגענומען דאָס גרויסע געווינס...

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר. וואָסערע לאָקשען? וואָסערע פלאָמען? אוים אומגליק! אוים גרויסער געווינס! מע האָט צוגענומען, אויסגעצאַפּט, אויסגעמאַנטאַשעט און אויסגעבמאַליעט אינגאַנצען ביז דער לעצטער פּרוטה. נישט געלאָזט, איהר זאָלט זאָגען, אַפילו א סימן. געבליבען דער אייגענער עמך, וואָס געווען...

ב י י ל ק ע  (איבערראַשט). ווער איז דאָס געווען? וואו? ווען?

ע ט י ־ מ ע נ י. אַט יענע צוויי שלים־מזל'ען, וואָס פון טרעיאַטער...

ב י י ל ק ע. וויגדאַרטשוק און רובינטשיק? ווי אַזוי איז דאָס געשעהען?

ש י מ ע ל ע  ס א ר א ק ע ר. ווי אַזוי ס'איז געשעהען, איז פאַרפאַלען... צוגענומען ווי מיט די הענט און אוועק וואו דער ווייסער פעפער וואַקסט... קיין האָהן האָט אפילו ניט געקרעהט... און

אפשר מיינסט דו, אַז ס'האָט זיך מיר ניט געחלומ'ט פריהער מיט אַ נאַכט אַ בעזער חלום? ס'זאָל נאָר אויסגעהן אויף זייער קאָפּ, רבונו של עולם!

עטי־מעני. אָמן!

די ווייבער (מאַכען אַ פרום פּנים). אמן, ברוך הוא וברוך שמו!

שימעלע סאָראָקער. נאָר גענוג. האַפּט זיי דער וואַטענמאַכער! אַבי מיין קינד האָט זיך מיר אָפּגעזוכט, בין איך צופריעדען, הויב איך אויף די הענט צו גאָט און זאָג: גם זו לטובה!...

עטי־מעני. אמן!

די ווייבער (פרום). אמן, ברוך הוא וברוך שמו!...

שימעלע סאָראָקער. איי, וואָס איך בין געבליבען אָהן פּאָדעם? — ס'האָט מיך גאָט געשטראָפט דערפאַר, וואָס עס האָט זיך מיר פערוואָלט ווערען אַ מיליאָנטשיק... און יחוס האָט זיך מיר פערגלוסט... דער קאָפּ האָט זיך מיר פאַרדרעהט, איך בין געווען שכור... עפּיס ווי אָטשאַדעט... איצט איז אַרויס דער טשאַד, האָב איך זיך אויסגעניכטערט, זעה איך, אַז איך בין געווען אַ נאַרר און אַז איך בין ווערטה שמיץ... (צום עולם). אידען! איהר האָט גע־הערט מן הסתם, אַז איין אָרעמער שניידער האָט אויסגענומען דאָס גרויסע געווינס, די צוויי הונדערט טויזענד? דאָס בין איך. שי־מעלע סאָראָקער איז מיין נאָמען... די צוויי הונדערט טויזענד זענען אויסגערונען, אַוועק מיט'ן ווינט און מיט'ן רויך, און שימעלע איז צוריק דער אייגענער עמך, וואָס געוועזען... איצט איז ביי מיר אַ שמחה, אַ יום־טוב, — מיין טאָכטער האָט חתונה געהאַט למזל — וואו איז דער לעקאַך און בראָנפען? לאָמיר נעמען צו קאַפּעלעך משקה און טרינקען לחיים פאַר אונזער פאָלק, שער און אייזען עמך!...

ק אַ פּ ע ל פּ אַ ל ב אַ ן (טהוט זיך אַ וואָרף צו די פּעקלעך מיט די שקאַרמוצען. בינט אויף און לעגט אוים אויפ׳ן טיש). אָט דאָ איז פאַרהאַן אַלסדינג, אי צו טרינקען, אי צו פּערבייסען... (ער און דער איד, וואָס דיענט אַלס שמש, שטעלען אוים אויפ׳ן טיש די פלעשלעך מיט די גלעזלעך).

ס אַ ל אָ ו ו י י ט ש י ק (נעמט אויף זיך די ראָל פון אַ סאַר־וועד און פון אַ טאָסטמייסטער און בעזעצט צום טיש גאַנץ אויבען אַן חתן־כלה, דערנאָך די מחותנים שימעלען מיט עטי־מעניין). איזווינימיע, אייך קומט דער אויבענאַן. (צו די אידען). עולם! צום טיש! (צו קאַפּלען). חתנ׳ס צד! גיס אַן די גלעזלעך! (צו די ווייבער). ווייבער! נעמט לעקאַך, מאַכט מזונות! (טיילט זיי אוים לעקאַך, לעגט אַליין אויך אין מויל אַריין. ווייזט מיט די אויגען אויף די קינדער). און גיט די ממזרים אויך צו שטיקלעך לעקאַך — ס׳אַ מצוה! און ס׳איז טאַקי גוטער לעקאַך אויך — טשטאַ ניבוד זאַמעטשאַטעלנאַ! (קייעט). לחיים, חתן כלה! לחיים, מחותן! לחיים, מחותנת׳טע! לחיים חתנ׳ס צד און כלה׳ס צד! און לחיים, אידען אַלע! לאָמיר זיין געזונט און טאַנצען אויף פרעמדע און אויף אייגענע חתונות! (טרינקט. אַלע בעגעגענען זיך מיט די גלעזלעך און טרינקען און פער־בייסען).

ש י מ ע ל ע ס אַ ר אַ ק ע ר . ישקני — הערט זשע מיך אוים, אידען, די מעשה דערפון איז אַזוי: ביי מיר איז היינט אַ צווייעגדיגער יום־טוב. ערשטענס, וואָס סע האָט זיך אָפּגעזוכט מיין קינד, מיין בת יחידה, מיין אויג אין קאָפּ. זיין, זאָל זי מיר געזונט און שטאַרק און זאָל מיך איבערלעבען!

ע ט י ־ מ ע נ י . אמן.

ד י ו ו י י ב ע ר (מיט אַ פרומע מינע). אָמן, ברוך הוא וברוך שמו!

שימעלע סאָראָקער. דאָס אַנדערע, וואָס זי האָט זיך באַהעפט מיט איהר גלייכען און האָט זיך אויסדערוועהלט אַ מאַן פון אונזער פאָלק, שער און אייזען עמך, נישט געוואָלט הערען אפילו פון יענעם פיפּערנאָטער דעם ריסטעקראַט, וואָס האָט זיך צוגעשמייכעלט צו די פופציג טויזענד, וואָס איך האָב געהאַט בדעה איהר צו געבען נדן און וואָס די צוויי ממזרים, זשוליקעס און אַפּע־ריסטען האָבען ביי מיר אויסגעמאַנטאַטשעט מיט נאָך הונדערט טוי־זענד — די כפרה זאָלען זיי זיין מיט'ן געלד פאַר מיר און פאַר אייך און פאַר כל ישראל.

עטי־מעני. אמן.

די ווייבער (פרום). אמן, ברוך הוא וברוך שמו!

שימעלע סאָראָקער. ווי באַלד אַזוי, בעדאַרף מען נעמען נאָך אַמאָל צו קאָפּעלעך לחיים לכבוד דעם פּאָר־פאָלק און לכבוד זייערע פריינד און גוטע פריינד און לכבוד אַלע אונזערע עמך... (בעגעגענט זיך מיט די גלעזלעך, טרינקט. אַלע טרינקען מיט). און גאָר אַ בעזונדערען לחיים וויל איך טרינקען צו דעם, וועלכען מיין טאָכטער האָט אויסדערוועהלט. (צו מאָטלען). לחיים, מאָטעל! לאָז גאָט געבען, אַז דיין „זכה בגורל" זאָל זיין מיט מעהר גליק און מיט מעהר אריכת־ימים, ווי מיין „זכה בגורל" איז געווען!

עטי־מעני. אמן.

די ווייבער (פרום). אמן, ברוך הוא וברוך שמו! (שי־מעלע און מאָטעל צעקושען זיך).

שימעלע סאָראָקער (שוין גאָר פריילעך). ישקני — הערט מיך אויס, אידען! אַז גאָט האָט אַזוי געפיהרט, מיר זאָלען זיך בעגעגענען מיט אייך אָט אַ דאָ אויף אַזאַ שמחה, איז אַ יושר, מיר זאָלען זיך טאַקי פרעהען, האַפּען אַ טענצעל, אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטען. מיר'ן זיך נעמען פאַר די הענט, איהר וועט מיר העלפען זינגען, און מיר וועלען האַפּען אַ טענצעל, דאָס הייסט, געהן דעם

אמת'ען עמך... (דער עולם שטעלט זיך אַוועק אַרום דעם מחותן, פּלעס־קען צו מיט די הענד, האַפּען אונטער אַ פרעהליכען נגון, און עס וואַקסט אויס דער איד, וואָס האָט מסדר קדושין געווען, און צו דעם נאָך אַ איד, און ביידע לאָזען זיך טאַנצען).

סאַלאָווייטשיק (שטעלט אָפּ דעם ערשטען אידען). פּע־טער! ווער זענט איהר?

דער איד (טאַנצענדיג). איך בין דער איד, וואָס כ'האָב מסדר קדושין געווען.

סאַלאָווייטשיק. און ווער איז דער אַנדערער? (ווייזט אָן אויפ'ן צווייטען, וואָס טאַנצט).

דער איד (טאַנצענדיג). גלאַט אַ איד.

שימעלע סאַראַקער. זעהר גערעכט. דאָס איז אַ בראַ־ווער איד! פון די אמת'ע עמך!... (פערקאַטשעט די פּאָלעס און געהט אַ פריוויליכס).

סאַלאָווייטשיק. און וואו בין איך? (ער האָט פער־קאַטשעט די אַרבעל און לאָזט זיך אַקעגען איהם. ביידע שטייגען איבער איינס דאָס אַנדערע אין טאַנצען, וואָס געהט אַלע מאָל שטאַרקער און לע־בעדיגער. ביז עס רייסט זיך אריין אין רעדעל אויך די אידינע, וואָס האָט געשפּיעלט די ראָלע פון איין אונטערפיהרערין, און געהט אַ „קאָ־זאַטשקע", מאַכענדיג מיט דער געלער פּעטשיילע איבער'ן קאָפּ אַלערליי מאַניפּולאַציעס. — קאַפּעל פּאַלבאָן קאָן זיך ניט בעהערשען און טאַנצט אויך אין קאָהן, מאַכט פּריסיאַדקעס. — אַלע זינגען, אלע פּלעסקען. העכער פון אַלע הערט זיך שימעלע'ס קול).

שימעלע סאַראַקער. שטאַרקער, אידען! לעבעדי־גער! לעבעדיגער! עמך, שער און אייזען אונזער פאָלק — עמך!!!...

פאָרהאַנג לאַנגזאַם.

---

# אינהאלט

## די נעמען פון די פּאַרשוינען:

**ר אַ בּ י נ ע ר.** נאָך גאָר אַ יונגערמאַן, געענדיגט פיער קלאַסען, טראָגט בלויע ברילען.

**ר אַ בּ י נ ע ר ש ע.** זיין ווייב. אַ יונג ווייבעל.

**בּ ר ו ך־ה ע ר ש.** אַ בעל־הלואה. נישט גאָר קיין יונגערמאַן, אָבער אויך נישט קיין אַלטער איד. רייבט זיך צווישען יונגע לייט.

**ש מ ח ה.** אַ נגיד'ישער יונגערמאַן. האַלט די טאַקסע.

**אַ ב ר ה מ ע ל.** אַ יונגערמאַן אַ „משכיל". גיט וואַכער.

**אַ ה ר צ י.** גאָר־וואָס אַראָפּ פון קעסט. שטופּט זיך צו די גרויסע.

**בּ נ צ י.** זיצט נאָך אויף קעסט. קוקט אַהרצין אין די צייהן אַריין.

מ אָ ט ע ל
י ע נ ק ע ל
י ו ס ע ל
ה ע ר ש ע ל
בּ ע ר ע ל
אַ נ ש ע ל
אַ י צ ע ל

(מאָטעל, יענקעל, יוסעל, הערשעל, בּערעל, אַנשעל, איצעל:) בחורים, וואָס לייענען גאָזעטען.

**ל י י בּ ק ע.** אַ שמש.

די סצענע קומט־פאָר אינ'ם סוף פונ'ם נייענצעהנטען יאָהרהונדערט, אין אַ קליין שטעדטעל, פּונקט צווישען מ אַ ק אַ ר ע ו ו ק ע און צווישען ס ט ר י ש ט ש, אין דער סביבה פון מ אַ ז ע פּ ע ו ו ק ע, ביי'ם ראַבינער אין שטוב, שבת־צו־נאַכטס נאָך הבדלה.

[דער עולם געהט ארום איבער דער שטוב. מע רויכערט, מע רעדט. עס איז אַ געפּילדער ביז'ן הימעל. דער ראַבינער זעצט זיך אַוועק בײ'ם טיש.]

ר אַ ב י נ ע ר. ששששאַ! שאַ! איך בעט מײנע ליעבע געסט זיך זעצען ארום טיש און אויסהערען קודם כל דעם „דאָקלאַד", וואָס איך וועל אײך דאָ פאָרלײענען, בכדי מיר זאָלען זיך קאָנען גוט פאַרשטעהן, צו וואָס האָבען מיר זיך דאָ צונויפגעקליבען. זעצט זיך, זעצט זיך. [נעמט ארויס אַ פּאַפּיער פון דער זײט־קעשענע און לײענט]. „היות..."

ש מ ח ה. ראשית חכמה, איהר זענט דאָך עפּיס, ווי זאָגט ער, אַ ראַבינער בײ אונז; הײסט דעם שמש, לאָז ער אַקאָרשט ברענגען דעם ביטערען טראָפּען און טאַקי פאַרבײסען אויך.

ר אַ ב י נ ע ר [צום שמש]. רב לײב! ווײסט איהר וואָס? טהוט אַ שפּרונג אויף אײן פוס... שאַ! [צום ווײב]. קום נאָר אַהער, מײן הארץ! הערינג האָסט דו דאָך מסתמא? הײס, נשמה מײנע, דערווײל צוגרײטען פאַרבײסען און...

ב ר ו ך ־ ה ע ר ש. איך האָב געמײנט — אי־פע, אַ חרפּה, אַ בושה, כלעבען! נאַ דיר גאָר הערינג אין מיטען שבת־צו־נאַכטס! בײ לײטען האָב איך געזעהען אויף אײן אסיפה...

א ב ר ה מ ע ל. ע! שלאָגט־זשע נישט איבער אין מיטען! מע לײענט דאָך עפּיס, דאַכט זיך, האַ?

ש מ ח ה. מאַהלט אײך, קײן עולה וואָלט נישט געווען, אז די רביצין זאָל געווען צוגרײטען אַ באָרשטשעל, אָבער אזוי, אַ וואָלכעש טאַקי, ווי זאָגט ער...

ר א ב י נ ע ר ש ע. אָט האָסט דו דיר די אַנדערע טעג יום־טוב, טאָמער איז קארג! ווער האָט זיך געקאָנט ריכטען, אז פּלוצים, אין מיטען מיטוואָך שבת־צו־נאכטס...

ר א ב י נ ע ר. שאַ! שלאַג־זשע נישט איבער, מאמעטשקע! זעהסט דאָך, אז מע טהוט עפּיס! [לייענט ווייטער]. „היות..."

ל י י ב ק ע. נו, ווער ניט געלט? מע באדארף דאָך עפּיס געלט אויף משקה, צי ניין?

ב ר ו ך ־ ה ע ר ש. נו, יונגעלייט, וואָס שווייגט איהר?

א ה ר צ י. חברה בחורים, רוקט זיך אַקאָרשט ארוים מיט די מזומנים!

ב נ צ י. מיט די מזומנים אַקאָרשט!

ב ח ו ר י ם [אַלע אינאיינעם]. לאָמיר שוין הערען עפּיס! מיר זענען נישט געקומען אהער בראָנפען טרינקען. מע טהוט דאָך עפּיס אין איין ענין! לאָז מען אַפּלייענען, וועט מען נאָכדעם האָרכען וואָס, ווער, ווען! [מע רוקט אריין דעם שמש עטליכע זילבערנע מטבעות].

ר א ב י נ ע ר [הוסט און לייענט]. „היות..."

ר א ב י נ ע ר ש ע. ניטאָ קיין הערינג, אויסגעגאַנגען! וואָס טהוט מען?

ר א ב י נ ע ר. נו, קויפט מען, אז ס'איז ניטאָ! אָבער לאָז צו־רוה! שוין וויפיעל מאָל אָנגעהויבען — א מעשה אָהן איין עק! [לייענט]. „היות... כפי אזוי ווי היינטיגע צייטען אָט דא זעהען מיר אידען נעבאָך מוטשען זיך פּשוט, ווערען אויסגעריסען..."

ב ר ו ך ־ ה ע ר ש. וואָס לייענט ער דאָס?

ש מ ח ה. ווייס איך! א „רעטש", אפנים.

א ה ר צ י. שאַ! לאָז זיין שטילער א ביסעל! מע לייענט דאָך עפּיס!

ב נ צ י. איהר זעהט דאָך, אז מע לייענט, זעהט איהר דאָך!

ב ח ו ר י ם [אַלע]. שאַ! ששאַ! שששששאַאַ!

ר א ב י נ ע ר [הוסט און לייענט]. „היות..." ניין, וואו האַלט איך? יאָ... „אויסגעריסען, קיין פּרנסה איז ניטאָ, מע שלאָגט,

מע יאָגט, מע רייסט, מע בייסט, מע סיפּעט, מע ציפּעט — ס'איז שלעכט! מענטשען פאַלען אין די גאַסען, מע געהט אוים פאַר הונ־גער נעבאַך. אומעטום, אין אַלע ערטער, האָבען זיך געפונען, ווי ס'איז אייך באַקאַנט, מענטשען אָרענטליכע, געבילדעטע מענטשען, געלעהרענטע מענטשען, מענטשען, קאָן מען זאָגען, מיט אַ פאַר־שטאַנד, מענטשען גוטע, הומאַנע מענטשען, מענטשען וואָס זאָרגען לטובת הכּלל, מענטשען וואָס טהוען זעהר פיעל פאַר זייערע אָרעמע ברידער, יעדער העלפט ווי ווייט מעגליך, מיט וואָס ער קאָן. מע מאַכט אסיפות, מע קלויבט געלט, מע טיילט צדקות — הכּלל, מע טהוט, מע אַרבייט, מע שלאָפט נישט. אומעטום הערט מען: קאָמיטעט, עמיגראַציע..."

ב ר ו ך ־ ה ע ר ש. יאָ, איך בעט אייך, הערר ראַבינער, מאַכט מיך קלאָר, וואָס איז דער ענין פון דער עמיגראַציע? איך הער, מע רעדט אַלץ: „עמיגראַציע, עמיגראַציע!"

א ה ר צ י. אַך, שלאָגט ניט איבער! לאָזט קאָנטשען, וועט איהר נאָכדעם פרעגען!

ב נ צ י. פרעגען וועט איהר נאָכדעם פרעגען.

ש מ ח ה. ס'איז דיר נאָר איין אקציע מיט אַ אידען! יענער פרעגט, ער וויל וויסען — פרעגט ער!

א ב ר ה מ ע ל. יאָ פרעגען — מע דאַרף דאָך אָבער אוים־הערען פריהער! לייענט, לייענט!

ר א ב י נ ע ר [לייענט ווייטער]. „עמיגראַציע, אַמעריקע, פּאַ־לעסטינע. אומעטום טהוט מען לטובת הכּלל. אויף די גאַזעטען לייענען מיר: דאָ איז דאָס, דאָרט איז יענעס, חברות זענען פאַרהאַן שוין כּמעט אויף דער גאַנצער וועלט — אין מאַקאַרעווקע, אין קאַש־פּעראָוו, אין יאַמפּעלע, אפילו אין סטרישטש איז אויך דאָ אַ חברה. אַ חרפּה, אַ בושה — אַזאַ שטאָדט, ווי אונזער שטעדטעל איז, אידען, אָהן עין־הרע, אַזוי פיעל, זאָלען זיך נאָר מעהרען..."

ב ר ו ך ־ ה ע ר ש. זאָלען זיך מעהרען? גאָר קיין נאָר נישט אונזער ראַבינער, כּלעבען!

אברהמעל. בקיצור, ווערטלעך אָהן אַ זייט — מע לייענט דאָך עפּיס!

בחורים [אַלע]. אָבער לאָז האָבען איין עק! לייענט! לייענט!

ראַבינער. „אַזוי פיעל אידען, אָהן עין־הרע"... המ... המ... איך מיין טאַקי באמת... „צייט עפּיס אָנהויבען צו טהון אונז אויך, עפּיס אין זינען האָבען טובת הכּלל..."

ברוך־הערש. בכן, נו, איז וואָס?

אברהמעל. בראָש האָט איהר מעהר קיין צייט נישט פון דער גאַנצער וועלט!

בחורים [אַלע]. לייענט, לייענט!

ראַבינער. „על כּן איז געבליבען בהסכּם... בהסכּם פון אונזערע יונגעלייט און בחורים, משכּילים, געבילדעטע, יונגלעך וואָס האָבען ליעב השכּלה, וואָס לייענען אַ בלאַט און וואָס ווייסען וואָס אויף דער גאָרער וועלט טהוט זיך, וואָס נעמען זיך אָן, וואָס פאַר־שטעהען, וואָס פיהלען, וואָס..."

ברוך־הערש. נו, בקיצור, לאָמיר שוין הערען וואָס?

אברהמעל. האָסט דו געזעהען?! אַ איד איז דיר קיין קאַטאָוועס נישט! האָט קיין צייט ניט אַ ביסעל!

בחורים [אַלע]. נו, לייענט, לייענט!

ראַבינער. „וואָס פאַרשטעהען, וואָס פיהלען, וואָס געבען אַכטונג, וואָס זעהען, וואָס הערען, וואָס ווייסען, ווי ווייט שלעכט ס'איז אונז היינטיגע צייטען, — לכן איז געבליבען, אַז מיר זאָלען זיך היינט צונויפקלויבען דאָ ביי מיר און אַלע אינאיינעם דאָ עפּיס אָנהויבען צו קלערען און טאַקי טהון אויך עפּיס לטובת הכּלל, ווי ביי לייטען, בכדי מיר זאָלען זיך ניט דאַרפען שעמען פאַר די איבע־ריגע שטעדט אַרום און אַרום, און מע זאָל זעהען, ראשית חכמה..."

שמחה. נו, אדרבה, ס'איז טאַקי אַ יושר.

ברוך־הערש. איך פאַרשטעה ניט וואָס? ס'איז ביי אונז דען ניטאָ קיין חברות? קאַרג צדקה ווערט צעטיילט ביי אונז

א יאָהר? וויפיעל פאַלט אריין ביי אונז מעות חטים? היינט די טאַקסע?!...

ש מ ח ה. אַך, לאָזט צורוהי! ניט דאָס מיינט מען!

ב ר ו ך־ה ע ר ש. וואָס דען מיינט מען? לאָם איך וויסען.

א ה ר צ י. איהר האָט דאָך געהערט! אָט דאָס, וואָס דער ראַבינער האָט געלייענט.

ב נ צ י. איהר האָט דאָך געהערט וואָס מע לייענט וואָס!

ב ר ו ך־ה ע ר ש. וואָס טויג מיר וואָס ער לייענט! הערט צו, וואָס איך וועל אייך זאָגען!

א ב ר ה מ ע ל. וואָס טויג מיר דאָס זאָגען אייערס, וואָס איהר וועט זאָגען! איך וויים פריהער, וואָס איהר וועט זאָגען! אייך און שמחה'ן ליגט אין קאָפּ די טאַקסע. וואָס חלומ'ט זיך א הוהן? — פּראָסע!

ש מ ח ה. א משל! דאָס איז יאָ, ווי מע זאָגט: אז ציבעלע איז ציבולי, איז קנאָבעל קנאָבולי... ווער פרעגט דיך ווער?

ב ח ו ר י ם [אלע]. אָבער שלאָגט נישט איבער! לאָזט א אידען רעדען!

א ה ר צ י. וואָס זוערט פון דעם רעדען? מע דאַרף עפּים טהון!

ב נ צ י. טהון באַדאַרף מען!

ר א ב י נ ע ר. „און מע זאָל זעהען, ראשית חכמה..."

ב ר ו ך־ה ע ר ש. נו? געלט מסתמא? וואָס איז דאָ פאַרהאַן וואָס צו טענה'ן א סך?

ש מ ח ה. הערסט דו? געלט? אָט דאָס מיינט דער פּסוק? ס'א קטניות!!!...

א ב ר ה מ ע ל. נו, און אז געלט, איז וואָס? וואָס־זשע האָט איהר זיך דאָ אזוי דערשראָקען?

א ה ר צ י. מע באַדאַרף אָבער באַקלערען, ווי אזוי געלט?

ווי אַרום געלט? ס'איז קיין קונץ נישט נלאַט אַזוי — „זשיה, דאַוואַי הראָשע!" דערויף האָבען מיר דאָך געמאַכט איין אַסיפה, אַז מע זאָל באַקלערען דעם ענין אַקוראַט!

ב נ צ י. פאַרשטעהט זיך, מע באַדאַרף באַקלערען דעם ענין אַקוראַט!

א ב ר ה מ ע ל. אַז מע לאָזט אָבער ניט רעדען. איינער דעם אַנדערען שלאָגט איבער, טויג דאָך אויף כּפרות! לייענט, לייענט ווייטער!

ב ח ו ר י ם. לייענט, לייענט!

ר א ב י נ ע ר. „באַדאַרף מען זעהען, ראשית חכמה, אַז..."

ב ר ו ך־ה ע ר ש. אַז וואָס?

א ב ר ה מ ע ל. האַרט שוין אוים אַ ווײַלע!

ר א ב י נ ע ר. „ראשית חכמה, אַז אונזערע נגידים..."

ש מ ח ה. אונזערע נגידים?! באַלד עפּים — טהוט מען זיך אַ וואָרף צו די נגידים!

א ה ר צ י. איי, לאָזט צו־רוה! פאַר וואָס זאָלט איהר איבערשלאָגען אַלע מאָל?

ב נ צ י. למאי זאָל מען איבערשלאָגען למאי?

ר א ב י נ ע ר. „אַז אונזערע גבירים מיט די נגידים מיט די בעלי־בתּים, מע זאָל זיך צונויפלעגען, מאַכען אַ..."

ב ר ו ך־ה ע ר ש. נו, דאָס האָב איך געוואוסט פריהער! אויפגעטהאָן אַ נייעם! פּונקט דאָס זעלביגע, וואָס פאַר אַ יאָהרען אין דער צייט!

א ב ר ה מ ע ל. אַ היסטאָריע דיר מיט דעם אידען! לאָזט ניט רעדען יענעם אַ וואָרט!

ב ר ו ך־ה ע ר ש. ווייסט איהר וואָס, רב ראַבינער? וואָס טויג די אַלע משא־ומתּנם — זאָגט בקיצור, וואָס באַדאַרף מען טהון?

ש מ ח ה. בקיצור? מע באַדאַרף קודם כּל אויסקלויבען דאָ אויף דער אַסיפה גבּאים, אַ נאמן, טשלענעם הייסט דאָס.

אברהמעל. טשלענעם? מי ומי ההולכים?

אהרצי. וואָס הייסט ווער? מיר טאַקי אליין.

בנצי. טאַקי מיר אליין טאַקי!

שמחה. שאַ! לאָזט זיך דיענען! קודם כל דאַרף מען...

מאָטעל. ניין! מע באַדאַרף פריהער גוט אָפּקלערען...

יענקעל. וואָס אָפּקלערען?

יוסעל. דאָס הייסט, אויפשרייבען דאָס אלץ אויף פּאַפּיער און...

הערשעל. אין סטרישטש איז אנדערש. דאָרט האָבען זיי פריהער אוועקגעשריבען אַ בריעף קיין פּייטערבאָרג...

בערעל. ער דערצעהלט מיר סטרישטש! איך קום ערשט צו פאָהרען פון סטרישטש פאַר יום־טוב, זאָגט ער גאָר דאָס!

אנשעל. מילא וואָס איז די נפקא־מינה — צי אזוי, צי אזוי?

איצעל. ס'אַ גרויסער חילוק, נאַר! איך וועל דיר ווייזען דעם לעצטען נומער „המגיד"! [שלעפּט פון קעשענע דעם נומער „המגיד", און צווישען די בחורים ווערט אַ גערעדעריי].

ברוך־הערש. לאָז זיין שטיל, יונגעלייט! אז עלטערע רעדען, באַדאַרפען יונגעלייט שווייגען.

יענקעל. ס'איז אַ סברה, אז אין די ענינים האָבען די יונגעלייט פּונקט אזאַ דעה, ווי די אַלטע אידען.

שמחה. אין באָד וועט איהר זאָגען אַ דעה, ניט דאָ. דרך ארץ!

יוסעל [צו די איבעריגע בחורים]. נו, האָב איך דען ניט געזאָגט, ס'וועט אזוי זיין?

שמחה. שאַ! ווייסט איהר וואָס? אָט הערט מיך אויס. איך וועל אייך זאָגען נאָר צוויי ווערטער! [קריכט אויפ'ן טיש].

אברהמעל. שלשה דברים — צוויי ווערטער אויף פיער זייגער־שעה.

א ה ר צ י [אויפ׳ן טיש]. אז איהר ווילט מיך פאָלגען, וועל איך אייך זאָגען גאָר איין אנדער פּלאַן.

ב נ צ י. גאָר איין אַנדער מין פּלאַן גאָר!

ב ח ו ר י ם [אַלע]. נו, אדרבה, זאָגט, זאָגט!

ב ר ו ך־ה ע ר ש [האַלט צו שמחה׳ן דאָס מויל מיט דער האַנט]. לאָז א אידען רעדען!

ש מ ח ה [רייסט אראָפּ די האַנט און שרייט]. לאָז מען קלויבען גבאים על־פּי גורל!...

א ה ר צ י. ווייס איך וואָס — גורל! רעדסט ווי א דולער!

ב נ צ י. ווי א דולער רעדט ער!

א ב ר ה מ ע ל. ניין, לאָז אויסרעדען! האָסט דו געהערט, ווי מע לאָזט נישט רעדען קיין וואָרט? ס׳איז דיר נאָר א קאָמעדיע מיט א אידען!

ש מ ח ה. סע טויג ניט! דאָס בעסטע איז, ווען איהר זאָלט מיך פאָלגען!

ב ר ו ך־ה ע ר ש. פּאַק איך מיין... איך מיין גאָר איין אנדער מין מיין.

ר א ב י נ ע ר. לאָם איך שוין ארויסזאָגען מיין מיין, וועט איהר נאָכדעם ארויסזאָגען אייער מיין!

ב ח ו ר י ם [אַלע]. דער ראַבינער! דער ראַבינער לאָז זאָגען!

ב ר ו ך־ה ע ר ש. וואָס וועט ער זאָגען? מע ווייסט פריהער וואָס ער וועט דאַרטען זאָגען: ער וועט זאָגען „געלט" — מע ווייסט דאָס!

א ב ר ה מ ע ל. וואָס טויג מיר מעשיות, רב ברוך־הערש? איהר זענט א גוטער נודניק. לאָזט אויסרעדען א וואָרט, וועט איהר אייך נאָכדעם זאָגען!

ב ר ו ך־ה ע ר ש. מילא, נו, גע׳פּועל׳ט, גע׳פּועל׳ט! [מאַכט צו דאָס מויל מיט דער האַנט און שווייגט].

ר א ב י נ ע ר. „... מע זאָל אָנהויבען זאָרגען לטובת הכלל..."

ב ר ו ך־ה ע ר ש. וואָס פאַר אַ טובת הכּלל? אַ גאַנצע נאַכט „טובת הכּלל"!

אַ ב ר ה מ ע ל. ע! מע האָט דאָך גערעדט, ס'זאָל זײַן שטיל!

ב ר ו ך־ה ע ר ש. נו, נו! בקיצור! גע'פועל'ט, גע'פועל'ט.

ר אַ ב י נ ע ר. „און מע זאָל טאַקי אָנהויבן עפּיס טהון אויך לטובת הכּלל..."

ב ר ו ך־ה ע ר ש. אָבער...

אַ ב ר ה מ ע ל. שאַ! האָסט דו געהערט, אַ איד קאָן זיך נישט אײַנהאַלטען אַ מינוט? ס'איז דיר נאָר אַ קאָמעדיע און גענוג!

ר אַ ב י נ ע ר. „בכדי מע זאָל קאָנען עפּיס טהון לטובת הכּלל, איז ניט דער עיקר די טשלענעס. טשלענעס װעלען זײַן גענוג..."

ב ר ו ך־ה ע ר ש. װאָס פאַר טשלענעס? איין אופּראַװע בײַ אײַך, צי װאָס?

אַ ה ר צ י און ב נ צ י. נו, לאָז זײַן גבאים.

ב ח ו ר י ם [אַלע]. ניין, טאַקי טשלענעס! פאַר װאָס ניט קיין טשלענעס טאַקי?

אַ ב ר ה מ ע ל. בקיצור, טשלענעס, גבאים — ס'אַ נפקא־מינה אַ ביסעל!

ש מ ח ה. װי אַזוי־זשע װעלען מיר דאָס קלויבען די גבאים?

אַ ה ר צ י און ב נ צ י. װאָס הייסט, װי אַזוי? מיר װעלען נעמען און װעלען אויסקלויבען טאַקי צװישען זיך, אָט דאָ אָ.

מ אָ ט ע ל. װייסט איהר װאָס? איך װאָלט געזאָגט אַזוי: איך האָב געלייענט יענע װאָך אין בלאַט, שרייבט דאָרט איינער...

י ע נ ק ע ל [שטופּט אָפּ מאָטלען]. שאַ! ניין, דאָס טויג ניט! איך װעל אײַך זאָגען, װי אַזוי!

י ו ס ע ל. אָט האָט זיך געפונען אַ בעל־יועץ — ע ר װעט זאָגען!

ה ע ר ש ע ל. נו, זאָג ד ו, לאָמיר הערען, אדרבה!

ב ע ר ע ל. פֿאַרהאַן עלטערע דאָ, לאָזען זיי זאָגען.

א נ ש ע ל [שפּרינגט־אַרויס]. עלטערע, יונגערע — זאָגען מעג זיך איטליכער זאָגען. דאַרויף איז דאָס איין אסיפה!

א י צ ע ל [שלעפּט דעם „המגיד"]. דער „המגיד" זאָגט... אין „המגיד" שרייבט איינער אַ קאָרעספּאָנדענציע...

ב ר ו ך־ה ע ר ש. שבעה דברים בגולם! יונגעלייט האָבען דיר קיינמאָל קיין צייט ניט!

ש מ ח ה. נו, זאָגט־זשע איהר, ווי אַזוי?

א ב ר ה מ ע ל [אויפ'ן טיש]. איך וואָלט געזאָגט גאָר אַנדערש. מע באַדאַרף גאָר ביי די עלטערע בעלי־בתים נישט פרעגען; זיי מאַכען תּמיד קאַליע. לאָמיר אויסקלייבען דאָ צווישען זיך טאַקי גבאים. מיר זענען דאָך אַלע דאָ, לאָמיר נעמען און וואַרפען גורל, ווער ס'זאָל זיין גבאי, ווער נאמן, ווער אַ רואה־חשבון...

ב ר ו ך־ה ע ר ש. אַלע? נאַ דיר גאָר אַלע! גאַנץ קעקעלע־ קהל? אַ שיינדעלע!

ב ח ו ר י ם [אַלע]. פֿאַר וואָס ניט אַלע?

ב ר ו ך־ה ע ר ש. אפשר יונגע צוציקלעך אויך? „יעמוד עם כּל הנערים" הייסט דאָס?

ב ח ו ר י ם [אַלע]. פֿאַר וואָס דען ניט? היינט פֿיהרען די וועלט נאָר די יונגעלייט. לייענט אויפ'ן בלאַט, וועט איהר זעהען.

ר א ב י נ ע ר. צו וואָס טויג דאָס שפּאַרען, וואָס איהר שפּאַרט זיך דאָ, אַז איהר ווייסט נאָך גאָר ניט וואָס און ווען? וואָס וועט אַרויסקומען פון די גבאים, אַז מיר האָבען קיין געלט נישט?...

א ה ר צ י. ניין, סע טויג ניט אַזוי!

ב נ צ י. אַזוי טויג עס ניט!

א ב ר ה מ ע ל. פֿאַר וואָס? פֿאַר וואָס טויג ניט? האָסט נאָך גאָר ניט געהערט, און זאָגסט שוין, אַז סע טויג ניט? ס'איז אַ ריינע קאָמעדיע!

ש מ ח ה [אויפ'ן טיש]. פֿאָלגט־זשע איהר מיך, וואָס איך וועל אייך זאָגען!

ב ר ו ך־ה ע ר ש [שלעפט איהם]. לאזט־זשע זיך דיענען! הערט וואס איך וועל אייך זאגען!

ש מ ח ה [רייסט זיך אויס]. גייז, שמעני, הערט מיך צו!

ב ר ו ך־ה ע ר ש [האפט שמחה׳ן פאר א האנט]. וואס איז פאר א הפקרות — נישט לאזען יענעם אויסרעדען א ווארט, הא?

ש מ ח ה. ווער לאזט אייך ניט רעדען? רעדט אייך געזונטערהייט!

ב ר ו ך־ה ע ר ש. לאז מען קודם כל אויסקלויבען גבאים פון די עלטערע יונגעלייט, וואס זענען דא.

א ה ר צ י. וואס עפּיס פון די עלטערע גראד?

ב נ צ י. באלד עפּיס די עלטערע?

ב ר ו ך־ה ע ר ש. איטליכער בעל־דרשן דרשה׳ט פון זיינעט־וועגען.

א ב ר ה מ ע ל. ס׳איז דיר אבער טאקי נאר א ריינע קא־מעדיע! לאזט מיך אויסרעדען, נאכדעם וועט איהר אייך זאגען וואס איהר ווילט!

ר א ב י נ ע ר [שטעהט אויף, טהוט א פּאטש מיט דער האנט איבער׳ן טיש]. שאט! עטליכע ווערטער, נישט מעהר! וואס האבען מיר זיך דא צונויפגעקלויבען? זיך קריגען? שרייען? פּילדערען? צי טאקי עפּיס אין זינען האבען איין ענין, הא? איך האב געמיינט, אז מיט יונגעלייט קאן מען עפּיס מאכען, צום סוף — ווער? וואס? נאך ערגער ווי מיט עלטערע מענטשען! וואס פאר א פּנים האט דאס? — פרעג איך אייך! א פרעמדער מענטש זאל שטעהן דא ביי דער זייט, וואלט ער דאך פון אונז חוזק געמאכט, באשריבען אויף די גאזעטען!

ב ח ו ר י ם [אלע]. גערעכט, גערעכט!

ש מ ח ה. באשרייבען אויף די גאזעטען? [קוקט אויף איצלען]. אנו, לאז זיך נאר עמיצער פּרובען פון אונזערע בחורים׳לעך באשרייבען דאס אויפ׳ן בלאט!

א י צ ע ל [שפּרינגט ארויס]. וואָס זשע האָט איהר אזוי אָנ־געשראָקען? אז מע וועט וועלען, וועט מען אייך טאַקי באַשרייבען פון קאָפּ ביז די פיס, אז איהר וועט זיך מיט קיין צעהן וואסערען ניט אָפּוואשען!

ב ר ו ד ־ה ע ר ש [צו איצלען]. אה, דו שנעק איינער! די נאָז וויש אָפּ! וואָס זאָגסט דו אויף זיין טאַטען דעם אָנזעצער?! ער וועט אונז באַשרייבען אויף די גאזעטען! א רייבער געוואָרען גאָר! אין חדר אריין, דו שקאָץ איינער!

מ א ט ע ל [צו איצלען]. מיט א פּראַצענטניק שטעלסט דו זיך אוועק אויס'טענה'ן! דו קענסט זיי ניט — די פאַנאַטיקער, די פּיאווקעס?!

ש מ ח ה. די פּיאווקעס? אה, דו שייגאַץ איינער, עזות־מחוצף־פּנים! א אידען מיט א באָרד שטעלסט דו זיך זידלען? דו מיינסט, סע איז די טאַקסע, וואָס איהר האָט זי באַשריבען אויפ'ן בלאַט?! [עס ווערט צווישען עולם א סומאַטאָכע. דער ראבינער האלט זיי איין].

ר א ב י נ ע ר. אין גאָטעס ווילען! עס וועט דאָך זיין א חרפּה, א בושה פאר לייטען, אז מיר וועלען זיך אזוי צעגעהן! מע וועט זאָגען: יונגעלייט האָבען קיין שכל ניט פון דאַנען אהין. האָבען מיר זיך שוין צונויפגעקליבען, באַדאַרפען מיר עפּיס מתקן זיין.

א ב ר ה מ ע ל. נו, אדרבה, נו? לאָז מען עפּיס טהון!

א ה ר צ י [צו ברוך־הערשען מיט שמחה'ן]. איהר זענט דאָך עפּיס עלטערע! נו, זאָגט איהר, לאָמיר האָרכען.

ב נ צ י. נו, אדרבה, נו, לאָמיר האָרכען לאָמיר.

ב ר ו ך ־ה ע ר ש. האָב איך דאָך אייך געזאָגט! נו, מישען זיך אריין די יונגלעך אין מיטען. איך זאָג: עס וועט גאָרנישט זיין דערפון, מחמת...

ש מ ח ה. ס'איז א טעות, רב ברוך־הערש, כלעבען, א טעות! אָט הערט מיך אויס, וואָס איך וועל אייך זאָגען.

א ה ר צ י. נו, זאָגט זשע איהר, אז איהר לאָזט יענעם ניט זאָגען.

ב נ צ י. נו, אדרבה, אדרבה?

ש מ ח ה. לאָז מען קודם כל קלויבען גבאים; נאָכדעם וועט מען שוין וויסען וואָס צו טהון.

ר א ב י נ ע ר. וואָס זשע, גלאַט גבאים? מע באדארף דאָך פריהער אָפּקלערען ארום וואָס צו טהון!

א ב ר ה מ ע ל. ניין, שמחה איז גערעכט: פריהער באדארף מען קלויבען גבאים, טשלענעס.

ב ח ו ר י ם. טשלענעס, טשלענעס!

א ה ר צ י. מי ומי הטשלענעס?

ב נ צ י. ווער זענען די טשלענעס ווער?

ר א ב י נ ע ר. טשלענעס וועלען זיך געפינען. נישט דאָס איז דער עיקר. איך האָב געוואָלט פריהער איבערלייענען אייך דעם דאָקלאד...

ב ר ו ך־ה ע ר ש. ווײעדער „דאָקלאד"? ער האָט דאָס צו טהון מיט'ן דאָקלאד!

א ב ר ה מ ע ל. אָבער שלאָגט ניט איבער! ס'איז דיר נאָר א קאָמעדיע און געגוג!

ב ח ו ר י ם [אלע]. לאָזט רעדען דעם ראבינער א וואָרט. וואָס טהוט זיך דאָ?

ר א ב י נ ע ר. איך וואָלט געזאָגט אזוי. קודם כל, אזוי ווי מיר זענען אלע דאָ, וואָלט געווען א יושר, אז...

ב ר ו ך־ה ע ר ש. דברים בטלים!

ר א ב י נ ע ר [קוקט אויף דער ראבינערשע, בשעת יענע גרייט צום טיש, שטעלט בראנפען מיט פארבייסען]. א ריינער אומגליק! מע לאָזט ניט אויסרעדען קיין וואָרט! אויף רעדען איז איטליכער א בעלן, נאָר הערען וויל קיינער נישט... איז דאָס נישט קיין קאָמעדיע? זאָג שוין דו אליין, נשמה מיינע!

ר א ב י נ ע ר ש ע [קנייטשט מיט די פלייצעס]. א ריינע קאָמעדיע!

ש מ ח ה [קריכט אויפ'ן טיש]. מיר האָבען דאָ אַ גבאי, אַ נאמן, אַ קאָנאַטשעי מיט טשלענעס. וואָס באַדאַרף מען נאָך?

א ה ר צ י. מי ומי?

ב נ צ י. ווער איז, ווער?

א ב ר ה מ ע ל [אויך אויפ'ן טיש]. שמחה, ברוך־הערש און דער ראַבינער זענען די גבאים, און...

א ה ר צ י. נו, און ווייטער?

ב נ צ י. און ווייטער וואָס?

א ב ר ה מ ע ל. היינט אַ נאמן... צוויי נאמנים...

ש מ ח ה. טאַקי אהרצי מיט בנצין? נו, און אברהמעל?

ב ר ו ך־ה ע ר ש [שלעפּט אַפּ שמחה'ן מיט דער האַנט]. אַז ס'איז יאָ אזוי, איז איינער אַ נאמן, דער אַנדערער אַ רואה־חשבון.

ש מ ח ה [רייסט זיך אויס פון ברוך־הערש'ס הענט]. ניין, צוויי נאמנים און איין רואה־חשבון, אָדער איין נאמן און צוויי רואה־חשבונס: אברהמעל דער נאמן און אהרצי מיט בנצין די רואה־חשבונס.

ב ח ו ר י ם [שטעהען אויף]. נו? נו?

ר א ב י נ ע ר. און די בחורים?

ב ר ו ך־ה ע ר ש. יונגע צאַפּעקלעך.

א ה ר צ י. די בחורים וועלען זיין די טשלענעס.

ב נ צ י. טשלענעס! טשלענעס!

ש מ ח ה. האָבען מיר, הייסט דאָס, דריי גבאים, צוויי נאמנים, איך מיין איין נאמן מיט צוויי רואה־חשבונס...

ר א ב י נ ע ר. ששאַ! וואָס־זשע ווערט דערפון? וואָס ווערט פון די גבאים מיט די נאמנים מיט די רואה־חשבונס?...

אברהמעל [אויפ'ן טיש אַרויף]. און זעכס טשלענעס.

אהרצי. ניין, זיבען טשלענעס; זיבען בחורים — זיבען טשלענעס.

בנצי. זיבען! זיבען!

ברוך־הערש [נעמט זיך צום פלעשעל מיט'ן גלעזעל]. חייסט דאָס, אין אַ גוטער שעה? מעג מען שוין טרינקען לחיים, האַ?

שמחה. ניין, האָט צייט, האַפּט זיך ניט! מע באַדאַרף דאָס אַלץ פאַרשרייבען אויף פּאַפּיער, אין אַ בוך אַריינשרייבען.

ראַבינער. וואָס פאַרשרייבען? מע באַדאַרף דאָך פרייהער עפּיס אָפּקלערען וואָס צו טהון! ניט גלאַט הולאַם־אויף־דערקאַראַבקע — גבאים, טשלענעס...

שמחה. אָט דאָס זאָג איך דאָך, אַז מע באַדאַרף דאָס אַלסדינג אַריינשרייבען אין אַ בוך אַריין. מיט וואָס איז אונזער חברה ערגער פון אַלע חברות?

אברהמעל. נו, מאַכט מען אַ פּנקס. אַ טייערע מציאה אַ פּנקס מאַכען?

אהרצי. מי ומי המאַכערם?

בנצי. ווער מאַכט דעם פּנקס ווער?

שמחה. דערויף זענען דאָך די בחורים באַשאַפען.

אהרצי. חברה בחורים, וואָס שווייגט איהר?

בנצי. וואָס שווייגט איהר וואָס?

מאטעל [צו יענקלען]. נו?

יענקעל [צו יוסלען]. נו?

יוסעל [צו הערשלען]. נו?

הערשעל [צו בערלען]. נו?

בערעל [צו אנשלען]. נו?

אנשעל [צו איצלען]. נו?

איצעל [האלט דעם „המגיד" און איז שטארק פארטיפט אין די מחשבות]. המ... המ... אאא... [צעהלט אויף די פינגער].

בחורים [אלע צו איצלען]. וואס האסט דו זיך אזוי פאר־טראכט, איצעל? א שווערע זאדאטשע פאר דיר? וואס קלעקט דיר א פנקס מאכען? עס איז ביי דיר דאס ערשטע מאל, וואס?

איצעל [אלץ פארטיפט]. ניין, וויים איך... איך קלער אלץ דעם פרט... וואס פאר א פסוק מע זאל צוטראכטען, סע זאל זיין ווי געוואונשען.

אברהמעל. נו, מילא בקיצור, דאס איז שוין א שפע־טעריגע דאגה! איהר מאכט נאר א פנקס, סע זאל זיין ווי עס געהער צו זיין, אונזער חברה זאל ניט פארשעמט ווערען קעגען אנדערע חברות.

אהרצי. ווי אזוי זשע וועט הייסען אונזער חברה? מע באדארף דאך איהר געבען א נאמען? צי ניין?

בנצי. א חברה באדארף דאך האבען א נאמען א חברה.

ראבינער. וואס ווערט דערפון — יא א נאמען, ניט א נאמען? דער עיקר איז דאך, אז...

אברהמעל. ע, זאגט דאס ניט, ראבינער! יעדע זאך מוז האבען א באזונדערען נאמען.

ברוך־הערש. שטות'עריי.

שמחה. ביי אייך איז אלץ שטות'עריי.

ברוך־הערש [האלט זיך ביי'ם פלעשעל]. א נאמען זוכט איהר? חברות האבען מיר שוין געגוג, דאכט זיך. [צעהלט אויף די פינגער]. חברה משניות, חברה תהלים, חברה מלביש־ערומים, סומך־נופלים, רופא־חולים, מתיר־אסורים... טאמער וואלט דאס געהייסען „חברה נאראנים"? הא?

אברהמעל. ביי אייך איז אלץ ווערטלעך.

ר א ב י נ ע ר. [שטעלט זיך אויף]. הערט זשע אויס, וואס איך וועל אייך זאָגען.

ש מ ח ה [קריכט אויפ'ן טיש]. ניין, הערט בעסער, וואס א י ך וועל אייך זאָגען!

ב ר ו ך־ה ע ר ש [שלעפט איהם פאר דער האנט]. וואס טויג מיר דאָס זאָגען, וואס דו וועסט זאָגען?

א ב ר ה מ ע ל [קריכט אויפ'ן טיש]. לאָזט אויסרעדען א ווארט יענעם אויך א מאָל! ס'איז דיר נאָר א קאָמעדיע מיט א אידען!

ר א ב י נ ע ר. איך פארשטעה גאָר ניט, וואס שפארט מען זיך דאָ? דאָס קינד איז נאָך גאָר ניט געבוירען געוואָרען, און איהר טראַכט שוין מכּח א נאָמען!

ב ר ו ך־ה ע ר ש. איהר פאָלגט מיך! מע דארף דעם נאָמען אויף סים סאָט כּפּרות! אבי א חברה — וואָס טויג דער נאָמען? לאָמיר בעסער נעמען צו קאָפּלעך. זיך אָנגעשריגען, ס'איז אזש טרוקען אין האלז געוואָרען. לחיים, אידען! יונגעלייט, לחיים! לחיים! [טרינקט].

א ל ע. לחיים, לחיים טובים ולשלום! [מע טרינקט, מע פאר־בייסט. אלע שרייען, פילדערען, אריינפּאהרענדיג איינער צום אנדערען אין די רעד אריין. דער ראבינער וויל עפּיס אויסרעדען זעהר א נויטיגע זאך, נאר מע לאָזט איהם נישט. ברוך־הערש פארבייסט. די יונגעלייט האלטען זיך איינס דאָס אנדערע צו די מיילער. די בחורים אמפּערען זיך צווישען זיך. איצעל לייענט דעם „המגיד“, און ברוך־הערש קוקט אויף איהם פון דער ווייטענס און לאכט, ווי איינער רעדט: „קוק איהם אן, דעם שענעם פּנים, מיט דעם בלאט!“... מע רעדט, מע לאכט, מע שפּארט זיך, אלץ שרייענדיג און פּילדערענדיג, צוקלע־רענדיג א נאָמען דער חברה, ביז מע צעגעהט זיך. — דער ראבינער מיט דער ראבינערשע בלייבען אליין].

ר א ב י נ ע ר ש ע. נו? מיט וואָס איז מען זיך צעגאנגען?

ר א ב י נ ע ר. מיט וואָס? מיט גאָרניט.

ר א ב י נ ע ר ש ע. וואָס הייסט, מיט גאָרניט? נאָך אלע געשרייען?

ר א ב י נ ע ר. לעת־עתּה האָט מען אויסגעקליבּען גבאים, נאמנים און משלענעס.

ר א ב י נ ע ר ש ע. נו, און ווייטער וואָס?

ר א ב י נ ע ר. און ווייטער גאָ... [טהוט אויס די ברילען און רייבּט זיך די אויגען]. און ווייטער... לעת־עתה גאָרנישט.

ר א ב י נ ע ר ש ע. לעת־עתה גאָרנישט? [חאפּט זיך מיט ביידע הענט בּיי די זייטען און ווערט שיער נישט צעגאַנגען פאַר געלעכטער]. חאַ־חאַ־חאַ! ס'איז נאָר אַ באַשרייבּונג מיט אייערע אסיפות און נענוג! חאַ־חאַ־חאַ! אַ קאָמעדיע, אַ ריינע קאָמעדיע!!!

פ אָ ר ה א נ ג.

# יקנה"ז, אָדער דאָס גרויסע בערזענשפּיעל

א קאמעדיע אין פיער אקטען.

געשריבען אין יאָהר 1894.

א גוטען פריינד און א גוטען מענטשען,

ז. א. חורגין,

ברענגט דאס ווערק א מתנה

דער מחבר.

יקנה״ז באשטעהט פון פינף אותיות, ראשי־תיבות פון פינף ווערטער: יין, קידוש, נר, הבדלה, זמן — די פינף סימנים פונ׳ם אידישען יום־טוב. דאס ווארט אליין פאר זיך האט קיין שום באדייטונג נישט. עפ״ס איז דאס, נאר פארט גארנישט; ניטא ביי וואס אנצונעמען. דער וואס איז באקאנט אויף דער בערזע מיט׳ן מסחר פון אקציעס, פאפיערען, קורסען וכדומה — דער וועט באלד פארשטעהן דעם טעם פון יקנה״ז; און דער, וואס איז פון דעם ענין ווייט, וועט דאס רעכט צעקייען ערשט נאכדעם, אז ער וועט האבען דאס גאנצע ווערק דורכגעלייענט ביז׳ן סוף.

## די פאַרשוינען פון דער קאָמעדיע :

שמואל פּאַסטערנאַק. איין אויפגעקומענער עושר. אַ איד פון דער אַלטער וועלט.

מאַדאַם פּאַסטערנאַק. זיין ווייב. אַ דאַמע מיט נערוועז. לייענט שייקעוויטש'עס ראָמאַנען און דאָקטאָרט זיך כסדר.

איזאַבעלע. זייער טעכטערל. אַ כלה מיט פערציג טויזענט.

ווילהעלם פייפער. אַ יונגער באַנקיר. אַ שענער יונג מיט וואַנסים. שדכנ'ט זיך צו איזאַבעלען.

מאַרקוס. איין אָרעמער סטודענט. שטודירט אויף דאָקטאָר. שדכנ'ט זיך צו איזאַבעלען.

פיינקוגעל. אַ קלוגער ספּעקולאַנט. שפּיעלט אַ פרומע ראָלע. האָט ניט פיינט קיין קערטעל.

חינקים. אַ פייערינער ספּעקולאַנט. פאַרברענט אין די קאָרטען.

בייגעלמאַן. אַ שטילער ספּעקולאַנט. אַ פּראָסטער נפש. רייבט זיך צווישען אַריסטאָקראַטען.

קנאַקניסעל. אַ געהיטער ספּעקולאַנט. איין איינגעגעסען אידעל.

מאַדאַם פיינקוגעל. איין אַריסטאָקראַטקע. פאָהרט אַלע יאָהר קיין אויסלאַנד אין די „מאַלקען".

מאַדאַם חינקים. אַ דאַמע פון „קאָמענעץ". אַ מסוכנ'ע רכילות'ניצע.

מאַדאַם בייגעלמאַן. שטאַמט פון גרויסען יחוס. שפּיעגעלט זיך אין דער „משפּחה".

מאַדאַם קנאַקניסעל. נישט אַזאַ מיוחסת, נאָר גלאַט אַ גראָבע אידינע.

גרייגער. אַ הייסער ספּעקולאַנט. אַ נידעריגער, אַ גראָבער, מיט אַ רויטער באָרד.

**מנחם־מענדעל.** א קליינשטעדטעלדיגער ספעקולאנט. געהאנדעלט אמאל אין אדעס מיט „לאנדאן".

**פייוועל פאנפאטש** / **זאוועל זאאיקע** — צוויי „שפעגעלאנטען". האנדלען בשותפות „יקנה"ז".

**שמעלקע קבצן.** א מעקלער מיט א רחמנות־פנים. אנגעשטאפט מיט געלט.

**די קאפאטע.** א מעקלער מיט א לאנגער קאפאטע און מיט א רויטער פעטשיילע.

**דער קאפעליש.** א מעקלער מיט א צוגעטראגענעם קאפעליש.

**פלוידערזאק.** איין אדוואקאט מיט באקענבערד. רעדט העכער האלב רוסיש.

**ציפערבלאט.** בוכהאלטער ביי פייפערען אין קאנטאר. געהט אונטער־געבונדען די אויהערען.

**פלעדערוויש.** קארעספאנדענט ביי פייפערען אין קאנטאר. א יונגער־מאן א שטשאגאל.

**זילבערמינץ.** קאסיר ביי פייפערען אין קאנטאר. א בייזער איד.

**די אידינע.** איין אלמנה „פון דער סלאבאדקע".

**קלארא.** א מאדיסטקע.

**סאסעל.** א פאקאיאווע ביי די פאסטערנאקעס. א שווארצ'חנ'עוודיג מיידעל.

ווייטער געהען יונגע ספעקולאנטלעך, אלערהאנט מעקלערס, א גאנצע חאליאסטרע.

די געשיכטע קומט פאר אין דער גרויסער שטאדט **יעהופעץ**, אין אונזערע צייטען.

# ערשטער אַקט

[ביי די פּאָסטערנאַקעס איז אַ זשורפיקס. — אַ גרויסע זאַל, איין אויסגעפּוצטע, רייך מעבעל, גרויסע שפּיעגלען, אַ פּאַרטאַפּיאַנע מיט נאָטען, גרינגע טישלעך, לייכטערלעך מיט ליכט, קריידלעך, בערשטלעך, פרישע טעשלעך קאַרטען. — פּאַסטערנאַק און מאַדאַם פּאַסטערנאַק זיצען גרייט אויפצונעמען געסט: ער, אַ שווער אידעל מיט אַ גאַנץ שענער ליסינע, ליגט אין אַ פאָטעל ציהט זיך און געהניצט; זי, אויסגעפּוצט, באַהאַנגען מיט גאָלד, פּערעל, בריליאַנטען, זיצט ביי'ם טיש ווי אַ גאַסט און בלעטערט איין אַלבום.]

## ערשטע סצענע.

פּאַסטערנאַק [געהניצט]. אַ־אַ־אַ! אַ־אַ־אַ!

מאַדאַם פּאַסטערנאַק. טפו, טפו, טפו! זעה נאָר, ווי ער געהניצט, דאָס מויל ווערט איהם שיער ניט צעריסען. אַ גליק, וואָס ס'איז נאָך קיינער נישטאָ. אין אַ געזעלענשאַפט ווען דו טהוסט דאָס, קאָן מען חלש בלייבען.

פּאַסטערנאַק [געהניצט]. וואָס זאָל איך טהון, אז ביי־נאַכט טאָר מען ניט שלאָפען? טאָ הין, טאָ הער. מען איז שטענדיג פאַרנומען מיט וועטשערינקעס, זשורעכלינעס.

מאַדאַם פּאַסטערנאַק. זשורפיקסען! טויזענט מאָל האָב איך דיר געלעהרענט, זאָלסט זאָגען זשורפיקסען, ניט קיין זשורעכלינעס. ווען דו זאָגסט דאָס חלילה אין אַ געזעלענשאַפט, קאָן מען חלש'ען.

פ אָ ס ט ע ר נ אַ ק. מילא בקיצור, על־כּל־פּנים, לאָז זיין זשורפיקסען. פאַרהאַן ביי אונז אַ גמרא: „יאַק ריידעלע טאָ ריידעלע, אַבּי דאַבּרע מיינעלע”. איך שמועס עס אַקעגען דרינען, וואָס מע שלאָפט ניט קיין נעכט, מע געהט איינער צום אַנדערען כּלומרשט מיט וויזיטען, און מיינען מיינט מען יענע מעשה. [ער ווייזט מיט די אויגען אויף די גרינע טישלעך]. מע פלעגט אַמאָל אויך מאַכען וועטשערינקעס. וואָס זשע האָט מען געטהאָן? האָט מען געקאָכט וועטשערע, פרישע וואַרעניקעס מיט קעז, צי געבּראָטענע פּופּקעס מיט רעטשענע לאָטקעס, און ס'איז טאַקי געווען, פאַר־שטעהסט דו מיך, ווי אין דער הייליגער תּורה שטעהט געשריבּען: ו י א כ ל ו, דאָס הייסט, מע האָט געשטופּט אין פּנים אַריין. און היינט, זינט ס'איז געוואָרען אַ מאָדע זשורעכלי... מיין איך זשור־פיקסען, עסט מען מכּות. מען איז גאָר מכבּד מיט אַ גלאָז וואַסער און מיט אַ מאַראַנץ, וואָס אז מע זאָל איהם וועלען פאַרזוכען, קאָן מען דערזעהען קראָקע מיט לעמבּעריג. און אַז מע וויל שוין גאָר יוצא זיין, פאַרבּלענדט מען די אויגען מיט אַ טייטעל און מע ווייזט אַ פייג...

מ אַ ד אַ ם פ אָ ס ט ע ר נ אַ ק. פע, סאַמואיל, דו רעדסט עפּיס אַזעלכע ווערטער, וואָס אין אַ געזעלענשאַפט וואָלט איך גע־פאַלען חלשות.

פ אָ ס ט ע ר נ אַ ק. איך שמועס עס אַקעגען דרינען, וואָס מען איז היינט געוואָרען סטעקראַטען, איידעל געפּאַצקעט. אַ גאַנץ יאָהר עסט מען קרחת; דאָס מעג מען, דאָס טאָר מען ניט, דאָס שאַדט, דאָס הייסט ניט דער דאָקטער. און אַז סע קומט דער זומער, פאָהרט מען מאַכען די קור — אָדער קיין באַדענקראַנץ, אָדער קיין פראַנצענזאַלץ.

מ אַ ד אַ ם פ אָ ס ט ע ר נ אַ ק. גראַם־שטראַם, מאַך מיר אַ האַרמידער. מע רעדט מיט איהם חריין, ענטפערט ער פעטרישקע! וואָס ביזט דו פּלוצים אַרויף אויף דער קור מיט די בעדער?

פ אָ ס ט ע ר נ א ק. גלאַט אזוי. איך שמועס עס אקעגען דרינען...

מ א ד א ם  פ אָ ס ט ע ר נ א ק. דו שמועסט תּמיד אקעגען דרינען. דאָס איז יאָ — מע זאָגט דער טאָכטער און מע מיינט די שנור. די מאַדאַם פיינקוגעל איז א ביסעל געזינטער פון מיר, מעג זי יאָ פאָהרען אלע יאָהר אין די „מאָלקען“. צי די מאַדאַם קנאַקגיסעל, וואָס וועט אין דער טיר ניט אריין, מעג פאָהרען אלע זומער קיין אדעס אויפ׳ן „לעמאָן“, און דער מאַן וועט איהר אפילו די צונג נישט איבערקעהרען. צי די מאַדאַם חינקים מעג ארומפאָהרען פון „ניטץ“ קיין „נאַטאַליע“ און פון „נאַטאַליע“ קיין „ניטץ“ — און דער מאַן וועט איהר אפילו ניט זאָגען „קרום געהסט דו“. אנו, פרעג דעם דאָקטער קעבעבע, צי קאָן איך מיך באַגעהן אפילו א מינוט אָהן פאָהרען קיין אויסלאַנד אין די בעדער אריין?

פ אָ ס ט ע ר נ א ק. דער דאָקטער קעבעבע? הערסט דו, אָט דאָס איז דאָך מיין טענה, וואָס איך טענה שוין לאַנג, אז דער דאָקטער קעבעבע פיהרט אייך, אלע יעהופעצער סטעקראַטקעס, אין באָד אריין... נאָר גאָר ניט: א ל  ת פ ל  ד ב ר — חאַטאַ פאָקרישקע. איך שמועס עס אקעגען דרינען. מע זאָל זיך נאָר וועלען צולאָזען צו די דאָקטוירים, וואָלטען זיי א געזונטען קראַנק געמאַכט, א לעבעדיגען — טוידט, און א קלאָרען — משוגע.

מ א ד א ם  פ אָ ס ט ע ר נ א ק. זעה נאָר, ווי ער איז דאָס א ביסעל אויפגעטראָגען קעגען די דאָקטוירים, גלייך ווי זיי וואָלטען איהם געקוילעט די קאַפּאָטע. מיר דאַכט, אז דו האָסט נאָך קיין דאָקטער ניט באַנוצט זינט דו ביזט א יעהופעצער?

פ אָ ס ט ע ר נ א ק. הלואי וואָלסט דו אזוי באַנוצט א דאָקטער, ווי איך, וואָלט גאָר אַנדערש געווען... איך שמועס עס אקעגען דרינען, ווי זאָגט ער: א ל  ת פ ל  ד ב ר — חאַטאַ פאָקרישקע... ווייסט דו, וואָס איך קלער?

מ א ד א ם  פ אָ ס ט ע ר נ א ק. איך זאָל איהם געהן זאָגען, וואָס ער קלערט! איך ווייס, וואָס דיין קאָפּ קאָן אויסקלערען?

פ אָ ס ט ע ר נ א ק. איך קלער: אזוי ווי ס'איז במילא ביי אונז היינט זשורעכלי... מיין איך זשורפיקסען, עס וועלען זיין געסט, פייפער וועט אויך זיין, מע וועט זיצען שפעט, — אפשר וואָלט געווען א סברה, אז מיר זאָלען שוין אין איין וועג אָפּקלאָפּען דאָס קנס־מאָל, ווי אין פסוק שטעהט: ז ב י ן ו ת ת ח ר ט — א וואָרט און צוויי און א מאַהאַריטש ?...

מ א ד א ם פ אָ ס ט ע ר נ א ק [א פלעסק מיט די הענט]. וואָס סע האָט זי מיר גע'חלום'ט יענע נאַכט און היינטיגע נאַכט און אלע נעכט פון א גאַנץ יאָהר זאָל אויסגעהן צו מיינע שונאים'ס קעפּ!

פ אָ ס ט ע ר נ א ק. שא, שא, שא! איז לא פדלתי — האָב איך ניט געטאַנצט מיט'ן בער!

מ א ד א ם פ אָ ס ט ע ר נ א ק. פאַרשטעהסט א משל? מע מאַכט א זשורפיקס, זאָל מען שוין אינאיינעם אָפּקלאָפּען א קנס־מאָל! פלוצים, אין מיטען מיטוואָך שבת־צו־נאַכטס! אומגעריכט, קיינעם נישט גערופען, מיט קיינעם נישט גערעדט — א שטילע וועטשערע! וואָס איז אזוי? די קינדער האָבען דיך באַפאַלען? און וואָס וועלען לייט זאָגען? וואָס וועט זאָגען די מאַדאַם חינקים, די באָרעדערין, די ספּלעטניצע, טאָמער האָט זי מיך נאָך ווינציג באָרעדט אין שטאָדט?...

פ אָ ס ט ע ר נ א ק. מילא בקיצור, על־כל־פנים, לאָז זיך דיר דאַכטען, עלעהיי איך האָב גאָרניט געזאָגט!

מ א ד א ם פ אָ ס ט ע ר נ א ק. וואָס הייסט, דו האָסט גאָרניט געזאָגט, אז דו האָסט יאָ געזאָגט?

פ אָ ס ט ע ר נ א ק. געזאָגט איז פאַרפאַלען, ווי אין פסוק שטעהט: א ל ת פ ל ד ב ר — חאַטאַ פאָקרישקע.

מ א ד א ם פ אָ ס ט ע ר נ א ק. וואָס טויג מיר דיין פסוק? איך האָב קיין פסוק ניט געלערענט. אז מע שמועסט פון א קנס־מאָל, באַדאַרף מען דאָך פריהער עפּיס רעדען, פרעגען די טאָכטער, צי וויל זי גאָר פייפערען פאַר א חתן. טאָמער וויל זי איהם גאָר ניט?

פ אָ ס ט ע ר נ אַ ק. און וואו בין איך? עפּיס האָב איך דאָך אויך אַ שטיקעל דעה ביי אַ שידוך טהון מיט מיין טאָכטער, צי ניין? עפּיס געב איך דאָך נדן אויך, פערציג טויזענט קאַרבּען, צי ניין?

מ אַ ד אַ ם פ אָ ס ט ע ר נ אַ ק. אַ גליק האָט מיך געטראָפען! חינקים גיט אַ ביסעל מעהר נדן די קינדער, און מאַכט גאָר נישט אַזאַ טאַרעראַם!

פ אָ ס ט ע ר נ אַ ק. ביי חינקיסען איז גרינגע טויזענטער. ער האָט זיי געמאַכט פון קאָרטען.

מ אַ ד אַ ם פ אָ ס ט ע ר נ אַ ק. ווילסט דו, הייסט דאָס, אָנהענגען איזאַבעלען אַ חתן מיט גוואַלד?

פ אָ ס ט ע ר נ אַ ק. ווער זאָגט דען מיט גוואַלד? גלאַט איך שמועס עס אַקעגען דרינען...

מ אַ ד אַ ם פ אָ ס ט ע ר נ אַ ק [הערט ניט]. גאַרניט. עס ווילט זיך איהם פאַרשלייערען די טאָכטער, פּונקט אַזוי ווי יענער מערדערשער פאָטער, וואָס איך לייען גראַדע אַצינד ביי שייקעוויטשען אין אַ ראָמאַן; ער האָט געוואָלט, אַז די שענע, די קלוגע, די ענגעלשע א נ ט ו נ אַ ע ט ע מיט די שענע בלויע הימעל-אויגען, וואָס האָט געראָמאַנסירט מיט דעם עהרליכען, גוטען, ליבּ-טיגען העלד ס אַ ל אָ מ אָ ן, זאָל חתונה האָבען פאַר'ן ווילדען שקאָנטיסט מיט די בלויע ברילען, וואָס קוילעט ווייבער און באַהאַלט זיי אין אַ קעלער...

פ אָ ס ט ע ר נ אַ ק [פאַרשטעלט די אויהערען. מיט אַ ניגון]. טע-טע-טע! האָסט שוין אָנגעהויבען מיט דיינע „ראָמאַנסען", מיט אַ הימעלשען סאַלאָמאָן און מיט אַ ווילדען שקאָנטיסט, וואָס קוילעט ווייבער — אַ געשריבענע מעשה, ארויסגענומען פונ'ם ספר פראַלניק?

מ אַ ד אַ ם פ אַ ס ט ע ר נ אַ ק [ארויס פון די כלים]. דעספּאָט! מערדער! טיראַן! [זי טהוט אַ ווארף דעם אלבום אויפ'ן טיש מיט כעס און אנטלויפט אין איין אנדער חדר].

פאסטערנאק [צו זיך אליין]. א ריינער אומגליק! אמאל, איידער איך האב געהאט געלט, איז מיין ווייב געווען א מענטש, גלייך מיט אלע מענטשען. היינט, זינט דער דאקטער קעבעבע האט איהר איינגערעדט, אז זי האט נערוועז, קאן מען מיט איהר קיין צוויי ווערטער ניט רעדען. באלד עפּיס — ווערט זי אנגעצונדען...

[מע קלינגט. פאסטערנאק שרייט: „סאסעל! סאסעל!" — און געהט אוועק אין איין אנדער חדר צום ווייב. — עס קומט אריין סאסעל, א שווארצ־חנ'עוודיג מיידעל, מיט א פלעדערוויש און מיט א בארשט].

## צווייטע סצענע.

סאסעל [קוקט זיך ארום אויף אלע זייטען]. איך וואלט געמעגט שווערען, אז עמיצער האט מיך דא גערופען, געשריגען „סאסעל". א שטוב — טפו זאלען זיי ווערען, איינער ווייסט ניט פונ'ם אנדערען! קומט דער טאג, הויבט זיך אן: סאסעל גיב, סאסעל דאס, סאסעל יענעס, סאסעל אהין, סאסעל אהער — משוגע צו ווערען און גענוג! די מאדאם מיט איהרע נערוועזן, עסט פאר דריי און דאקטערט זיך כסדר... אלע טאג דעם דאקטער קעבעבע — ווייסט שוין ניט וואס אויסצוטראכטען פאר גרויס ראסקאש... א שענע נגידית: האלט דאס ברויט אונטער'ן שלאס, צעהלט וויפיעל שטיקלעך צוקער עס געהט אין פונט, וועגט־איבער די גרויפּען פונ'ם מארק... א פערטעל עוף לאז בלייבען פונ'ם טיש, וועט מען דאס באהאלטען אונטער זיעבען שלעסער, עס זאל פארפוילט ווערען — און יענעם נישט אוועקגעבען! צי א ביסעל איינגעמאכטס פון די געסט — וועט מען עס צונעמען, עס זאל חלילה ניט אנקומען דער דיענסט... און איין ארעמאן אז עס קומט א מאל צו געהן, הייסט מען טרייבען מיט שטעקענס... אנומעלטען האט זיך מיט גוואלד דורכגעשטופּט איינער, עפּיס א איד וואס מאכט ביכלעך, איז מען דאס אויף מיר אנגעפאלען: „די שלעפּערס! וואס לאזט מען אריין די שלעפּערס?!" יענעם איז נעבאך פינסטער געווארען אין די אויגען פון אזא ברוך־הבא. „גלויבט מיר, זאגט ער, איך בין חלילה ניט פון די

שלעפּערס. איך האָב אייך געבראַכט אַ מתּנה, טאַקי מיינס אַ ביכעל. קויפט, איהר וועט, אם ירצה שם, האָבען הנאה, לעקען די פינגער"... ער האָט אזוי לאַנג געאַרבייט, ביז מע האָט איהם געמוזט אַרויס־שיקען אַ נדבה און בעטען, ער זאָל געהן געזונטערהייט. נאָך אַ גליק, וואָס מע האָט ניט געהייסען איהם אַראָפּוואַרפען פון די טרעפּ... דאָס טעכטערעל — אויך אַ טייערע נשמה! ניט אומזיסט זאָגט מען, אַז דאָס עפּעלע פאַלט ניט ווייט פון'ם בוימעלע. זאָלסט זאָגען — אַ מאָל אַ קליידעל איין אַלטס אוועקשענקען, צי אַ פּאָר שיך אָהן אָפּצאַסען, צי זאָקענבענדלעך, וואָס מע דאַרף זיי שוין אַרויסוואַרפען אויפ'ן מיסט. ווער? וואָס? וועמען?... און דער בעל־הבית אַליין? פאַרחאַפּט זאָל ער ווערען! אַ בעל־הבית זאָל זיך נאָר קנייפּען, רייסען שטיקער פלייש, נישט לאָזען די שטוב איבערגעהן! מיר דאַכט, איך וועל איהם אַ מאָל צושטעלען אַ בענקעלע צו דער מאַדאַם, אַז דער רוח וועט איהם צונעמען!... [עס הערט זיך אַ קול: „סאַסעל, וואו ביזט דו? מע קלינגט!"]. איך הער, איך הער, אַז מע קלינגט, עס האָט מיך נאָך ניט פאַרלעגט! דאָס קלינגען שוין מסתּמא די געסט. שענע געסט! נישט מעהר זאָלען די שונאים פאַרמאָגען, וואָס מע האָט זיך אָן פון די געסט! אַז פון די קאָרטען, וואָס עס מאַכט, נעמט־צו די מאַדאַם אַליין, און אונז קומט־אָן אויפ'ן שפּיץ מעסער... [עס הערט זיך ווידער אַ קול: „סאַסעל, סאַסעל!"]. איך געה, איך געה! בראָש איז דאַ אַלסדינג מיט דער מינוט. אַ וויסטער פּראַסט אויף זיי! [זי לאָזט די באַרשט אין מיטען זאָל און לויפט עפענען די טיר. עס קומט אַריין פּ י י פ ע ר — אַ לעבעדינער, אַ פרישער, איין אויסגעפּוצטער, און באַלד נאָך איהם — סאַסעל].

## דר׳יטע סצענע.

ס אָ ס ע ל [חאַפּט זיך צו דער באַרשט]. אוי, אַ מכּה איז מיר! שלאָף אין שלייער... אין מיטען שטוב אין אַ ווינקעלע... טיץ טופּי דורין...

פ י י פ ע ר [גערט־צו צו איהר נאהענט, טהוט איהר א קניפ אין בעקעל].
וואס איז, טייבעלע מיינס? צו וועמען רעדסט דו דאס?

ס א ס ע ל. אי! גערט אייך צו אלדי גוטע יאהר!

פ י י פ ע ר [וויל זי האפען]. פייגעלע מיינס! איין קוש אין בעקעל.

ס א ס ע ל [לאזט זיך נישט]. קושען וועט איהר — זאל איך אייך זאגען וועמען!

פ י י פ ע ר [האפט זי פאר א האנט]. גיין, קעצעלע מיינס, דיך, נאר דיך!

ס א ס ע ל [גיט איהם מיט'ן פלעדערוויש איבער'ן פנים]. אלע בייזע, וויסטע, פינסטערע חלומות, שלים־מזל! אן גערט די כלה אייערע!
[זי רייסט זיך אויס פון זיינע הענט און אנטלויפט. עס קומט אריין פונ'ם אנדערען חדר א י ז א ב ע ל ע].

## פ י ע ר ט ע ס צ ע נ ע.

פ י י פ ע ר [צעלאזט זיך, מאכט א בואי־בשלום, בויגט־איין דעם קאפ און וויטעט זיך זעהר עלעגאנט]. גוט, וואס איהר זענט אנגעקומען. גלעבען, איך שטעה אט דא די גאנצע צייט אין איינע יסורים. איך קלער צו זיך אליין: אך, ווי גוט עס וואלט געווען, ווען איהר קומט ארויס אהער אליין און מע קאן זיך מיט אייך אויסשמועסען, ווי עס רעדט זיך, אונטער פיער אויגען, און ארויסזאגען אייך אלסדינג, וואס איך קלויב מיך שוין לאנג צו זאגען אייך... מיט איינעם ווארט, איהר ווייסט שוין, וואס איך וויל אייך זאגען?

א י ז א ב ע ל ע. פון וואנען זאל איך וויסען, וואס איהר ווילט זאגען?

פ י י פ ע ר. איהר שטויסט זיך. איך האב אייך שוין וויפיעל מאל געגעבען אנצוהערעניש.

א י ז א ב ע ל ע. איך ווייס ניט קיין אנצוהערענישען. איך פארשטעה ניט אויפ'ן וואונק.

פ י י פ ע ר [מיט א טרויעריגער מינע]. א מינדסט קינד, דאכט מיר, קאָן אויך פארשטעהן. מע באדארף נאָר א קוק טהון מיר אין פנים אריין, איז שוין גענוג.

א י ז א ב ע ל ע [קוקט איהם אין פנים אריין]. אויפ'ן שטערן אין ביי אייך ניט אָנגעשריבען גאָרניט, חא - חא - חא!

פ י י פ ע ר [טראגיש]. אויפ'ן שטערן? אמת. אָבער דא? ביי מיר אין הארצען?... אָ, איזאבעלע! ביז ווי לאנג נאָך וועט איהר זיך שפּיעלען מיט מיין הארץ? איין מאָל פאר אַלע מאָל, זאָגט מיר: יאָ, אָדער ניין — לאָם איך וויסען, לאָם איך מיך אויפהערען צו פלאגען אומזיסט, ארומגעהן מיט חלומות. איינס פון די ביידע: אָדער איך בין איינער דער גליקליכסטער אויף דער וועלט, אָדער מיין לעבען איז ניט קיין לעבען!... [ער פאלט איהר צו די פיס. עס עפענט זיך די טיר און עס קומט־אריין מ א ר ק ו ס. איזאבעלע אנטלויפט].

# פ י נ פ ט ע ס צ ע נ ע.

פ י י פ ע ר [צו מארקוסען, נאָר פריינדליך]. א? הערר מארקוס? וואָס מאכט מען? ווי געהט'ס? פאר וואָס זעהט מען אייך עפּים ניט?

מ א ר ק ו ס. וואו זאָלט איהר מיך זעהען, אז איהר זענט א פארנומענער מענטש? איהר האלט שטענדיג אין איין שפּיעלען: אָדער איהר שפּיעלט אויף דער בערזע, אָדער אין קאָרטען, אָדער גאָר אין ליעבע...

פ י י פ ע ר [מאכט זיך תמ'עוואטע]. חא - חא, איהר זענט גערעכט. איך בין א פארנומענער מענטש, זעהר א פארנומענער מענטש... איך האָב קיינמאָל קיין צייט ניט, אפילו אין א ביכעל אריינקוקען. אמאָל פלעג איך לעזען ביכער א סך. ס'איז נאָך ביי מיר חיינט אויך פארהאן א גוזמא ביכער, א גאנצע ביבליאָטעקע. איהר האָט געזעהען מיין ביבליאָטעקע?

מ א ר ק ו ס. נישט געזעהען, און אפילו נישט געהערט.

פ י י פ ע ר [דרעהט די וואנסים]. א שאָד, א שאָד. עס וואָלט בדאי געווען, איהר זאָלט אָנקוקען מיין ביבליאָטעקע, בלעבען. איהר קאָנט געפינען ביי מיר ביכער אַזעלכע, וואָס איהר האָט זיי קיינמאָל נישט געזעהען. ביכער איז ביי מיר דאָס לעבען. מעהר פון אַלסדינג אויף דער וועלט האָב איך ליעב די ליטעראַטור. ליטעראַטור און מוזיק — דאָס זענען די צוויי זאַכען, וואָס זענען ביי מיר טייערער פון אַלץ אויף דער וועלט. איהר האָט מיך געהערט אַ מאָל שפּיעלען פּיאַנע?

מ א ר ק ו ס. אין „ווינט” — ווייס איך, אז איהר שפּיעלט גוט; נאָר פּיאַנע האָב איך דערווייל נאָך נישט געהערט שפּיעלען.

פ י י פ ע ר. אַ שאָד, אַ שאָד. ווען איך זאָל נאָר געווען וועלען, וואָלט איך איצט געקאָנט אָפּגעבען קאָנצערט. גרויסע מבינים האָבען דאָס מיר געזאָגט, ארטיסטען. איך בין באַקאַנט מיט אַלע גרעסטע אַרטיסטען אין יעהופּעץ. איך האָב ליעב אַר־טיסטען. ארטיסטען און סטודענטען זענען ביי מיר דאָס חיות; וואָס מיך קאָסט אָפּ אַ יאָהר אַרטיסטען און סטודענטען — איז אַ גוואַלד! וויפיעל מיינט איהר?

מ א ר ק ו ס. א ר ט י ס ט ק ע ם — ווייס איך, אז זיי קאָסטען אייך אָפּ געננוג. נאָר אַרטיסטען און סטודענטען — דאָס הער איך דעם ערשטען מאָל פון אייך.

פ י י פ ע ר. ארטיסטקעס? חאַ־חאַ! וואָס זשע מיינט איהר — עס קאָסט טאַקי נישט וואָלוועל. וואָס זאָל מען טהון? דאַרויף איז מען אַ יונגער מענטש. עס ווילט זיך אַמאָל רוהען. אַ טאָג ווי נאַכט איז מען אין דער אַרבייט. מע האָט אין זינען געשעפטען! און נאָך וואָסערע געשעפטען! אויף הונדערטער טויזענטער — וואָס זאָג איך? אויף מיליאָנען! אויף מיליאָנען!

[עס קומען־אַן פּאַסטערנאַק, מאַדאַם פּאַסטערנאַק מיט איזאַבעלען; נאָך זיי — געסט: פ י י נ ק ו נ ע ל, ח י נ ק י ם, ב י י נ ע ל מ אַ ן, ק נ אַ ק נ י ס ע ל מיט

זייערע ווייבער. די פאסטערנאקעס נעמען־אויף די געסט זעהר פריינדליך. מע זעצט זיך אוים ארום טיש. איזאבעלע זעצט זיך צו דער פיאנע. מארקום — נעבען איהר].

## זעכסטע סצענע.

פ א ס ט ע ר נ א ק [טאנצט ארום די געסט]. זיצט, זיצט, מיינע ליעבע געסט. איהר האט היינט א ביסעל עובר קריאת־שמע געווען, נאר נישקשה. עס מאכט נישט אוים. איך האב מיך מיט גאט'ס הילף אויסגעשלאפען בייטאג, בכדי איך זאל מיך זעצען צום סדר מיט א קלארען קאפ. עס זאל זיין, ווי אין פסוק שטעהט: א מ ו ר א ל ה כ ה נ י ם — לאזען זאגען די כהנים צו די קליינע כהנים'לעך, אז די קינדער זאלען ניט דרימלען ביי דער הגדה. [צו פייפערען]. עפים האב איך געהאפט א ווארט פון אייך — „מיליאנען". אפנים, איהר האלט שוין ביי די מיליאנען? נאר וואס איז דאס חידוש, אז מע שארט ביי אייך אויף דער בערזע גאלד מיט לאפעטעס, ניט אזוי ווי נאש בראט בעל־הלואה, וואס דארף ארויסקוקען אויף פראצענט. איך שמועס עס אקעגען דרינגען... [צו די געסט]. וואס הערט זיך עפים ביי אייך נייעס? ווי טייער שטעהט יקנה"ז?

פ י י נ ק ו ג ע ל. פרעגט שוין גאר ניט. דאס יקנה"ז ליגט מיר שוין אין הארצען! ס'איז נאר א קדחת און געגוג.

פ א ס ט ע ר נ א ק. צו וואס זשע טויג עס אייך, אז עס לוינט אייך ניט? מע נויט אייך פון קהל?

פ י י נ ק ו ג ע ל. וואס דען טהוט מען? אזוי ווי די אידינע מיט די בייגעל: „עס פארדיענט זיך עפים?" — „מיינע שונאים זאלען אזוי לעבען!" — „צו וואס זשע טויג אייך ארומטראגען בייגעל?" — „פון וואנען דען וועל איך לעבען?"...

פ י י פ ע ר [דרעהט די וואנסים]. איך וויים ניט, ווי אזוי ביי אנדערע איז; איך האב אויף יקנה"ז געמאכט א פארמעגען. איך טענה איינס: די בערזע דארף מען פארשטעהן.

ח י נ ק י ס. איך פארשטעה ניט, וואס איז דא פארהאן צו פארשטעהן? אט בין איך אויך מיט גאט'ס הילף א ספעקולאנט, דאכט זיך, ניט פון נעכטען און ניט פון עהערנעכטען. נאך מיין שכל קומט אויס, אז די בערזע איז א קארט. כל־זמן די קארט געהט, איז גוט; הערט זי אויף צו געהן — איז חאטש נעם און טהו זיך אן א מעשה!

פ א ס ט ע ר נ א ק. ווי אין פסוק שטעהט: ל מ נ צ ח ע ל ה ג ת י ת; געהט דאס — געהט דאס, ווען ניט — שטעהט דאס.

ב י י ג ע ל מ א ן. ווערקמירדיג מיט חינקיסען! פון וואס איהר זאלט ניט רעדען, קומט ער ארויף אויף די קארטען.

פ א ס ט ע ר נ א ק. וואס חלומ'ט זיך דער הוהן? — פראסע.

ק נ א ק נ י ס ע ל. חינקיס איז אבער גערעכט. די בערזע איז נאר א קארטענשפיעל. זי איז מיר אזוי נמאס, אז ווען איך געפין מיר עפים איין אנדער געשעפט, טהו איך א שפיי אויף דער בערזע — און רופט מיך קנאקניסעל!

פ א ס ט ע ר נ א ק [צו קנאקניסלען]. ווי דער שפאלער זיידע עליו השלום מיט'ן שופר: לאז איוואן בלאזען! איך הער דאס שוין פון אייך א יאהר דריי. איהר שרעקט די גענז, און געהט פארט אויף דער בערזע. א חידוש איז דאס אפילו: ווערליג מיר קענען אייך, זענט איהר ניט קיין איד פון געבען געלט. היינט ווי קומט דאס, אז איהר זאלט זיך איינשטעלען געהן אויף דער בערזע און גאר קיין מורא ניט האבען פאר דערלעגען?

פ י י נ ק ו ג ע ל. וואס איז דא מורא צו האבען? א איד אז ער געהט־ארוים אויף דער בערזע, האנדעלט ער מיט א ממהר־נפשך, ווי דער מלמד קויפט א ציעג: „ממה־נפשך, זאגט ער, וועט די ציעג געבען מילך, איז זי דאך טאקי ווערטה זיעבען קערבלעך. אי וואס? טאמער גיט זי ניט קיין מילך? פאר וואס זאל זי ניט געבען קיין מילך?" [דער עולם לאכט: „אויף אלסדינג האט אייך פיינקוגעל א משל!"].

פ י י פ ע ר [דרעהט די וואנסים]. זאָגט אייך וואָס איהר ווילט — די בערזע דאַרף מען פאַרשטעהן. איך האָב ארויסגעזעהען נאָך פריהער מיט דריי חדשים, אַז אויף יקנה"ז מוז קומען א האָס.

פּ אָ ס ט ע ר נ א ק. ווי אזוי זאָגט איהר? א האָץ? ביי אונז הייסט דאָס א העצקע. מע העצקעט יענעם אָן אַ־ווי־רופט־מען־דאָס...

מ א ד א ם פּ אָ ס ט ע ר נ א ק [פון דער וויטען צום מאַן]. סאַמואיל! דו רעדסט עפּיס, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, אַזעלכע ווערטער... [צו די דאַמען]. גענוסט עפּיס, פאַר וואָס זאָלט איהר עפּיס ניט געניסען? אָט שטעהען ניס, מאַראַנצען, איינגעמאַכטס.

פּ אָ ס ט ע ר נ א ק. איך שמועס עס אָקעגען דרינען, וואָס זיי זאָגען: יקנה"ז האָט זיך געהויבען... וואָס איז מיט דעם, איך בעט אייך, אַזוי דער יחוס? ס'איז טאַקי אַזאַ סחורה, וואָס מע קריגט זי ניט, צי גלאַט אַזוי, די שפּעגעלאַנטען זענען משוגע געוואָרען? מחמת פאַראיאָהרען, געדענקט איהר, האָט מען געמאַכט פּונקט דאָס אייגענע שפּיעל מיט די אַקציעס פון'ם „יעהופּעצער דעליזשאַן". שפּעגעלאַנטען האָבען זיך צעהעצקעט. קאַניוועט און שפּאָלער אידלעך האָבען דערהערט, אַז דער „יעהופּעצער דעליזשאַן" ברענט, האָבען זיי צעלאָזט די פּאָלעס און זענען געפלויגען נאָך די אַקציעס, ווי נאָך מצה־וואַסער, — אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז מע האָט געבראָכען האַלז־און־נאַקען. איך האָב אויך געחאַפּט דעמאָלט אַ שמיץ. אַלע האָבען זיך דעמאָלט אָפּגעבריהט. עס איז געווען, ווי אין פּסוק שטעהט: ב י ו ם ה ה ו א אָ ב ד ו ע ש ת ו נ ו ת י ו — מען איז דעמאָלט געבליבען אָהן הויזען...

פ י י נ ק ו ג ע ל. דאָס געשעפט פון דער בערזע געהט אַזוי: מע מוז אַמאָל דערלענגען אויך. איך וועל אייך דערצעהלען אַ משל...

ח י נ ק י ם. דעם משל לעגט אָפּ אויף שפּעטער. שוין צייט זיך נעמען צום תהלים'על... [דער עולם זעצט זיך שפּיעלען אין קאָרטען: פּאָסטערנאַק, פיינקוגעל, בייגעלמאַן — ביי איין טישעל; פייפער, חינקים און קנאַקניסעל — ביי'ם אַנדערען טישעל].

מ א ד א ם  פ א ס ט ע ר נ א ק  [צו די דאמען]. אך, איך בין די לעצטע צייט, מיט רעשפעקט צו מעלדען, אזוי נערוועז, אז איך קאן מיר גאר קיין ארט ניט געפינען. דער דאקטער קעבעבע האט מיר פארשריבען נייע פילען צום אפעטיט. גענימט עפים. פאר וואס זאלט איהר עפים ניט געניסען? אט שטעהען נים, מאראנצען, איינגעמאכטס...

מ א ד א ם  ח י נ ק י ם  [צו די איבעריגע דאמען]. דער דאקטער קעבעבע טרעט, אפנים, נישט ארוים פון איהר שטוב! [צו דער מאדאם פאסטערנאק]. עס קעהר זיין די אייגענע פילען, וואס דער דאקטער קעבעבע האט מיר פארשריבען פאראיאהרען.

מ א ד א ם  פ א ס ט ע ר נ א ק. דער דאקטאר קעבעבע האט מיר אנגעזאגט, אז וויבאלד איך שטעה־אויף, מיט רעשפעקט צו מעלדען, פון בעט, זאל איך באלד איינשלינגען א פיל, פארטרינקען מיט א האלבע גלאז וואסער, אפווארטען א האלבע שעה און ערשט נאכדעם עסען פריהשטיק. גענימט עפים. פאר וואס זאלט איהר נישט געניסען? אט שטעהען נים, מאראנצען, איינגעמאכטס...

מ א ד א ם  ח י נ ק י ם  [צו די איבעריגע דאמען]. מיר דאכט, ס'איז די אייגענע נים מיט די מאראנצען, וואס פאראכטאגען אין דער צייט. קוקט זעך צו... [צו דער מאדאם פאסטערנאק]. אז מע שלינגט פילען, מוז מען אבער האלטען דיעט. עך האב אמאל אויך, ניט היינט געדאכט, געהאט צו טהון מיט די נערוועז, האט מען מעך געהאלטען אויף אזא דיעט, אז עך בין שיער ניט אויסגעגאנגען פאר הונגער.

מ א ד א ם  פ א ס ט ע ר נ א ק. איך וויים, וואס הייסט דיעט. דער דאקטער קעבעבע האלט מיך אויך, מיט רעשפעקט צו מעלדען, אויף דער דיעט. איך בין שוין אבער אוים מענטש. עס טרעפט אפטמאל בייטאכט זאל זיך מיר פלוצים פארגלוסטען, מיט רעשפעקט צו מעלדען, עפים נעמען אין מויל אריין — און דערצו איז נאך ביי מיר א כאראקטער, אז פאר'ן שלאף מוז איך עפים

איבערהאַפּען. געניסט עפּיס. פּאַר וואָס זאָלט איהר עפּיס נישט געניסען? אָט שטעהען ניס, מאַראַנצען, איינגעמאַכטס...

מ א ד א ם ב י י ג ע ל מ א ן [צו דער מאַדאַם קנאַקניסעל]. מע זעהט נאָך די באַקען, ווי די צייהנער קנאַקען... [צו דער מאַדאַם פּאַסטערנאַק]. מיר פאַרשפּאַרען גאָר האַלטען דיעט. אונזער משפּחה זענען אַלע זעהר ווינציגע עסערס. אונזער משפּחה עסט כּמעט גאָרניט.

מ א ד א ם ח י נ ק י ם [צו די איבעריגע דאַמען]. שויז. זי איז שוין דאָ מיט איהר משפּחה! איהר האָט עפּיס ליעב, אַז זי צערעדט זעך פון איהר משפּחה?...

מ א ד א ם פּ א ס ט ע ר נ א ק [צו דער מאַדאַם חינקים]. אָקעגען דעם, וואָס איהר זאָגט: האַלטען דיעט. איהר מעגט מיר גלויבען, אַז אַזאַ ווינציגע עסערין, ווי איך בין, האָט איהר דען די צווייטע אויף דער גאַנצער וועלט? דאָס פלייש האָט זיך מיר, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, אַזוי צוגעגעסען, אַז איך קאָן שוין אויף דעם ניט קוקען. עס גלוסט זיך איבערבייטען אַ מאָל, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, אויף אַ קרעפּעל, אַ טייגעכץ, אַ בלינצע, צי ווייס איך וואָס. איך פרעג דעם דאָקטער קעבעבע: וואָס קאָן שאַדטען צו דער דיעט, אַז מען עסט אויף אַ צוויי־דריי קרעפּלעך מיט קעז, בלינצעס אַ פּאָר, צי צרות־קניידלעך עטליכע, צי אַ מילכיגען באָרשט? מילא, אין אויסלאַנד, בשעת מע טרינקט די וואַסערען, איז עפּיס אַנדערש; אָבער דאָ, ביי זיך אין דער היים! געניסט עפּיס. פּאַר וואָס זאָלט איהר עפּיס נישט געניסען? אָט שטעהען ניס, מאַראַנצען, איינ־געמאַכטס...

מ א ד א ם ח י נ ק י ם [צו די איבעריגע דאַמען]. ווי געפעלט אייך איהר דיעט מיט קרעפּלעך? [צו דער מאַדאַם פּאַסטערנאַק]. איהר דאַרפט זעך היטען פון פּאַרקיהלען. דאָס וועטער איז איצט אַזוי שלעכט, און איהר געהט אָנגעטהאָן זומערדיג... [צו די איבעריגע דאַמען]. עס פּאַסט איהר דאָס ליכטיגע זיידענע קאָפּטעל מיט די אויסגעשניטענע אָרבעל, ווי מיינע צרות! עפּיס קומט זי גאָר

אויס הארבאטע!... אט קוקט זעד צו... [צו דער מאדאם פאסטערנאק].
ווער האט אייך אויפגענעהט דאס קאפטעל? עס קליידט אייך
אזוי צום פנים, אז ס'איז מחיה צו קוקען, כלעבען. ביי אונז אין
קאמענעץ געהט מען נאר דעקאלטירט.

מאדאם פאסטערנאק. איהר ווייסט ניט, ווער
מיר נעהט? מיר נעהט שטענדיג קלארא. קיינער קאן מיר ניט
אזוי צוטרעפען צו מיין כאראקטער, ווי קלארא. זי איז שוין אזוי
געניט, מיט רעשפעקט צו מעלדען, אין מיין פיגור, אז זי פאר־
שפארט מיר נעמען א מאס. זי טרעפט אין דער פינסטער. נאר
וואס דען איז איהר חסרון? זי איז, מיט רעשפעקט צו מעלדען,
א גרויסע גנב'טע. פון צוועלף ארשין מאטעריע קאן זי א־אפחאפען
דרייצעהן. אונטער די הענט ווערט ביי איהר פארברענט... געניסט
עפים. פאר וואס זאלט איהר עפים ניט געניסען? אט שטעהען
נים, מאראנצען, איינגעמאכטס...

מאדאם חינקים [צו די איבעריגע דאמען]. וואס מע
קאן זעך שוין ביי איהר אנ'גנבה'נען!... [צו דער מאדאם פאסטערנאק].
פאר וואס זאלט איהר זעך בעסער ניט נעהען ביי דער מאדאם
אונטערשלאק? אלע יעהופעצער דאמען נעהען זיך ביי דער אונ־
טערשלאק. זי איז טאקי אונזערע א קאמענעצערין.

מאדאם פיינקוגעל. איך נעה מיר נאר אין אויס־
לאנד. מיר זאל מען אויפנעהען א מלבוש היע, ניט אין אויסלאנד,
וואלט איך דאס נישט געקאנט אנטהון אפילו.

מאדאם בייגעלמאן. אונזער משפחה נעהען זיך
אלע ביי דער קאראלינע. זי נעמט טאקי טייער, נאר אז זי נעהט־
אויף א מלבוש, זינגט דאס! אונזער משפחה ווייסט ניט קיין
אנדער מאדיסטקע אין יעהופעץ, חוץ דער קאראלינע.

מאדאם קנאקניסעל [צו דער מאדאם חינקים]. איהר
משפחה איז טאקי אנדערש ניט געוואוינט געווארען... וואס זאגט
איהר אויף אזא גלות?

מ א ד א ם  ח י נ ק י ס  [צו דער מאדאם קנאנקניסעל]. פארשטעהט זעך, ווי קאן מען אנדערש, אז מע שטאמט פון בייגעל־טרעגער?... [צו די איבעריגע דאמען]. וואס טויג אייך רעדען פון מאדיסטקעס? הערט זעך צו, עך וועל אייך בעסער דערצעהלען א נייעס פון דער מאדאם מייערצימעס מיט איהר טעכטערעל. מיר דאכט, אז מיר וועלען אין גיכען האבען א מזל־טוב...

א ל ע  ד א מ ע ן. א קנס־מאל?

מ א ד א ם  ח י נ ק י ס. נאך ערגער פון א קנס־מאל...

א ל ע  ד א מ ע ן. א חתונה?

מ א ד א ם  ח י נ ק י ס. נאך ערגער פון א חתונה...

א ל ע  ד א מ ע ן  [קוקען זיך איבער פארוואונדערט]. אוי! וואס הייסט? טאקי איין אמת? [א פלעסק מיט די הענט]. וואס זשע האט איהר געשוויגען ביז אהער? דערצעהלט זשע אונז, נשמה'ניו, הארצעניו, ליובעניו! [מע חאפט זי ארום. מע קוועטשט איהר די הענט׳ מע בעט זי דערצעהלען].

מ א ד א ם  ח י נ ק י ס. דערצעהלען וועל עך אייך, נאר בתנאי, אז צווישען אונז זאל דאס בלייבען. קיין פויגעל טאר נישט וויסען! איהר גערענקט זומער, בשעת מיר זענען געקומען פון דעם אויסלאנד, האב עך אייך געפרעגט, וואו איז דאס אהינגעקומען די מאדאם מייערצימעס מיט דער טאכטער? קיינער האט נישט געוואוסט: דער האט געזאגט — אין וויען; דער — אין בערלין; אנדערע האבען גערדרונגען — אין פאריז. עך האב מעך אליץ געבראכען דעם קאפ, ווי אזוי ווערט מען דאס געוואהר אקוראט? עך האב מעך אפילו א פאר מאל באגעגענט מיט איהר אין די קלייטען, נאר צוגעהן צו איהר און אפגעבען איהר פריהער דעם גוט־מארגען — צופיעל כבוד פאר איהר. יענע האט אזוי פארריסען די נאז, אז זי מיינט, קיינער איז צו איהר ניט גלייך. עך געדענק נאך, אז זי איז געוועז איין אם ביי אונז אין קאמענעץ... עך זאל אזוי לעבען!

מאדאם פּיינקוגעל. וואָס דאַרפט איהר מעהר? אַז איך באַגעגען זיך מיט איהר אויף דער גאַס אַ נאָז קעגען אַ נאָז, פּאַרדרעהט זי דעם קאָפּ אָן אַ זייט און מאַכט זיך ווי זי זעהט ניט. וואָס זאָגט איהר אויף איהר טאַטען?

מאדאם ביגעלמאַן. מיר שטעהט גאַר ניט אָן צו גריסען זיך מיט איהר. אין אונזער משפחה געפינען זיך אַ ביסעל שענערע דאַמען פון איהר. אונזער משפחה האָבען פיינט, אַז מע בלאָזט פון זיך...

מאדאם קנאַקניסעל [צו דער מאַדאַם חינקים]. זי איז שוין ווידער דאָ מיט איהר משפחה!

מאדאם חינקים. נו־נו, ווי מיינט איהר? עך וועל דאָס עפּיס דורכלאָזען גלאַט אַזוי? עך האָב מעך מיישב געווען און רעד איבער מיט מיין עלטערער טאָכטער און זאָג איהר: „ווייסט דו וואָס, טאָכטער מיינע? אַזוי ווי דו האָסט אַ מאַן אַ דאָקטער, און דער מאַן דיינער איז באַקענט מיט'ן דאָקטער קעבעבע, און דער דאָקטער קעבעבע איז דאָרט אַ היימישער, — אַ דאָקטער מיט אַ דאָקטער, לאָז ער זעך מיט איהם פאַנאַנדעררעדען, דאָס, יענעס, אויסטאָפּען ווערטער — איהר פאַרשטעהט?

אלע דאַמען. נו, נו? וואָס זשע האָט ער געזאָגט?

מאדאם חינקים [לעגט אַ פינגער אויף דער נאָז]. חאַפּט זשע ניט! עך האָב געזעהען, אַז ס'איז בלאָטע, עך וועל דורך מיין איידעם גאָרנישט מאַכען, — האָב עך מעך מיישב געווען, לאָם עך מעך פאָרשט דורכגעהן אַליין צו איהר. איין אויסרעד האָב עך געהאָט אַ טייערען: עך מאַך עטליכע קערבלעך אויף אַ געפאַלענער משפחה; ווי וועט מיר די מאַדאַם מייערצימעס — פאָרט אַ נגידית און אַ מיוחסת — ניט געבען קיין שענע נדבה, און אין איינוועגס טאַקי מעך אויפנעמען פאַר אַ גאַסט אויך, און זיצען מיט מיר חאָטש אַ האַלבע שעה? עך דאַרף מעהר ניט ווי זיצען אַ האַלבע שעה און קוקען... וואָס טהוט גאָט? שיקט זי מיר ניט אַרויס זאָגען, אַז זי איז ניטאָ אין דער היים? אַזאַ נידעריגע זאַך! אַזאַ גדלנ'טע!

אזא וצדקתך! ביי אונז אין קאָמענעץ וואָלט עך אפילו ניט גע־וואָלט קוקען אויף איהר, עך זאָל אזוי לעבען! ביי אונז אין קאָ־מענעץ...

אַ ל ע ד אַ מ ע ן. איהר האָט אונז צוגעזאָגט דערצעהלען אַ מעשה פון דער מאַדאַם מייערצימעס מיט איהר טאָכטער — צום סוף זענט איהר פאַרפאָהרען קיין קאַמענעץ...

מ אַ ד אַ ם ח י נ ק י ס. חאַפּט זשע ניט! עך קום צו געהן אהיים אַ צעקאָכטע, מיט אַ קאָפּוועהטיג, אַ מיגרען, — מע זאָל באַהיט און באַוואָהרענט ווערען! דערווייל הער עך — מע קלינגט. ווער איז? די אונטערשלאָק! גוט מאָרגען, גוט יאָהר. „וואָס איז אייך? דער מיגרען האָט זעך אייך שוין ווידער אָנ־גערופען?" קערץ און גוט, עך האָב איהר אויסדערצעהלט מיין גאַנץ ביטער האַרץ. „איהר גיט מיר, זאָגט זי, אייער הייליג וואָרט, אז קיין פויגעל זאָל ניט וויסען, וואָס עך וועל אייך דערצעהלען?" זי האָט מעך באַשוואָרען, מיט מיין מאַן און מיט מיינע קינדער, און האָט מיר דערצעהלט אַ גאַנצע מענשה.

אַ ל ע ד אַ מ ע ן [שפּרינגען אונטער אויף די ערטער]. נו? נו? לאָמיר שוין הערען די מעשה?

מ אַ ד אַ ם פּ אָ ס ט ע ר נ אַ ק. גענֿיסט עפּיס דערווייל. איהר האָט נאָך גאַרניט גענאָסען. אָט שטעהען ניס, מאַראַנצען, איינגעמאַכטס...

מ אַ ד אַ ם ח י נ ק י ס. הערט זשע אוים! די מענשה איז אַזוי. אַ חדשים צוויי פאַר אונזער אוועקפאָהרען קיין אויסלאַנד אין די בעדער אריין, האָט די אונטערשלאָק אויפגענעהם דער מאַדאַם מייערצימעס אַ ראָטאָנדע, און דער טאָכטער אַ ראָטאָנדע. איז איהר ניט געפעלען געוואָרען די ראָטאָנדעס, געהט זי און פאַרקויפט ביידע ראָטאָנדעס פאַר האַלב געלט און הייסט זעך מאַכען קערצע זשאָקעטלעך, אזוי ווי מע טראָגט ביי אונז אין קאָמענעץ: דאָ אַרומגעחאַפּט [זי ווייזט מיט די הענט און דרעהט זיך], פון אונטען געהאַקט, פון פאָרענט קיילעכיג, די אָרבעל אָנגעבופט, אַ קאָלנער אַ

הויכער מיט שטערענדלעך, לאַצען גרויסע, אַפּגעלעגטע, קאַקאַסענע קנעפּ...

אלע דאַמען [זיצען קוים אײַן אויף די ערטער]. נו? נו? בקיצור...

מאַדאַם חינקים. האַפּט זשע ניט! קערץ און גוט — די אונטערשלאַק האָט אויפגענעהט די זשאַקעטלעך, אָפּגעבראַכט די זשאַקעטלעך, זי נעמט אָנמעסטען די זשאַקעטלעך, פריהער דער מאַדאַם מייערצימעס — גוט! זי נעמט אָנמעסטען דער טאָכ־טער — אַ צרה, אַ שלאַק, אײַן אומגליק! איהר פאַרשטעהט?... [זי בויגט זיך צו צו דער מאַדאַם פּאַסטערנאַק און רוימט איהר אײַן אַ סוד אין אויהער].

מאַדאַם פּאַסטערנאַק [אַ פּלעסק מיט די הענט]. אוי, איך האַלט דאָס נישט אויס! מע באַדאַרף, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, חלש'ען! [זי בויגט זיך צו צו דער מאַדאַם פּיינקוגעל און רוימט איהר אײַן אַ סוד אין אויהער].

מאַדאַם פּיינקוגעל [שפּרינגט אונטער אויפ'ן בענקעל, ברעכט די הענט]. אוי, איך וועל זיך אַ מעשה אנטהון! עס איז דאָך אזוי רעכט! אזוי רעכט! ווען איך זאָל מיך נאָר ניט שעמען, געה איך טאַנצען!... [זי האַפּט אָרום די מאַדאַם בייגעלמאַן און רוימט איהר אײַן אַ סוד אין אויהער].

מאַדאַם בייגעלמאַן [פּאַטשט די מאַדאַם קנאַקניסעל אין די פּלייצעס]. פאַר וואָס הערט איהר ניט? וואָס שווייגט איהר? וואָס שווייגט איהר? אין אונזער משפּחה וועט זיך אזעלכעס ניט טרעפען, האַ־האַ־האַ!...

מאַדאַם קנאַקניסעל [צו דער מאַדאַם חינקים]. אומע־טום איז זי דאָ מיט איהר משפּחה!... זאָגט זשע אָבער, איהר ווייסט דאָס פאַר געוויס? טאָמער איז דאָס אַ פּזמון? די אונטער־שלאָק, פאַרשטעהט איהר מיך, האָט ליעב אַ מאָל אויסטראַכטען אַ זאַך, וואָס ניט געשטויגען, ניט געפלויגען.

מ א ד א ם  ח י נ ק י ס [לעגט בײדע הענט אויפ'ן הארצען און פארגלאנצט די אויגען ארויף]. גאָט זאָל מיר אזוי העלפען, עך זאָל אזוי האָבען נחת אין מײנע קינדער, מיר זאָלען אזוי אָלע אויסגעלײזט ווערען פון צרות, עך זאָל אזוי נישט וויסען פון קײן שלעכטס ווײל עך וועל לעבען, עך זאָל אזוי הערען אלדאָס גוטס מיט אײך אינ־אײנעם, מיר זאָלען אזוי גיך אָלע אויפגערעכט ווערען, עך זאָל אזוי רעדען מיט וועמען מיר איז ליעב, עב זאָל מיר אזוי זײן א רפואה צו מײן קאָפּוועהטיג, עך זאָל אזוי גיך פארגעסען פון מײן מיגרען, ווי גיך מיר וועלען האָבען א מזל־טוב בײ מײערצימעסען אין שטוב...

א ל ע  ד א מ ע ן [קוועלען, קנײפּען אײנס דאס אנדערע]. וואָס זאָגט איהר? וואָס זאָגט איהר דערויף? עס איז דאָך ווערטה גאָלד! גאָלד איז דאָס ווערטה! אזא מפּלה! אזא נקמה!...

פ י י פ ע ר [פון דער ווײטען]. מע דארף בעטען די דאמען, זײ זאָלען מוחל זײן רעדען א ביסעל שטילער. מע הערט ניט א וואָרט.

פ י י נ ק ו ג ע ל. איבער זײער געשרײ הערט מען ניט אונזער געפילדער.

פ אָ ס ט ע ר נ א ק. לאָז זײן שטילער! נ ש י ם  ד ע ת ן  ק ל ו ת — ווײבער זענען גענז...

מ א ד א ם  פ אָ ס ט ע ד נ א ק. א שענע מעשה, נאָר א קורצע! א גליק, וואָס איזאבעלע איז דא ניטא... [זי קוקט זיך ארום אויף אלע זײטען]. די מאמע איז געפאהרען קײן אויסלאנד מאכען די קור, און די טאָכטער האָט געהאט די רפואה... פאר וואָס געניסט איהר עפּיס ניט? אָט שטעהען ניס, מאראנצען, אײנגעמאכטס... איהר האָט מיך עפּיס הײנטיגע נאכט גאָר מבײש געשטעלט. צי אפשר ווילט זיך אײך, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, א סטוקעלקע?

א ל ע  ד א מ ע ן [הויבען זיך אויף ווי אײן מענטש]. א סטוקעלקע? אַך, פאר וואָס ניט? [מע מאכט ניט קײן שהיות, מע פארכאפּט ערטער, מע נעמט ארום די בײטעלעך און מע גיט קארטען. לכתחילה איז שטיל.

עם הערען זיך נאר פארשיידענע איינציגע קולות פון די מאנסבילען: „פאס!" „א קליינער שלעם!" „א גרויסער שלעם!" „אהן צוויי!" „אהן דריי!"... און פון די דאמען: „וואס איז יום־טוב?" „וועמענ'ס שלייף?" „איך האב א לעווי!" „איך בין רעמיז מיט דער צווייטער מלכה!" „וועמענ'ס פארהאנט?" „טויז מלך קאזיר!" „עס קומט מיר פון אייך א גילדען! פארגעסט נאר ניט, א גילדען!"... נאר וואס ווייטער ווערען די קולות אלץ העכער. די פנים'ער פלאמען, די אויגען ברענען. מע הויבט זיך אן אונטערקריגען. די מאנסבילעןווארפען זיך אויס איינער דעם אנדערען, אז זיי פארשטעהען דאס שפיעל מעהר פון א טוידטען. פייפער היצט זיך. ביי די דאמען איז אויך ניט אומעטיג. מע זאגט זיך איינע דער אנדערער שטעכווערטלעך, אז ביי קארטען טאר מען ניט זיין נערווען. איזאבעלע זיצט ביי דער פארטעפיאנע און שפיעלט שטילערהייט. מארקוס זיצט הינטער איהר און שעפטשעט איהר אויפ'ן אויהער. איזאבעלע לאכט].

מ א ר ק ו ס [דרעהט אוים דעם קאפ צום עולם]. באטראכט נאר אקארשט, ווי מען איז דאס פארטיעפט אין דער ארבייט. עס איז זיי שוין נישט אפצורייסען אצינד פון די קארטען. זיי זעהען ניט און הערען ניט וואס עס טהוט זיך ארום זיי. חאטש נעם און טראג זיי ארוים... און די דאמען? זעהט נאר, ווי זיי ברענען! זיי זענען גרייט, זיי זאלען זיך ניט שעמען, איינס דאס אנדערע אויסרייסען די אויגען, אפבייסען די נעזער, איינשלינגען לעבעדיגערהייט... [ער שטעהט־אויף, לעגט צונויף די הענט אויפ'ן הארצען]. גליקליכע מענטשען! אין דער מינוט זענען זיי אויסגעטהאן פון דער גאנצער וועלט. אין דער מינוט איז פאר זיי נישטא קיין שום טייערערע אדער הייליגערע זאך אויף דער וועלט. א כפרה דאס ווייב פאר א „גרויסען שלעם", א כפרה דער מאן פאר א „טויז קאזיר", א כפרה קינדער, א כפרה אלסדינג פאר א קערטעל... אומגליקליכע נפשות! וואס פאר א לעבען קאן ביי זיי זיין? וואס פאר א וועלט? ווען רעדט דער מאן מיט'ן ווייב, דער פאטער מיט די קינדער, אז א גאנצען טאג איז מען אויף דער בערזע, און ביינאכט ביי די קארטען? ווען זעהען זיך די קינדער מיט זייער פאטער? וואס הערען זיי, וואס ווייסען זיי און וואס טראכטען זיי פון איהם?... וואו

איז ער, דער גלאַנץ פון אונזער אומה, אונזער גרעסטע, אונזער שענסטע און אפשר איינציגע מעלה, מיט וועלכע מיר שטאָלצירען קעגען אנדערע פעלקער — דאָס אידישע פאַמיליענלעבען ?...

**א י ז א ב ע ל ע** [הערט זיך איין ווי מארקוס רעדט]. אַך, מאַרקוס! ווי שען ער איז בשעת ער רעדט! פּערעל שיטען זיך פון זיין מויל. און די אויגען — פלאַמען פייער. ליעבער מאַרקוס! זיסער מאַרקוס! די נשמה וואָלט איך איהם אוועקגעגעבען בשעת ער צערעדט זיך! [זי שיקט איהם א קוש אין דער לופט]. דאָס האַרץ רייסט מיר אָבער, אַז איך דערמאַן זיך, ווי אַזוי ער וועט נעבאַך ליידען און וואָס פאַר צרות ער וועט איבערטראָגען, אַז ער וועט דערהערען, אַז איך בין אַ כּלה געוואָרען פאַר איין אנדערען... אַך, וואָס זאָל איך טהון, אַז איך בין, צו מיין פינסטער מזל, געבוירען ביי רייכע עלטערען? וואָס קאָן איך העלפען, אַז איך שטעה איין ביי אַ דעספּאָט, וואָס וויל נישט פארשטעהן, אַז ליעבע שטעהט העכער פון געלט?... אנטלויפען? חתונה האָבען קעגען דעם טאַטענ'ס ווילען? וואָס וועט זיין דעמאָלט פון אונז ביידען דער תּכלית, אַז ער איז אַזוי אָרעם און עלענד?... אָרעמער מאַרקוס! ווי גליקליך וואָלטען מיר ביידע געווען, ווען ער איז אין פייפער'ס שטאַנד, חאָטש האַלב פון איהם! איך וואָלט געוואַרט ביז ער וועט ענדיגען דאָקטאָר מעדיצין... נאָכדעם חתונה געהאַט... געפאָהרען איני־איינעם קיין בערלין, אָדער קיין וויען, אַזוי ווי חינקים'עס טאָכטער מיט איהר מאַן... געקומען, אויסגעמעבעלט אַ שענע דירה אין יעהופעץ, אַזוי ווי חינקים'עס טאָכטער... איהם אַ גרויסאַרטיגען קאַבינעט, מיר אַ פּראַכטפולען בודואַר... מיר האָבען זיך אונזער אייגענעם עקיפּאַזש מיט גומעלאַסטיקענע רעדלעך... אַלע וואָך זשורפיקסען... אַלע נאַכט אָדער צו־גאַסט, אָדער אינאיינעם אין טהעאַטער... „ווער זיצט דאָס אין יענער לאָזשע־בענואַר, אַזאַ גליקליך פּאָרפאָלק?" — „דאָס איז דער דאָקטאָר מאַרקוס מיט זיין פרוי איזאַבעלע"... [פלוצים חאַפּט זיך אויף חינקים, טהוט אַ וואַרף די קאַרטען אויפ'ן טיש].

ח י נ ק י ם. לאָז דאָס ברענען אויפ׳ן פייער! איידער אַזוי שפּיעלען אין קאָרטען, איז שוין גלייבער זיצען אין דער היים און שרייבען ספרים!

ק נ א ק נ י ס ע ל. וואָס גנעהט אייך אָן, ווי אַזוי איך שפּיעל? איך וויל מיר אַרוים מיט קאָזיר — און רוף מיך קנאַקניסעל!

פ אַ ס ט ע ר נ אַ ק [פון דעם אַנדערען טיש]. ער איז גערעכט, ווי אין פּסוק שטעהט: ב ג פ ו י ב ו א ב ג פ ו י צ א — איטליכער שפּיעלט זיך, ווי ער פאַרשטעהט.

פ י י פ ע ר. ניין, שולדיג איז גאָר חינקים: ער האָט גע־מאַכט אַזאַ גאַנג, אַז מע מעג איהם אָפּהאַקען הענט און פיס. נאָר חינקים איז דיר איין אַנטיק: ער האָט אַ טבע, אַז טאָמער מאַכט ער אַ פעהלער, פאַלט ער אָן אויף יענעם.

ח י נ ק י ם [צו פייפערען]. איהר זענט אַ אידיאָט! איהר פאַרשטעהט אַזוי ביי קאָרטען, פונקט ווי איהר פאַרשטעהט די בערזע!

פ י י פ ע ר. ע, איהר זידעלט זיך שוין? וועל איך דאָך אייך דערצעהלען, ווער איהר זענט, קאַרטיאָזשניק! זשוליק!

[ער כאַפּט אַ טעשעל קאָרטען און וואַרפט חינקיסען אין פּנים אַריין. חינקים נעמט איהם אָן ביי די וואָנסים. קנאַקניסעל פאַהרט אַריין חינקיסען אין דער באָרד. פאַסטערנאַק שרייט: „אל תפל דבר — חאַטאַ פאַקרישקע! לאָז זיין שטיל! ס׳איז אַ בזיון פאַר די דאַמען!“... מאַדאַם פאַסטערנאַק פאַלט חלשות. די דאַמען שרייען: „וואַסער! וואַסער!“].

# צווייטער אַקט

[אין א פאר חדשים ארום. — ביי פייפערן אין קאנטאר. שענע טישלעך. געטאקטע גראטעס. אייזערנע שאפעס. — ציפערבלאט, דער בוכהאלטער, אונטערגעבונדען די אויהערען מיט א ווייס טיכעל, און פלעדערוויש, דער קארעספאנדענט, א פראנט מיט בלויע ברילען, זיצען אויף הויכע שטוהלען, סקריפען מיט די פעדערען און ווארפען אויף ביינדלעך. זילבערמינץ, דער קאסיר, זיצט אין די גראטעס ביי דער קאסע, צעהלט געלט געשווינד, קנאקט מיט די פינגער. פייפער אליין זיצט אויבענ־אן ביי'ם טיש און דרעהט די וואנסים. ביי די זייטען זיצען ספעקולאנטען: פיינקוגעל, חינקים, בייגעלמאן, קנאקניסעל. א ביסעל ווייטער שטעהען עטליכע יונגע ספעקולאנטלעך און מעקלערם. אלע רעדען, מאכען מיט הענט, היצען זיך. עס לאזען זיך הערען פארשיידענע קולות: „יקנה"ז!" „פעסט!" „יקנה"ז!"... עס קומט אן גרייגער מיט א חאליאסטרע מעקלערם].

## ערשטע סצענע.

**גרייגער** [האלט זיך מיט ביידע הענט ביי די זייטען]. יקנה"ז! ? אומעטום, וואו מע קומט, הערט מען נאר יקנה"ז און יקנה"ז! יעהופעץ — אויך מיר א בערזע, אז אך און וועה איז די יאהר! חאפט מען זיך אן אן עפים איין ארטיקעל, איז זיי ניט אפצורייסען. פרעגט זיי בחרם: וואס יקנה"ז? ווער יקנה"ז? ווייסען ניט פון זייער געזונט. איינער קוקט אויפ'ן אנדערען, געהען ווי שאף אין דער טשערעדע. נאר איך איינער האלט מיך אפ פון יקנה"ז. אדרבה, איך פארקויף גאר יקנה"ז. אט האב איך ערשט נעכטען

אַפּגעלייזט פּאַר אַ דריטהאַלבּען הונדערט שטיק יקנה"ז זיעבּענ־הונדערט צוואַנציג אויף קאָנטראַקטען, איך זאָל אַזוי לעבּען מיט אייך אינאיינעם. לאָז זאָגען עמיצער, אָט שטעהען אידען.

[ער ווייזט אַז אויף דער חאַליאַסטרע מעקלערס].

די חאַליאַסטרע [שיסען־אויס אַלע מיט אַ מאָל]. אמת, אמת, ווי מערידען זענען!...

פּיינקוגעל [קוקט זיך איבּער מיט דער קאָמפּאַניע ספּעקולאַנטען. צו גרייגערען]. אַז די נאַסע בּוימער בּרענען, היינט וואָס זאָלען שוין זאָגען די טרוקענע? אַז איהר האָט מורא צו האַלטען זיך מיט יקנה"ז, היינט וואָס זאָלען מיר שוין זאָגען?... פון דעסטוועגען וואָלט איך זעהר געוואָלט וויסען, צי פאַרקויפט איהר נאָך עפּיס יקנה"ז צו די זעלבּע פּרייזען?

גרייגער [אויפגעבּראַכט]. איהר ווייסט דאָך, אַז איך האָבּ פּיינט אייערע יעהופּעצער אַפּשניצלעך, אויבּערקעפּלעך און המציאה'־לעך. בּיי מיר איז איין אָפּענער זעכס־און־זעכציג — וואָס אויף דער לונג, דאָס אויף דער צונג. אַז מע רעדט, זאָל מען רעדען עסק. פּאָעזיע האָבּ איך פּיינט. [צו פּייפּערען]. זעהט איהר, מיט אייך מאַכען מיר אַ געשעפט. מיט אייך האָבּ איך ליעבּ צו האַנדלען, ווייל איהר זענט דער איינציגער לייטישער סוחר אין יעהופּעץ אויף דער בּערזע. מיט איינעם וואָרט, איהר זענט אַ דזשענטעלמען — איך זאָג דאָס אויף אייך אַלע מאָל, ווי גאָט איז הייליג. פּרעגט, אָט שטעהען אידען.

די חאַליאַסטרע. אמת, אמת, ווי מערידען זענען!

פּייפּער [דרעהט די וואַנסים]. וואָס זשע ווילט איהר מאַכען, פּאַני גרייגער? לאָמיר הערען.

גרייגער. איך וויל... איך וויל מיט אייך מאַכען אַזאַ געשעפט: איהר שטעלט מיר אַ פּרייז אויף הונדערט שטיק יקנה"ז, ווי טייער איהר קויפט און ווי טייער איהר פאַרקויפט, געדרוקט אין צעהן קערבּלעך, און איך מוז אויסקלויבּען איינס פון די צוויי: אָדער איך וועל בּיי אייך צונעמען הונדערט שטיק יקנה"ז, אָדער

איך וועל אייך אוועקגעבען הונדערט שטיק יקנה"ז. נו, וואָס טראַכט איהר אזוי לאַנג? האַקט אַ צדיק!

פ י י נ ק ו ג ע ל [צום איבעריגען עולם]. גרייגער וויל איהם מאַכען דאָס שפּיעל...

פ י י פ ע ר [טראַכט]. ניין. מיר לוינט בעסער, הערר גרייגער, אַז איהר זאָלט מיר שטעלען אַ פּרייז אַהין אָדער אַהער, און די ברירה זאָל זיין ביי מיר.

פ י י נ ק ו ג ע ל [צום איבעריגען עולם]. דער קליינער לאָזט זיך ניט פיהרען אין חדר אריין.

ג ר י י ג ע ר [מיט היץ]. אַט דאָס איז די מעשה מיט אַ יעהופּעצער ספּעקולאַנט: געב איהם פיר אַ געשעפט, ענטפערט ער דיר בויבעריק! נו, בקיצור, לאָז זיין אזוי ווי איהר ווילט. ביי מיר פּועל'ט איהר אַלסדינג אין דער וועלט. דאַרויף בין איך גרייגער. איך האָב שוין אויף אַזעלכע ספּעקולאַציעס מיינע צייהן אויפ־געגעסען. איך האָב שוין געפּרובט אַמאָל אין איין האַלבע שעה דערלעגען זיעבען און זיעבעציג טויזענט קערבלעך — און אפילו זיך נישט פאַרקרימט, ווי מיר שטעהען אונטער אַ הימעל. [ער ווייזט אויף דער סטעלי]. פּרענגט וועמען איהר ווילט, אַט שטעהען אידען.

ד י ח אַ ל י אַ ס ט ר ע. אמת, אמת, ווי מערידען זענען!

ג ר י י ג ע ר [מיט גדלות]. געלט איז בלאָטע. דער עיקר איז — איין עהרליכער מאַן, דאָס וואָרט זאָל זיין אַ וואָרט, און גע־וויינטליך — מוז מען דערצו האַלטען קאָפּ אויך. [ער טהוט זיך אַ פּאַטש אין שטערן]. גרייגער האָט אַ קעפּעלע, דער רוח האָט איהם ניט גענומען!... אַלזאָ, הערר פּייפער, הערט זיך צו מיט קאָפּ. [ער צעהלט די ווערטער]. הונדערט שטיק יקנה"ז אויף קאָנטראַקטען, אויף זיעבען הונדערט פערציג, מיט פערציג קערבלעך האַנטגעלט — ק ו י ף איך ביי אייך, און אויף זיעבען הונדערט פופציג, מיט אַ פופציגער האַנטגעלט — פ אַ ר ק ו י ף איך אייך. חיינט קלויבט אייך אויס.

פ י י פ ע ר [טראַכט אַ ווײַלע]. האָב איך אײַך אָפּגעגעבן הונדערט שטיק יקנה"ז. [צום בוכהאַלטער]. הערר ציפּערבלאַט! פאַרשרײַבט הונדערט שטיק יקנה"ז אויף זיבעצן הונדערט פערציג, מיט פערציג.

צ י פ ע ר ב ל א ט [רײַסט זיך אָפּ פון די ביכער]. האָ? וואָס? יקנה"ז? וויפיעל? ווי טײַער? געקויפט, צי פאַרקויפט?

פ י י פ ע ר. שלום עליכם, פון וואַנעט איז אַ איד? [צום קאַרעספּאָנדענט]. הערר פלעדערוויש! דערצעהלט איהם וואָס ס'איז דאָ געמאַכט געוואָרען. [צום קאַסיר]. הערר זילבערמינץ! נעמט צו פון הערר׳ן גרײַנגער פיער טויזענט רובעל.

פ י י נ ק ו כ ע ל. פּאַני גרײַנגער, אויף אײַך איז מקוים געוואָרען דאָס ווערטעל: „אַז מע זוכט אַ גלעזער, געפינט מען אַ סטאָליר". איהר האָט אַזוי געוואָלט קויפען יקנה"ז, אַזוי ווי איך וויל טאַנצען.

ח י נ ק י ס. איהר האָט זיך אַליין געשטעלט אין אַ רעמיז.

ב י י ג ע ל מ א ן. פאַרנוצט געזונט!

ק נ א ק נ י ס ע ל. ווערטלעך אויף אַ זײַט. מילא, אַז גרײַנגער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט, וואָס קומט איהם דערפאַר? ווען עס טרעפט אויף מיר, דרעה איך מיר אַרויס, און רוף מיך קנאַקניסעל!

ג ר י י נ ג ע ר. בלאָטע! איך טהו דאָס ניט, אָבער גאָר לא מיט אַ לאַנגער נון! איך הייס גרײַנגער! איך שווער אײַך באמנות, ווי ס'איז אַ שהכל פון גאָט [ער ווײַזט אויפ'ן טיש], — מײַן גאַנצער אַרויסקוק איז נאָר געווען צו קויפען יקנה"ז. אויף יקנה"ז פרעגט מיך, וועל איך אײַך דערצעהלען וואָס דאָס איז. ס'איז אַ סברה, אַז מע קויפט אוים דאָס גאַנצע יקנה"ז פונ'ם מאַרק. ס'איז טויזענט קאַרבען אַ שטיק, ווי איהר זעהט מיך לעבען! וואָס מיינט איהר, גרײַנגער איז עפּים אַ יונגעלע? שוין באַלד אַ חודש, אַז איך האַלט אין איין קויפען יקנה"ז. איך האָב שוין אײַנגעקויפט ביז היינטיגען

מאַג אפשר זיעבּען הונדערט שטיק. פרעגט, אַט שטעהען אידען.
[צו דער חאַליאַסטרע]. וואָס שווייגט איהר?

די חאַליאַסטרע. אמת, אמת, ווי מערידען זענען!

א קול פון דער זייט. סטייטש, פאַני גרייגער, איהר האָט דאָך נאַר־וואָס געזאָגט און געשוואָרען זיך, אַז ערשט נעכטען האָט איהר פאַרקויפט דריטהאַלבען הונדערט שטיק יקנה"ז!

גרייגער [מיט כעס]. נאַחאַל! ווער פרעגט אייך? א איד איז דיר קיין קאַטאָוועס ניט! מענטשען רעדען עסק, מישט ער זיך אריין. ווער האָט דען געזאָגט „פאַרקויפט"? איך? מסתמא האָט מיר אַזוי געפּאַסט. איך זאָג תמיד וואָס מיר פּאַסט. למאי זאָל איך לייקענען? איך האָב פיינט די יעהופּעצער חכמות. ביי מיר איז איין אָפּענער זעכס־און־זעכציג — וואָס אויף דער לונג, דאָס אויף דער צונג. פּאָעזיע האָב איך פיינט. [צו פייפערען]. א סימן האָט איהר, אַז איך בין אַ פּעסטער קונה אויף יקנה"ז — אָט פּרובט זיך, שטעלט איין, גיט מיר אוועק אויף זיעבּען הונדערט פּופציג, מים אַ צעהנערל האַנטגעלט, נעם איך ביי אייך צו נאָך אַ מאה שטיקלעך יקנה"ז.

פייפער [ניט לאַנג געטראַכט]. האָב איך אייך אוועקגעגעבען נאָך הונדערט שטיק יקנה"ז. [צום קאָרעספּאָנדענט]. הערר פלעדער־וויש! מאַכט אַ בריעף אויף נאָך הונדערט שטיק יקנה"ז.

פינקוגעל [נעמט זיך ביי דער באָרד]. אם כן, אַז דער צער פון טראָגען איז יאָ אַזוי גרויס, בין איך דאָך אויך אַ קונה אויף אַ מאה שטיקלעך יקנה"ז צום זעלבען פּרייז, אויב מים אַ צעהנערל האַנטגעלט!

פייפער [צום קאָרעספּאָנדענט]. הערר פלעדערוויש! מאַכט נאָך אַ בריעף אויף הונדערט שטיק יקנה"ז.

חינקיס. נו, און וואו בין איך? מיין געלט איז קיין געלט ניט? עלעהיי איך האָב געשפּיעלט אין „בעזיק". די בערזע איז דאָך ניט מעהר ווי אַ קאָרטענשפּיעל. הייסט מיר אויך מאַכען אַ בריוועל אויף אַ מאה שטיקלעך יקנה"ז.

ב י י נ ע ל מ אַ ן. ווערקמירדיג! ביי חינקיסען איז דיר אַלסדיינג געגליכען צו אַ קאָרט! [צו פייפערען]. זייט אַזוי גוט און הייסט, זייט מוחל, מיר אויך מאַכען אַ בריוועלע אויף אַ האַלבע מאה יקנה״ז.

ק נ אַ ק נ י ס ע ל. איך האָב אַפילו געגעבען דאָס וואָרט מיין ווייב, אַז איך וועל מעהר קיין געשעפטען אויף דער בערזע ניט מאַכען; נאָר אַז איך זעה אַלע קויפען, לאָזט דאָס מיך ניט איינ־זיצען, ווי זאָגט ער: „אחרי רבים להטות״. [צו פייפערען]. הייסט שוין, זייט מוחל, מיר אויך מאַכען אַ בריוועל אויף יקנה״ז, און דוקא אויף אַ גאַנצע מאה — און רוף מיך קנאַקניסעל!

פ י י נ ק ו ג ע ל [צו קנאַקניסלען]. אויף אייך איז מקוים גע־וואָרען דאָס ווערטעל: „יאַק יצר־הרע נאַפּאַדני, טאָ תקיעת־כּף נע פּאָמאָזשע״...

פ י י פ ע ר [צום בוכהאַלטער]. הערר ציפּערבלאַט! פאַר־שרייבט נאָך צוויי הונדערט פופציג שטיק יקנה״ז. [צום קאָרעספּאָנ־דענט]. הערר פלעדערוויש! מאַכט נאָך דריי פרישע בריוולעך. [צום קאַסיר]. פאַרשרייבט אין דעבעט נאָך דריי טויזענט פינף הונדערט רובעל. [ציפּערבלאַט ווארפט אויף די ביינדלעך. פלעדערוויש שרייבט בריוולעך. זילבערמינץ צעהלט געלט, קנאַקט מיט די פינגער. צווישען עולם ווערט אַ מורא'דיגער גערודער. אַלע שרייען: „יקנה״ז! פעסט! פעסט!״ מעקלערס לויפען היין און צוריק פון איינעם צום אַנדערען, רוימען איין אַלע מאָל פּייפערען אַ סוד אויפ'ן אויהער, נעמען איין אָרדער און ברענגען געלט].

ג ר י י ג ע ר [גרויס]. נו? ווער האָט אָנגעמאַכט אַ האָס אויף יקנה״ז? גרייגער! ווער קויפט אין איין קלאַפּ דריי הונדערט שטיק יקנה״ז? גרייגער! אַלץ גרייגער! אויף מיר קוקענדיג האָבען זיך שוין אַלע צעלאָזט קויפען יקנה״ז. וואו זענט איהר געווען ביז אַהער, בריות, יעהופּעצער ספּעקולאַנטען? ספּעקולאַנטען זענט איהר? אידיאָטען, ניט קיין ספּעקולאַנטען! איהר ווייסט ניט, ווער עס האָט אייך געשלייערט! איהר זעהט, יענער קריכט —

קריכט איהר אויך. וואָס קריכט איהר? וואָס האָט איהר געקויפט? יקנה"ז? איהר ווייסט, וואָס יקנה"ז איז? מע טאָר עס דען נעמען אין די הענט אריין אפילו?

א קול פון דער זייט. סטייטש, איהר האָט דאָך גאָר וואָס געזאָגט?!...

גרייגער. איך האָב געזאָגט? נו, איז וואָס? האָב איך געזאָגט, מסתמא האָב איך באדארפט אזוי זאָגען. איך לייקען מיך גאָר ניט. איך האָב ליעב זאָגען דעם אמת. ביי מיר איז איין אָפענער זעכס־און־זעכציג — וואָס אויף דער לונג, דאָס אויף דער צונג. פּאָעזיע האָב איך פיינט. איך בין אריינגעקומען אהער, טאָמער וועט גאָט רחמנות האָבען, איך וועל קאָנען פּטור ווערען פון א שמאטע. איך טראָג מיך שוין ארום מיט יקנה"ז פון א וואָך זיעבען. פּרעגט וועמען איהר ווילט, אָט שטעהען אידען. [צו דער חאליאסטרע]. וואָס שווייגט איהר?

די חאליאסטרע. אמת, אמת, ווי מערידען זענען!

פּיינקונגעל [זיך אין באָרד אריין]. גאָט שיקט צו דעם טרינקער זיין ווייץ און דעם שפּינער זיין פלאַכס. אזעלכע יאָהר־עדות, ווי ביי גרייגערען, זענען ווערטה דאָס גאַנצע געלט.

גרייגער. א סימן האָט איהר, גיט מיר א בעס אויף צוויי הונדערט שטיק יקנה"ז אויף קאָנטראַקטען, אז איהר זענט מחויב זיי ביי מיר נעמען אויף זיעבען הונדערט קערבלעך, געב איך אייך צו צעהן קערבלעך אויף יעדען שטיק.

פּייפער. האָב איך אייך פארקויפט א בעס אויף צוויי הונדערט שטיק יקנה"ז. [צום קאָרעספּאָנדענט]. הערר פלעדערוויש! מאַכט א בריעף אויף צוויי הונדערט שטיק יקנה"ז, אז איך דארף נעמען אויף זיעבען הונדערט רובעל איבער־א־יאָהר קאָנטראַקטען. [צום קאסיר]. פאַרשרייבט אין דעבעט פון הערען גרייגער גאָך צוויי טויזענט רובעל.

גרייגער [נעמט דאָס בריוועל, צעהלט אפּ געלט, שטעהט א ווייל, שפּייט אויס]. טפו זאָל דאָס ווערען! וואָס האָב איך דאָ אָנגעמאַכט?

אויף זיעבען הונדערט פופציג געקויפט... אויף זיעבען הונדערט פארקויפט... נאר איהר מיינט דאך, אז גרייגער איז עפּיס א יונגעלע און וועט גלאט ארויסווארפען געלט אויף דער גאס? בלאטע! אבער גאר לא מיט א שטריימעל! עס וועט אייך קאסטען געלט! איך וועל אייך אויסטהון ביז'ן לעצטען העמד, ווי איהר זעהט מיך לעבען! איך וועל אייך אלעמען מאכען פאר קבצנים, ווי ס'איז היינט יום רביעי — דיענסטאג אויף דער גאנצער וועלט! [ער געהט אוועק, טהוט א זעץ מיט דער טיר. די חאליאסטרע — נאך איהם].

## צווייטע סצענע.

פ י י נ ק ו ג ע ל [צום איבעריגען עולם]. וואס זאגט איהר אויף איהם? דער כח פון געלט! אזא־נ־עזות! איך האב איהם אבער געוואלט דערצעהלען א משל פון שלמה המלך מיט'ן האהן. איהר האט געהערט דעם משל פון שלמה המלך מיט'ן האהן?

ח י נ ק י ס. אצינד, אז גרייגער איז שוין אוועקגעגאנגען, האט איהר זיך דערמאנט אינ'ם משל פון שלמה המלך מיט'ן האהן! פונקט אזוי ווי נעכטען ביי די קארטען...

ב י י ג ע ל מ א ן. ווערקמירדיג! פון וואס איהר זאלט ניט רעדען מיט חינקיסען — אויף די קארטען מוז ער ארויפקומען!

ק נ א ק נ י ס ע ל. חינקיס איז גערעכט. צו וואס זאלען מיר זיך נארען? אידישע תקיפות איז שטעלען א פייג אונטער דער פאלע — און רוף מיך קנאקניסעל!

פ י י פ ע ר [טהוט זיך אז]. ווייסט איהר, וואס עס וואלט גוט געוועזען צו טהון אצינד? [אלע שווייגען. חינקיס חאפט זיך ארויס].

ח י נ ק י ס. מאכען א „פרעפעראנס“...

א ל ע ד ר י י. בראוואָ, חינקיס! בראוואָ! חינקיס האט נאך קיינמאל אזוי גלייך ניט געזאגט. בראוואָ! בראוואָ!

[פייפער, פיינקוגעל, חינקיס, בייגעלמאן און קנאקניסעל געהען אוועק. צווישען די יונגע ספעקולאנטען און מעקלערס איז א טומעל, א געפילדער. אלע רעדען:

„וואס הערט זיך מיט יקנה"ז ?"... „פלאו!"... „געפאלען. וואס טהוט מען? קויפען, צי פארקויפען?"... „קויפט אייך יקנה"ז און מאכט אייך א בעס"... „איך האב א האס אויף יקנה"ז! ווער קויפט א האס?"... „האלט זיך מיט אייער האס, רייבט איהם אוים מיט זאמד"... „אז מאכען, זאל מען מאכען א סטעלאזש"... „גיט זשע מיר א בריוועלע, עס זאל זיין מיט פים, עס זאל קאנען געהן"... „פייפער'ס א בריוועלע איז פרימא"... „פרימא, פרימא! ער נעמט, זאגט מען, הונדערט טויזענט רובעל נדן"... „פאסטערנאק'ס טאכטער"... „פאסטערנאק איז רייך"... „א מיליאנער, זאגט מען, א דבר־אחר, נאר א מיליאנער!"... עס עפענט זיך די טיר און עס שטעקט זיך אריין א קאפ פון א אידעל, און נאכדעם — דאס אידעל אליין].

# דריטע סצענע.

ד אָ ס א י ד ע ל. דאַ פאַרקויפט זיך דאָס... [א שמארע מיט דער נאז]. ווי אַזוי הייסט דאָס... יקנה"ז.

ע ט ל י כ ע ק ו ל ו ת. אָט האָסט דו דיר די אַנדערע טעג יום־טוב! אַ נייער סוחר אויף יקנה"ז!

ד אָ ס א י ד ע ל. ווי טייער איז בײַ אײַך דאָס... [א שמארע מיט דער נאז]. ווי אַזוי הייסט דאָס... יקנה"ז?

ע ט ל י כ ע ק ו ל ו ת. ווער זענט איהר? וואָס דארפט איהר?

ד אָ ס א י ד ע ל [דערשראקען]. אַליין בין איך אזוי גרוים ווי אַ כתרילעווקער אַליין. פאָהרען פאָהר איך, הייסט דאָס, פון אַדעס, און הייסען הייס איך מנחם־מענדעל.

ע ט ל י כ ע ק ו ל ו ת. זענט איהר אפשר יענער מנחם־מענדעל, וואָס האָט געהאַנדעלט אין אַדעס אויף דער בערזע מיט „לאָנדאָן"?

מ נ ח ם־מ ע נ ד ע ל [גייציג]. יאָ, דאָס בין איך טאַקי אַליין, טאַקי יענער מנחם־מענדעל, וואָס פאַר־אַ־יאָהרען אין אַדעס, ניט היינט געדאַכט, ביי פאַנקאָנין ימח שמו, אַ האָס, אַ בעס, און אַ דאָס... [א שמארע מיט דער נאז]. אַ סטעלאַזש.

עטליכע קולות. קומט דאָך אייך שלום. שלום עליכם אייך, רבֿ מנחם־מענדעל, וואָס מאַכט אַ איד?

מנחם־מענדעל. וואָס זאָלען מיר מאַכען וואָס? אדעם איז טוידט אדעם. אויס „לאָנדאָן", אויס פאַנקאָני, אויס מאַראָזשענע... אַלע אדעסער קומען אהער קיין יעהופּעץ קומען זיי, און דאָ הער איך, אידען, אָהן עין־הרע, מאַכען גאָר ניט שלעכט מאַכען זיי. האָבּ איך מיך מיישב געווען, וואָס בין איך ערגער פון אַלע וואָס? אגב, האָבּ איך, פאָהרענדיג פון אדעם אהערצוצו, דורכ־געשלאָגען אין זשמערינקע אַ דאָס... אַ שידוך דורכגעשלאָגען, פאַר־דיענט מיט גאָט'ס הילף עטליכע קערבּלעך, גלוסט זיך עפּיס מאַכען, שפּעגעלירען גלוסט זיך, ווי זאָגט ער: פאַרזוכט פונ'ם עץ־הדעת פאַרזוכט... אי זי, די פּלונית'טע הייסט דאָס, וועט שרייען גוואַלד וועט זי? עט, ווער איז זי מחויב צו האָרכען אַ נקבה ווער?... שאַט, וואָס זשע האָבּ איך אייך אָנגעהויבּען צו זאָגען וואָס? יאָ, כ'האָבּ מיך דערמאַנט: איך האָבּ בּדעה צו מאַכען עפּיס מיט דאָס... [אַ שמאַרע מיט דער נאָז]. ווי אַזוי הייסט דאָס?... יקנה"ז... [דער עולם לאַכט. דער קאַפּעליש און די קאַפּאַטע און אויך שמעלקע לאָזען זיך צו איהם].

שמעלקע [רעדט טיעף ליטוויש]. יקנה"ז? אדרבּה, גיט עפּיס צו פאַרדיענען.

דער קאַפּעליש [שטופּט אָפּ שמעלקען]. וואָס ווילט איהר מאַכען? זאָגט, אָט לויף איך אייך מאַכען.

די קאַפּאָטע [שטופּט אָפּ דעם קאַפּעליש]. אַנו, לאָזט מיר!... [שנייצט אויס די נאָז, נעמט אַרויס פון הינטען אַ רויטע פּעטשיילע]. נאָט אייך אָפּעט שלום, רבֿ מנחם־מענדעל. הייסט דאָס, כּפּי איך זעה אַרויסעט אָט־אַ־דאָ־אָ פון אייער שמועס, פאַרשטעה איך, אַז איהר האָט חשק, איך בּעט איבּער אייער כּבוד, צו שווינדלען מיט יקנה"ז. זאָגט זשע מיר, זאָלט איהר מיר געזונט זיין, איהר קלערט, וואָס איז שייך, קויפען, צי, איך בּעט איבּער אייער כּבוד, פאַר־קויפען?

מ נ ח ם - מ ע נ ד ע ל. פּאַרקויפן אודאי ניט. זעהט איהר, קויפען — דאָס וואָלט אפשר געווען אַ שטיקעל פּלאַן אפשר. נאָר וואָס זשע דען איז דאַ דער גאַנצער דאָס? [אַ שמאַרע מיט דער נאָז]. איך ווייס ניט, מיט וואָס עסט מען דאָס, ווייס איך ניט.

ש מ ע ל ק ע [שטופּט זיך דורך]. יקנה"ז ווייסט איהר ניט?

ד ע ר ק אַ פּ ע ל י ש [שטופּט אָפּ שמעלקען]. איהר ווייסט ניט, וואָס היסט יקנה"ז? די גאַנצע וועלט קויפט יקנה"ז.

ד י ק אַ פּ אָ ט ע [שטופּט אָפּ דעם קאַפּעליש]. לאָזט מיך, איך וועל אייך קלאָר מאַכען, וואָס איז שייך, אַקוראַט דעם ענין פון יקנה"ז. מכח וויסען וואָס דאָס איז, מוז איך אייך זאָגען דעם רעכטען אמת, אַז מיר אַליינעט אָט־אַ־דאָ־אָ ווייסען אויך ניט, איך בעט איבער אייער כבוד, מיט וואָס מע עסט דאָס, וואָרום דאָס איז אַ זאַך, וואָס אַלע האָבען דאָס און קיינער זעהט דאָס ניט, אַ בלינדער אתרוג, איהר פאַרשטעהט?

מ נ ח ם - מ ע נ ד ע ל. כ'פאַרשטעה, פאַר וואָס זאָל איך ניט פאַרשטעהן פאַר וואָס? דאָס איז, אַפּנים, איין איידעלע מאַטעריע איז דאָס? [ער ווייזט אויף די פינגער]. ניטאָ ביי וואָס אָנצוטאַפּען ניטאָ? ס'איז אַזאַ מין, וואָס ס'איז גאָר לחלוטין ניטאָ אויף דער וועלט, אַזוי ווי דאָס „לאָנדאָן" אין אדעס?

ד י ק אַ פּ אָ ט ע. חלילה! וואָס איז שייך, ס'איז ניטאָ ביי וואָס אָנצוטאַפּען? ווי געשיקט זיך עס, מע זאָל קויפען און פאַרקויפען אַ מין, וואָס איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ? נאָר אַז מע וויל שמועסען נאָך אַ מאָל טאַקי דאָס אייגענע ווידער צוריק, איז דאָס פאָרט נישטאָ אין ערגיץ ניט, ווייל פאַרקויפען פאַרקויפט זיך דאָס, איך בעט איבער אייער כבוד, בלאַנקאָ, דאָס הייסט, מע פאַרקויפט דאָס אייך אויף איבעראיאָהרעט קאָנטראַקטען מיט אַ ברירה: פאַלט דאָס — האָט איהר פאַרשפּיעלט נאָך דעם אדערויף; אלא טאָמער הויבט זיך דאָס — נעמט איהר אָפּ ביי יענעם צער און רפוי און שבת און בו"זת, עס געהערט צו אייך מיט הכל־בכל־מכל־

פּלעקעל, און אפילו די קאַפּאַנעס זענען אויך אייערע. פֿאַרשטעהט איהר שוין?

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. כ'פֿאַרשטעה, פֿאַר וואָס זאָל איך ניט פֿאַרשטעהן פֿאַר וואָס? איך קום צו יענעם און זאָג איהם: „פּעטערעל! אָדער געלט, אָדער די נשמה"... נאָר וואָס זשע דען, האָט מיר קיין פּאַראיבעל ניט, איין זאַך איז מיר דאָ א ביסעל פּריקרע: איך פֿאַרשטעה ניט דעם דאָס... [א שמאַרע מיט דער נאָז]. דעם פּשט פֿון לשון קאַפּאַנעס פֿאַרשטעה איך ניט.

ש מ ע ל ק ע. קאַפּאַנעס ווייסט איהר ניט? [ער ווייזט אויף די פֿינגער]. קאַפּאַנעס, וואָס מע שניידט קאַפּאַנעס.

ד ע ר ק א פּ ע ל י ש [ווייזט אויף די פֿינגער]. קופּאַנעס איז... איז... איז... קופּאָנעס אויף נעמען דיווידענד.

ד י ק א פּ א ט ע [שטופּט אָפּ דעם קאַפּעליש]. לאָזט זיך דיע־נען! [ער ווייזט אויף די פֿינגער]. קאַפּאַנעס — דאָס ווערט אָנגערופֿען, למשל, די קאַפּאַנעס, די עסקא, דאָס פּרעצענט, וואָס עס וואַכסט אָן... הייגט פֿאַרשטעהט איהר שוין?

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. כ'פֿאַרשטעה, פֿאַר וואָס זאָל איך ניט פֿאַרשטעהן פֿאַר וואָס? איך זיץ מיר אין דער היים זיץ איך מיר, און דאַרט וואַכסט דערווייל אויף מיר פּרעצענט. ווײַבאַלד אזוי, איז דאָך עס טאַקי, אפנים, נישקשה פֿון א דאָס... פֿון א געשעפֿטעל איז דאָס... מאַכט זשע מיך קלאָר, איך בעט אייך, ווי איז, למשל, דער דין, אז איך וויל מאַכען דערויף א האָס, צי א בעס, צי אפשר טאַקי מחילה א גאַנצען דאָס... [א שמאַרע מיט דער נאָז]. א סטעלאַזש מיין איך?

ד ע ר ק א פּ ע ל י ש. אַך, מיט'ן גרעסטען כּבוד! גיט מיר איין אָרדער, טהו איך א שפּרונג און ברענג אייך א סטעלאַזש א פּרימא: פּייפּער'ס א בריוועלע.

ש מ ע ל ק ע [שטופּט זיך דורך]. צו וואָס נוצען אייך קונצען, סטעלאַזשען? אמעהר, קויפֿט אייך בעסער מזומנ'עם יקנה"ז א

ביסעל. אָט האָב איך איין אָרדער פון לאַזערען און פון מאַשעיען...

די קאַפּאָטע [שטופּט אָפּ שמעלקען]. לאָזט זיך דינען! וואָס דולט איהר זיי אַ יאַרמעלקע מיט מזומנ'עם יקנה"ז, אַז זיי ווייסען נאָך גאָר ניט וואָס פאַר אַ פּנים דאָס האָט?

מנחם-מענדעל. עט-נו, מילא איהר מיינט, אַז טאָמער טאַקי חלילה ניט אַזוי דאָס?... [אַ שמאַרע מיט דער נאָז]. בע! אַ סימן האָט איהר, אָט האָב איך אָפּגעהאַנדעלט אַ זומער אין אַדעס, ניט היינט געדאַכט, מיט „לאָנדאָן", געמאַכט אַלע מאָל אַ „האָס", אַ „בעס", אַ „סטעלאַזש", מיט אַ „נאָך", מיט אַ „בלינדע רעכט", מיט אַלע שאָלעמויזען, און פרעגט מיך בחרם פרעגט מיך, צי האָב איך דאָס ווען אָנגעקוקט אין מיינע אויגען אפילו? פון דעסטוועגען, עס זאָל נאָר געווען זיין אַ ביסעל מעהר דאָס... [אַ שמאַרע מיט דער נאָז] הצלחה, וואָלט איך דען אַצינד ניט געקאָנט זיין אַ שטיקעל עושר אַצינד? אָט נאָט אייך הערשעלע. הערשעלע איז ניט געווען אַ שמש אין בית-המדרש, איז ניט אַרוים מיט'ן שטעקעל אין גרעצק און האָט ניט געמאַכט אין איין שמע-ישראל דרייסיג טויזענט? שאַט! און יוסעלע? איהר קענט יוסעלען? יוסעלע האָט ניט געמאַכט קיין פאַרמעגען פון לאָנדאָן? אמת, זיי האָבען דאָס נאָכדעם אָפּגעגעבען צוריק מיט רווחים האָבען זיי; פון דעסטוועגען...

די קאַפּאָטע. ע, רב מנחם-מענדעל, איהר זאָלט אַזעלכם זאָגען? ווי קומט דאָס צו-נ-אייך? איהר גלייכט „לאָנדאָן" צו „יקנה"ז"? וואָס איז שייך, „לאָנדאָן" איז, איך בעט איבער אייער כבוד, „לאָנדאָן", און „יקנה"ז" איז, פאַרשטעהט איהר מיך, טאַקי „יקנה"ז".

מנחם-מענדעל. דהיינו וואָס? דאָס געשעפט גופא איז טאַקי אַזוי ראַיעל איז דאָס?

די קאַפּאָטע. וואָס איז שייך ראַיעל? ס'איז עפרות זהב! ס'איז גאָר אַ סברה, אַז די גרויסע אונזערע קויפען דאָס אויס

פון דער בערזע, און עס קאָן זעהר שען געמאָהלט זיין, אַז אויף איבער־אַ־יאָהר קאָנטראַקטען זאָל דאָס זיין מיט גאָלד גלייך, אָדער עס זאָל, איך בעט איבער אייער כּבוד, ליגען נייען איילען אין דער ערד. דערפאַר איז גוט, אַז מע באַוואָהרענט זיך מיט אַ סטעלאַזש. וויבאַלד איהר האָט אַ סטעלאַזש, זענט איהר אַ גליקליכער מענטש.

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. אָ, אַ סטעלאַזש איז אודאי זעהר אַ געשמאַקער ביסען אַ סטעלאַזש! איך געדענק עס נאָך פון אַדעם געדענק איך. נאָר וואָס זשע דען איז דאָ דער גאַנצער דאָס? דער קוועטש איז דאָ: מה יקר? וואָס קאָן עס מיך קאָסטען וואָס?

ד י ק א פּ אָ ט ע. וואָס איז שייך קאָסטען? עס ווענדט זיך, וואָס פאַר אַ סטעלאַזש איהר ווילט מאַכען. פאַר אַ געוועהנ־ליכען סטעלאַזש וועט איהר דאַרפען באַצאָהלען בראָצקע'ס פאַר־מעגען; נאָר אויב איהר ווילט, עס זאָל אייך קאָסטען אין גלייכען געלט, וואָלט איך אייך געהייסען מאַכען, איך בעט איבער אייער כּבוד, אַ „גערוקטען סטעלאַזש", דהיינו: דער בעס זאָל זיין גע־שריבען אויף זעכס הונדערט און דער האָס אויף אַכט הונדערט; איז דאָך ממה־נפשך [מיט אַ ניגון] — וועט דער פּרייז האַלטען העכער פון אַכט הונדערט קערבלעך, וועט איהר נעמען יקנה"ז; אַלאַ וואָס דען, טאָמער פאַלט דאָס? — וועט איהר, איך בעט איבער אייער כּבוד, געבען יקנה"ז. סאַי אהין, סאַי אהער — איז אַלץ די ברירה ביי אייך. האָט איהר דאָס צעקייט?

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. פאַר וואָס זאָל איך דאָס ניט צעקייען פאַר וואָס? אין אַדעס איז אויך אַזוי אין אַדעס: אָדער איך נעם, אָדער איך געב; דאָס הייסט, איך טאַנץ אויף ביידע חתונות טאַנץ איך. וואָס פאַר אַ זייט עס זאָל ניט אַוועקגעהן — בין איך אַלץ אין דרויסען בין איך. ביי גרויסע וואַראַציאָנען איז מען אין אַדעס, זאָגט מען, גליקליך געוואָרען מיט אַזעלכע סטעלאַזשען. מע דערצעהלט, אַז עס פלעגט אַוועקגעהן איין עפּאָכע, פלעגט מען אָנשיטען זעק מיט גאָלד פלעגט מען. ביסמאַרק זאָל זיך ניט געווען צוקיהלען ביסמאַרק, און עס זאָל זיך ניט געווען איבערקעהרען דאָס

גאַנצע שפּיעל מיט דער פּוטער אַראָפּ, וואָלט הערשעלע געווען דער אייגענער הערשעלע וואָס פריהער, און יוסעלע וואָלט טאַקי געבליבען יוסעלע, און איך וואָלט איצטערטאָ געווען נאָר בגילופין וואָלט איך. נאָר מסתּמא איז דאָך ניט באַשערט מסתּמא... הקיצור, וואָס פאַרט וועט מיך קאָסטען אַ גערוקטער דאָס... אַ סטעלאַזש מיין איך?

די קאַפּאָטע. וואָס איז שייך? מע דאַרף דאָך זעהען, עס זאָל אייך קאָמפּענירען. צוליעב אייך, און ווייל מיר מאַכען דאָס ערשטע געשעפט, וועט דאָס אייך קאָסטען אַ צעהנערעל אַ זייט. אָרענטליך?

מנחם־מענדעל. נו, אודאי קאָן מען ניט זאָגען, אַז ס'איז טייער אודאי. נאָר אויב ס'איז מעגליך עפּיס אָפּראָסען... אָפּרייסען מיין איך, אויסדינגען, איז מהכּתיתי; ווי זאָגט ער: וואָס ווינציגער, איז געזינטער... נאָר טאַ, אויך די אייגענע מעשה — אַז גאָט זאָל געבען אַ שטיקעלע הצלחה זאָל ער, איז גאָרניט, ווי זאָגט ער: אַ רענדעל אַראָפּ, אַ רענדעל אַרויף, מיר וועלען זיך ניט קריעגען וועלען מיר.

די קאַפּאָטע. האָב איך, וואָס איז שייך, פון אייך אַ פעסטען אָרדער און קאָן, הייסט דאָס, מיט מזל־ברכה שליסען דאָס געשעפט?

מנחם־מענדעל. בּפירוש איין אָרדער! ביי אונז אין אדעס איז אַ וואָרט איין אָרדער און איין אָרדער איז איין אדערויף. מיר פלעגען דאָרטען האַנדלען כּמעט נאָר אויפ'ן דאָס... אויפ'ן וואָרט פלעגען מיר...

די קאַפּאָטע. וואָס איז שייך אויפ'ן וואָרט? ביי אונז אין יעהופּעץ איז אויך דאָס נעמליכע; דאָס וואָרט איז טאַקי אַ וואָרט, נאָר פון דעסטוועגען זענען מיר זיך דאָ נוהג צו נעמען איין אדערויף ביי'ם גרעסטען שפּעגעלאַנט. מחמת עס טרעפט דאָ אָפּט־מאָל, אַז פון איין אָרדער זאָל זיך, איך בעט איבער אייער כּבוד, אויסלאָזען אַ בוידעם. איהר פאַרשטעהט?

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. כ׳פֿאַרשטעה, פֿאַר וואָס זאָל איך ניט פֿאַרשטעהן פֿאַר וואָס? עס קומט אויס, ווי מע זאָגט: „נותן בצימבעל הולך בטענצעל”... נאַט אייך דערווייל אַזאַ פֿופֿציגער נאַט אייך, און לאָז זיין אין אַ גוטער שעה אין אַ מזל׳דיגער. נאָר וואָס דען וועל איך אייך בעטען וואָס? טאָמער איז באַשערט, עס זאָל זיין וואַראַציאָנען, און עס וועט זיין אויף מיין זייט אַ גרויסער דיפֿערענץ, זאָל זיך חלילה נישט אויסלאָזען אַזוי ווי אין אַדעם חלילה, דאָס הייסט, מע זאָל ניט קאָמפּעזירען מיט פּעטש... הקיצור, איהר דאַרפֿט זעהען דאַרפֿט איהר, אַז דאָס בריוועלע זאָל זיין אַ דאָסיגס... אַ פּרימאַ זאָל דאָס זיין.

ד י ק אַ פּ אָ ט ע. וואָס איז שייך פּרימאַ? פּרימאַ אַליין איז קאַרג. [אַ קוועטש מיט׳ן גראָבען פֿינגער]. פּרימאַ דפּרימאַ! טאַקי פּייפּער׳ס אַליין. פּייפּער׳ס בריוועלע — דאָס איז אַ מזומנ׳ע מטבע. קיין בעסערס דערפֿון קריגט איהר שוין ניט, איך בעט איבער אייער כבוד, אין גאַנץ יעהופּעץ!... [די קאַפּאָטע לאָזט זיך געהן. דער קאַפּעליש יאָגט איהם נאָך און טענה׳ט, אַז על־פּי יושר און על־פּי מענטשליכקייט קומט דאָס קורטאַזש פֿונ׳ם געשעפֿט אויף דער העלפֿט. די קאַפּאָטע וויל ניט הערען, ניט זעהען. דער קאַפּעליש בלייבט שטעהן ביי דער טיר טרויעריג].

ד ע ר ק אַ פּ ע ל י ש [צו זיך אַליין]. לייט האָבען גליק. ער וועט דאָ חאַפּען גוטע זיעבען מיט אַ האַלב קערבעל! און אפשר טאַקי אַלע צעהן? אוי־וואַ! פֿון די הענט אַרויסגעלאָזט אַ געשעפֿט. וויפֿיעל קוקט מען אַרוים דערויף, איידער גאָט שיקט צו אַ פֿרישען „קונד”? אַז בסך־הכּל זענען די קליינע שפּעגעלאַנטען גאָר אַליין מעקלערס, און פֿון די גרויסע קאָן מען אויך גאָר ניט חאַפּען. צום ביישפּיעל, פֿיינקוגעל: טאַקי אַ שענער איד מיט אַ פֿיינער באָרד; נאָר ער וועט בעסער מאַכען אַליין אַ געשעפֿט און וועט איבערצאָהלען, אַבי ניט געבען צו פֿאַרדיענען דעם מעקלער... צי, למשל, חינקים: ביי חינקיסען קאָן מען מאַכען אַ געשעפֿט סיידען ביי די קאָרטען. פֿאַר די געהויבענע מעקלערס איז חינקים אַ טייערער „קונד”: זיי מאַכען מיט איהם בשעת מעשה די גרעסטע

געשעפטען, נאָר וויפיעל זיי פאַרדיענען — לעגען זיי דאָרט אוועק ביי די קאָרטען... ביי בייגעלמאַנען מאַכט מען יאָ אַ מאָל אַ געשעפט; נאָר ווען טרעפט זיך דאָס? איין מאָל אין אַ שמיטה, אי דאָס — דאַרף מען זיך פריהער גוט אָנגעהן, צערייסען דריי פּאָר שטיוועל, שטעהן ביי דער טיר, חנפה'נען די מאַדאַם בייגעלמאַן, אויסהערען זי, אַז זי קומט אַרויס פון אַ גרויסער משפחה, חאָטש אַלע ווייסען, אַז זי האָט ניט לאַנג אַרומגעטראָגען אַ קאָשעק מיט בייגעל... און אַז גאָט גיט, מע שלאָגט שוין יאָ אַ מאָל דורך ביי איהם מיט צרות, מיט יסורים אַ שטיקעל געשעפט און עס קומט צום קורטאַזש, דאַרף מען זיך אַוועקדינגען מיט איהם אַ שעה זעכס... דערפאַר איז שוין קנאַקניסעל מעהר סוחר פון אַלעמען: ביי איהם אַז מע מאַכט אַ געשעפט, זאָגט ער לכתחילה, אַז פון מעקלערס האַלט ער ניט, קיין קורטאַזש צאָהלט ער ניט — און רוף איהם קנאַקניסעל!... בלייבט איבער איין גרייגער. ער איז דער בעסטער פון אַלע שפּעגעלאַנטען אין יעהופּעץ און האָט דוקא ליעב געבען אַ אידען צו פאַרדיענען אַ קערבעל; נאָר וואָס דען איז דער חסרון? מע קאָן איהם נאָכגעהן אַ יאָהר כסדר מיט חלומות, און ערשט נאָכדעם האַפּען פון איהם אַ פּסק, אַז עס זאָל ווערען פינסטער אין די אויגען... היינט גאָר צאָהל דירה־געלט, זיין ווי אַ מענטש, געה ווי אַ מענטש, האַלט אויס אַ שטוב אין יעהופּעץ, לעהרען קינדער — אַ שווערע, ביטערע פּרנסה! אוי, רבונו־של־עולם, האַרצעדיגער פאָטער! ווער האָט דאָס אויסגעטראַכט אָט דאָס מעקלעריי, אָט דאָס יעהופּעץ, אָט די בערזע — די וויסטע, פינסטערע, פאַרשאָלטענע בערזע?!... [ער זיפצט געשמאַק און געהט אוועק. שמעלקע בלייבט שטעהן אין מיטען קאַנטאָר, אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקען, דער קאָפּ אַ ביסעל אויף אַ זייט, די אויגעלעך האַלב־צוגעמאַכט, ווי אַ אידינע בשעת זי טראַכט].

שמעלקע [רעדט צו זיך אַליין]. איין אומגליק מיט די מעקלערס! קומט אַ קונה, באַפאַלט מען עהם, ווי די הינט! אַמאָל איז געווען יאָהרען: איך בין מיר געווען איינער אויפ'ן יריד, זיך געאַרבייט פּאַוואָלינקע, שטילערהייט געמאַכט די גרעסטע געשעפ־

טען אין יעהופעץ, פארדיענט גאָלד — אַ ביסעל פון מעקלעריי, אַ ביסעל פון דער זייט, פון שפעגעלאַציע... היינט — פינף און צוואַנציג מעקלערס פאַר איינעם. מע דאַרף זיך היינט גוט אונטער־גאַרטלען, מע זאָל זיי אַריבעריאָגען! מע לויפט זיך אָן דעם גאַנצען טאָג, ווי אַ הונט; מע עסט ניט, מע טרינקט ניט, מע געהט ווי אַ בעטלער. [ער באַטראַכט אויף זיך די הלבשה]. וואָס זאָל מען טהון? די הוצאָה איז גרויס, „גילדזשע" מוז מען צאָהלען... אַ גליק, וואָס יקנה"ן האָט אַ ביסעל די אויגען געעפענט. די גאַנצענע שטאָדט האָט זיך אַ נעם געטהאָן צו יקנה"ן. וואָס האָט מען אין דעם אַזעלכעם דערזעהען? דער שוואַרץ־יאָהר ווייסט זיי! איך האָב אַלע מיינע „קונדען" באַטיילט מיט יקנה"ן. נעבאַך בדלות געשטעלט לאַזאַרען מיט מאַשעיען, חע־חע! [מיט אַ שיינענדיג פּנים]. אָוועקגעקויפט ביי זיי כמעט דעם גאַנצענעם מזומנ'עם יקנה"ן אויף זיעבען הונ־דערט רובעל... נישקשה, איך האָב, ניט צו פאַרזינדיגען, אויך גע־חאַפּט דערביי אַ שען קערבעל, חס ושלום נישט בגנבה, נאָר גלאַט אַזוי, פון אויבען אַ פאַרדיענסטעל, ווי אַלע יעהופעצער מעקלערס... זיי מעגען אַלץ: גנבה'נען, גזלנ'ען, קיילענען, און שמעלקע דאַרף האָרעווען פון עולם־הבא וועגען... זיי זענען גרויס געוואָרען ביי זיך — פיסס! קאַנטאָריסטען! באַנקירען! און שמעלקע איז אַלץ דער אייגענער שמעלקע — עך־עך־עך! פון דעסטוועגען, דאַנקען גאָט דערפאַר. איך דאַרף צו קיינעם ניט אָנקומען: פראַן אַ ביסעל געלט, און סחורה אַ ביסעל איז פראַן... [ער רעכענט אויף די פינגער]. פראַן „שפּאַנעוועער" מזומנ'נע... [ער טהוט זיך אַ טאַפּ אין איין קעשענע]. פראַן „חאַרקעוועער"... [טהוט זיך אַ טאַפּ אין דער אַנדערער קעשענע]. און „וויגרישנע בילעטען", און אויף „טעקושצעם שצאָט" אַ ביסעל, און אַ ביסעל אַקציעס פונ'ם „יעהופעצער דעלי־זשאַן" איז פראַן. גאָט זאָל נאָר געבען, דאָס געשעפט פונ'ם „יעהופעצער דעליזשאַן" זאָל זיך אַ ביסעל פאַרבעסערען, וועט שוין זיין וואָס צו טהון, אם ירצה השם, ביי לאַזאַרען און ביי מאַשעיען... [מיט אַ שיינענדיג פּנים]. אי, קונים!... אַזעטיקע קונים וואָלט איך וועד־

לעז האָבען אַ סדר! בּאַרליאַנטענע קונים!... [ער קוקט אויף דער וואַנט]. אַהאַ, שוין צוועלף דער זייגער! פּונקט די צייט, ווען לאַזאַר פּאָהרט פריהשטיקען. מע דאַרף לויפען חאַפּען עהם ביי דער טיר — טאָמער וועט גאָט רחמנות האָבען און וועט עהם אריינשיקען אַ געדאַנק עפּים מאַכען אַ געשעפטעל... [ער געהט אוועק].

# דריטער אַקט

[אין עטליכע חדשים אַרום, ביי פייפערען אין קאַנטאָר. — צ י פ ע ר ־ ב ל א ט זיצט אויבען־אָן, אויף פייפער'ס אָרט, די אויהערען אונ־טערגעבונדען מיט אַ ווייס טיכעל, און שאַבט זיך די נעגעל מיט אַ קליין מעסערעל. ביי דער זייט שטעהט פ ל ע ד ע ר ו ו י ש, פיין אויסגעפוצט, האַלט אַ קליין שפּיעגעלע אין דער האַנט און קעמט זיך דאָס בערדעל. ז י ל ב ע ר מ י נ ץ זיצט פאַרשטעלט אין די גראַטעס, האַלט־אונטער דעם קאָפּ מיטביידע הענט, פאַרצאַרענט, אַנגע'ברוגז'ט אויף דער גאַנצער וועלט].

## ע ר ש ט ע ס צ ע נ ע.

צ י פ ע ר ב ל א ט. וואָס קאָן דאָס זיין מיט אונזער שעף, וואָס ער איז היינט אַזוי שפּעט נאָך נישטאָ אין קאַנטאָר?

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש. קעהר נאָך שלאָפען. מסתמא אויף געווען היינטיגע נאַכט אין קלוב.

צ י פ ע ר ב ל א ט. האַ? וואָס? מיט וויזיטען? געפונען אַ צייט צו מאַכען וויזיטען. וואָס רעדט איהר? איהר ווייסט, וואָס איהר רעדט? ביי אונז איז דאָך עפּיס היינט קאָנטראַקטען, רעאַליזאַציע. איהר הערט? רע־אַ־לי־זאַ־ציע!

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש. וואָס זשע שרייט איהר אַזוי? איך ווייס גלייך מיט אייך, אַז ס'איז ביי אונז היינט רעאַליזאַציע.

צ י פ ע ר ב ל א ט. האַ? וואָס? פאַרשטעהט זיך, רעאַלי־זאַציע. מיר דאַרפען היינטיגען טאָג נעמען און געבען אפשר פינף טויזענט אַקציעס. אַ ווערטעלע אויסצורעדען? יקנה"ז אַליין באַדאַרפען מיר רעאַליזירען — וויפיעל מיינט איהר?

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש. איך מיין... איך מיין, אז דעם חשבון פון יקנה"ז דארפט איהר וויסען בעסער פון אונז אלעמען. דערויף זענט איהר בוכהאלטער.

צ י פ ע ר ב ל א ט. הא? וואס? א פאר טויזענט, זאגט איהר? פע, איהר האט א גרויסען טעות. העכער דריי טויזענט שטיק. איהר הערט? דריי טויזענט שטיק, א חוץ סטעלאזשען, אזעלכע, וואס מע קאן נישט וויסען, צי מע וועט אונז געבען, צי מע וועט ביי אונז נעמען יקנה"ז. איהר הערט, וואס מע זאגט אייך?

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש [פאר זיך]. בראש מיינט ער, אז אלע הינקען אונטער אויפ'ן לינקען אויהער, אזוי ווי ער... [הויך]. איך וויים גאר נים, וואס מיר וועלען טהון; אט זעץ איך מיך און וויין, טאמער וועט פייפער, חס וחלילה, צולעגען געלט.

ז י ל ב ע ר מ י נ ץ [פון די גראטעס ארויס]. ווערליג ער איז יוצא קעגען אונז, וואלט ער געמעגט ווערען די כפרה היינטיגען טאג אפילו.

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש. ביי לייטישע באנקירען פארדיענט מען א קערבעל פון דער זייט גאר; מע שארט זיי צו א געשעפטעל, איין אקציע.

צ י פ ע ר ב ל א ט. הא? וואס? וואו וועלען מיר נעמען אקציעס, פרעגט איהר? מיר וועלען מוזען צאהלען דיפערענצען.

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש [פאר זיך]. גוט מארגען, געלי, רעטאך טראג איך.

צ י פ ע ר ב ל א ט. הא? וואס? א ברירה וועלען מיר האבען? אנו, טהוט נאר א פרעג דעם קאסיר, איך רעד ניט מיט איהם, א סך האבען מיר עפים געלט אין דער קאסע?

ז י ל ב ע ר מ י נ ץ [צו פלעדערווישען]. קדחת!

צ י פ ע ר ב ל א ט [צו פלעדערווישען]. הא? וואס? עטליכע טויזענט?

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש. קדחת, זאגט ער!

צ י פ ע ר ב ל א ט [צו פלעדערוויש]. קדחת? וואס הייסט קדחת? וואו איז דאס געלט? וואו איז עפּים פּאפּירען, סעריעס, קופּאָנעס? אנו, פרעגט איהם אקארשט, איך רעד מיט איהם ניט.

ז י ל ב ע ר מ י נ ץ [צו פלעדערוויש]. פּאפּירען? זאגט איהם, אז די מייז האָבען אויפגעגעסען.

צ י פ ע ר ב ל א ט [צו פלעדערוויש]. הא? וואס? וויפיעל, זאגט ער?

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש. די מייז, זאָגט ער, האָבען אויפגעגעסען!

צ י פ ע ר ב ל א ט [אויסער זיך]. צי ער איז משוגע, צי ער איז חסר־דעה, צי ער איז גלאט אזוי פונ'ם זינען?

ז י ל ב ע ר מ י נ ץ [צו פלעדערוויש]. זאָגט איהם, אז ער איז אליין אי משוגע, אי חסר־דעה, אי פונ'ם זינען. ער ווייסט ניט, וואָס מיט איהם טהוט זיך, דער שענער „בויכהאלטער".

צ י פ ע ר ב ל א ט [צו פלעדערוויש]. הא? וואס זאגט ער?

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש. ער זאָגט אויף אייך, אז איהר זענט א בהמה; איהר ווייסט ניט, ווער עס האָט אייך געשלייערט...

[ציפערבלאט שפּרינגט־אונטער אויפ'ן בענקעל; ער ווייסט ניט וואס צו טהון פאר כעס. עס עפענט זיך אויף די טיר און עס קומען־אן מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל און זיינע צוויי מעקלערס: ד ע ר ק א פ ע ל י ש און ד י ק א פ א ט ע].

## צווייטע סצענע.

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל [צו דער קאפאטע]. נו, וואס זענט איהר געבליבען שטעהן וואָס? געהט־צו צו איהם, ווייזט איהם די דאָס... די סטעלאזשען אויף יקנה"ז ווייזט איהם. לאָז ער זיך מיט אייך צערעכענען לאָז ער זיך.

ד י ק א פ א ט ע [צום קאפעליש]. זיי זענען גערעכט. געהט, זייט מוחל, צו צום קאסיר, זאָגט איהם אזוי און אזוי, לאָז ער אייך, איך בעט איבער אייער כבוד, ארויסצאָהלען וואָס עס קומט אויף די צוויי סטעלאזשען מיט'ן האָס.

ד ע ר  ק א פ ע ל י ש. וואָס איז עפּיס געפאַלען דער גורל אויף מיר? דאָס געשעפט האָט איהר דאָך געמאַכט, ניט איך.

ד י  ק א פ אָ ט ע. אָט דאָס הויבט זיך אָן מיט א אידען! ביי'ם נעמען „קורטאַזש" האָט ער גע'טענה'ט „יחדיו", און אַז עס קומט צו עפּיס, האָט ער חשק צו בלייבען פון הינטען. [ער שטופּט איהם אונטער]. פאָלגט מיך, געהט, אייך פּאַסט בעסער.

ד ע ר  ק א פ ע ל י ש. פאַר וואָס פּאַסט מיר בעסער?

ד י  ק א פ אָ ט ע. וואָרום אַזוי: איהר געהט, איך בעט איבער אייער כבוד, אין אַ קאַפּעליש און רעדט רוסיש.

מ נ ח ם־מ ע נ ד ע ל. איך האָב מורא, אַז פון דעם דינגען זיך וועט גאָרנישט אַרויסקומען האָב איך מורא. מע דאַרף זיך פּרובען אַליין דאַרף מען, ווי זאָגט ער: „מע שיקט דעם שמש און מע געהט אַליין". [ער טהוט־אויס דאָס היטעל, געהט־צו צום קאַסיר און רעדט צו איהם דורכ'ן פענסטערעל אויף רוסיש]. יאַ סאַם מנחם־מענדעל איז כּתרילעווקאַ... אַווו נאַם יעסט דוואַ ספּאָלאָווינע סטעלאַזש נאַ יקנה"ז פּרימאַ דפּרימאַ...

ז י ל ב ע ר מ י נ ץ [מיט כעס]. זאָגט אויף אידיש, וואָס דאַרפט איהר?

מ נ ח ם־מ ע נ ד ע ל. מעלתו באַדאַרף אויף מיר קיין פאַר־איבעל ניט האָבען, וואָס איך האָב לכתחילה אָנגעהויבען אויף רוסיש, ווייל, ראשית, איז דאָ אַזוי דער דאָס... דער איינפיהר, און והשנית, פּאַסט טאַקי ניט פאַר אַזאַ נפש, ווי איך, זיך אַרומדרעהען אין יעהופּעץ אויף דער בערזע און נאָך רעדען אידיש; מע קאָן מיך, חס ושלום, דערקענען, אַז איך בין אַ דאָס... אַ איד מיין איך, און מיך מחילה אַרויסדאָסען פון דאַנען מיט כבוד אַהיים מחילה.

ז י ל ב ע ר מ י נ ץ [בייז]. הקיצור, וואָס ווילט איהר?

מ נ ח ם־מ ע נ ד ע ל. הקיצור, די מעשה דערפון איז אַזוי. איך בין מנחם־מענדעל פון כּתרילעווקע בין איך. איך האָב אַ שטיקעל דאָס... אַ שם אויף דער וועלט האָב איך, דורך אַדעס, דורך „לאָנדאָן", כ'האָב אַמאָל געהאַנדעלט מיט „לאָנדאָן" אַמאָל,

היינט האנדעל איך מיט דאָס... ווי אַזוי הייסט דאָס... מיט יקנה"ז.

זילבערמינץ [מיט כעס]. יקנה"ז? אַזוי זשע רעדט! געהט אַהין. [ער ווייזט אויפ'ן בוכהאַלטער מיט'ן קאָרעספּאָנדענט]. דאָרט וועט מען אייך געבען יקנה"ז.

פלעדערוויש [מיט אַ שמייכעלע צו מנחם־מענדלען]. וואָס וועט איהר עפּיס זאָגען גוטס?

מנחם־מענדעל [מיט הענט]. וואָס פאַר אַ גוטס זאָל איך אייך זאָגען זאָל איך? כ'האָב געדרעהט האָב איך, געשווינ־דעלט, געפּלוטעט מיט דאָס... ווי אַזוי הייסט דאָס... מיט יקנה"ז. אַהער, אַהין, אַ האָס, אַ בעס, אַ לאָקש, בוידעם, ציבעלע — בלאָטע! אַז ס'איז ניט באַשערט צו פאַרדיענען אַ קערבעל, העלפען נישט קיין בריה'שאַפטען. הלוואי איך זאָל אויסקומען גלייך זאָל איך, ווי זאָגט ער: „דער אָרעמאַן איז געהרען, אַז ער בלייבט ביי'ם קרן".

פלעדערוויש [פריינדליך]. איך פאַרשטעה נאָך אייערע רעד, אַז איהר האָט מיט אונז חשבונות אויף יקנה"ז. זייט זשע זיך מטריח, אָן זיצט אונזער בוכהאַלטער, ער וועט זיך מיט אייך צערעכענען. [ער פיהרט־צו מנחם־מענדלען צום בוכהאַלטער און שרייט אויף אַ קול]. הערר ציפּערבלאַט! דער איד האָט דאָ אַ חשבון מיט יקנה"ז!

ציפּערבלאַט. האַ? וואָס? וואָס שרייט איהר אַזוי? איך בין ניט טויב! [צו מנחם־מענדלען]. זיצט.

מנחם־מענדעל [זעצט זיך צו אויף איין עק בענקעל]. בקיצור, די מעשה דערפון איז אַזוי. כ'האָב דאָ אַ ביסעל געשווינ־דעלט מיט דאָס... ווי אַזוי הייסט דאָס... מיט יקנה"ז האָב איך, געמיינט, איך וועל עפּיס מאַכען, אַריינגעבראָקט די עטליכע קערבֿ־לעך אַריינגעבראָקט, און געבליבען זיצען אויף די דריטהאַלבען סטעלאַזשען געבליבען, ווי אַ הוהן אויף די אייער, ביז קאָנטראַקטען. איין אָרט פון מסחר, פון סטעלאַזשען, פון וואַראַציאָנען איז טאַקי

נאָר אַדעס. הערט איהר? יעהופעץ מעג טאַקי זיין די כפרה פאַר אַדעס מעג עס זיין.

צ י פ ע ר ב ל אַ ט. האַ? וואָס? איין אָנווייזונג פון אַדעס? אַנו, ווייזט אַהער?

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. דאָס אָנווייזונג איז טאַקי אויף אייך איז דאָס, נאָר נישט פון אַדעס, נאָר פון אייך אַליין טאַקי, אויף דאָס... ווי אַזוי הייסט דאָס... אויף יקנה"ז. [ער נעמט ארויס פון בוזעם־קעשענע אַ פאַפּיער און גיט דאָס איבער דעם בוכהאַלטער].

צ י פ ע ר ב ל אַ ט [נעמט דאָס פאַפּיער, זאַטעלט אַן די נאָז מיט אַ פּאַר ברילען און לייענט הויך]. Милостивый Государь! По уплатѣ Вами мнѣ 15-го Февраля будущаго... года суммы... рублей серебромъ, имѣю сдать Вамъ или приказу Вашему десять акцій товарищества "Якнеузъ" съ текущими купонами. Послѣ-же 15-го Февраля сіе письмо теряетъ свою силу безъ всякихъ другъ къ другу претензій. Съ совершеннымъ почтеніемъ В. Файферъ.* [צו מנחם־מענדלען]. אַהאַ? יקנה"ז? ווילט איהר, הייסט דאָס, רעאַליזירען, נעמען אַקציעס?

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. אַקציעס לאו דוקא. ווי זאָגט ער: „מע מיינט נישט די הגדה, מע מיינט די פּאַלירטשיקעס". וואָס טויג מיר דאָס דאָס... ווי אַזוי הייסט דאָס... יקנה"ז? איך וויל מיט אייך קאָמפּעזירען וויל איך. עס וועט מיר ארויסקומען פון אייך, נאָך מיין חשבון נאָך, אַ קערבלעך דריטהאַלבען הונדערט וועט מיר. נאָר אויב עס וועט געהן ביי אונז אין אַ פּופּציגער, בין איך ניט אַזאַ איד, וועלכער קאַטאָרי...

---

* [געעהרטער הערר! נאָכדעם ווי איהר וועט מיר איינצאַהלען דעם 15־טען פעברואַר פונ׳ם קומענדיגען ... יאָהר די סומע פון ... רובעל, בין איך מיך מתחייב ארויסצוגעבען אייך אָדער צו אייער אָרדער צעהן אַקציעס פון דער געזעלשאַפט יקנה"ז מיט די לויפענדיגע קופּאָנעס. נאָכ׳ן 15־טען פעברואַר אָבער פאַרלירט אַט דער בריעף זיין קראַפט, אָהן קיין שום תביעות פון איינעם צום אַנדערען. מיט פולער אַכטונג, וו. פ י י פ ע ר.

איבערזעצט פון די ארויסגעבער.]

ד ע ר ק אַ פּ ע ל י ש [מישט זיך אַריין]. מע מיינט דעם דיפערענץ, וויפיעל עס באַטרעפט, זאָלט איהר אַרויסצאָהלען.

ד י ק אַ פּ אָ ט ע [שטופּט אָפּ דעם קאַפּעליש]. לאָזט זיך דיע־נען! דער איד איז, וואָס איז שייך, אַ פרעמדער, און האַלט ביי'ם אַוועקפאָהרען אַהיים קיין כתרילעווקע. ער האָט, איך בעט איבער אייער כבוד, אַ ווייב, אַ גוטע בחור'טע, לאָזט זי איהם ניט אָטהעמען, על כן האָט ער אייך געוואָלט בעטען, איהר זאָלט זיך מיט איהם צערעכענען, און טאַקי, איך בעט איבער אייער כבוד, אַרויסצאָהלען די עטליכע קערבלעך על־פּי חשבון. היינט פאַרשטעהט איהר שוין, צי ניין?

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. טאַקי באַלד טאַקי, מחמת מעלתו באַ־דאַרף וויסען זיין, אַז איך זיץ דאָ אויף אַ דאָס... אויף אַ פרעמדען וואָגען זיץ איך דאָ. ראשית, טאָר איך דאָ ניט זיין, און והשניות, לאָזט מיך מיין פלונית'טע ניט לעבען. זי זעצט מיט בריעף זעצט זי. אָט זעהט, וואָס זי שרייבט מיר זעהט. [ער באַקומט־אַרויס פון בוזעם־קעשענע אַ בריעף].

צ י פּ ע ר ב ל אַ ט [נעמט דעם בריעף, טהוט־אָן די ברילען און לייענט אויף אַ קול]. „לכבוד בעלי הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדעל נ"י. ערשטענס, קום איך דיר צו מעלדען, אַז מיר זענען אַלע, געלויבט איז השם יתברך, אין בעסטען געזונט. געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער, אָמן. — צווייטענס, פרעג איך דיך, אַ מיתה משונה זאָל אויף דיר קומען, האַרצעדיגער געטרייער..." [פּלעדערוויש, דער קאַפּעליש און די קאַפּאָטע שטעלען אויף מויל און אויהערען. זילבערמינץ שטעקט־אַרויס דעם קאָפּ פון די גראַטעס, רויכערט אַ פּאַפּיראָס, מאַכט־צו די אויגען, הערט זיך צו מיט איין אויהער. ציפּערבלאַט ווישט־אויס די ברילען, הוסט זיך אויס און לייענט געשמאַק, מיט כוונה]. „צווייטענס, פרעג איך דיך, אַ מיתה משונה זאָל אויף דיר. קומען, האַרצעדיגער געטרייער! איך ליג אָפּעט אַזאַ ווינטער און קאָן נאָך עד היום צו מיינע כוחות ניט קומען, אַ חוץ וואָס דאָס עלטערע קינד האָט געפּאָקט און געמאָזעלט און דאָס קלייניטשקע האָט די „דאַר", איך האָב דאָס שוין געבאָדען

אין זאַלץ און אין קלייען, געזעצט אין זאַמד, געשפּראָכען, געשטאָכען, געטהאָן וואָס מע טהוט קיין אידען ניט, גאָט ווייסט אויב עס וועט דערלעבען גרינע אוגערקעס, און ער, גאָרניט, זיצט זיך דאָרטען אין געהאַקטע וואונדען, ווי אַ גראַף, אַ גדולה אויף איהם, אַ יום־טוב! פאַרשטעהרט זאָל איהם ווערען, רבונו־של־עולם! אַז ניט אַדעס, איז יעהופּעץ. דאָ אַ סוחר! פריהער „לאָנדאָן“, היינט „יקנה״ז“, לאָמיך אַזוי וויסען פון דיר און פון כל הצרות, צי איך הויב אפילו אָן צו וויסען, וואָס דאָס איז אויף מיר פאַר אַ נייער אומגליק אָט דאָס שמאַקנעהאָז! דיינע גליקען ווייס איך שוין, אַז אָך און וועה איז מיר! פון אַדעס, ניט היינט געדאַכט, — געדענקסט דו? — האָסט דו מיר אויך געשריבען גילדענע פייגעלעך, האָב איך דיר דען ניט געשריבען דעמאָלט נאָך: אַנטלויף, מענדעל, ווי גאָט איז דיר ליעב!? אָרעמער דאַך, וואָס קנאַקסט דו? איך שיק איהם נאָך ארויס אויף הוצאות, ער זאָל קומען אַהיים, לסוף וואָס טהוט ער? טראָגט דאָס איהם אַוועק צו אַלדי שוואַרצע יאָהר קיין יעהופּעץ!“...

[עס עפענט זיך די טיר און עס שטעקט זיך אריין אַ קאָפּ פון אַ ספּעקולאַנט: „ניטאַ פייפערען אין קאַנטאָר?“ דער קאַסיר טהוט אַ מאַך מיט דער האַנט, די טיר מאַכט זיך צו. ציפּערבלאַט לייענט ווייטער]. „דערויף האָט זיך טאַקי טאַטע־מאַמע אויסגעבראַכט, אַז איך זאָל זיצען דאָ אַ יוגענד אין כתרילעווקע מיט פּיצלעך קינדער פּיסקליאַטעס, און ער, דער שענער ברויטגעבער מיינער, וועט זיך אַרומשלייען דאָרטען מיט אַלע שאַרלאַטאַנעס, וואָס אַ ווייב, משטיינס געזאָגט, האָט ביי זיי אַ שענע ווערדע, און מיט מיר זאָל האָבען צו טהון אַ וועלט! קיין גוטען מיטוואָך נאָך נישט געהאַט פון דער חתונה אָן, אַז, משטיינס געזאָגט, נאָר געטראָגען איהם און געהאַט, און ווידער אַ מאָל איהם געטראָגען און געהאַט, און אָבער אַ מאָל פאַרגאַנגען איהם אויף טראָגען. אוי, די מאַמע מיינע איז טאַקי אַ חכמה! „הערסט דו, טאָכטער מיינע געטרייע, פלעגט זי מיר זאָגען באַלד נאָך דער חתונה, עפּיס געפעלט מיר נישט דאָס מאַנעכען דיינס, דאָס באַשטענדיגע קוצעניו־מוצעניו זיינס מיט דיר, ווי זאָגט מען: זיי

מיר ניט צו זיס, איך זאָל דיך ניט איינשלינגען; זיי מיר ניט צו ביטער, איך זאָל דיך ניט אויסשפּייען”... אָט זעה, ביי לייטען א ווייב, אשטייגער, בליומע־זלאַטע, פאַרשטעהרט זאָל דאָס איהר ווערען, ווי זי לעבט דאָס אָפּ די וועלט ביי איהר מאַן! ווען דו האָסט בליומע־זלאַטען, ניט דערהאַרען זאָלסט דו, פאַר א ווייב, וואָלסט דו שוין געוואוסט, וואָס פאַר א גאָט מיר האָבען. איך וועל מיך ניט שטעלען, ווי בליומע־זלאַטע, א מכה דיר א גרויסע, שעלטען דיך און קאָרעניען, ווי דו ביזט ווערטה, — מוז איך מיט גוטען, א ברירה האָב איך? זאָג איך דיר טאַקי מיט גוטען, מענדעל סערדצע, אז טאָמער קומסט דו ניט צו פאָהרען, אם ירצה שם, אויף פסח אהיים, זאָלסט דו זיך רעכטען אויף א פאָהיבעל. איך קאָן טרעפען צו דיר קיין יעהופּעץ אויך און דאָרטען מאַכען דיר א ווייסטען א פינסטערען סוף...” [עס עפענט זיך די טיר און עס שטעקט זיך אריין ווידער א קאָפּ פון א ספעקולאַנט: „נאָך ניטא פּייפּערען אין קאַנ־טאָר?” דער קאַסיר טהוט א מאַך מיט דער האַנט. די טיר מאַכט זיך צו. ציפערבלאַט לייענט ווייטער]. „... א ווייסטען א פינסטערען סוף... איך זעה פון דיינע בריוולעך, אז דאָס יעהופּעץ האָט דיך, אפּנים, רעכט פאַליובעט, א סיבה דיר אין פּנים! ס'איז דיר געפעלען, זאָגסט דו, וואָס וואַסער צאַפּט זיך דאָרטען פון דער וואַנט, לאַנטערנעס צינדען זיך דאָרטען אַן אליין פון דער העלער הויט, אייזענבאַהנען לויפען־ ארום משוגע'נערוויז הין און צוריק אין מיטען שטאָדט, וכדומה אזעלכע חידושים מיט בבא־מעשיות פון טויזענט־איין־נאַכט — מיינסט, וועסט מיך דערמיט נעמען? אודאי באַדאַרף איך געגוויטיג האָבען דיינע יעהופּעצער געפלאַסטערטע גאַסען און „טאַרעטאַרען”! וואַסער, קאָן איך באַשטעהן, זאָל ביי מיר זיין אין דער דייזשע, און לאַנטערנעס באַדאַרף איך אויף כפרות, איך געה במילא ניט ביי דער נאַכט אין ערגיץ ניט, און אז עס מאַכט זיך א מאָל, מע דאַרף יאָ געהן ערגיץ אין איין אָרט אריין, קאָן מען געהן פּאַרפּריה... פאָלג זשע מיך, מענדעל...” [עס עפענט זיך די טיר און עס שטעקען זיך אריין צוויי קעפּ מיט א מאָל: „ניטא פּייפּערען אין קאַנטאָר?” דער קאַסיר

טהוט א מאך מיט דער האנט. די טיר מאכט זיך צו. ציפערבלאט לייענט ווייטער].

„... פאָלג זשע מיך, מענדעל, א ווייב דאַרף מען פאָלגען, הער אויף צו האנדלען מיט'ן פאראיאָהריגען שניי. לאָז זיך דיר נישט גלוסטען צו ווערען א גביר אין איין שמע־ישראל, ווי זאָגט מען: פליה נישט הויך, וועסט דו נישט פאלען נידעריג. שניידאָפּ פון דיין יקנה"ז, ווי ווייט דו קאָנסט, און קום צו פאָהרען אהיים, וועסט דו זיין א גאסט ביי דיינע קינדער. נאָר, למען השם, פלעכט נישט קיין קערבלעך דאָרטען אויף דער רוח ווייסט וואָס, האָב אין זינען בעסער ברענגען עפּים אין בעל־הבתישקייט אריין. האָב איהם אכציג שווארצע יאָהר! ביי לייטען א מאן האלט אויפ'ן קאָפּ, אז ער האָט אין דער היים א ווייב ביז הונדערט און צוואנציג יאָהר. האנדעלסט מיט יקנה"ז — נעם, פארבלענד די אויגען, רייס־אָפּ און שיק אריין א צוואנציג ארשין יקנה"ז דעם ווייב אויף א קליידעל; עס געהט אזא יום־טוב..." [עס עפענט זיך די טיר און עס שטעקען זיך אריין עטליכע קעפּ מיט א מאל: „טאקי אלץ ניטא פייפערען אין קאנטאר?" דער קאסיר טהוט א מאך מיט דער האנט. די טיר מאכט זיך צו. ציפערבלאט לייענט ווייטער]. „... עס געהט אזא יום־טוב! באַדאַרף איך איהם דערמאנען, א וועהטיג איהם א גרויסער, אליין ווייסט דאָס נעבאך ניט! נעם זשע שוין אין איין וועג אָן א טוץ האנטיכער מיט א סערוועט א גרויסען, און עטליכע ארשין גראָבע לייווענט אויף דער פסח'יגער דייזשע, און נאָזטיכלעך מיר א האלב טוץ — קיין בראנזעליעטען מיט מענדעליאָנען, ווי בליומע־זלאטע, פאָדער איך נישט ביי דיר! און מאַראַזאָוו'ס זאָגע מיר א שטיקעל, טעלער פלאטשיגע מיט גלעזלעך א ביסעל, און א חריינִיק א נייעם (יענער איז כפּרה געוואָרען פאראיאָהרען בשעת טראָגע! אויפ'ן בוידעם), גוטע זייף ברענג מיר צו פיהרען, מיט א פלעשעל וואָדאָקאָלאָן. נאָר, למען השם, פארגעס ניט מיר קלאָפּען פריהער א דעפּעש, ווי עס ווינשט דיר פונ'ם גאנצען הארצען דיין זוגתי הצנועה מרת שיינה־שיינדעל. — יאָ, גוט, כ'האָב מיך דערמאנט. איך פארשטעה נישט וואָס דו שרייבסט מיר, אז קיין באשטענדיגע סטאנציע האָסט דו

ניט, דאָרט וואו דו טאָגסט נעכטיגסט דו ניט, דו מוזט, זאָגסט דו, אויסבאַהאַלטען זיך, מע זאָל דיך, חס ושלום, ניט איבערנעמען... ווייס דיך דער שוואַרצער יאָהר. אפשר איז דאָס דערפאַר, וואָס דו האַנדעלסט מיט טרפה'ער סחורה, מיט דעם וויסטען יקנה"ז? עס געהט מיר טאַקי מעהר נישט אָפּ צו מיינע זיידענע קליידער, מע זאָל דיך ברענגען צו פיהרען אַהער געקאָוועט אין קייטען! דיך דאַרף עס טרעפען! אַ שענע שטאָדט, אַ לייטישע, דאָס יעהופּעץ! מע זאָגט גאָר, אַז ביי נאַכט טאָר מען זיך דאָרט נישט אַרומדרעהען איינער אַליין אויף דער גאַס: גזלנים, זאָגט מען, טהוען זיך איבער פּאַר נקבות און מע שניידט קעשענעס... איך זאָל וויסען — דעם דריטען טאָג אַ שטיקעל ברויט, וואָלט איך ניט געוואָלט קענען דאָס יעהופּעץ, ברענען זאָל דאָס!... יאָ, וואָס זאָגסט דו דערויף? סטיפּי־לאַה איז שוין ווידער אויף דער צייט..."

**מנחם־מענדעל** [רייסט אויס ביי ציפּערבלאַטען דעם בריעף]. ווייטער געהען שוין אַלץ דאָסיגע... היימישע זאַכען געהען שוין. אָבער וואָס זאָגט איהר אויף מיין וויב וואָס? זי קאָן שרייבען זי?

**ציפּערבלאַט**. אָ, אַ קאָזאַק!

**פלעדערוויש**. זי מוז געהן ביי אייך אין ספּאָדעק, רב מנחם־מענדעל?

**זילבערמינץ**. אַ שאָד, וואָס זי איז ניט אין יעהופּעץ אויף דער בערזע — זי פעהלט צום רומעל...

**די קאַפּאָטע**. עט, וואָס איז שייך אַ אידינע? פּאָרט, איך בעט איבער אייער כבוד, אַ נקבה... [עס עפענט זיך די טיר און עס קומען אריין צוויי פרישע פּאַרשוינען: **פייוועל פאַנפאַטש** און **זאַוועל זאַאיקע**; זיי שטופּען אונטער איינס דאָס אַנדערע].

## דריטע סצענע.

**פאַנפאַטש** [פאַנפעט]. נו, האַוועל, טאָמער וואָלט העווען אַ סברה, זאָלסט צוהעהן צו איהם און איהם זאָהען, ער זאָל אונז העבען יאַהנעהאָז?

ז א א י ק ע [פאראיקעט זיך]. פא־פאר וואס עפּיס איך? פא־פאר וואס זאָלסט דו ניט גע־געהן זאָגען יק־ק־ק־ק... [ער ווארגט זיך].

ז י ל ב ע ר מ י נ ץ [מיט כעס]. וואס דארפט איהר? געהט אייך געזונטערהייט! ביי אונז גיט מען נאָר איין מאָל אין חודש.

פ אָ נ פ א ט ש. האוועל, דו הערסט? ער מוז מיינען, מיר זענען העהומען נאָך א נדבה, אז אָך און וועה איז אונז, אויף וואס מיר זענען איבערהעהומען!

ז א א י ק ע. זייט רוהיג, מיר זענען גע־געקומען צו אייך מיט א גע־געשעפט. מיר האָבען י־ק־ק־ק־ק...

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש [געהט־צו צו זיי]. וואס דארפט איהר? ווער זענט איהר?

פ אָ נ פ א ט ש. מיר זענען שפּעהעלאנטען. מיר האָבען העהויפט יאהנעהאָז אויף האָנטראהטען, זענען מיר העהומען אָפּ־נעמען אונזערע עטליכע הערבלעך. מיר דארפען העלט.

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש [צו זאאיקען]. איך פארשטעה ניט וואס ער רעדט. זאָגט איהר.

ז א א י ק ע. פא־פארשטעהט איהר מיך, מיר זענען צוויי שפּעגעלאנטען שו־שותפים, דאָס הייסט, מיר האָבען גע־געהאנדעלט בשותפות י־ק־ק־ק־ק...

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש [פיהרט זיי צו צום בוכהאלטער, שרייט איהם גלייך אין אויהער אריין]. הערר ציפערבלאט! צוויי סוחרים! עפּיס דארפען זיי, איך וויים ניט וואס!

צ י פ ע ר ב ל א ט [צום קארעספאנדענט]. הא? וואס? וואס שרייט איהר אזוי? איך בין נאָך ניט טויב! [צו די שותפים]. וואס דארפט איהר?

פ אָ נ פ א ט ש. וואס באדארף א איד? א איד באדארף העלט. אויף העלט שטעהט די וועלט. עס האָט זיך אונז פאר־הלוסט האנדלען אויף דער היהער בערזע, האָבען מיר אריינהעבראָהט

היבשע עטליכע הערבלעך אין יאהנעהאָז אריין, העמאכט אינצווייען א האנצע שפּעהעלאציע.

צ י פ ע ר ב ל א ט. הא? וואָס? איך פאַרשטעה ניט איין וואָרט.

ז א א י ק ע [שטופּט אָפּ דעם שותף]. וואָס פאַ־פאָ־פאַנפּעט איהר? לאָזט מיך אויך אויסרעדען א וואָרט. [צום בוכהאַלטער]. פאַ־פאַרשטעהט איהר? מיר זענען פאָ־פאָ־פּראָסטע מארק־אידען, קיי־קיינמאָל ניט גע־גע'חלום'ט אפילו צו האנדלען אויף דער בע־בערזע, נאָר אז מיר האָבען דע־דערהערט, אז די גא־גאַנ־צע וועלט האנדעלט מיט יק־ק־ק־קנה"ז און מע ווערט גאָ־גאָר גליקליך, האָבען מיר זיך מיישב געווען און גע־געמאַכט שותפות אויף יק־ק־ק־ק...

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש. יקנה"ז? נו, זאָגט שוין, וואָס קוועטשט איהר זיך אזוי?

צ י פ ע ר ב ל א ט. הא? וואָס? יקנה"ז דאַרפט איהר?

פ אָ נ פ א ט ש. יאהנעהאָז באַדאַרפען מיר אויף הפּרות. מיר האָנען באַשטעהן זיך זעצען צום סדר אָהן יאהנעהאָז. מיר דאַרפען העלט. מיר ווילען גאָרניט וויסען פון קיין גליהען. שוין צייט זיך זעהען מיט א הערבעל. הא? ווי זאָהט איהר?

ז א א י ק ע [שטופּט אָפּ דעם שותף]. פאַ־פאָר וואָס זאָלט איהר האָבען א ט־טבע ניט לאָ־לאָזען אויסרעדען יענעם א וואָרט? [צום בוכהאַלטער]. ווער איז דאָ פון אייך פיי־פיי־פייפער? מיר האָבען דאָ אייערם א בריוועלע אויף יק־ק־ק־ק... [ער שלעפּט ארויס פון בוזעם־קעשענע א בריעף]. א פאָ־פאָר מעקלערם האָבען דאָס אונז אריינגערוקט גאָ־גאָר בחצי חנם: פו־פופצעהן שטיקלעך יק־ק־ק־ק... [די קוף בלייבט איהם שטעקען אין האלז, ניט אהין, ניט אהער. עס עפענט זיך די טיר און עס קומען־אריין עטליכע יונגע ספּעקולאַנטען און ש מ ע ל ק ע בתוכם. זיי שטופּען איהם אונטער. שמעלקע ראננעלט זיך מיט זיי. אלע שרייען].

# פיערטע סצענע.

די יונגע ספעקולאנטען [צו שמעלקען]. איא, זעהט איהר, צום קורטאזש נעמען זענט איהר געפלויגען, ווי א מזיק, געזעצט די נשמה, און איצט, אז ס'איז געקומען צו דער רעליזאציע, באדארף מען אייך אונטערשטופען.

שמעלקע. טא וואס איילט איהר זיך אזוי? מע וועט אייך געבען יקנה"ז, מע וועט אייך געבען!

די יונגע ספעקולאנטען. וואו געבען? וואס געבען? איהר זעהט דאך, אז פייפער איז ניטא, איז דאך, אפנים, אמת, וואס מע זאגט. אז מע קלינגט, איז א יום־טוב.

שמעלקע. וואס הערט איהר זיי, וואס זיי וועלען אייך זאגען, די הולטאיעס? מע וועט אייך געבען יקנה"ז! פייפער'ס בריוועלע איז פרימא, וואלט איך האבען אזא יאהר. אט האב איך אליין אויך א ביסעל אייגענעם יקנה"ז, אויך פייפער'ס בריוועלעך. וואלט איך האבען אזא דאגה מיט פרנסה!

זילבערמינץ [שטעקט ארויס דעם קאפ פון די גראטעס ארויס]. שא! וואס איז דארטען? וואס שרייט מען?

די יונגע ספעקולאנטען [צו שמעלקען]. שאט! רעדט א ביסעל שטילער. וואס שרייט איהר אזוי?

שמעלקע [שרייט]. ווער שרייט דען?

די יונגע ספעקולאנטען [שרייען]. ער שרייט, און פרעגט נאך, ווער סע שרייט?

שמעלקע [שרייט]. ווער שרייט דען?

ניט! איהר שרייט!

פלעדערוויש [לויפט צו]. ששש! וואס איז דא פאר א געשריי?

די יונגע ספעקולאנטען. מיר האבען דא א שטיקעל סכסוך מיט שמעלקען...

ש מ ע ל ק ע. מיט מיר? וואָס בין איך פאר א מחותן? הולטאַיעס האָבען ארויסגעלאָזט א קלאַנג אין שטאָדט, בין איך שולדיג?

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש. א קלאַנג? וואָס פאר א קלאַנג?

ש מ ע ל ק ע. דער שווארץ־יאָהר וויסט זיי! איהר קענט ניט די יעהופּעצער הולטאַיעס? רק מע רעדט, רק מע טומעלט.

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש. וואָס זשע רעדט מען? וואָס טומעלט מען?

ש מ ע ל ק ע. וואָס פרעגט איהר אויף הולטאַיעס? זיי קאָנען אומגליקליך מאַכען יענעם מיט די מיילער... קיילענען, אין א לעפעל וואסער דערטרינקען.

צ י פ ע ר ב ל א ט [פון דער ווייטען]. הא? וואָס? ווער איז דערטרונקען געוואָרען?

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש [שרייט צו איהם אויף א קול]. **אונזערע** אָקרענטען אויפ'ן ים זענען דערטרונקען געוואָרען! [צו שמעלקען]. פאָרט וואָס זאָגט מען אין שטאָדט?

ש מ ע ל ק ע. גלויבט מיר, ס'איז ניט כדאי אפילו איבער־צורעדען. איך שריי אָבער דעם גאַנצענעם פריהמאָרגען: שקר וכזב! שפּייט זיי אין פּנים! ס'איז ליגען! פון אויבען ביז אראָפּ ליגען! ס'איז א באַנדע גנבים, רוצחים, באַרעדער, הולטאַ־יעס!... [עס עפענט זיך די טיר און עס פאַלט־אריין א אידינע, א פאַרוויקעלטע אין עטליכע שאַלען און פעטשיילעס. נאָך דער אידינע שלעפּט זיך נאָך א מיידעל].

## פ י נ פ ט ע  ס צ ע נ ע.

ד י א י ד י נ ע [וויקעלט זיך ארויס פון די שאַלען מיט די פּעטשיי־לעס, לויפט־צו גלייך צום קאַסיר, רעדט אין איין אָטהעם]. אָט דאָס זענט איהר טאַקי דער פייפער אַליין? איך זאָג אָבער צו מיין טאָכטער: קום, זאָג איך, טאָכטער, לאָמיר געהן, זאָג איך, גלייך אהערצוצו, ווי זאָגט מען: „בעסער זיך בוקען צום קאָפּ, איידער צו די פיס".

איך בין, ווי איהר זעהט מיך, א אידינע איין אלמנה שוין פאוואלינקע דריי און צוואנציג יאהר. וועט איהר דאך מיך פרעגען: ווי קומט צו מיר א מיידעל פון אכצעהן? זאלט איהר גאר קיין יסורים ניט האבען. איך האב נאך קלענערע פון איהר, אז אך און וועה איז מיר, אז איך האב מיך באדארפט פארשלייערען נאך א מאל און זיך גט'ען, און אבער א מאל פארשלייערען זיך און ווידער א מאל גט'ען זיך, ימח שמו וזכרו! [זי שפייט אויס דריי מאל]. זיך פארשווארצען, ווייל איך וועל לעבען שוין מעהר ניט פארדרעהען זיך, ווי זאגט מען: „בעסער א זיסער טוידט, איידער א ביטער לעבען". מיינע שונאים זאלען אזוי לעבען, ווי איך האב גאר באדארפט חתונה האבען נאך מיין ערשטען מאן עליו השלום. ער, זכר צדיק לברכה, האט גע־דיענט נאך ביי גיטעלע וויינשטיין עליה השלום, געווען ביי איהר כל־ולך איבער'ן הויף, איבער די עופות, פסח'יגער שמאלץ, איבער אלע ספעזשארנים... [זי ווישט א טרער. פלעדערוויש געהט־צו צו איהר, ווארפט מיט אויגען אויפ'ן מיידעל. דאס מיידעל שלעפט די אידינע פאר'ן קליידעל].

פלעדערוויש. וועמענ'ס איז מיידעל? ס'איז מאקי אייער מיידעל?

די אידינע. א משל! וועמענ'ס דען מיידעל זאל דאס זיין? אט דאס איז דאך דער גאנצער אומגליק מיינער, ווי זאגט מען: „א קליין קינד א שפיעלכען, א גרויס קינד א מיהלכען". א ווערטעלע אויסצורעדען — היינטיגע יאהרען חתונה מאכען א טאכטער? א שען מיידעל, זאגט מען אפילו, איז א האלבער נדן, און דערצו איז זי, ווי איהר קוקט זי אן, גאר נישט קיין שלימע־זאלניצע. קיין עין־הרע, געבענטשטע הענט. איהר שטיקעכטס מיט איהר מערעזשען האט א שם, און איהרע פיש מעג עסען דער מלכות!

פלעדערוויש [ווארפט מיט אויגען אויפ'ן מיידעל. דאס מיידעל שלעפט די אידינע פאר'ן קליידעל]. זאגט זשע מיר, מיין ליעבע אידינע, וואס דארפט איהר?

ד י  א י ד י נ ע. וואָס איך דאַרף — וועט מיר קיין מענטש נישט געבען, ווי זאָגט מען: „בעסער דאָס ביטערע בלאַט פון גאָט, איידער דאָס זיסע פונ׳ם מענטשען״. מיר זאָגען דאָס אַלע טאָג אינ׳ם בענטשען. ס׳איז אייך אפשר אַ חידוש, וואָס איך קאָן? מיין ערשטער מאַן עליו השלום איז געווען ביי גיטעלע וויינשטיין עליה השלום...

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש [וואַרפט מיט אויגען אויפ׳ן מיידעל. דאָס מיידעל שלעפט די אידינע פאַר׳ן קליידעל]. דאָס האָבען מיר שוין געהערט. איהר זאָגט, מיט וואָס קאָנען מיר אייך דיענען? עס איז ביי אונז היינט קאָנטראַקטען, רעאַליזאַציע, מיר האָבען קיין צייט ניט.

ד י  א י ד י נ ע. בראָש האָבען זיי דאָ אַלע קיין צייט ניט! דער דניעפּער ברענט! טאָמער האָב איך אויך קיין צייט ניט? טאָמער האָב איך איבערגעלאָזט אַ שטוב אויף דער סלאַבאָדקע מיט קליינע קינדער פּיסקליאַטעס, ווי זאָגט מען, אויף גאָט׳ס באַראָטה, זיך אַראָפּגעחאַפּט אַהער און נאָך געוואָלט פון דאַנען אַראָפּלויפען אין מאַרק נאָך פיש, נאָך פליישׁ, צי איין אָבדיראַק אויף שבת? ווי זאָגט מען: „דאָס בעסטע מילכיגס איז טאַקי פאַרט אַ שטיקעל פליישׁ״.

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש [אין דער לופט]. דאָס מיידעל איז נאָך צו דערליידען, נאָר די אידינע איז עפּיס איין אָנשיקעניש פון זיין ליעבען נאָמען! [הויך]. איך פאַרשטעה ניט, עפּיס רעדט איהר מיר פאַרשטעלט. ווי באַלד איהר דאַרפט האָבען איין אָבדיראָק אויף שבת, היינט וואָס זענט איהר געקומען אַהער?

ד י  א י ד י נ ע. גלויבט מיר, איך בין ניט משוגע. איך בין נאָך ביי אַלע געדאַנקען. איטליכער אָרעמאַן וויסט זיך פון זיין חשבון. איך דאַרף חלילה נישט קיינעמ׳ס לאַסקע. אַ ביסעל פונ׳ם קלייטעל, אַ ביסעל פונ׳ם שענקעל, ווי זאָגט מען: „פון אַ ביסעל און אַ ביסעל ווערט אַ פולע שיסעל״. נישט צו פאַרזינדיגען, אַ אידינע איין אַלמנה, צונויפגעשלאָגען די עטליכע קערבלעך, דאָס נדן מיין איך, איינגעלעגט דאָס אין גוטע הענט, געמאַכט מיט דעם

א גאנצע שמענדעלאציע, און אזוי ווי היינט איז דער זמן, בין איך דאס געקומען ארויסנעמען דאס נדן.

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש. דאס נדן? וואו? דא, ביי אונז? אוי, זעהט נאר, מיין ליעבע אידינע, צי האט איהר ניט קיין טעות?

ד י א י ד י נ ע. גאנץ גוט, קאטשקע נאך בעסער. הערט איהר, זינט איך בין א אידינע א סוחר'טע האב איך נאך קיין טעות ניט געהאט. מיינע שונאים און אייערע שונאים מעגען דאס פאר־מאגען אויף זייער לייב, וואס איך וועל איבערגעבען אדער נישט דערדערכענען. אז איך זאג אייך, ביי אייך ליגט דאס נדן, ווייס איך וואס איך זאג. קיין ביער און קיין בראנפען טרינק איך ניט, און פון קיין חלומות האלט איך ניט.

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש [איז דער לופט]. נא דיר אזא שלאק! [הויך]. קומט, זייט מוחל, אהערצו. [ער פיהרט זי צו צום בוכהאלטער]. הערר ציפערבלאט! אט די אידינע, זעהט איהר, האט א טענה: דאס נדן איהרס, זאגט זי, איז איינגעלעגט ביי אונז.

צ י פ ע ר ב ל א ט. הא? וואס? וואו האט מען דאס געלעגט?

פ ל ע ד ע ר ו ו י ש [איז דער לופט]. פארלעגען זאל דאס דיך! [הויך]. דאס נדן, זאגט זי, דאס נדן איהרס ליגט ביי אונז!

צ י פ ע ר ב ל א ט [צום קארעספאנדענט]. וואס שרייט איהר? איך בין נישט טויב!

ד י א י ד י נ ע. בראש קאן מען דא משוגע מאכען א מענ־טשען! אמעהר, טשעפעט זיך אפ, נאט אייך אפ אייערס און גיט מיר אפ מיינס, ווי זאגט מען: „שווארץ אויף וויס אטשי קאליט"...
[זי שלעפט־ארויס פון די קליידלער א קניפעל און פלאנטעט־ארויס פון דארטען א שטיקעל פאפיער].

צ י פ ע ר ב ל א ט [לייענט]. "По уплатѣ Вами мнѣ 15-го Февраля..." אט דאס איז אייער נדן? עס איז דאך גאר יקנה"ז!

די אידינע. לאָז זיין יקנה״ז, לאָז זיין חרוסת, לאָז זיין אפיקומן — וואָס עס וויל זיך, אָבער די התימה איז אייערע?

ציפּערבלאַט. הא? וואָס? ווי קומט צו אייך יקנה״ז?

די אידינע. גלויבט מיר, ליעבער פריינט, איך האָב דאָס ניט גע׳גנב׳עט און אויף דער גאַס נישט געפונען. היינטיגע יאָהרען וואַלגערען זיך ניט אויף דער גאַס אַזעלכע זאַכען. עס קאָסט מיך מיין בלוט, ר״ן קאַרבען. צוגעזאָגט האָט מען מיר ת״ק. צוויי מעקלערס לייטישע, געקומען צו מיר אויף דער סלאָבאָדקע, זיך צו־געזעצט צו מיר: „קויפט, אַלע קויפען, פאַרדיענען, פאַרדיענט אויך״. וואָס ווייסט אַ אידינע איין אַלמנה? אודאי, ווען איך האָב מיין ערשטען מאַן עליו השלום, וואָס איז געווען כּל־ולך ביי גיטעלע וויינשטיין עליה השלום... [עס עפענט זיך די טיר און עס קומט אריין אַ נייער פאַרשוין מיט באַקענבערד און מיט אַ גרויסען פאָרטפעל אונטער דער האַנט. די אידינע שרעקט זיך איבער פאַר׳ן פאַרשוין מיט׳ן פאָרטפעל און טרעט־אָפּ אויף אַ זייט].

## זעכסטע סצענע.

דער פאַרשוין מיט׳ן פאָרטפעל [רעקאָמענ־דירט זיך פאַר׳ן קאַסיר]. איך בין פלוידערזאַק, פאָווערענע פאָ דיעלאַם. [דער קאַסיר שיקט איהם אָפּ מיט אַ בייזער צום קאָרעספּאָנדענט. יענער, מיט אַ שמייכעלע, — צום בוכהאַלטער].

ציפּערבלאַט [אַ ביסעל דערשראָקען]. הא? וואָס? אַ דיעלאָ? וואָס פאַר אַ דיעלאָ? זיצט.

פלוידערזאַק [וויל ניט זיצען. רעדט מיט אַ געמישטער שפּראַך]. איך בין אייך זעהר בלאַגאָדאַרנע. איך קאָן באַשטעהן. געיאָוועט האָב איך זיך צו אייך פאָ דיעלו. איינער פון מיינע קליענטען האָט פּריאָבּרעטאָיעט אייער אָביאַזאַטעלסטוואָ דורך אַ פאָסרעדניק אויף איין אָפּרעדיעליאָנעם טערמין אַ איזוועסטנעם פּרעדמעט,

קאָניעטשנאָ, מיט אַ זאַדאַטאָק, און אַזוי ווי היינט איסטעקאַיעט דער סראָק, האָב איך זיך אָסמיעלעוועט אײַך פּרעדופּרעזשדאַיען, איהר זאָלט מיר פּריגאָטאָווען די שטשאָטעס אין פּאָלנעם פּאָריאַדאָק, אָהן אַ שום זאַמעדליעניע פון אײַער סטאָראָנע, בכדי עס זאָל ניט אַרויס קיין ניעדאָראַזומעניעס, וועלכע קאַטאָריע וואָליעקאַיען נאָך זיך אָטוועטסטווענאָסט נאַ אָסנאָוואַניע סטאַטיי דיעסיאַטאַהאָ טאָמאַ טשאַסטי פּערוואָי סוואָדאַ זאַקאָנאָוו גראַזשדאַנסקיך...

צ י פּ ע ר ב ל אַ ט [צום קאָרעספּאָנדענט]. אַ שפּראַך! איך פאַרשטעה ניט איין וואָרט!

פּ ל ע ד ע ר װ י ש [צום בוכהאַלטער]. וואָס פאַרשטעהט איהר דאָ ניט? זיי מיינען מסתּמא יקנה"ז.

צ י פּ ע ר ב ל אַ ט [צו פּלוידערזאַקען]. האַ? וואָס? יקנה"ז? וואָס זשע שווייגט איהר? ווייזט אַהער דאָס בריוועלע. אָט באַלד וועט קומען אונזער שעף, וועט ער זיך מיט אײַך אויסגלייכען.

פּ ל ױ ד ע ר ז אַ ק. איזוויניטיע! איהר זענט ניט סוועדושטשי אינ'ם דוך פון אונזער זאַקאָנאָדאַטעלסטוואָ. מע האָט מיך נישט אופּאָלנאָמאָטשעט אויף צו גלייכען זיך. איך טרעבועוו אַקציעס בוקוואַלנאָ! ס'איז פאַרהאַן אַ רעשעניע קאַססאַציאָנאַהאָ דעפּאַרטאַמענטאַ פּראַוויטעלסטוואויושטשאַהאָ סענאַטאַ, וועלכעס קאַטאַראָיע וויראַזשאַיעט זיך אַזוי: „יעזשעלי..." [פּלוצים עפענט זיך די טיר און עס פליהט־אַריין, ווי אַ דונער, ג ר י י ג ע ר מיט אַ גוואַלד. נאָך איהם — די חאַליאַסטרע מעקלערס. פון גרייגער'ס קולות בלייבט פּלוידערזאַק אָהן לשון].

## זיעבעטע סצענע.

ג ר י י ג ע ר [מיט אַ הענגקאַלנער אויף די אַקסלען, קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטען]. ניטאָ איהם טאַקי, דעם שענעם מענטשען? איז דאָך עס, אַפּנים, טאַקי איין אמת? [צו דער חאַליאַסטרע]. נו, ווער איז געדעכט? וואָס האָב איך געזאָגט?

די חאליאסטרע. אמת, אמת, ווי מערידען זענען!

גרייגער. א בערזע — ברענען זאָל זי! באַנקירען — א חלירע אויף זיי! מעקלערם — פארחאפּט זאָלען זיי ווערען! [ער דערזעהט שמעלקען]. א??? מע זאָל דערמאנען משיח'ן... [ער געהט־צו צו שמעלקען].

שמעלקע [רוקט זיך אָפּ]. געזונט זאָלט איהר זיין, חע־חע! עס ליגט אייך אין זינען קאַטאָוועס טרייבען.

גרייגער [געהט־צו צו שמעלקען]. קאַטאָוועס טרייבען? עס רינט פון מיר בלוט, זאָגט ער — קאַטאָוועס טרייבען! איהר ווייסט, וויפיעל איהר קאָסט מיך מיט אייער יקנה"ז, פארחאפּט זאָל דאָס ווערען? [צו דער חאליאסטרע]. זאָגט, איך האָב אייך באַוויזען א חשבון אויף זיעבען און זיעבעציג טויזענט? וואָס שווייגט איהר?

די חאליאסטרע. אמת, אמת, ווי מערידען זענען!

שמעלקע [רוקט זיך אָפּ]. פּטור! וואָס זענען מיר שולדיג? מיר זענען דאָך ניט מעהר ווי מעקלערס.

גרייגער [רוקט זיך צו צו שמעלקען]. מעקלערס זענט איהר? זשוליקעס, אַפּעריסטען! א גאַנץ יאָהר זענט איהר ארומגעלאָפען אין אַלע גאַסען: „קויפט, קויפט יקנה"ז! נעמט בריוועלעך, פּרימאַ, נעמט!" נעמען זאָל אייך ביי'ם בויך! איהר זאָלט זיך חאָטש ניט ווייזען פאר מיינע אויגען, וואָרום אז איך דערזעה אייך, טראָגט דאָס מיך אונטער — עס גלוסט זיך מיר פּאַטשען... [ער דערלאַנגט שמעלקען דריי געשמאַקע, פלאַם־פייערינגע פעטש. שמעלקע בלייבט שטעהן פאַרשמעליעט. דער גאַנצער עולם רינגעלט ארום שמעלקען. אייניגע נעמען זיך אַז שמעלקע'ס קריוודע. אייניגע געבען־אָפּ גרייגערען דעם גערעכט. עס ווערט א שטיקעל רעש אין קאַנטאָר].

מנחם־מענדעל. אקוראַט אזוי ווי אין אדעס אקוראַט, ווי זאָגט ער: „די גאַנצע וועלט איז איין שטאָדט". עס ווערט אָנגערופען „קאָמפּאָזירען"... אין אדעס, אז ס'איז געקומען צום

קאָמפּאָזירען דאָס „לאָנדאָן", האָט מען אויך געקאָמפּאָזירט מיט דאָס... [אַ שמאַרע מיט דער נאָז]. מיט פּעטש.

פ אָ נ פ אַ ט ש [צום שותף]. האַוועל, הום אַוועה! הענוג וואָס סע האָסט אונז העלט, דאַרפען מיר נאָך חאַפּען פּעטש. אַ מצוה! אז מע האָט ברויט, זאָל מען ניט וועלען קיין זעמעל... יאַהנעהאָז האָט זיך איהם פאַרהלוסט!

ז אַ א י ק ע. ביי היינטיגע פּ־פּ־פּרנסות איז דאָס אויך אַ גע־געשעפט. האָב קיין מורא ניט: פּע־פּע־פּעטש קאָן איך אויך געבען. הלואי וואָלט מען אונז אַזוי גיך געגעבען יק־ק־ק...

ד ע ר ק אַ פּ ע ל י ש. דער הונט איז ווערטה דעם שטעקען. שמעלקע האָט ביי גרייגערען גענוג פאַרדיענט היינטיגס יאָהר. נישקשה, ער מעג שוין פון איהם חאַפּען אַ מאָל אַ פּאַטש אויך.

ג ר י י ג ע ר. פאַרדיענט, זאָגט איהר? גאָלד האָט ער ביי מיר אָנגעזשעבּרעט! אַ פאַרמעגען געמאַכט! פרעגט, אָט שטעהען אידען.

ד י ח אַ ל י אַ ס ט ר ע. אמת, אמת, ווי מערידען זענען!

ד י א י ד י נ ע [צום מיידעל. ברעכט די הענט]. וועה איז מיר, ווינד איז מיר, אַ וועהטיג איז דער מאַמע דיינער, וואוהין זענען מיר פאַרגאַנגען? עפּיס אַ מקום פורעניות! צווישען פעלד־גזלנים, וואָווקעלאַקעם! גאָט ברוך הוא זאָל שומר ומציל זיין! ער, עליו השלום, זאָל זיך מיהען פאַר אונז דאָרטען, זיין זכות זאָל אונז ביישטעהן, מיר זאָלען חאָטש אַרוים פון דאַנען מיט'ן לעבען...

פ ל ו י ד ע ר ז אַ ק [שאַרט זיך צו שמעלקען]. הערט אוים, מילאָסטיוועי גאָסודאַר, איך וואָלט אייך סאַוועטעווען, איהר זאָלט זיך זשאַלעווען אויף איהם אוגאָלאָוונים פּאָריאַדקאָם פאַר אסקאָרבּ־ליעניע דייסטוויעם אין אַ פּובּליטשנעם אָרט. פאַר אייך וואָלט באַדאַרפט וויסטופּאַיען אַ זאַשטשיטניק.

ש מ ע ל ק ע [האַלט זיך ביי דער באַק, ווי אַ מענטש וואָס האָט גע־חאַפּט אַ פּאַטש]. צו וואָס דאַרף איך זאַשציטעס? איך האָב אַליין אויך אַ צונג! אָט געה איך גלייך און געב איין איסק פאַר

ליצנעם אסקארבלעניע צעסט קופצו פיערווי גילדזשע אין יעהופעץ...
איך האָב עדות!

צ י פ ע ר ב ל א ט [צו גריינגערען]. פאר וואָס קומט איהם פעטש? הא? וואָס?

ג ר י י ג ע ר. פאר וואָס? ער האָט זיי, זייט זיכער, כּשר פארדיענט! איך האָב נאָך אויף מיין לעבען אומזיסט ניט גע־פאטשט קיינעם. פרעגט, אָט שטעהען אידען.

ד י ח א ל י א ס ט ר ע. אמת, אמת, ווי מערידען זענען!

ג ר י י ג ע ר. איך שווער אייך בנאמנות, ווי איהר זעהט מיך לעבען, דאָס טרעפט מיר דאָס ערשטע מאָל, איך זאָל אויפהויבען מיין האנט אויף א מענטשען. פרעגט וועמען איהר ווילט, אָט שטעהען אידען. [צו דער האליאסטרע]. וואָס שווייגט איהר?

ד י ח א ל י א ס ט ר ע. אמת, אמת, ווי מערידען זענען!

ג ר י י ג ע ר. היינט פארשטעהט איהר שוין, וואָס באדייטען די פעטש? די גאָל קאָן צעזעצט ווערען פון אזעלכע גנבים, זשוליקעס, אפעריסטען!

צ י פ ע ר ב ל א ט. הא? וואָס שרייט איהר אזוי? איהר זענט ניט אויף דער גאס, איהר זענט אין קאנטאָר.

ג ר י י ג ע ר. אין קאנטאָר? א שענע קאנטאָר! אָפּגע־נארט א גאנצע שטאָדט מיט מענטשען, אָפּגעדרוקט אפשר טויזענט בריוולעך, צוגענומען ביי דער וועלט דאָס גאנצע געלט — און רעדט נאָך! איהר ווייסט, מיט וועמען איהר רעדט? [גלייך ציפערבלאטען אין פּנים אריין]. זאָגט נאָר, איהר ווייסט, ווער איך בין? [שלאָגט זיך מיט דער האנט אין הארצען]. איך בין — גרייגער!!!

צ י פ ע ר ב ל א ט. הא? וואָס? וואָס שרייט איהר אזוי? איך בין נישט טויב!

ג ר י י ג ע ר. נאחאָל! איהר ווייסט אפילו ניט, ווי אזוי צו רעדען מיט א לייטישען מענטשען. איהר וואָלט באדארפט שטומען ווי א פיש נאָך אזא מעשה, זיך באגראָבען נייען איילען

אין דער ערד, ניט שטעלען זיך נאָך אויס'טענה'ן מיט מיר! איהר ווייסט, וויפיעל געלט איהר קאָסט מיך מיט אייער חתונה?

צ י פ ע ר ב ל א ט. הא? וואָס? וואָסער חתונה? וועמענ'ס חתונה?

ג ר י י ג ע ר [בלייבט שטעהן א ווייל אהן לשון, האלט זיך אונטער מיטביידע הענט ביי די זייטען. נאכדעם געהט ער צו צו ציפערבלאטען און שרייט איהם אוים אויף א קול גלייך אין פנים אריין]. אי־די־אָט!!! מע רעדט און מע רעדט — טפו זאָלט איהר ווערען! איהר מעגט שוין צומאכען די שענע קאנטאָר אייערע אין א גוטער שעה און געהן אהיים שלאָפען. איהר ווייסט נאָך ניט, אפנים, אז אייער פייפער האָט זיך באפייפט, אונז אלעמען אָנגעפייפט... [ער ציהט אוים א לאנגען פייף]. אייער פייפער איז באנ־קראָט!!! [אלע פארשוינען פאלען אראפ פון די בענקלעך פאר שרעק].

א ל ע. באנקראָט? אָנגעזועצט? פייפער האָט אָנגעזועצט? ווען? וואו? וויפיעל? ווי קאָן דאָס זיין? ס'איז א ליגען!

ש מ ע ל ק ע [האלט זיך ביי דער באק]. כזב ושקר! דאָס האָבען שונאים אויסגעטראכט, יעהופעצער הולטאיעס...

ד י ק א פ אָ ט ע. וואָס איז שייך אויסגעטראכט? אז מע זאָגט געשטאָרבען — זאָל מען גלויבען. אזעלכע זאכען טרעפען זיך, איך בעט איבער אייער כבוד, אומעטום.

מ נ ח ם־מ ע נ ד ע ל. נאָך א מין טרעפען זיך! נאט אייך אדעס. אין אדעס, אז ס'איז געקומען צום דאָס...

פ אָ נ פ א ט ש [צום שותף]. האוועל, דו הערסט? מע האָט אונז אָנגעהעצט אין יאהנעהאָז אריין! פארפאלען די עטליכע הילדען!

ז א א י ק ע [היצט זיך]. וואָס הייסט פא־פא־פארפאלען? עפים הפקר ציבעלעם? גע־גע־געלט־שמעלט?

ד י א י ד י נ ע [וויינט און שרייט אויף א קול]. וועה איז מיר, ווינד איז מיר, א וועהטיג איז מיר א גרויסער! בעסער וואָלט איך אויסגערונען ביי דער מאמע אין בויך, אָדער זיך א פוס אויסגע־

בראָכען אויפ'ן גלייכען וועג, אָדער אזוי איינגענומען א מיתה משונה, איידער איך האָב דערלעבט צו אזא צרה איין אומגליק, ווי מיך האָט געטראָפען! נא דיר א פייפער, פייפען זאָל איהם אין איין אויהער, עס זאָל איהם ניט אויפהערען צו פייפען פון היינט אָן ביז איבער א יאָהר שושן־פורים! אוי, ווען מיין ערשטער מאַן, עליו השלום, זאָל מיר זיין אצינד. ער, עליו השלום, איז געווען ביי גיטעלע וויינשטיין, עליה השלום...

פ ל ו י ד ע ר ז א ק [טרייבט אַף די אידינע]. וואָן! א זשענ־שטשינע בלייבט א זשענשטשינע... לאָמיר בעסער אָבסוזשדאיען, וואָס מיר האָבען צו טהון? ביי אזא סלוטשאי דארף מען וויסען, ווי אזוי זיך צו וואספּאָלזעווען, מע זאָל אונז ניט נאדוואיען. פּאָ זאקאָנו דארפען מיר אוטשרעזשדאיען א קאָנקורס...

ג ר י י ג ע ר. וואָסער קאָנקורס? איהר ווייסט ניט פון אייער געזונט און פון אייער לעבען! ס'איז פארפאלען לעולם ועד, קיין האָהן וועט אפילו נישט קרעהען... [ער טהוט זיך א פאטש אין שטערן]. אוי, גרייגער, ביזט דו א פערד!!! וואו איז געווען דיין שכל? וואו זענען געווען דיינע אויגען? ווען האָסט דו גע־גלויבט אזוי פיעל געלט?... [צום גאנצען עולם]. ווייסט איהר, וואס איך וועל אייך זאָגען? קומט מיט מיר! קומט, לאָמיר געהן גלייך צו פייפערען אהיים! די שטוב וועלען מיר איהם צעטראָגען! די צייהן ארויסנעמען! קישקעס מאָטען! אָדערען טרענען! מיר צאָהלט מען! מיר האָט נאָך קיינער ניט אָנגעזעצט! [ער שלאָגט זיך מיט די הענט אין הארצען]. איך הייס גרייגער! לאָז זאָגען עמיצער!

ד י ח א ל י א ס ט ר ע. אמת, אמת, ווי מערידען זענען!...

[גרייגער לאָזט זיך געהן. דער גאנצער עולם — נאָך איהם. מנחם־מענדעל שטעלט זיך אָפּ ביי דער טיר].

מ נ ח ם־מ ע נ ד ע ל [מיט'ן פנים צו דער סצענע]. אבער פונקט אזוי ווי אין אדעס, עס זאָל פעהלען א האָר זאָל עס! פריהער האָט מען פארדיענט און פארדיענט, מאָסף ממון געווען,

און נאָכדעם, אַז ס'איז געקומען צום דאָס... [אַ שמאַרע מיט דער נאָז].
צום צאָהלען אַז ס'איז געקומען, האָט מען אויך געזאָגט „ישקני" !...
אָט אַזוי איז די בערזע : מען איז נאָר דאָסיג אויף דאָס... אויף
פּאַפּיער איז מען ; און אַז עס קומט צום דאָס... צום איבערצעהלען
אַז עס קומט, טהוט זיך אַ קעהר איבער דער גאַנצער דאָס — און
עס ווערט אויס דאָס !...

# פיערטער אַקט

[דעם זעלבען פריהמארגען ביי די פאַסטערנאַקעס. — די מ א ד א ם פ אַ ס ט ע ר נ אַ ק זיצט מיט אַ ביכעל אין דער האַנט. א י ז אַ ב ע ל ע דרעהט זיך קעגען שפּיעגעל. נעבען איזאַבעלען שטעהט ק ל אַ ר אַ אויף די קניעס און מעסט איהר חתונה־קליידער.]

## ע ר ש ט ע ס צ ע נ ע.

ק ל אַ ר אַ [ציהט־אַרויס די סטריגאַוואַניע, שטעהט־אויף פון דער ערד]. אַזאַ יאָהר, אַזאַ מזל! מאַדאַם! איהר מעגט זיך פארגינען אָנ־קוקען, ווי אַזוי דאָס „בּע־בּע" ליגט, קיין עין־הרע, אויסגעגאָסען אויף אײַער טאָכטער, אַזאַ יאָהר אויף מיר! [צו איזאַבעלען]. טראַגט געזונט, פאַרנוצט געזונט, צעררייסט געזונט, און פרעהט זיך געזונ־טערהייט. [צו דער מאַדאַם]. לאָז גאָט געבען, איהר זאָלט דערלעבען נעהען חתונה־קליידער בּיי איהרע אייניקלעך.

מ אַ ד אַ ם פ אָ ס ט ע ר נ אַ ק [לעגט־אַוועק דאָס ביכעל אויף אַ זייט און קוקט זיך צו צו איזאַבעלע'ס קלייד]. עס ליגט, זאָגט איהר, גוט? מיר שיינט, אַז פון פאָרענט האָט מען איהר, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, אַ בּיסעל פאַרשמאָלט, פון הינטען וואָלט געמעגט זיין אַ בּיסעל העכער, און די אַרבּעל זענען ווינציג אָנגעבּופט. נאָך מיין רעכענונג, האָט בּיי אײַך בּאַדאַרפט בּלייבּען גוטע דריי פערטעל אַרשין מאַטעריע.

ק ל אַ ר אַ. מאַדאַם! לאָם איך דאָס אויסקרענקען און מיינע שונאים לאָזען דאָס פאַרמאָגען, וואָס איך האָב בּיי אײַך געקאָנט אַראָפּחאַפּען! מאָהלט אײַך, איך האָב בּאַדאַרפט אויף אַ שליאַר־

קעלע, האָב איך מיר געשניטען די פינגער, קוים אויסגעקומען, ווי מיט קרעפעל־פלייש... מאַדאַם! וואָס זאָגט איהר אויף'ן „פּאָ־לאָנעז"? עס נעמט דאָך אָפּ איין אויג! אייער טאָכטער, דעם אמת זאָגענדיג, אַז זי גאָרסעוועט זיך אויס, האָט זי, קיין עין־הרע, אַ פיגור, אַז זינט איך בין איין אַרבייטאָרין אין יעהופּעץ, האָב איך נאָך אַזאַ טאַליע נישט באַגעגענט! אַ שאָד, וואָס דער חתן איז דאָ נישטאָ: ער וואָלט געוואָרען גרעבער ווי לענגער, קיין בייז אויג זאָל איהר ניט שאַדטען.

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. איהר האָט מיר דערמאַנט איהר חתן... וואָס איז די מעשה, איזאַבעלע, וואָס ווילהעלם איז דאָ נאָך היינט נישט געווען? [צו קלאַראַן]. אונזער חתן איז זיך נוהג אַלע פריהמאָרגען, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, ווי איין עהר־ליכער איד לאָזט ניט דורך דאָס דאַוונען, מוז ער פריהער, איידער ער געהט אַרויס אין קאַנטאָר אריין, מאַכען דער כּלה אַ באַזוך.

קלאַראַ. איך קאָן מיר שוין מעלדען, אַז מע האָט, קיין עין־הרע, אַזאַ כּלה! עס איז מיר נאָר אַ וואונדער, וואָס ניט דריי מאָל אין טאָג, וואָרום דאָרט, וואו די ליעבע פלאַקערט...

איזאַבעלע. חאַ־חאַ־חאַ! „די ליעבע פלאַקערט"!... פון וואַנען ווייסט איהר, וואָס הייסט „ליעבע"?

קלאַראַ. לעבען זאָלט איהר מיר! איהר קעהרט, אפּנים, רעכענען, אַז אין אונזער גראַד ווייסט מען שוין גאָרנישט ניט? איהר מעגט מיר זיכער גלויבען, ס'איז ניטאָ איין ביכעל פון די ביכלעך, וואָס איך זאָל עס דורכלאָזען. אָט לייען איך איצטער אַ ביכעל, דוקא אַ אידיש, אין זשאַרגאָן, זאָג איך אייך בנאמנות, אַז אפילו אַ שטיין קאָן אויך צעגאָסען ווערען. פון דער ליעבע, וואָס דאָרט ווערט באַשריבען, שווער איך אייך, קאָן מען אויסגעהן ווי אַ ליכט.

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. איז דאָס ניט שייקעוויטש'עס אַ ראָמאַן?

ק ל א ר א. איך זאָל אזוי זיין געזונט, ווי איהר האָט גע־טראָפען!

מ א ד א ם פ אָ ס ט ע ר נ א ק. ווי אזוי זשע הייסט ער, דער ראָמאַן?

ק ל א ר א [רייבט זיך דעם שטערן]. ווי אזוי ער הייסט, דער ראָמאַנס? אוי, א קאָפּ, קיין עין־הרע, ווי א באַקדייזשע! איך האָב שוין פארגעסען! וואָס זאָגט איהר דערויף?

מ א ד א ם פ אָ ס ט ע ר נ א ק. אפשר „דער בלוטיגער פריהמאָרגען, אָדער די פארשאָלטענע ליעבע"?

ק ל א ר א. הא? ניין.

מ א ד א ם פ אָ ס ט ע ר נ א ק. צי אפשר „דער געקויפטער קוש, אָדער די פאר'כשופ'טע כלה"?

ק ל א ר א. ניין, אויך ניט. עס ליגט מיר אויפ'ן צונג, נאָר איך קאָן ניט אויסרעדען!

מ א ד א ם פ אָ ס ט ע ר נ א ק. צי אפשר „דער קאלטער חתן, אָדער א נאכט צווישען מתים"? „דער פארליעבטער מערדער, אָדער דער טאטע פון יענער וועלט"? צי אפשר גאָר „פון דער חופה צו דער תליה"?

ק ל א ר א [א פלעסק מיט די הענט]. אוי, לאַנג לעבען זאָלט איהר, מאדאם! איך זאָל אזוי רעדען אין נחת, ווי איהר האָט געטראָפען. אוי, איז דאָס א ביכעל! איך האָב דאָס שוין איבער־געלייענט דריי מאָל, און קאָן מיך גאָר זאַט ניט אָנלייענען.

מ א ד א ם פ אָ ס ט ע ר נ א ק. ווי אזוי הייסט דאָרט דער העלד? דאכט זיך, ער הייסט אפרים, אָדער באראָן בלוטסטראָפּען? און די געליעבטע זיינע הייסט דאָרטען עליזאבעטע?

ק ל א ר א [א פלעסק מיט די הענט]. אוי, איך וועל זיך א מעשה אָנטהון! ווי אזוי געדענקט איהר זיך אָן, מאדאם, קיין עין־הרע ניט, אלע ביכלעך מיט זייערע נעמען?

מ א ד א ם פ אָ ס ט ע ר נ א ק. געדענקט איהר, ווי אזוי די שענע עליזאבעטע ליגט איינע אליין, מיט רעשפּעקט צו מעלדען,

בײַ זיך אין װײַנגאָרטען און טרוימט פון איהר געליעבטען אפרים, און נאָכדעם, װי עס קומען צו געהן פּלוצים צװײ פארשטעלטע באַנדיטען, װאָס דער מערדער שפּין האָט זײ אונטערגעשיקט, זײ זאָלען אומבּרענגען די שענע עליזאַבּעטע, װי אַזױ זי בּעט זיך בײַ זײ יאָמערליך און זינגט בּשעת מעשה, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, אַ טרױעריג ליעד, און פון איהרע שענע הימעל־בּלױע אױגען טריפען טײַכען טרערען. איהר געדענקט, װי דאָס ליעד הױבּט זיך אָן:

עס בּליהען די רױזען, עס שמעקען די בּלומען,
די לופט איז פול אַראָמאַט,
און דו, מײַן ענגעל, װילסט צו מיר ניט קומען —
איך זאָל זיך קאָנען אָנקוקען אין דיר זאַט!

זאָלסט דו װיסען, אַז איך געה אױס, איך שטאַרבּ אַװעק,
דו װעסט מיך שױן, דאַכט זיך, ניט זעהען מעהר,
אַ סוף צו אונזער ליעבּע, אײן עק, אײן עק —
זאָלסט חאָטש װעלען שענקען אױף מײַן קבר אַ טרער?!...

קלאַראַ [שנײַצט די נאָז און װישט זיך די אױגען]. אױ, איז דאָס אַ ליעד! איהר מעגט מיר זיכער גלױבּען, אַז בּשעת די מאַמע מײַנע איז געלעגען אױף דער ערד, האָבּ איך אַזױ פיעל ניט געװײנט.

מאַדאַם פּאָסטערנאַק. און נאָכדעם, װי אַזױ עס קומט־אָן פּלוצים דער ליעבּער אפרים, אָנגעטהאָן װי אײן אײנגלי־שער פּראָקוראָר, און מע נעמט די בּאַנדיטען, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, און מע שמיעדט זײ אין קײטען.

קלאַראַ [בּרעכט די הענט]. אַלע מײַנע שונאים, און אײערע שונאים, און די שונאים פון אַלע אונזערע ליעבּע, און װאו איך האָבּ ערגיץ אַ װײַטען שונא, זאָל ער האָבּען אַזאַ סוף, רבּונו של עולם!... הימעל און ערד האָבּען געשװאָרען, אַז קײן פּאַרפּאַלענע זאַך זאָל ניט זײַן אױף דער װעלט.

מ א ד א ם פ אָ ס ט ע ר נ א ק. און וואָס לאָזט זיך אויס? איז גאָר אפרים, אָדער דער באַראָן בלוטסטראָפּען, דעם אָרעמען צמח׳ס א זוהן, און עליזאַבעטע איז זיינע א לייבליכע שוועסטער, און דער מערדער שפּין — דאָס איז זייער פאַרפאַלענער פאָטער, און די אָרעמע רחל...

א י ז א ב ע ל ע. מאַמאַן! לאָז שוין זיין גענוג. איך האָב שוין אָט אַזאַ קאָפּ פון דיינע פוסטע נאַרישע ראָמאַנען!

מ א ד א ם פ אָ ס ט ע ר נ א ק [איבעררא͏שט]. פון מיינע פוסטע נאַרישע ראָמאַנען? שען שמועסט דו זיך אויס, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, קעגען א מאַמע! [צו קלאַראַן]. וואָס זאָגט איהר אויף היינטיגע קינדער? איאָ, ס׳איז כדאי אויסצוברענגען זיך אויף זיי, האָרעוועז פון זייערטוועגען, אוועקלעגען דאָס לעבען, מאַכען אפשר פאַר צעהן טויזענט קערבלעך א הוב, צוגעבראָקט מיט פערציג טויזענט קערבלעך נדן אויך, א חוץ מתנות?... קוים דערלעבט א נחת, א בת־יחיד׳קעלע, איין אויג אין קאָפּ... [זי פאַרשטעלט זיך דאָס פנים מיט א ווייס טיכעלע און וויינט. קלאַרא מאַכט א קרום פנים, שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ].

א י ז א ב ע ל ע. קאַרג, וואָס דער פּאַפּאַשא עסט מיר אויס די גאַל, האָסט דו זיך נאָך גענומען אויף מיר! אַלע טאָג וואַרפט איהר מיר אוים מיין „הוב" מיט מיין „נדן", גלייך ווי מע ווערט פון אייך גליקליך. חינקים׳עס טאָכטער האָט מען געגעבען מעהר נדן, און די וועלט האָט גאָר ניט אַזוי צו טהון, ווי מע האָט צו טהון מיט מיר. אַזאַ אומגליקליכע, ווי איך בין, איז, דאַכט זיך, שוין גאָר ניטאָ אויף דער גאַנצער וועלט! [זי באַהאַלט דאָס פנים אין א ווייס טיכעלע און וויינט. קלאַרא מאַכט א קרום פנים, שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ].

מ א ד א ם פ אָ ס ט ע ר נ א ק [ווישט אָפּ די טרערען]. וואָס גלייכסט דו זיך צו חינקים׳עס טאָכטער? זי איז דאָך צוויי מאָל אַזוי אַלט ווי דו, אָנגעשטאָפּט מיט יאָהרען, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, ווי א קול שטרוי. היינט דעם שענעם נאָמען, וואָס זי האָט. אַזאַ יאָהר אויף איהר מאַמע די רבילות׳ניצע. די גאַנצע

וועלט איז ביי איהר אין מויל, פון אלעמען רעדט זי, אויף איטליכען געפינט זי א חסרון.

קלארא [שאקעלט מיט'ן קאפ]. מע זאל גאר באהיט ווערען!

איזאבעלע [ווישט אפ די טרערען]. די מאדאם חינקים איז נאך גאלד קעגען דער טאכטער. אזא בארעדערין, ווי חינקים'עס טאכטער, האט נאך די וועלט נישט געהאט. און דערצו איז זי איין נישט־פארגינערין, וואלט זיך געהאנגען, אז זי דערזעהט אויף יענעם א ניי קלייד, אדער א שען היטעלע. און גענוג, וואס זי איז זויער אזוי ווי עסיג, איז זי נאך א קאקעטקע אויך. מיט איהר צו זיין אינאיינעם אין א געזעלשאפט — קאן מען דעם שלאק באקומען!

קלארא [שאקעלט מיט'ן קאפ]. מע זאל באהיט און באוואהרענט ווערען! [עס קומט־אריין סאסעל מיט א בריעף אין דער האנט].

## צווייטע סצענע.

סאסעל. א שליח האט געבראכט א בריוועל און הייסט זיך באצאהלען צוואנציג קאפיקעס.

מאדאם פאסטערנאק [נעמט דאס בריוועל]. דורך א שליח א בריוועל? פון וועמען איז א בריוועל?

סאסעל. לייענט, וועט איהר וויסען. גיט אהער צוואנציג קאפיקעס, מאדאם.

מאדאם פאסטערנאק. פאר וואס קומט איהם צוואנציג קאפיקעס?

סאסעל. פאר וואס? פאר דער טרחה.

מאדאם פאסטערנאק. און צעהן איז איהם קארג? פאר וואס קומט איהם אזוי פיעל?

סאסעל. געהט פרעגט איהם.

מאדאם פאסטערנאק. וואס זאגט איהר אויף איהר ענטפערען, וואס זי ענטפערט דער מאדאם? א שענע פאקאיאווע! מיט רעשפעקט צו מעלדען, א שטיק פלייש מיט

אויגען! פרעסט און זויפט, טהוט ניט קיין האנט אין קאלט וואסער — און עפענט נאָך אַ מויל!

ס אָ ס ע ל. מיינע שונאים זאָלען דאָס האָבען אויפ'ן לייב, וואָס מע עסט זיך אָן און וואָס מע טרינקט זיך אָן ביי אייך, אַז אפילו דאָס שטיקעל ברויט...

מ א ד א ם פ אָ ס ט ע ר נ אַ ק [אַ טופ מיט'ן פוס]. דו וועסט ניט אנשטומט ווערען, דו פּיסקאטע? וואָן פון מיין שטוב, הול־טאיקע, דיין פּארע זאָל זיך דאָ ניט געפינען! דו הערסט, צי ניין?

ס אָ ס ע ל [אַ דרעהע מיט דער נאָז]. איך האָב מיך שטארק איבערגעשראָקען, מיין העמד איז לייוועגט געוואָרען! פּארהאַן נאָך ערטער און „מאדאמען", אזעלכע ווי איהר, געננג אין יעהופּעץ...
[זי טהוט אַ קלאַפּ מיט דער טיר און געהט אוועק].

מ א ד א ם פּ אָ ס ט ע ר נ אַ ק. נו? וואָס זאָגט איהר אויף אזא גלות? מע זאָל אזוי באַלעדיגט ווערען, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, פון אַ דיענסט?!

ק ל א ר א. איך זאָג אייך דעם אמת, מאַדאם, איך קוק אויף אייך און וואונדער מיך: איהר זענט דאָך, קיין עין־הרע, שטארקער פון אייזען, אַז איהר האַלט דאָס אויס.

מ א ד א ם פּ אָ ס ט ע ר נ אַ ק. וואָס ווייסט איהר, וואָס מע האָט פון די דיענסטען? דאָס איז נאָך גאָלד! מיט רעשפּעקט צו מעלדען, זייער עסען מיט זייער טרינקען — מע קאָן זיי דען נאסטארטשען ברויט? און אַז זיי געהען אוועק, באַרעדען זיי נאָך, טראַכטען־אויס, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, אזעלכע זאכען, וואָס ניט געשטויגען, ניט געפלויגען.

ק ל א ר א [שאַקעלט מיט'ן קאָפּ]. מע זאָל גאָר באַהיט און באַוואָהרענט ווערען!

א י ז א ב ע ל ע. אַ מצוה! איך זאָג שוין לאַנג, מע זאָל איהר געבען דעם וועג; איך קאָן זי ניט אָנקוקען, די שענע פּאָקאָ־יאָווע דיינע! — ניין, הערט מען מיך ניט. מע זעצט זיך נאָך

אנידער מיט איהר און מע פרעגט ביי איהר אוים אלסדינג, וואס ביי יענעם קאכט זיך...

מאדאם פאסטערנאק. וואס איז די מעשה, טאכ־טער מיינע, וואס דו האסט זיך היינטיגען טאג גענומען, מיט רעש־פעקט צו מעלדען, מיך לעהרנען עדוקאציע, וואס איך זאל רעדען און וואס איך זאל טהון? נא, נעם בעסער לייען איבער, צו וועמען איז דאס געשריבען דאס בריוועל? זעה נאר, עפּים איז דאס פאר׳־חתמ׳עט מיט א שווארצער חתימה.

איזאבעלע [נעמט דאס בריוועל]. א שווארצע חתימה?... [זי לייענט]. "Милостивой Государынѣ Изабеллѣ Самойловнѣ По-стернакъ". דאס בריוועל איז צו מיר... דאכט זיך, ווילהעלמ׳ס האנטשריפט? [זי עפענט אויף דאס בריוועל מיט ציטערענדיגע הענט און לייענט]. „מיין טייערער ענגעל איזאבעלע! אז דו וועסט לייענען די דאזיגע שורות, וועל איך שוין ניט זיין אויף דער וועלט..." [זי פאלט קלאראז אויף די הענט]. אך, ווילהעלם!...

מאדאם פאסטערנאק [לויפט־צו צו איזאבעלען]. גאט איז מיט דיר! וואס איז? זאג מיר, וואס איז דאס פאר א בריוועל? וואס שרייבט דיר ווילהעלם? וואס האט זיך געטראפען?

איזאבעלע [וויינט]. נישטא ווילהעלם! גע׳סמ׳ט... געהאנגען... געשאסען...

מאדאם פאסטערנאק [א פּלעסק מיט די הענט]. מיט וואס האט מען איהם גע׳סמ׳ט? וואו האט מען איהם געהאנגען? ווער האט איהם געשאסען?

איזאבעלע. אליין, אליין זיך גע׳סמ׳ט... געהאנגען... געשאסען...

מאדאם פאסטערנאק [האפט זיך אן ביי׳ם קאפּ]. א שלאק האט מיך דערשלאגען! איך וועל דאס גאר ניט אויסהאלטען פאר בזיון! וואס וועלען, מיט רעשפעקט צו מעלדען, לייט זאגען? די מאדאם חינקים וועט שוין האבען וואס צו רעדען!... אזא

אומגליק איז נאָך גאָר ניט געהערט געוואָרען! איך ווייס ניט, ווי אזוי וועל איך דאָס איבערטראָגען. אָט חלש איך! [זי פאַלט אויף א פאַטעל, פאַרוואַרפט דעם קאָפּ אויף צו חלש'ען].

קלארא [וואַרפט זיך צו דער מאַדאַם]. מע זאָל גאָר באַהיט און באַוואַהרענט ווערען, רבונו של עולם! [עס קומט אן פאַסטערנאַק].

## דריטע סצענע.

פאַסטערנאַק [דערשראָקען]. מע וויינט? מע חלש'ט? וואָס איז שוין דאָ? וואָס איז דאָ געשעהען?

מאַדאַם פאַסטערנאַק [הויבט אויף דעם קאָפּ]. ער פרעגט נאָך, דער טיראַן, דער דעספּאָט, דער מערדער. קוק, זעה, ווי דו האָסט געקוילעט א קינד, דו אונמענטש איינער!

פאַסטערנאַק. וואָס געקוילעט? ווער געקוילעט? וואו געקוילעט? מירקע, געב לשון!

מאַדאַם פאַסטערנאַק [נעמט ביי איזאבעלען דאָס בריוועל און טהוט א שמיץ דעם מאַן איז פּנים אריין]. נאַ דיר, קוויק זיך. דער שענער חתן דיינער האָט זיך גע'סמ'ט, געהאַנגען, געשאָסען!

פאַסטערנאַק. שאַ, שאַ, שאַ! ווער, וואָס, וועמען? וואָסערע לאָקשען? עס הויבט זיך גאָר ניט אָן! פּייפער איז געזונט און שטאַרק אויף אַלע אברים, חוץ זיין שאָדען אויף מיר געזאָגט געוואָרען. אָט האָב איך נאָר־וואָס באַקומען פון איהם א קלאָרע ידיעה. פּייפער האָט געזאָגט דעם פּסוק...

מאַדאַם פאַסטערנאַק. וואָסער פּסוק? עס חלומ'ט זיך דיר נאָר פּסוקים!

פאַסטערנאַק. ניט דאָס מיין איך; איך מיין קוממיות — פּייפער האָט געמאַכט קוממיות...

מ א ד א ם  פ אָ ס ט ע ר נ א ק. איך האָב דיך געבעטען טויזענט מאָל, אַז קיין לשון־קודש זאָלסט דו מיט מיר ניט רעדען. איך בין נישט אַזאַ וואוילגעלערענטע, ווי די מאַדאַם מייערציטמעס.

פ אָ ס ט ע ר נ א ק. מילא בקיצור, ווי אַזוי דען זאָל איך דיר אַרויסגעבען? נו, ער האָט אונז אָפּגעווישט די נאָז, אַרויס־געשטעלט אַ פייג, געזאָגט „ישקני", געמאַכט אַ ויברח, איין מאָל פאַר אַלע מאָל — פייפער איז באַנקראָט.

מ א ד א ם  פ אָ ס ט ע ר נ א ק. טפו זאָלסט דו ווערען מיט דיין שפּראַך! באַדאַרפסט דו אַזוי פיעל ווערטער? אַ מעהר זאָגט מען, אַז פייפער האָט אָנגעזעצט — און איין עק!

פ אָ ס ט ע ר נ א ק. אַלץ הייסט אָנגעזעצט? אָנגעזעצט צו אָנגעזעצט איז ניט גלייך. מע זאָגט, איינער שטעלט זיך — ער וויל זיך מאַכען אַ קאַפּיטאַל, צי איינער איז דעראונטער — עקט ער אָפּ: חצי שלי, חצי שלך... אָט האָט קנאַקניסעל אָנגעזעצט, האָט ער דאָס אָפּגעאַרבייט גלאַט אַרום און אַרום און איז נאָך געבליבען אַ פיינער מענטש; ער האָט פּשוט צוגענומען געלט — „און רוף מיך קנאַקניסעל". און ד ע ר האָט אָנגעאַרבייט אַ חתונה, זאָל גאָט שומר ומציל זיין! אַ קאַשע מיט באָרשט און מיט לאָקשען: געקויפט יקנה"ז, פאַרקויפט יקנה"ז, גענומען יקנה"ז, געגעבען יקנה"ז, אַ סטעלאַזש אַהין, אַ סטעלאַזש אַהער — אפשר טויזענט לעכער, ווי אין דער הגדה שטעהט געשריבען: „כי לאָך אויף אַ לאָך, כי לו נאה כי לו יאה"...

מ א ד א ם  פ אָ ס ט ע ר נ א ק. עס ליגט איהם נאָך אין זינען פסוקים פון דער הגדה. סטייטש, נו, און דאָס נדן, וואָס דו האָסט איהם געגעבען? די פערציג טויזענט?

פ אָ ס ט ע ר נ א ק [לויפט־אַרום איבער'ן שטוב היז און צוריק]. הערסט דו! וואָס דען איז דאָ דער גאַנצער געשריי? מיינסט, איך זאָרג מיך פאַר דער יעהופּעצער בערזע? לאָזען זיך די שפּעגע־לאַנטען רייסען צווישען זיך, ווי די קעץ, האַפּט זיי דער וואַטענ־

מאכער! איך שריי אויף מיינע עטליכע קערבלעך, וואָס זענען הלך לעולמו — פּישי פּראָפּאַלאָ!

מ א ד א ם פּ אָ ס ט ע ר נ א ק [א פּלעסק מיט די הענט]. פאַרפאַלען?

פּ אָ ס ט ע ר נ א ק [שטעלט זיך אָפּ]. פאַר־פאַלען, ווי אין אַ פּסח'יגען אינדיק!...

מ א ד א ם פּ אָ ס ט ע ר נ א ק [שטעהט אויף]. אַ מצוה אויף דיר! כפּרה געוואָרען פערציג טויזענט? זעהר רעכט! איך בין זיך מחיה! אַ באַנקיר האָט זיך איהם פאַרגלוסט, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, אַ שאַרלאַטאַן, איין אויסוואורפלינג פון דער נאַטור, אַבי ניט קיין דאָקטער! גוט געמאַכט: „אי פוילע הערינג, אי פאַר־שטונקענע פיש"... זאָלסט אָבער געווען מ י ך פאָלגען, וואָלט אַלסדינג געהאַט גאָר איין אַנדער פּנים. איזאַבעלע וואָלט שוין איצט געווען אַ דאָקטערין, מיר וואָלטען געהאַט איין איידעם אַ דאָקטער, גאָט און לייט וואָלטען אונז מקנא געווען, די מאַדאַם בייגעלמאַן מיט איהר „משפּחה" וואָלט צעזעצט און צעשפּרונגען געוואָרען אויף אונז קוקענדיג, און די מאַדאַם חינקים וואָלט ניט געהאַט קיין שטאָף אויף צו באַרעדען אונז. אַצינד אָבער וועט דאָך די גאַנצע וועלט האָבען צו טהון מיט אונז, צו שאַנד און צו שפּאָט וועלען מיר זיין, נישט נאָר אין יעהופּעץ, נאָר טויזענט ווערסט אַרום און אַרום יעהופּעץ! אָ, דו ווילדער טיראַן, דו דעספּאָט איינער! דו ביזט נאָך מעהר אונמענטש ווי יענער מערדער, וואָס איך לייען איצט ביי שייקעוויטשען אין אַ ראָמאַן. יענער האָט פאַרקויפט זיינע קינדער פאַר געלט, און דו האָסט פאַרקויפט דיין קינד און האָסט נאָך יענעם צוגעצאָהלט. שען אויסגעפּיינט זיך, שען באַוואָהרענט אַ טאָכטער אַ בת־יחידה! געגומען אַליין און געקוילעט אַ קינד, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, אָפּגעקוילעט אויף אייביג! [צו איזאַבעלען]. דו וויינסט? ווייִן, קינד מיינס, וויין אויף דיין שיקזאַל, אַזוי ווי ביי שייקעוויטשען שטעהט געשריבען, וויין

און קלאָג אויף דיינע יונגע יאָהרען, וואָס ביזט געבאָרען געוואָרען ביי אַ פּאָטער אַ דעספּאָט! גאָט אין הימעל ווייסט דעם אמת, און איך בין דיין עדות, אַז דיין האַרץ איז געווען ווייט, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, פון אָט דעם שאָלטיק, וואָס ער, דער מערדער, האָט מיט גוואַלד דיר געוואָלט אָנהענגען... [זי נעמט איזאַבעלען פאַר אַ האַנט]. שטעה־אויף, איזאַבעלע! וויש אָפּ דיינע טרערען, פאַרגעס אָן דיין בראָך! ער וועט אַליין קומען צו דיר, דיין העלד, דיין באַשער־טער, ער ערוואַרטעט דיך מיט אומגעדולד!... [זי נעמט איזאַבעלען פאַר אַ האַנט און לאָזט זיך געהן].

פּ אָ ס ט ע ר נ אַ ק. דו לייענסט פון אַ ביכעל, צי דו זאָגסט אויף אויסווענינ?

מ אַ ד אַ ם פּ אָ ס ט ע ר נ אַ ק [צום מאַן, שטיל, נאָר מיט האַרץ]. טירראַן!... דעס־פּאָט!! מעעעררדער!!!... [זי געהט אַוועק מיט איזאַבעלען, קלאַראַ — נאָך זיי. פּאַסטערנאַק בלייבט אַליין].

פּ אָ ס ט ע ר נ אַ ק [האַלט זיך ביי'ם קאָפּ. געהט אַרום הין און צוריק]. נגנו, אַ וועלט! נאַ דיר אַ פּייפּער, אַ בערזע, אַ יקנה"ז! וועלכער רוח האָט מיך געטראָגען, איך זאָל איהם אָפּגעבען דאָס נדן פאַר דער חתונה? וואָס האָב איך קיין צייט ניט געהאַט? הייַנט געה געב נאָך אַ מאָל נדן... נאָך אַ מאָל פערציג טויזענט? אָבער גאָר לאַ מיט אַ ספּאָדעק! ווילסט אַ דאָקטער? זעהר שען! ווילסט מאַרקוסען? געזונטערהייט! וויבאַלד מע שמועסט פון לשון „ליעבע", וואָס זשע דאַרף מען געלט־שמעלט? וואָס קומט אַרויס — די פערציג טויזענט אין איין עבירה! פערציג טויזענט! אַ ווערטעלע אויסצורעדען?! וואו האָט ער געקאָנט אַהינטהון אַזוי פיעל געלט?... די יעהופּעצער בערזע... זיי האָבען איהם פאַר־דרעהט... גוטע ברידער... טאָג ווי נאַכט געשפּיעלט מיט איהם אין קאָרטען... מע האָט אָפּגעלעקט ביי איהם אַ ביינדעל! און ווער שמועסט חינקים... [מע קלינגט; עס קומען אַריין: פ י י נ ק ו ג ע ל, ח י נ ק י ם, ב י י ג ע ל מ אַ ן, ק נ אַ ק נ י ס ע ל און עטליכע יונגע ספּעקו־לאַנטלעך].

## פיערטע סצענע.

פּאָסטערנאַק. ברוכים הבאים! געסט, געסט! וואָס וועט איהר עפּיס זאָגען גוטס? מסתמא אז איהר האָט געקאָנט קומען פּלוצים אין מיטען העלען טאָג, איז דאָס געווים נישט גלאַטיג, ווי אין פּסוק שטעהט: גד גדוד יגודנו — אז מע שערט די שאָף, ציטערען די לעמעלעך... איך שמועס עס אקעגען דרינען...

פּיינקוגעל [צו די איבעריגע]. פּע, עס געפעלט מיר ניט דער ברוך־הבא זיינער. גאָט ווייסט, צי מיר ווענען דאָ עפּיס מאַכען... [צו פּאסטערנאַקען]. הערט זשע צו, רב שמואל, וואָס טויג אונז פּאָליטיקע? דער גרעסטער שווינדעל, זאָגט מען, איז דער אמת. איך וועל אייך דערצעהלען א מעשה: צוויי אידען מעקלערס פאָהרען אויפ'ן באהן קיין שפּאָלע, ביידע צו איין פּריץ און ביידע וועגען איין געשעפט. געוויינטליך, וויל מען זיך אויסבאהאַלטען איינער פון דעם אנדערען. מעשה שטן, באַגעגענט מען זיך אָבער אין איין וואַגאָן. מילא, באַגעגענט — איז פאַרפאַלען. „גוט מאָרגען". „גוט יאָהר". „וואוהין פאָהרט דאָס א איד?" „וואוהין איך פאָהר? קיין שפּאָלע". „א איד איז דיר קיין קאַטאָוועס ניט! איהר זאָגט דאָך מיר בכיון, אז איהר פאָהרט קיין שפּאָלע, בכדי איך זאָל מיינען, אז איהר פאָהרט קיין בוּיבעריק. איך וויים דאָך אָבער, אז איהר פאָהרט טאַקי קיין שפּאָלע, היינט וואָס דרעהט איהר א מח?"...

פּאָסטערנאַק. אויף אַלסדינגג האָט אייך פּיינקוגעל א מעשה.

פּיינקוגעל. איך מיין טאַקי באמת, לאָמיר רעדען אָפענטליך. [גלעט זיך די באָרד]. די מעשה דערפון איז אזוי. דאָס, וואָס מיט אייער חתן האָט זיך געטראָפען, קאָן זיך טרעפען מיט איטליכען פון אונז, ובפרט נאָך אין יעהופּעץ אויף דער בערזע. מען איז דאָך נישט מעהר ווי א בשר־ודם: כל־זמן מע טרעפט,

טרעפט מען; און חלילה וחס, טאָמער טהוט זיך דאָס רעדעל אַ דרעה צוריק [אַ מאַך מיט דער האַנט] — מאַכט קמץ בית בָּא.

ח י נ ק י ם. ס'איז אין עצה, ואין חכמה, ואין תבונה נגד אַ שלעכטער קאָרט.

ב י י ג ע ל מ אַ ן. ווערקמירדיג! פון וואָס מע זאָל ניט רעדען, חינקים מוז אַרויף אויף דער קאָרט!

ק נ אַ ק נ י ס ע ל. וואָס אמת איז אמת. חינקים איז גע־רעכט: די בערזע איז נאָר אַ קאָרטענשפּיעל. וואָס איז פּייפּער שולדיג, למשל, אַז עס האָט זיך אַזוי געמאַכט? אַ סימן האָט איהר: ווען פּייפּער זאָל וועלען גלאַט אָנזעצען, וואָלט ער דאָס געקאָנט אויספיהרען פאַראַיאָהרען אין דער צייט — און רוף מיך קנאַקניסעל!

פ אָ ס ט ע ר נ אַ ק. מילא בקיצור, על־כל־פּנים, וואָס ווילט איהר דאָ אויסברייען, אַז פּייפּער איז אַ פיינער מענטש? איך וויים דאָס אַליין גאַנץ גוט. איך זעה דאָך, מיט װעמען ער האָט געהאַנדעלט און מיט װאָס ער האָט געהאַנדעלט... נאָר גאָר־ניט, אַל תּפל דבר — האַטאַ פּאָקרישקע.

פ י י נ ק ו ג ע ל [צו די איבעריגע]. איין עזות פון אַ גראָבען יונג! איך וואָלט איהם דערצעהלט אַ משל, האָב איך מורא, עס זאָל ניט שאַדטען צו אונזער ענין... [צו פּאָסטערנאַקען]. פאַרשטעהט איהר מיך, נישט דאָס בין איך אויסען. איך שמועס דאָס גלאַט אַזוי, וואָס ער איז נאָך נישט געניט אין דער זאַך, כלעבען, אַ יונגער־מאַן. ער וואָלט, אייגענטליך, באַדאַרפט זיך האַלטען איין עצה מיט אונז פון דער לכתחילה נאָך, וואָלטען מיר איהם אַרויפגעפיהרט אויף אַ שטיקעל דרך; מיר וואָלטען דאָס געמאַכט גלאַט אַרום און אַרום, אויסגעדרעהט זיך, ווי אויף אַ טעלער, עס וואָלט אויס־געקומען, ווי איהר זאָגט: אָגיל ואשמח — צוגעשניטען און אויפ־גענעהט. וואָרום ביי אַזאַ געשעפט באַדאַרף מען ווייסען, וואָס מע האָט צו טהון. ס'איז, פאַרשטעהט איהר מיך, איין איידעלע מאַ־טעריע; איין קוק אויף אַ זייט, ווערט קאַלי דאָס גאַנצע שפּיעל...

חינקים. פונקט אזוי ווי ביי די קאָרטען, להבדיל. איהר מעגט זיין דער גרעסטער שפּיעלער, נאָר קוים האָט איהר געמאַכט איין גאַנג אַ שלעכטען, זענט איהר פאַרפאַלען מיט די פּאַטרעכעס.

בייגעלמאַן. ווערקמירדיג! ס'איז דיר איין אַנטיק מיט דעם חינקיסען! וואָס איהר זאָלט ניט שמועסען, ער איז דאָ מיט די קאָרטען!

קנאַקניסעל. איך האָב ליעב דעם אמת. חינקים איז גערעכט. ווען פּייפּער רעדט־אָפּ פריהער מיט אונז, וואָלט גאָר אַנדערש געווען: פּאַרט געניטע סוחרים, אַלטע בערזיאַנער. מיר וואָלטען דאָס אָפּגעאַרבייט אזוי, אַז מיר וואָלטען געוויס אָפּגע־נומען אונזער געלט, און ער וואָלט אויך געבליבען ביי געלט. אַי, טאָמער וואָלט דאָס עמיצען אַנגעריהרט — לאָז זיך יענער קראַצען. קורץ: פּייפּער וואָלט געבליבען דער אייגענער פּייפּער וואָס פריה־ער — און רוף מיך קנאַקניסעל!

פּאָסטערנאַק. מילא בקיצור, על־כל־פּנים, וואָס טויג מיר מליצה: „וואָלט איך", „זאָלט איך"? איהר ווייסט דאָך, אַז אויף צו פאַררעדען יענעם די צייהן בין איך פאַרהאַנט. איהר זאָגט מיר בעסער כּולם ברורים — ריינע דבורים: וואָס ווילט איהר?

פּיינקוגעל [צו די איבעריגע]. ס'איז איהם היינט נישט איינצובייסען. אפּנים, פּייפּער האָט איהם אויך גוט אָנגעזאַלצען... [צו פּאָסטערנאַקען]. זייט זשע מוחל, רב שמואל, איהר זענט דאָך אַ איד אַ קלוגער, כּלעבען, אַ סוחר, אַ מענטש מיט יושר. לאָמיר בעסער רעדען גלייך צו דער זאַך אַליין. [ער נעמט זיך ביי דער באָרד]. די מעשה דערפון איז אזוי. מיר, יעהופּעצער ספּעקולאַנטען, האָבען זיך מיישב געווען און אָפּגערעדט צווישען זיך [מיט הענט און מיט אַ ניגון פון דער גמרא]: הנה כּפי עס האָט זיך געטראָפען איין אומגליק, פּייפּער האָט זיך לעת־עתּה געשטעלט; און כּפי עס איז אייך ידוע, אַז ער האָט זיך מתחייב געווען צו געבען אונז יקנה"ז גאָר אַ גוזמא שטיק; און כּפי ס'איז דאָך אַ דבר שאי־אפשר, ער זאָל אונז אַלע־

מען קאָנען געבען יקנה"ז ממש, ווייל ס'איז גאָר נישטאָ אזוי פיעל יקנה"ז אין גאַנץ יעהופּעץ אָרום און אָרום; און כּפי פּייפער אַליין קאָן מיט אונז נישט מיטיב זיין, ווייל ער איז נאָך ניט בקי אינ'ם ענין השטעלען זיך; און כּפי איך זעה אָרוים, וועלען מיר דאָ מוזען זיך גלייבען אויף פּראָצענטען...

פּ אָ ס ט ע ר נ אַ ק. פּראָצענטען? קָדוש וטהור — אפילו נישט אַ לעק!

י ו נ ג ע ס פּ ע ק ו ל אַ נ ט ע ן. וואָס הייסט, נישט אַ לעק? וואו איז יושר? וואו איז מענטשליכקייט? גלאַט הפקר אַ וועלט?

פּ אָ ס ט ע ר נ אַ ק [ווייזט אויף דער סטעלי]. ו י ד ב ר ע ל ה ע צ י ם ו ע ל ה א ב נ י ם — מאכט רש"י: רעדט צו דער לאָמפּ...

פּ י י נ ק ו ג ע ל [אַלץ מיט אַ ניגון]. היתכן? וואָס רעדט איהר? אמת, מיר ווייסען טאַקי, אַז פּייפער האָט געהאַט איין אומגליק: דאָס יקנה"ז האָט איהם דערגאַנגען די יאָהרען. שוין אַ צייט, אַז ער בלאַנקירט אויף יקנה"ז, דעקט זיך אָפּ מיט היזק און בלאַנקירט ווייטער. מיר דאַכט זיך, אַז גאַנץ יעהופּעץ האָט געשפּעקולירט אויף זיין קאָפּ, און נאָר צוליעב איהם איז דאָס יקנה"ז געשטיגען. דאָך האָט ביי איהם, לויט מיין חשבון, באַדאַרפט בלייבען עפּיס געלט. געשיקט זיך עס?

ח י נ ק י ס. מיר דאַכט, ער זאָל שפּיעלען אַ קיילעכיג יאָהר כּסדר אין קאָרטען און עס זאָל איהם געהן שלים־שלים־מזל, וואָלט ער אויך באַדאַרפט בלייבען ביי געלט.

ב י י ג ע ל מ אַ ן. ווערקמירדיג! ס'איז דיר איין אַקציע מיט חינקיסען. אומעטום איז ער דאָ מיט די קאָרטען!...

ק נ אַ ק נ י ס ע ל. איך האָב ליעב דעם אמת: חינקיס איז גערעכט. ווי לאָזט זיך ניט איבער אַ מענטש ביי אַזאַ מעשה קיין גראָבע עטליכע קערבלעך — און רוף מיך קנאַקניסעל?

אַ ל ע. נישקשה, ער האָט, ער האָט געלט! פּייפער האָט זיך געלאָזט געלט!

פּאַסטערנאַק. אַ לאַך פון אַ בייגעל, אַ שאָס פון אַ ביקס, אַ פּיטום פון איין אתרוג, אַ גוט אויג פון אַ גליעדשוועסטער־קינד...

פּיינקוגעל [צו די איבעריגע]. ווי געפעלט אייך אַ שפּראַך?... [צו פּאַסטערנאַקען]. מילא, נעמען מיר אַן אַזוי ווי איהר זאָגט; בלייבט דאָך אַלץ די אייגענע קשיא: צו וועמען דען איז דאָס שייך, אַז ניט צו אייך? ער איז דאָך פּאָרט אייער חתן!

פּאַסטערנאַק. מיין חתן? לא היה ולא נברא — דאָס איז געווען אַמאָל, נישט היינט. היינט איז שוין פּייפּער אייער חתן, נישט מיינער. ער איז אייער חתן, און איהר זענט זיינע מחותנים, ווי אין פּסוק שטעהט: „אני לדודי ודודי לי"... נאַט, זעהט, וואָס אַ יונגאַטש פאַרגינט זיך מיר שרייבען, וועט איהר פאַרשטעהן, מיט וועמען איהר האָט געהאַנדעלט. נאָר שטיל, אַל תּפּל דבר — חאַטאַ פּאָקרישקע! [ער גיט־איבער פּיינקוגלען אַ בריעף].

פּיינקוגעל. אנו, מהכתיתי, לאָמיר האָרכען, וואָס זאָגט ער דאָ? ס'איז טאַקי כדאי צו וויסען. [ער נעמט דעם בריעף און לייענט בקול רם]. „לכבוד מחותני הגביר המפורסם החכם המופלג המשכיל..." [זיך אין באַרד אַריין]. מילא, אַ חכם — איז קיין קשיא ניט; אַז מען איז אַ גביר, איז מען שוין במילא אַ חכם. אָבער אַ „מופלג" מיט אַ „משכיל" אונטערגעשלאָגען — דאָס איז שוין אַ ביסעל צו פיעל... [ער לייענט]. „... החכם המופלג המשכיל מוהר"ר שמואל פּאַסטערנאַק נ"י. בשעת איהר וועט לייענען מיין בריעף, וועל איך שוין זיין העט־ווייט פון יעהופּעץ. איך האָב מיך לאַנג געשלאָגען מיט דער דעה, ביז איך האָב מיך ענדליך אנטשלאָסען, איך זאָל אוועק פון דאַנען אַהין, וואו די אויגען וועלען מיך טראָגען, אַבי נישט אָנ־קוקען יעהופּעץ, נישט אָנקוקען אונזער בערזע, נישט אָנקוקען אונזערע ספּעקולאַנטען..." [רייסט איבער]. וואָס איז ער אַזוי אויפ־געטראָגען אויף די ספּעקולאַנטען?... [ער לייענט]. „פון אָנהויב בין איך אפילו גרייט געווען צו מאַכען איין מאָל פאַר אַלע מאָל איין עק

פון מיין לעבען: עטליכע טראָפּען סם־המות, פאַר צעהן קאָפּיקעס אַ שטריקעל, אָדער אַ פּיסטויל אין הארצען — און אַ סוף צו אַלע צרות. אויס פייפער, געשטאָרבען! איך האָב מיך אָבער באַרעכענט נאָכדעם, אַז ס'איז פאַר מיר כּלל נישט קיין פּלאַן..." [רייסט איבער]. איך האָב געוואוסט פריהער, אַז פייפער וועט אַזאַ נאַרישקייט ניט טהון... [לייענט ווייטער]. "...פאַר מיר כּלל נישט קיין פּלאַן צו געהן אַזוי יונג פון דער וועלט. איך וועל ליגען אין דער ערד און באַקען בייגעל, און אַלע וועלען לעבען אַ גוטען טאָג, געהן איינס צום אַנדערען אויף זשורפיקסען, שפּיעלען אין "ווינט", מיך אין זינען האָבען אין דער לינקער פּיאַטע, קיין צייט נישט האָבען אפילו מיך צו דערמאַנען, און אַז מע וועט מיך שוין יאָ אַמאָל דערמאַנען, וועט זיין אַז אָך און וועה צו מיר. פיינקוגעל וועט זאָגען אויף מיר אַ משל, אַלע וועלען לאַכען..." [רייסט איבער]. גערעכט, ווי איך בין אַ איד! [לייענט ווייטער]. "...פיינקוגעל וועט זאָגען אַ משל, אַלע וועלען לאַכען. איטליכער וועט אויסטראַכטען אויף מיר איין אַנדער המצאה'לע. אַלע וועלען זיין פיינע מענטשען, נאָר איך איינער וועל בלייבען אַ פאַרך. צום ביישפּיעל: אויף פיינקוגלען וועט קיינער ניט זאָגען, אַז ער איז אַ... אַ... אַ..." [ער קעהרט איבער דאַס בריוועל אויף דער אַנדערער זייט].

פּ אָ ס ט ע ר נ אַ ק. וואָס אַקעט איהר? ממה נפשך, לייענט איהר — דאַרפט איהר לייענען כּסדר, ווי אין פּסוק שטעהט: "ה ח י ל ו ת ל נ פ ו ל, נ פ ו ל ת פ ו ל"...

פ י י נ ק ו ג ע ל [דרעהט דאַס בריוועל אויף אַלע זייטען]. פאַרשטעהט איהר... איך האָב געלאָזט אין דער היים מיינע ברילען...

ח י נ ק י ס [נעמט דאַס בריוועל]. אַנו, ווייזט נאָר אַהער. איך האָב אַ גוטע שמיעה: איך שמעק־אָן די טויז פאַר אַ ווערסט, און דוקא אָהן ברילען! [ער לייענט]. "...אויף פיינקוגלען וועט קיינער ניט זאָגען, אַז ער איז אַ שבתי־צבי'ניק, אַ גאָט'ס גנב, וואָרום ער איז אַ שענער איד, פון די אידען, וואָס טרינקען ווימאָראָזיג, האָט פיינט כּבוד, ווי אַ קאַץ שמאַלץ, כּלומרשט פרום, און געהט־אויס,

פגר'ט נאך א קערטעל, ניט ערגער פון חי... חי..." [ער ווײַל איבער־היפּען עטליכע שורות].

פּאסטערנאַק [צו חינקיסען]. וואָס חיחיקעט איהר? החילות לנפול, נפול תּפול — האָט איהר זיך אונ־טערגענומען לייענען, טאָ לייענט כּסדר.

בייגעלמאַן [נעמט צו ביי חינקיסען דאָס בריוועלע]. לאָזט מיך, איך האָב אמאָל אויך געקאָנט לייענען זשאַרגאָן. [ער לייענט]. „... פגר'ט נאָך א קערטעל ניט ערגער פון חינקיסען, וואָס האָט זיך געמאכט א פארמעגען פון קאָרטען. וויפיעל איך האָב ביי חינקיסען פארנומען אויף יקנה"ז, האָט חינקים ביי מיר צעהן מאָל אזוי פיעל געוואונען אין קאָרטען, ער זאָל דאָס נאָר אויסקרענקען!"...

חינקיס. ווי געפעלט אייך אזא ים־קאָטער? איך בין שולדיג, אז ער איז א קאַליקע און פארשטעהט ניט דאָס שפּיעל!

בייגעלמאַן [לייענט ווייטער]. „... ער זאָל דאָס נאָר אויסקרענקען! אין יעהופּעץ הייסט חינקים אויך איין ארים־טאָקראַט. יעהופּעץ איז, ברוך השם, אזא שטאָדט, וואָס קלויבט ניט איבער, אבי געלט — איז מען איין אריסטאָקראַט. אשטייגער, ווען מען געהט דאָס אָן אין יעהופּעץ, פון וואנען איז דאָס פּלוצים אויסגעוואַכסען אזא אריסטאָקראַט, ווי ביי... ביי... ביי..." איך וויים ניט, ווי אזוי מאַכט דאָס וואָרט, ס'איז געמעקט...

קנאַקניסעל [רייסט אויס דאָס בריוועל פון בייגעלמאַנ'ס הענט]. עס הויבט ניט אָן צו זיין געמעקט. געזונטע אותיות, אייזערנע!... [ער לייענט]. „... אזא אריסטאָקראַט, ווי בייגעלמאַן? ס'איז פארהאַן אזעלכע, וואָס געדענקען נאָך, אז ער האָט ארומגעטראָגען אין באַר־דיטשעוו בייגעל צו פארקויפען..."

בייגעלמאַן. שקר וכזב! עס שטעהט נישט קיין בייגעל! דאָס לייענט איהר שוין פון אייער קאָפּ!

קנאַקניסעל [לייענט ווייטער]. „... ארומגעטראָגען אין באַרדיטשעוו בייגעל צו פארקויפען, און היינט פאָהרט ער אין א קאַרעטע. עס פּאַסט איהם אזוי צו זיין א ספּעקולאַנט, פונקט ווי

עם פאסט קנאק..." [ער טהוט א שמיץ דאס בריוועל]. טאמער וואלט טאקי אויף איין אמת געווען גענוג צו הארכען די נארישקייטען, וואס דער שאלטיק שרייבט?

ע ט ל י כ ע  ק ו ל ו ת. בייסט ווייטער, וועט איהר געפינען קעז אויך!...

פ א ס ט ע ר נ א ק. החילות לנפול, נפול תפול!

ק נ א ק נ י ס ע ל [קוקט אין בריעף אריין]. טפו זאל ער ווערען! א יונגאטש זאל רעדען אויף דער גאנצער וועלט, אויף קיינעם קיין גוט ווארט נישט זאגען! צו וואס טויג מיר בריוולעך? ממה־נפשך, האסט דו געמאכט דאס שפיעל, פאהר אוועק צו אלדי שווארצע יאהר — און רוף מיך קנאקניסעל! [ער צערייסט דעם בריעף אויף שטיקלעך און צעווארפט איבער דער שטוב. דער עולם לאכט].

פ א ס ט ע ר נ א ק. טאטע, דו לאכסט? אז אך און וועה איז צו דיין געלעכטער! פייפער איז קליגער פון אונז. ער האט אונז אלעמען געפיהרט אין באד אריין, העט־ווייט אויף דער אויבערשטער באנק, און גוט אפגעבעזעמט, ווי אין פסוק שטעהט: בשכבנו ובפיצקנו — אנידערגעלעגט און אפגעשמיסען!...

פ י י נ ק ו ג ע ל [צום איבעריגען עולם]. וואס זאגט איהר דערויף? ער מאכט שוין אייגענע פסוקים...

פ א ס ט ע ר נ א ק. מילא, אויף אייך איז א מצוה. אל תבטחו בנדיבים — קריכט ניט אין פייער אריין! איהר האט מיט איהם געשווינדעלט, גענרעהט יקנה"ז אהער, יקנה"ז אהין, אזוי לאנג, ביז איהר האט זיך פארדרעהט. ס'איז א פשוט'ע מעשה: איהר האט א י ה ם געוואלט אפנארען, האט ער א י י ך אפ־גענארט, ווי די גמרא זאגט: „הבא להרגך, שמרגהו נאזאר" — האסט געחאפט א פאטש, שטעק אפ צוויי צוריק. ס'איז תמיד אזוי דער סוף. שלמה המלך איז טאקי א חכם; ער זאגט אין „ברכי נפשי", דאכט זיך: בור כרה ויחפרהו — חטא יאמא קאפאיע, טאי סאם אופאדאיע... אבער א י ך? וואס האב א י ך געהאט צו טאנצען אין קאהן? וואס האב איך באדארפט

ארײַנציִמבּלען פּערציג טויזענט קאַרבּען? איך בּין דאָך יאָ, ווי זאָגט ער, גאָט די נשמה שולדיג! עס קומט אויס, ווי די גמרא זאָגט: טוביה חטא וזנטאָג מאַנטאָג...*

פ י י נ ק ו ג ע ל [צום איבּעריגען עולם]. וואָס זאָגט איהר אויף די פּסוקים, וואָס דאָ פליהען, מיט די גמרא־ווערטער, וואָס ער האקט? [עס עפענט זיך די טיר און עס קומט־ארײַן די מאדאם פּאסטערנאק. נאָך איהר — מ א ר ק ו ס מיט איזאבּעלען].

## פ י נ פ ט ע ס צ ע נ ע.

פּ אָ ס ט ע ר נ א ק. אָ! זעהט איהר? א ווייבּ זאָל מען טאקי פאָלגען. זי האָט פון אָנהויבּ אָן ניט געוואָלט דעם שידוך. הלואי וואָלט איך זי געפאָלגט, וואָלט איך איצט ניט געהאַט אזא מפּלה, ווי די גמרא זאָגט: „קדירה דבי שותפא" — אז מע הערט נישט דאָס ווייבּ, איז קיש־קיש וואו די אידען האָבּען גערוהט...

מ א ד א ם פּ אָ ס ט ע ר נ א ק. כלעבּען, סאמואיל, דו רעדסט עפּיס, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, אזעלכע ווערטער... דאנקען און לויבּען גאָט, מיר זענען אויך לייטען גלייך, מיר קאָנען אויך האָבּען איין איידעם א דאָקטער, ווי בּיי לייטען. [זי קוקט אויף הינקיסען]. נישקשה, אונזער מאָכטער שטעהט־אָן צו האָבּען א חתן א דאָקטער, ווי אַלע אַנדערע יעהופּעצער מאמזעלען... [זי פיהרט איהם צו איזאבּעלען מיט מארקוסען]. נעם בּענטש דיינע געליעבּטע קינדער מיט דעם הייליגען אייבּיגען בּונד פון דער הימעלשער ליעבּע. ווינשעווע זיי צו, זיי זאָלען אָפּפּערען זייער לעבּען איינס פאר דאָס אַנדערע, אזוי ווי בּענעדיקט און ראָזאליע בּיי שייקעוויטשען אין זיין ראָמאַן „הימעל און ערד און ליעבּע". „געבּע גאָט, — זאָגט דאָרט דער פּראָפעסער — זיי זאָלען געניסען די פריכטע פון זייער ליעבּע, זייער בּונד זאָל זיין איין אייבּיגער בּונד, א הייליגער בּונד..."

* טוביה חטא וזיגוד מינגד.

פ אַ ס ט ע ר נ אַ ק [האַקט איבער אין מיטען]. מילא בקיצור, על־כל־פנים, זיי זאָלען זיין געקניפּט און געבונדען און פאַרבונדען... צו וואָס טויגען לאַנגע דבורים? איך פאַרשטעה נאָר ניט, וואָס עפּיס אזוי בחפזונ'דיג, פּלוצים אין מיטען העלען טאָג שויין אזוי גיך האַפּ־לאַפּ, ווי אין פּסוק שטעהט: הא גברא והא טראַסק?

מ א ד א ם פ אַ ס ט ע ר נ אַ ק [מיט כעס]. וואָס זשע האָסט דו געוואָלט, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, שדכנים זאָל מען דיר שיקען?

פּ י י נ ק ו ג ע ל [מישט זיך אריין]. געבענטשט זענען די הענט, וואָס נעמען זיך אליין. מסתמא איז דאָס איהר זיווג. אַ שידוך איז אַ גורל, איטליכער נעמט זיך ארויס וואָס איהם איז אָנ־געצייכענט פון אויבען.

ח י נ ק י ם. פּונקט אזוי ווי, להבדיל, ביי די קאָרטען: איינער שפּיעלט אַ גאַנצע נאַכט און עס געהט איהם שלים־שלים־מזל; דער אַנדערער שלעפּט אַלע מאָל ארויס — מלכה, מלך, טויז...

ב י י ג ע ל מ אַ ן. ווערקמירדיג! מיט דעם חינקיסען איז דיר נאָר אַ קאָמעדיע. מע רעדט פון וויים איך וואָס — קומט ער מיט די קאָרטען!

ק נ אַ ק נ י ס ע ל. וואָס אמת איז אמת — חינקים איז גע־רעכט: צו שידוכים דאַרף מען האָבען גליק. אַט האָב איך, זאָלען געזונט זיין, עטליכע דערוואַכסענע טעכטער, איז וויפיעל מע רעדט זיי שידוכים, ווילען זיי ניט הערען, ניט זעהען פון קיין שדכן! זיי ווילען נאָר אליין, און נאָר דורך ליעבע — און רופ מיך קנאַק־ניסעל!

פּ אַ ס ט ע ר נ אַ ק. אודאי איז ליעבע אַ געהויבענע מטבע, וואָס איז דאָ פאַרהאַן צו רעדען? דער חסרון איז נאָר, וואָס מיט ליעבע אליין קאָכט מען ניט קיין וועטשערע. מע דאַרף צו דעם האָבען נאָך עפּיס, די ממתקים מיין איך, ווי אין פּסוק שטעהט: „אם אין קמח, אין לאָקשען"...

מאדאם פּאָסטערנאַק [מיט היץ]. איך האָב דיר געזאָגט וויפיעל מאָל, סאַמואיל, אַז קיין פּסוק האָב איך ניט געלערנט און, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, לשון־קוילעטש פאַרשטעה איך ניט... נאָר אויב דו מיינסט נדן, זאָלסט דו וויסען זיין, אַז מע האָט דאָס אין זינען, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, אין דער לינקער פּיאַטע. ס׳איז אַ ראָמאַן, אַ לאַנגאָנענדיגער העכסט־אינטערעסאַנטער ראָמאַן אין צוויי טייל. דעם ערשטען טייל האָסט דו געשפּיעלט, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, אַזאַ יאָהר אויף מיינע שונאים. דעם צווייטען טייל וועל איך שוין שפּיעלען. איך הויב איהם אָן מיט אַ זשורפיקס און מיט אַ קנס־מאָל טאַקי היינט אויף דער נאַכט. [צו פיינקוגלען מיט דער קאָמפּאַניע]. מיר לאַדען אייך איין מיט אייערע דאַמען און מיט דער גאַנצער פאַמיליע.

פיינקוגעל מיט דער קאָמפּאַניע [אַלע אינאיינעם]. אָך, מיט׳ן גרעסטען בּזיון! אַבּי אַ וועטשערע מיט אַ קערטעל...

חינקיס. נאָך אַ מין קערטעל! אַ קערטעל צו אַ קערטעל איז נישט גלייך!

פּאָסטערנאַק. ס׳איז דאָך אַ בּפירוש׳ער פּסוק אין דער גמרא: „אין פּיסני בּלא דיווקא ואין חלום בּלא קאָרטען“... [דער עולם קוועלט].

מאַרקוס [שטעלט זיך אוועק קעגען עולם, לעגט צונויף די הענט אויפ׳ן הארצען, שאַקעלט מיט׳ן קאָפּ]. די קאָרטען! די קאָרטען! עס הויבּט זיך אָן מיט קאָרטען, עס לאָזט זיך אויס מיט קאָרטען. בּיי קאָרטען ענדיגען זיך אַלע זאַכען. פאַר קאָרטען גיט אַוועק דער מאַן דאָס ווייבּ, דער פאָטער — זיינע קינדער. נישטאָ קיין טייערערס פון קאָרטען. אוי, קאָרטען, קאָרטען!... [ער גיט איזאַבעלען די האַנט און לאָזט זיך געהן].

מאַדאַם פּאָסטערנאַק [צום מאַן]. דו הערסט ווערטער? [גאַנץ שטיל, נאָר מיט פייער]. טיררּאַן! דעספּאָט! מעעעערדער!... [זיי לאָזען זיך געהן אַלע דריי. בּיי דער טיר קומט זיי

אקעגען די אידינע, פארוויקעלט אין עטליכע שאלען און פעטשיילעס. נאך איהר שלעפט זיך נאך דאס מיידעל. סאסעל ראנגעלט זיך מיט זיי, לאזט זיי ניט אריין. די אידינע מיט'ן מיידעל רייסען זיך אויס פון סאסעל'ס הענט און פאלען־אריין אין שטוב אריין מיט א געוויין און מיט א געשריי].

## זעכסטע סצענע.

די אידינע [ברעכט די הענט, וויינט און קלאגט מיט א ניגון פון די תחינות]. וועה איז מיר, ווינד איז מיר, פארוויסט און פאר־פינסטערט בין איך ניט געווארען, איין אלמנה, איינע אליין, עלענד ווי א שטיין, ניט קיין קרוב, ניט קיין ביין, געבראכט דער רוח א שווארץ יאהר, א מעקלער, אריינגעשטופט א סוכה־שער, עפיס יקנה"ז־שמאקנעהאז, פייפער־שמייפער, פייפען זאל איהם אין איין אויהער, ווי ער האט מיך געקוילעט מיט מיין קינד! [זי חאפט מארקוסען פאר א האנט]. אפשר זענט איהר אט דאס א טאקי ער אליין? עפיס א חתן, זאגט מען, זענט איהר עמיצענ'ס אט דא? פאלגט מיך מיט גוטען, וועט איהר בעסער מאכען. גיט מיר אפ דאס נדן, איך וויל גישט וויסען פון קיין שמאקנעהאז. איהר שפיעלט זיך מיט פייער! אט לויף איך צום פליצמייסטער, מיך קען מען, איך בין פון דער סלאבאדקע, מיין ערשטער מאן עליו השלום איז געוועזן ביי גיטעלע וויינשטיין עליה השלום...

פאסטערנאק. וואס איז דאס פאר א שלאק־פורעניות? פאר וואס ווארפט מען זי ניט ארויס? איהר זעהט ניט, אז ס'איז א משוגע'נע אידינע?

די אידינע. א משוגע'נע בין איך שוין געווארען? אז איך מאהן מיין געלט, בין איך משוגע? משוגע זאלט איהר ווערען פאר זיך און פאר מיר און פאר מיינע קינדער און פאר מיין גאנצער משפחה און פאר מיין מאנ'ס משפחה און פאר אלע מיינע ליעבע פריינט און פאר אלע אידען און פאר כל ישראל — אמן סלה!

[זי דערזעהט אויף א בענקעל דאס חתונה־קלייד, וואס איזאבעלע האט געמאסטען].

אַ? זייד און סאַמעט? פריהער גאָט'ס און נאָכדעם פרעמדס? מע שמירט זיך מיט מיין פוטער? מיינע ר"ן קאַרבען? דער מענטש זינדיגט און מיט דער הוהן שלאָגט מען כפרות? לאָם איך מיך האַטש רעכענען פאַר מיין בלוט! [זי האַפּט דאָס „בע־בע" און צערייסט דאָס אויף צווייען]. אַט אַזוי! גם לי גם לך — נישט מיר, נישט דיר!...

מ אַ ד אַ ם פּ אַ ס ט ע ר נ אַ ק. אוי, ס'איז מיר שלעכט, מיט רעשפּעקט צו מעלדען, טאַקי נאָר אויף צו חלש'ען! [זי פּאַלט חלשות].

א י ז אַ ב ע ל ע. אַך, מאַרקוס! [זי פאַלט מאַרקוסען אויף די הענט].

ד ע ר ע ו ל ם. וואַסער! וואַסער! [סאַסעל באַשפּריצט די מאַדאַם מיט קאַלט וואַסער].

מ אַ ר ק ו ס [צום גאַנצען עולם]. זעהט, קוקט אייך אַן אין שפּיעגעל, וואָס פאַר אַ פּנים איהר האָט מיט אייערע ספּעקולאַציעס, מיט אייער בערזע, מיט אייער יקנה"ז, מיט אייערע קאָרטען, מיט אייערע זשורפיקסען, מיט אייערע דאַמען די אַריסטאָקראַטקעס און מיט אַלע אייערע גענג אַרום און אַרום! עס וועט זיך געפינען איינער, וואָס וועט אייך באַשרייבען אויף די נאַזעטען, וועט פון אייך מאַכען אַ בוך, אַ קאָמעדיע, אַ גאַנצע קאָמעדיע! צו שאַנד און צו שפּאָט וועט איהר דעמאָלט זיין אומעטום, וואו מע הערט נאָר אַ אידיש וואָרט! אויף טהעאַטער וועט מען אייך אַרויס־שטעלען! מע וועט קוקען אויף אייך, מע וועט טייטען מיט די פינגער און מע וועט לאַכען, זיך איינרייסען דאָס געזונט לאַכענדיג — מיט איינעם וואָרט, די וועלט וועט זיין פול מיט אייך און מיט אייער יקנה"ז!!! [ער געהט אַוועק מיט איזאַבעלען אונטער דער האַנט. די מאַדאַם פּאַסטערנאַק — נאָך זיי. דער גאַנצער עולם בלייבט שטעהן פאַר־גאַפּט, די נעזער אַראָפּגעלאָזט, פאַרגליווערט — איטליכער אין איין אַנדער פּאָזע].

ד ע ר פ אָ ר ה אַ נ ג פ אַ ל ט.

# א פאר ווערטער פונ'ם מחבר.

ביי לייטען איז היינט געווארען א מאדע: אנשטאט א הקדמה פון פארענט, צו געבען די הקדמה פון הינטען. נאר באגעהן זיך גאר אינגאנצען אהן א הקדמה — דאס האבען אלע מסכים געווען, אז ס'איז אוממעגליך; ווארום באמת, ווי געשיקט זיך דאס, אז א מחבר זאל זיך צעשיידען מיט'ן לעזער גלאט אהן א זייַ־געזונט, אהן א שום געבען איהם צו פארשטעהן, וואס ער האט געמיינט, און אהן א שום אנצוהערעניש, אז ער, דער מחבר פונ'ם בוך, איז מיט גאט'ס הילף א מענטש, וואס ווייסט אלסדינג און פארשטעהט אלסדינג, און דער גאנצער איבעריגער עולם — דאס זענען נעבאך קליינע קינדער, מחילה קעלבלעך, וואס מע דארף זיי צעקייען איטליכסווארט און ארייַנלעגען אין מויל אריין? עס מאהלט זיך איהם אויס פאזיטיוו, אז אהן זיין מסביר־זיין, אהן זיין אריינלעגען דעם לעזער אין מויל אריין, וועט חס ושלום קיינער ניט פארשטעהן וואס ער מיינט... נארישקייטען! ס'איז היינט א קלוגע וועלט געווארען: אידען מיט בערד האבען דאס אמאל ניט פארשטאנען, וואס א קליין קינד פארשטעהט אצינד... נישט מעהר, וואס וויל דא דער מחבר האבען?

דער מחבר איז דא מוסר מודעה, אז ווער עס וויל זוכען אין דער קאמעדיע באקאנטע פארשוינען, דער האט מחילה א גרויסען טעות. אקעגען וואס זאגט דאס דער מחבר? ער זאגט דאס איבער א מעשה שהיה: נאך איידער דאס ווערק איז פארטיג געווארען צום אפדרוקען, איז ארוים א קלאנג אין יעהופעץ אויף דער בערזע (נישטא קיין סודות אין יעהופעץ אויף דער בערזע!), אז שלום־עליכם מאכט א ביכעל מיט'ן נאמען „יקנה"ז", אין וועלכען ער שטעלט־ ארויס אויף לייטיש געלעכטער די גאנצע יעהופעצער בערזע מיט אלע ספעקו־ לאנטען און מעקלערס, פונ'ם גרעסטען ביז'ן קלענסטען. אייניגע האבען דערפון שטארק הנאה געהאט: „א מצוה, האבען זיי געזאגט, פאני שלום־עליכם, איהר זאלט זיי חאטש רעכט באשרייבען, די מחותנים, זיי זאלען האבען צו זינגען און צו זאגען; לאזען זיי וויסען דאס אנדערע מאל, ווי אזוי צו טאנצען אויף פרעמדע חתונות!"... אנדערע האבען זיך א ביסעל אנגעבלאזען, בשעת זיי זענען געוואהר געווארען פון דער מעשה. „איך האב געהארכט, — שרייבט איינער צום מחבר אין א בריוועל — אז איהר מאכט אויף אונז א ביכעל מיט'ן

נאמען „יקנה"ז". איך בין ניט מסופק, אז עס וועט דארטען זיין פון וואס צו לאכען. נאר וואס דען? איין זאך וויל איך פון אייך בעטען: מיך זאלט איהר ארויסוואַרפען פון צעטעל"... גאר אנדערע זענען געווען טאקי רעכט אויפגעטראגען אויפ'ן מחבר; זיי האבען איהם געגעבען אנצוהערעניש דורך פארשטעלטע בריוולעך אהן חתימות, זיך גוט געבייזערט אויף איהם און אנ־געזאגט מיט'ן הארבען ווארט, אז „באם ער וועט זיך דערוועגען ארויסשטעלען זיי אין א קאמעדיע, וועלען זיי איהם דאס און דאס"... גאנץ אידישליך!

הערט צו, רבותי! די גמרא זאגט: „איוב לא היה ולא נברא — ס'איז קיין איוב גאר אויף דער וועלט נישט געווען; אלא וואס דען? משל היה — ס'איז נאר א משל, א ביישפיעל". רבותי! יקנה"ז לא היה ולא נברא — ס'איז קיין יקנה"ז גאר אויף דער וועלט נישט געווען, אזוי ווי ס'איז ניטא אויף דער וועלט קיין שטאדט, וואס זאל הייסען יעהופעץ. ס'איז נאר א משל, א פאנטאזיע, איין אויסגעקלערטע מעשה פון אלף ביז תיו. לאזען זיך ניט מיהען די, וואס האבען ליעב נאכצוקלערען און אויסצוטאפען, וועמען מיינט מען דאס? און וועמען מיינט יענעם? מע מיינט קיינעם ניט! אי, טאמער אויפ'ן צעהנטען פאל וועט זיך געפינען אזעלכער, וואס, חלילה וחס, עס וועט זיך איהם אויס־ווייזען, אז דאס מיינט מען איהם? באדארף מען ביי איהם בעטען הונדערט מאל מחילה און דערצעהלען א משל.

אמאל איז געקומען צו פאהרען א איד איין ארעמאן אין א גרויסער שטאדט אריין, צום ביישפיעל — קיין יעהופעץ, זוכען פרנסה. וואוהין שלאגט זיך איין ארעמאן? געוויינטליך, צו די נגידים. ער געהט פון איין נגיד צום אנדערען, נאר וואוהין ער קומט — לאזט מען איהם ניט אריין. וואס איז די מעשה? ערשט ער ווערט געוואהרע, אז זיין גאנצער אומגליק איז די צעריסענע קאפאטע. וואס טהוט מען? איז זיך מיישב דער איד און חאפט זיך אריין צו א טאנ־דעטניק אין א קלייט, קלויבט זיך אפ און מעסט אן א שענע קאפאטע, דינגט זיך אוים און רופט זיך אן צום קרעמער: „ווייסט איהר וואס, מיין ליעבער איד? איהר ווילט דאך מסתמא געלט? זאלט איהר זיך מטריח זיין מיט מיר אויף מיין סטאנציע אין יענעם הויז, אויף יענער און יענער גאס". דער איד מיט דער קאפאטע געהט פון איין גאס אין דער אנדערער, דער טאנ־דעטניק געהט איהם נאך.

— יונגערמאן! ביז וואנען וועט איהר מיך פיהרען? — טענה'ט נעבאך דער קרעמער. — לאזט מיך אפ, איך האב קיין צייט ניט!

— ווער האלט אייך? געהט אייך געזונטערהייט.

— סטייטש? נו, און געלט?

— וואסער געלט?

— סטייטש? נו, און די קאפאטע?

— די קאפאטע איז א קאפאטע.

דער טאנדעטניק האט דערזעהען, אז ס'איז א מיאוס'ע מעשה, האפט ער דעם אידען און וויל ארצפרייסען פון איהם די קאפאטע.

— איהר וועט ניט אוועקגעהן? — האט זיך דער איד צעשריגען אויף א קול. — אט רוף איך צו א זשאנדאר... זשאנדאאאאר!!!

דער טאנדעטניק האט דערהערט דאס ווארט „זשאנדאר", איז איהם פרחה נשמתו געווארען; ער האט אפגעלאזט דעם אידען און האט אנגעהויבען מיט גוטען:

— ווייסט איהר וואס, רב איד? איך בין אייך מוחל די קאפאטע, אבי שרייט ניט. וואס האט איהר צו מיר? בארעכענט נאר אקוראט: איך בין א היגער טאנדעטניק, און איהר זענט א ווילד־פרעמדער; איהר האפט זיך אריין צו מיר אין קלייט און מעסט־אן א קאפאטע, וועלכע ליגט אויף אייך, ליין עין־הרע, אויסגענאסען, ווי געוואונשען, לאם איך האבען אזא יאהר — טראגט געזונט, פארנוצט געזונט, און א גוטען טאג מיט דער קאפאטע!...

א גוטען טאג, ליעבער לעזער.

## די פאַרשוינען:

**ב י י ל ע**, א קעכין. איין אלמנה פון א יאהר עטליכע און דרייסיג. א יאדערדיגע אידינע.

**פ ר א ד ע ל**, א שטוב־מיידעל. א שווארצ׳חנ׳עווריגע.

**ר ב א ל ט ע ר**, איין ארעמער פאקענטרעגער, גיט ביכלעך אויף פראקאט. א אידעל פון א יאהר פערציג. איין אלמן אדער א גרוש, און אפשר איין אלטער בחור. איין האלב פנים לאכט, דאס אנדערע וויינט. טראגט א קויטיגע מאנישקע מיט א צוגעלעגערט קאפעלישעל. שדכנ׳ט זיך צו דער קעכין.

**ח י י ם**, א משרת פונ׳ם צווייטען הויז. א יונג א חוואט מיט א „סיגנעט". שדכנ׳ט זיך צו פראדלען.

**מ י ש א** } דעם בעל־הבית׳ס קינדער, א יונגעל און א מיידעל. רעדען האלב
**מ א ש א** } אידיש, האלב רוסיש.

**מ א ד א ם**, די בעל־הבית׳טע אליין. באווייזט זיך מיט׳ן איבעריגען עולם נאר אין דער לעצטער סצענע אויף א ווייל.

די געשיכטע קומט פאר אין קיך.

## ערשטע סצענע.

ב י י ל ע [שטעהט מיט פארקאטשעטע ארבעל ביי'ם אויוועז, קאכט. זינגט א ליעדעל].

אוי, וואו זענט איהר מיינע יונגע יאָהרען?
אוי, וואו זענט איהר אהינגעקומען?
צי מיט'ן פייער פארבּרענט געוואָרען?
צי מיט'ן וואַסער אוועקגעשוואומען?

אז אָך און וועה איז צו מיינע שונאים, אז ביילע באדארף זיין א דיענסט ביי די יאָהרען, און האָבּען אויף זיך אזא בעל־הבית'טע, אזא „מאדאם", וואָס נאָר געזידעלט און נאָר געפידעלט! א שענע נגידית! איין אָרעמאַן א שטיקעל ברויט וועט זי דען געבּען? די אייגענע קינדער אפילו זשאַלעוועט זי עסען. איטליכען איז זי חושד: רק מע נאשט, רק מע גנבה'ט! ביי איהר זענען אלע נאַשערינס, אלע גנב'טעס! [זי געמט־אראפ אין א באזונדער טעפּעל פון אלע מאכלים צו ביסלעך]. געננוג זיי זיין צו קרענקען, ווי זאָגט רב אלטער: „ווינציגער זיין די ווערעם אין קבר"... [נעמט־אראפ נאך א שטיקעל פלייש]. נישקשה, מע וועט זיך באדרעהען... ע־ע־ע! ווי לאנג בין איך אליין געוועזן א בעל־הבית'טע ביי מיין טיש, מיט מיין מאַן פסח צום סדר!... [זי זינגט].

אזוי ווי ס'איז ביטער,
אז מע פעפערט ניט די פיש,
אזוי איז ביטער,
אז מע זיצט ביי א פרעמדען טיש.

אזוי ווי ס'איז ביטער
יויך אָהן א פּאהן,
אזוי איז ביטער,
אז מע זיצט אָהן א מאַן.

אזוי ווי ס'איז ביטער,
אז דאָס עסען שמעקט מיט רויך,
אזוי איז ביטער,
אז מע ארבייט איבער'ן כח.

אזוי ווי ס'איז ביטער,
אז דאָס עסען האָט קיין טעם,
אזוי איז ביטער,
אז מע דיענט ביי אזא „מאדאם"...

ווער קלאָפּט דאָס דאָרטען אין דער טיר? מסתּמא רב אלטער. א טייערער איד, א כּשר'ער, איין עהרליכער, אָהן חכמות. האָרעוועט נעבאַך אויפ'ן שטיקעל ברויט, ווייסט ניט פון קיין וועלט צו זאָגען, גלייך מיט מיר... [עפענט די טיר. עס קומט אריין ר ב א ל ט ע ר פון דרויסען מיט א פּעקעל ספרים אונטער דער האַנט].

## צווייטע סצענע.

ר ב א ל ט ע ר [לעגט־אָפּ דאָס פּעקעל אויף א זייט, מאַכט צו־רעכט דאָס בערדעל, ווישט זיך דעם שוויים מיט א רויטער פּעטשיילע]. א גוטען אָוועכט אייך, ביילע לעבען! וואָס מאַכט איהר גוטס? איך געה פאַרביי, איך זעה עס לייכט זיך, טראַכט איך מיר, מע דאַרף אריינ־געהן אויף א ווײַלעטשקע... א גאַנצען טאָג איז מען אויף די פיס, פון שטוב צו שטוב, מע מיינט טאָמער — דיזען, דאַזען, דאָס און

יענס... וואָס איז ביי אייך פאַר אַ יום־טוב, ביילע, וואָס איהר קאָכט אַזוי שפּעט?

ביילע. ווייסט זיי דער שווארצער יאָהר! אַ שמחה פּלוצים, פאַרשטעהרט זאָל איהר ווערען!... געקומען אַ חתן אָנ־קוקען אונזער מאַמזעליכען. עפּיס איינער אַ שוואַרץ־יאָהר מיט קנעפּלעך, ווייסט דער רוח דעם טאַטען... אָט וועט אַריינגעהן פראַדעל, זי ווייסט... זיצט, רב אַלטער, זעצט זיך. טאָמער וועט איהר טרינקען אַ גלעזעל טיי? צי אַ גלעזעל מילך? צי אפשר ביידע זאַכען אינאיינעם? און אפשר גאָר צובייסען, עפּיס נעמען אין מויל אַריין? [זי רוקט איהם אונטער אַלע גוטע זאַכען].

רב אַלטער. אַ דאַנק, למאי זאָלט איהר זיך מטריח זיין, ביילעניו? איך בין גאָר ניט אַזוי שטאַרק הונגעריג. נאָר גאָרניט, אויך די איינענע מעשה, ווי זאָגט ער: אַז אייך איז ליעב, איז מיר ניחא... [עסט]. איז ביי אייך, הייסט דאָס, היינט אַ שטיקעל יום־טוב? מהכתיתי, לאָז זיי גאָט העלפען, וואָס האָב איך צו זיי? אַי, איך לייז ביי זיי קיין געלט ניט? למאי ס'איז דאָ, קיין עין־הרע, אַ סך אַזעלכע סטיקראַטען, וואָס איך לייז ביי זיי קיין געלט ניט? אָט, אַשטייגער, האַפּט אָן אייער מאַדאַמשע... זי פּלעגט מיר אַמאָל געבען צו לייזען פאַר ביכלעך גאָר אַ סך געלט. נאָר פון אַ צייט אַז זי האָט אויפגעהערט צו פאַרשטעהן זשאַרגאָן. פון זינט זי איז געקומען פון אויסלאַנד, האָט זי פאַרגעסען אונזער לשון, גלייך ווי זי האָט שוין פערציג יאָהר ניט געהאָרכט קיין אידיש וואָרט... אָט דאָס אויסלאַנד, הערט איהר, איז פאַר אונזער פּרנסה איין אומגליק!

ביילע. וואו האָבען זיי צייט צו לייענען ביכלעך, אַז טאָג ווי נאַכט ווייקט מען זיך אין די קאָרטען? קומט אויף דער נאַכט, קלויבט מען זיך צונויף אַלע: פּיינקוגעל און חינקים און שטרודעל און בייגעלמאַן און קנאַקניי־סעל, און מע קלאַפּט אין „סטוקעלקע”, קלאַפּען און סטוקען זאָל זיי אין קאָפּ, רבונו של עולם! איך דאַרף שטעהן ביי'ם אויווען:

קאָך זיי, בראָט זיי, בראָטען און ברענען זאָל זיי אויפ'ן הארצען!... אפשר וועט איהר נעמען, רב אלטער, א גלעזעלע בראָנפּען, ס'איז געבליבען פון נעכטען? [זי ברינגט זיך אן, נעמט-ארויס, גיסט איהם אן א גלעזעל. ער פארזוכט].

רב אלטער. א דאנק, למאי זאָלט איהר זיך מטריח זיין? [ער קעהרט-איבער דאס גלעזעל]. הערט איהר,ביילע, ס'איז גאר ניט קיין שלעכט ביסעל בראָנפּען, ווי איהר זעהט מיך לעבען! [זי גיסט איהם אן נאך א גלעזעל]. א דאנק, למאי זאָלט איהר זיך מטריח זיין?... ס'איז ביטערע צייטען, זאָג איך אייך, עך-עך-עך!... אמאָל פלעגט מיר אָנקומען א גאנצער טראנספּאָרט מיט ראָמאנען פון דער ווילנאָ, פלעג איך זיי פארצוקערען. און היינט, ווייסט דאָס דער גוטער יאָהר, פון זינט די ציוניסטען האָבען אָנגעהויבען ארויסגעבען זייערע ביכלעך, איז מיין פרנסה שטארק געשלאָגען... נאַ דיר ציוניסטען!... נגנע!

ביילע. ציבעליסטען? וואָס איז דאָס, רב אלטער, פאר איין אָנשיקעניש אזעלכעס?

רב אלטער. ציוניסטען — דאָס זענען די ציוניסטען, וואָס פארנעמען זיך מיט'ן ציוניזם... זיי ווילען, פארשטעהט איהר מיך, מיר זאָלען אלע פאָהרען קיין פּעליסטינע ווילען זיי...

ביילע [שאָקעלט מיט'ן קאפּ]. נאַ דיר נאָך, טאָמער איז קארג!... אָט האָסט דו דיר א בלעסטערינגע אויף זייערע קעפּ, פארהאפּט זאָלען זיי ווערען!...

רב אלטער [שלאָגט איהר איבער]. שאַ, גאָט איז מיט אייך, ביילע, פאר וואָס שעלט איהר זיי? אדרבה, זיי מיינען אונזער טובה טאקי... פארקעהרט, סע קומט זיי נאָך א דאנק, זיי ווילען העלפען די אָרעמע לייט... דאָס פאָלק, פארשטעהט איהר מיך... דיזען, דאַזען, דאָס און יענס...

ביילע. הערסט? וואָס זשע שווייגט איהר? וויבאלד אזוי, לאָז זיי גאָט געבען געזונט און אלדאָס גוטס! אויף קיין

שלעכט אָרט זאָלען זיי ניט שטעהן... לאָזען מיינע בעלי־בתּים זיין פאַר זיי די כּפּרה!...

ר בּ  א ל ט ע ר. לאָז גאָט היטען! וואָס האָבּ איך צו זיי? אָט, למשל, האָבּ איך בּאַקומען אַ פּריש פּעקעל סחורה, ראָמאַנען, אַזש פון אַמעריקע, פּרישע, צאַפּעלדיגע, נאָר־וואָס פון דער נאָדעל ארויס. איך זאָג אייך, פון די אַנטיקען! קפּריסין! זעמעלמעהל!...

ב י י ל ע [שלעפּט־ארויס אַ פלעשעל פון אונטער'ן בעט און גיסט איהם אן אַ גלעזעל וויין]. אַנוֹ, רבּ אַלטער, פּאַרזוכט, זייט מוחל, פונ'ם דאָזיגען וויין. געבּליבּען בּיי זיי נעכטען פונ'ם טיש...

ר בּ  א ל ט ע ר. אַ דאַנק, למאי זאָלט איהר זיך מטריח זיין? [פּאַרזוכט און בּאַלעקט זיך]. הערט איהר, בּיילעניו, איז דאָס אַ גלעזעל משקה — פון משקה־לאַנד!... [טרינקט און בּאַלעקט זיך]. זינט גאָט האַנדעלט מיט משקאות, האָט ער נאָך אַזאַ משקה ניט געהאַט... [קוקט אין גלעזעל אריין און שפּיגעלט זיך]. ע, אַפּנים, די נגידים וויסען טאַקי וואָס גוט איז? הערט איהר, די קאַפּאָטע פאַרזעצען — און אַ נגיד זאָל מען זיין!... אַז ס'איז יאָ אַזוי, טאָ לאָמיר זיין געזונט! [קעהרט איבער דאָס גלעזעל]. הערט איהר? דאָס איז וויין! דאָס איז אַ מין משקה, וואָס מע קאָן עס אָנרופען וויין. עס האָט אין זיך אַלע אַפּשניצלעך פון... פון... אַ גלעזעל וויין. [בּאַלעקט זיך]. דיזע, דאַזען, דאָס און יענס...

ב י י ל ע [גיסט איהם אן נאָך אַ גלעזעל]. נישקשה, טרינקט נאָך איין גלעזעל. זשאַלעוועט ניט, פאַרהאַן בּיי זיי אין קעלער גענוג... זיי מעגען דאָס אויסקרענקען געזונטערהייט!

ר בּ  א ל ט ע ר [מיט אַ פריילעך פּנים]. לאָז גאָט היטען! וואָס האָבּ איך צו זיי? לאָזען זיי טרינקען. לאָזען אידען טרינקען געזונטערהייט... אַ איד איז ניט קיין גוי. אַ איד, אַז ער נעמט אַ בּיסעל משקה, איז גאָרנישט, מהכתּיתי... ער טרינקט זיך אויס אַ גלעזעל, צוויי גלעזלעך, צי אפילו דריי גלעזלעך — און שאַ, שטיל, טשעפּעט ניט קיין פליעג אויף דער וואַנט... שכּור? פּע! שכּור קיינמאָל ניט! קיינמאָל ניט שכּור!...

ב י י ל ע [דערגיסט איהם דאָס גלעזעל]. קיינמאָל ניט!

ר ב א ל ט ע ר. אַקעגען וואָס, הייסט דאָס, איז דאָס גע־קומען צו רעד? יאָ, אַקעגען דעם, וואָס איהר זאָגט: מע האָ־רעוועט... מע האָרעוועט איבער'ן כּח... אָט, למשל, חאַפּט־אָן, צום בלייסשטיפט, אַ יונגע אַלמנה, ווי איהר זענט... וואָס? ווער? ווּעמען? גאָרנישט... דיזען, דאַזען, דאָס און יענס... הערט איהר? איך וואָלט דאָס אייך ניט געזאָגט, נאָר אונטער פּיער אויגען זאָג איך אייך... די מעשה פון דער געשיכטע איז אזוי. ביז וואַנעט איז דער שיעור, פרעג איך אייך, צו זיין ביי יענעם?... ווידער אַ מאָל געקאָכט וועטשערע, און אָבער אַ מאָל וועטשערע... צייט אַ מאָל אליין איין א י י ג ע נ ע וועטשערע, איין אייגען שטיקעל אויוועו. דיזען, דאַזען, דאָס און יענס... איהר פאַרשטעהט?

ב י י ל ע. יאָ, איהר זענט אודאי גערעכט, רב אַלטער. איין אייגענע פּאַמוניצע איז אודאי ליעבער פון אַ פרעמדער שיסעל. וואָס קומט אָבער אַרוים? אַ וויסטע אַלמנה. מה אָנו, מה חיינו?

ר ב א ל ט ע ר. אם כּן, איז וואָס? איין אַלמנה איז דען קיין מענטש ניט? פאַרקעהרט, איין אַלמנה איז נאָך, אדרבה, מעהר סחורה... מצד רחמנות... [מאַכט מיט די הענט]. מצד דיזען, דאַזען, דאָס און יענס...

ב י י ל ע. ווייס איך וואָס? ווער וועט זיך קוואַפּען אויף מיר מיט סך־הכּל צוויי הונדערט שמאַרדאָווענצעס? נישט מעהר זאָלען מיינע בעלי־בתּים פאַרמאָגען, רבונו של עולם...

ר ב א ל ט ע ר [בחור'ט זיך]. ע, זאָגט דאָס נישט, ביילע לעבען!... ווי אזוי מע וויל, לייענט מען דאָס בריוועל. צוויי הונדערט קאַרבען איז היינטיגע יאָהרען אַ קאַפּיטאַל, און צו אזא קאַפּיטאַל, ווען גאָט שיקט אייך צו, כּדומה למשל, אַ לייטישען יונגענמאַן, אַ מענטשען איין עהרליכען, אַ מענטשען מיט אַ גע־שעפּטעל אין דער האַנט... אַ מענטשען, וואָס פאַרשטעהט איהר מיך... [מאַכט מיט די הענט]. דיזען, דאַזען, דאָס און יענס...

ב י י ל ע. אשטייגער, כּדומה למשל?...

ר ב  א ל ט ע ר  [בחור'ט זיך]. אשטיינגער, כדומה למשל, איך זאָל אייך אָנכאַפּען, נאַפּשיקלאַד, אזא מין מענטשעל, וואָס האָט א געשעפטעל. נישט קיין גרויס געשעפט, נאָר אזוי, א פּיינס, א שטילס, א רוהיגס... וואָס האנדעלט מיט אזא מין סחורה, וואָס מע גיט דאָס אויף פּראָקאַט... אויף איבערלייענען... נו, כדומה למשל, ביכער, ראָמאַנען... [מאכט מיט די הענט]. דיזען, דאַזען, דאָס און יענס...

ב י י ל ע  [פארטראכט, ווישט זיך די נאז מיט'ן ארבעל פון אונטען ארויף]. איהר רעדט עפּיס, רב אלטער, אזעלכע ווערטער... פאר־שטעלט... איך קאָן ניט פארשטעהן... טרינקט, איך בעט אייך, קוקט ניט אויף כבוד... מיר וועלען האָרעווען, און זיי וועלען פרעסען און זויפען? עסען זאָלען זיי ווערעם! [גיסט איהם אן נאך א גלעזעל].

ר ב  א ל ט ע ר. לאָז גאָט היטען! וואָס האָב איך צו זיי? [נעמט דאס גלעזעל]. וואָס איהר זאָגט, מע האָרעוועט. דערויף זענען מיר שוין געוואוינט. וואָס איז שייך? גאָט האָט אזוי באַשאַפען די וועלט, אז מיר דארפען האָרעווען, פארשוואַרצט ווערען, און זיי ד'ארפען לעבען א גוטען טאָג, עסען און טרינקען, און דיזען, און דאַזען, און דאָס, און יענס... פארדריסען פארדריסט נאָר דאָס, וואָס ס'איז ביי זיי ניט אָנגעלעגט אונזער האָרעוואַניע. למשל, אָט נעמט א פערד, להבדיל, האָרעוועט אויך איבער'ן כח. זעהט זשע אָבער, ווי מע קיכעלט עס, מע גלעט עס, מע גיט דעם עסען, און טרינקען, און דיזען, און דאַזען, און דאָס, און יענס...

ב י י ל ע. איהר רעדט עפּיס, רב אלטער, תמיד אזוי מאָדנע... פארשטעלט...

ר ב  א ל ט ע ר. ס'איז ניט מיינע ווערטער. דאָס האָב איך אויסגעלייענט פון א ביכעל, פון די היינטיגע ביכלעך, וואָס זיי געבען־ארויס, אָט די ימח־שמו'ניקעס, די צעצעליסטען...

ב י י ל ע. וואָעם? וואָס איז דאָס פאר א מכה? א מכה זאָל זיך זיי זעצען אויפ'ן שפּיץ נאָז!...

ר ב  א ל ט ע ר. לאָז גאָט היטען! וואָס האָב איך צו זיי? פארשטעהט איהר מיך, די דאָזיגע — דאָס זענען אזעלכע מענטשען, פארשטעהט איהר מיך, וואָס קאטאָרי זיי נעמען זיך אָן, אדרבה, די קריוודע פון די אָרעמעלייט, פון די ארבייטער, פאר מיר, און פאר אייך, און פאר די אַלע, וואָס פּלאָגען זיך און מוטשען זיך אויף דער וועלט...

ב י י ל ע. הערסט דו! וואָס זשע שווייגט איהר? לאָזען מיינע בעלי־בתּים איינגעמען א מיתה משונה פאר זייער מינדסטען נאָגעל!

ר ב  א ל ט ע ר. לאָז גאָט היטען! וואָס האָב איך צו זיי?

[עס עפענט זיך די טיר, עס קומט אריין ח י י ם  ד ע ר  מ ש ר ת.ביילע טהוט זיך א ווארף צום אויווען. רב אלטער קוקט אריין אין א ביכעל].

## ד ר י ט ע  ס צ ע נ ע.

ח י י ם [דאָס קאפּעלישעל אויף א זייט]. א גוטער נאָוועגט זאָל זיך אין אייך אריינחאפּען, ביילעניו! וואָס מאַכט א איד, רב אלטער? איהר ווייסט? דאָס ביכעל, וואָס איהר האָט מיר גע־בראַכט, איז איין אנטיק פון א ביכעל! איך האָב דאָס נאָר גענומען לייענען, בין איך אנשלאָפען געוואָרען זיצענדיג אויפ'ן בענקעל, ווי א גע'הרג'טער... [ער גיסט זיך אן א גלעזעל וויין]. געניסט עפּיס, רב חיים, פאר וואָס זאָלט איהר ניט געניסען? אזוי זאָגט מיין מאַדאַם, בשעת זי איז מכבּד איהרע געסט מיט ווערעמיגע ניסלעך... וואו איז ערגיץ פראַדעל? [ער וויל זיך אנגיסען נאָך א גלעזעל].

ב י י ל ע [גיט איהם איבער די הענט]. אוועק, דו משומד, ניט פון דיינעטוועגען אָנגעגרייט!... דערצעהל בעסער, וואָס ביזט דו אזוי אויסגעפּוצט? וואָס הערט זיך עפּיס ביי אייך? וואָס מאַכען דיינע בעלי־בתּים?

ח י י ם. מיט די זייטען זאָלען זיי אייך מאַכען!... מע זיצט ביידע אין דער היים, ווי די טייבעלעך, און מע זידעלט זיך און מע

שעלט זיך ביז הונדערט און צוואנציג יאהר... [ער שלעפט פון קעשינקע ניסלעך, ווארפט איז מויל אריין און טהוט א קנאק אלע מאל מיט דער האנט איבער דער מארדע פון אונטען ארויף].

ב י י ל ע. וואס איז די מעשה?

ח י י ם [קנאקט ניסלעך]. וואס זאל זיין? גארניט. זי וויל קיין פאריז. זאגט ער: קיין בארלין. זאגט זי: אין דער ערד. זאגט ער: ביזט א בהמה. זאגט זי: דו ביזט א בעל־עגלה. זאגט ער: אבי ניט קיין שניידער... אפנים, טראכט איך מיר, זיי שטאמען ביידע פון גרויסען יחוס, גלייך מיט דעם יחוס פון זייער מחותן חינקים. איהר ווייסט, רב אלטער, חינקים׳עס יחוס?

ר ב א ל ט ע ר. דהיינו, כּדומה למשל?

ח י י ם. דהיינו, כּדומה למשל, איין זיידען האט ער געהאט א פאטאגראף — ער פלעגט אראפנעמען גרעט פונ׳ם בוידעם. און דער אנדערער זיידע איז געווען גובערסקי רעוויזאר איבער אלע שענקען... א! מע זאל דערמאנען משיח׳ן!... [עס קומט אז פון שטוב פראדעל].

## פ י ע ר ט ע ס צ ע נ ע.

פ ר א ד ע ל [זעהט נישט חיים׳ען. זינגט א ליעדעל].
זיץ איך מיר אויף א שטיין,
עס נעמט מיך אן א גרויס געוויין:
אלע מיידלעך האבען חתונה,
נאר איך איינע זיץ אליין!...

ח י י ם [ווישט זיך די אויגען כלומרשט]. זעהר טראווערדיג!

פ ר א ד ע ל [זעהט איהם נישט, זינגט און טאנצט אונטער].
אוי־וועה, מארגענשטערן,
ווען וועל איך א כּלה ווערען?...

חיים [פון דער ווייטען].

שטעהן שטעה איך, שטעה איך ביי דער טיר,
קוקען קוק איך מיט אויגעלעך אויף דיר.
הארצעניו, ליובעניו, וואָס טהוט זיך דאָס מיט דיר?
צייט פון שבת אָן האָסט זיך ניט געזעהען מיט מיר!

פראדעל [זעהט איהם ניט].

כל־זמן איך בין א מיידעל,
בין איך שען און איידעל.
און וויבאלד איך ווער א ווייבעל,
ווער איך שוין איין אָרעם טייבעל.
אוי־וועה, מאָרגענשטערן,
ווען וועל איך א כלה ווערען?

חיים [געהט איהר אַקעגען מיט אויסגעשטרעקטע הענט]. הנני! איך בין אָנגעברייט! איך בין גרייט אפילו היינטיגען טאָג, נשמה מיינע! דאָס בין איך טאַקי געקומען, איך זאָל מיט דיר אָפּרעדען, מיין טייער קאַנאַריקעל, אָפּשטעלען דאָס קנס־מאָל... א גוטען נאָוועגט דיר, פראדעל! וואָס מאַכסט דו, הארץ מיינס, און ווי געהט דאָס דיר אין געזונט, מיין איינגעל און מיין שאַץ, דער גייסט פון מיין נשמה, דאָס הארץ פון מיינע אויגען, ווי ביי רב אלטערען אין די ביכלעך שטעהט געשריבען...

פראדעל. וואָס איז? וואָס ביזט דו אזוי האָפּערדיג? קוקט איהם אָן, ווי ער האָט זיך דאָס א ביסעל אויסגעסטראָצעלט, דער שענער מחותן! גוט יום־טוב ראש־חודש קלעמעניש!... געהסט מן הסתם פון צירק, אָדער געהאָפּט ערגיץ א קערטעל?...

חיים. ווי דען איז אַנדערש, פייגעלע? א מענטש לעבט איין מאָל, ניט קיין צוויי מאָל, ווי מיין רבי פלעגט זאָגען, אז ער האָט ניט געהאַט אויף שבת און די רביצין פלעגט איהם באַגראָבען נייען איילען אין דער ערד...

פראדעל. באַגראָבען זאָל מען דיך!

ח י י ם. אָמן, אַלע ווייבער! נאַרעלע, היינטיגס מאָל האָסט דו דוקא ניט געטראָפען: אין צירק געה איך ניט, און אין קאָרטען שפּיעל איך ניט — ווייסט דו פון ווען אָן?

פ ר א ד ע ל. פון ווען אָן?

ח י י ם. פון עהערנעכטען אָן... איך האָב מיר געגעבען דאָס וואָרט, איך זאָל ניט שפּיעלען מעהר! איבער צוויי זאַכען: ערשטענס, האָב איך ניט פאַר וואָס, און אז מע האָט נישט קיין פינגער, זאָגט רב אַלטער, קאָן מען קיין פייג נישט שטעלען. און והשנית, קלויב איך איצט אַ גראָשען צו אַ גראָשען. צוליעב דער חתונה, נשמה מיינע... מע זאָל זיך ביי מיר אויסציהען פאַר אַ גראָשען — געב איך ניט! עס ווילט זיך ניט שטאַרבען אין פרעמדע תכריכים, ווי מיין באָבע עליה השלום פלעגט זאָגען, בשעת מע האָט געבעטען ביי איהר אַ נדבה...

פ ר א ד ע ל. וואָס זשע דען טהוסט דו גאַנצע נעכט, אז דו פּטר׳סט־אָפּ אַלע אַרבייט אין שטוב?

ח י י ם. וואָס איך טהו? איך פאַרנעם זיך מיט בילדונג, טייערע! מיט בילדונג! אָט לייען איך איצט אַ ביכעל, זים ווי איינגעמאַכטס... רב אַלטער האָט דאָס מיר געבראַכט... אוי, אַ ביכעל! [ער קושט די פינגער]. כ׳בין אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען. נאָר געלייענט, און געלייענט, און געלייענט — מחיה נפשות!

פ ר א ד ע ל. עס קעהר שוין זיין דאָס גוטע ביכעל, אז ס׳איז אַריין צו דיר אין די הענט אַריין... וואָס איז דאָס, אַ ראָמאַנס?

ח י י ם. נאָך אַ מין ראָמאַנס! אין זעכס טיילען, מיט אַ נעקראָלאָג.

ר ב א ל ט ע ר. עפּילאָג.

ח י י ם. מיין איך — עמפּילאָג.

פ ר א ד ע ל. ווי אַזוי רופט זיך עס?

ח י י ם [טהוט זיך אַ פּאַטש אין שטערן]. סע רופט זיך אַן מיט אַזאַ לאַנגען נאָמען, אַז ס׳איז שווער צו געדענקען אויסווענינ... רב אַלטער סערדצע! ווי אַזוי הייסט עס ביי אייך?

ר ב  א ל ט ע ר. ווער?

ח י י ם. אַט אַ יענס ביכעל, וואָס איהר האָט מיר געבראַכט אנומעלטען צו טראָגען?

ר ב  א ל ט ע ר. אה? דאָס ביכעל, וואָס איך האָב דיר איבערגעלאָזט? שוין איין מאָל אַ ביכעל! אַנטיק שבאַנטיק! פּרימאַ! מע רייסט דאָס ביי מיר פון די הענט! עס הייסט מיט'ן נאָמען: „דער ווילדער נעגער אין רויטען גאַרטעל מיט צעהן אָנגעלאָדענע פּיסטאָלעטען און מיט זעכּס פאַרשאָלטענע דאַמען אין טויבענגעשטאַלט, אָדער דער רינג פון שלמה המלך, אַ העכסט־אינטערעסאַנטער ראָמאַן אין זעכּס טייל מיט איין עפּילאָג און מיט אַ ליעד צום געזאַנג, פאַרפאַסט פון יצחק שלמה עסיגטרייבער אויף דעם אַרט פון שמ"ר".

| | |
|---|---|
| ב י י ל ע | [אַ פּליעסק מיט די הענט]. אַ דונער האָט מיך ניט |
| פ ר א ד ע ל | דערשלאָגען! וואָס פאַר אַ לאַנגער נאָמען! |

ח י י ם. שרעקט זיך ניט, ס'איז ביי זיי פאַרהאַן נאָך לענגערע, און אַלע עפּיס אַזעלכע מאָדנע כּפול־שמונה'דיגע נעמען, צום ביישפּיעל: „דער געפאַנגענער קיניג ביי'ם פאַרגליווערטען ים אין דער וויסטעניש, אָדער די צעשפּאָלטענע ליפּ"... „דער שוואַרצער ציגיינער מיט די זילבערנע קנעפּ אין רייטוואָגען, אָדער די גלעזערנע קאַטשעלקע אויף פּסח"... „די געשוואָלענע מויד פון איהר אייגענעם חתן, אָדער דער רויטער ממזר, פאַרהאַפּט זאָל ער ווערען!"...

| | |
|---|---|
| ב י י ל ע | פאַרהאַפּט מעגסט דו שוין ווערען פאַר אַלע |
| פ ר א ד ע ל | אידען, רבונו של עולם! |

ח י י ם. אָמן, אַלע ווייבער! הקיצור, ס'איז אַ ביכעל, זאָג איך דיר, הערסט דו, פראַדעל, די פינגער צו קושען!

פ ר א ד ע ל. וואָס זשע באַשרייבט זיך דאָרטען אין ביכעל? ביזט ניט קראַנק צו דערצעהלען!

ח י י ם. דאָרטען באַשרייבט זיך... ס'איז שווער צו געדענ־קען אויף אויסווענינ... עפּיס ווי אַזוי אַ פֿיינער בחור פון אַ יאָהר עטליכע און צוואַנציג...

ר ב א ל ט ע ר. אכטצעהן.

ח י י ם. ראָמאַנסירט מיט אַ מיידעל פון אַ יאָהר נייענצעהן...

ר ב א ל ט ע ר. זיעבעצעהן.

ח י י ם. אַ שען מיידעל, איין עפּעלע, מיט חן־גריבעלעך אין די בעקלעך, אַ בלאָנדינקע מיט שוואַרצע האָר...

ר ב א ל ט ע ר. מיט בלאָנדע האָר.

ח י י ם. מיין איך, אַ בראָנעטקע מיט בלאָנדע האָר...

פ ר א ד ע ל. ווי אַזוי הייסט זי?

ח י י ם. ווי אַזוי הייסט זי? נאָר־וואָס ארויסגעפלויגען פונ'ם קאָפּ... זי ליגט מיר אויפ'ן צונג... ווי אַזוי הייסט זי, רב אַלטער?

ר ב א ל ט ע ר. ווער?

ח י י ם. אָט יענס מיידעל, וואָס ביי מיר אין ביכעל?

ר ב א ל ט ע ר. סעראַפימאַ.

ח י י ם. יאָ, יאָ, איך האָב טאַקי געוואָלט זאָגען אַזוי... עס באַשרייבט זיך דאָרט, ווי אַזוי דער בחור פאַרליעבט זיך אינ'ם מיידעל... דאָס מיידעל פאַרליעבט זיך אינ'ם בחור... דער בחור וויל חתונה האָבען פאַר'ן מיידעל... דאָס מיידעל וויל חתונה האָבען פאַר'ן בחור... ווילען זיי, הייסט עס, ביידע... טרעפט זיך איינ־מאָל אַ מעשה, דער בחור באַגעגענט זיך מיט'ן מיידעל ערגיץ אין איין אָרט — דאַכט זיך, אַז אין קיך?... איאָ, רב אַלטער?

ר ב א ל ט ע ר. האַ? וואָס?

ח י י ם. וואו באַגעגענט ער זיך דאָרטען אין אייער ביכעל, יענער בחור מיט דער מויד? איאָ, אין קיך?

ר ב א ל ט ע ר. אין פּאַריז אין די בעדער... ביי'ם ג ר א ף ס א ל י ס אין פּאַלאַץ... אין אַ גאָרטען פון לימענעס מיט פּאָמעראַנצען.

ח י י ם. אזוי גאר? בקיצור, איז זיך מיישב ער, מיין בחור הייסט דאָס, און איז ניט פויל אויף דער פּען און חאפּט זי אַרום אט אזוי! [ווייל ארומנעמענז פראדלען].

פ ר א ד ע ל. אוועק, דו שארלאטאן!...

ר ב א ל ט ע ר. ניין, חס ושלום, ניט אזוי... פריהער פאלט ער איהר צו די פיס...

ח י י ם. איך האָב דיר נאָר געוואָלט ווייזען, ווי אזוי דער בחור נעמט־ארום דאָס מיידעל דאָרט אין ביכעל...

פ ר א ד ע ל. ווער די כפרה!... געקומען אויפ'ן גרייטען... געה זעה ביי לייטען, ווי סע פיהרט זיך... אַט איז געקומען צו אונזער בארישני א חתן אזש פון אלדי שווארצע יאָהר... פאר־שפּארט מיט איהר אין איין חדר פון אינדערפריה אָן...

ח י י ם. פון אינדערפריה אָן? טאטעניו! וואָס אזוי לאנג? וואָס טהוען זיי דאָרטען, קעצעלע מיינס?

פ ר א ד ע ל. איך זאָל אזוי וויסען פון דיר! איין וואָרט האָב איך געחאפּט, בשעת איך האָב זיי אהין דערלאנגט טיי...

ח י י ם. וואָס פאר א וואָרט?

פ ר א ד ע ל. אז איך וועל דיר זאָגען, וועסט דו באלד וויסען! „זשיוואָפּרי"...

ח י י ם. זשיוואָפּרי? אהא, איך וויים שוין! אויף אונזער לשון איז דאָס אלץ איינס, ווי מע זאָל זאָגען: „סע ברענט מיך א טרונק"... איאָ, רב אלטער, א טרונק?

ר ב א ל ט ע ר [באלעקט זיך]. וואָס זאגט איהר, א טרונק? א איד איז ניט קיין טרינקער... מהכתיתי, א איד נעמט א מאָל א ביסעל בראָנפען...

ח י י ם. גוט מאָרגען, געלי, דעטאך טראָג איך! מע רעדט דא פון פראנצויז, קומט איהר מיט א ביסעל בראָנפען... [עס הערט זיך א קול פון שטוב: „פראָני, פראדעל! וואָס קרענקסט דו דאָרט אין קיך, דו מויד?"...].

פ ר א ד ע ל. קרענקען זאָלט איהר פאַר אַלע אידען!... איך געה, איך געה! ווי געפעלט אייך, ווי זי קוויטשעט! איך וואַש דאָס געפּעס! אַט געה איך! געהן זאָל זי אויף קוליעס!...

ח י י ם. אָמן, אַלע ווייבער! [פראדעל לויפט־ארויס פון קיך. עס לויפען אריין מ י ש א און מ א ש א].

## פ י נ פ ט ע ס צ ע נ ע.

מ י ש א א ו ן מ א ש א [שלעפּען לעקאַך פון די קעשענעס, קנאַקען ניסלעך, קוקען זיך ארום אויף אַלע זייטען]. סמאַטרי, בּיילע, זאָג ניט אוים, באָזשע סאָחראַני!...

ב י י ל ע. א מכה דער מאַמען! איהר זענט געבּאַך הונ־געריג, טייבעלעך?... עסט געזונטערהייט, עסט, פייגעלעך!... וואָס הערט זיך עפּיס אין שטוב, קינדערלעך?

מ י ש א א ו ן מ א ש א. גאָרניט... דער פּאַפּאַ און די מאַמאַ שפּיעלען אין קאָרטען... דער דיאַדיאַ קושט די שוועסטער... יעי באָגו...

ח י י ם. טאַקי? אָנו, ווייזט, ווי אַזוי קושט ער זי, קעצעלעך?

מ י ש א א ו ן מ א ש א. וואָט קאַק! [זיי קושען זיך אין די פּיסקלעך און לאַכען].

ח י י ם [פּאַטשט זיי אין די פּלייצעס]. בּראַוואָ! בּראַוואָ! מאָלאָדצי רעבּיאַטאַ! אָט וואָס הייסט גוט דערצויגען קינדער! איהר זאָלט זיין עהרליכע קינדער, וואָלט איהר אוועקגע׳לקח׳ענט פונ׳ם טיש עפּיס גוטע זאַכען פון אונזערטוועגען: טאָרט, ניסלעך, עפּעל, בּאַרען, מאַראַנצען, איינגעמאַכטס... נישקשה, קיינער וועט נישט וויסען... צווישען דער משפחה וועט דאָס בּלייבען...

[מישא און מאשא לאזען זיך געהן. פראדעל קומט־אָן מיט א גראַפין נאָך וואַסער].

# זעכסטע סצענע.

פ ר א ד ע ל. ברענגען זאָלען זיי אויפ'ן פייער!...

ח י י ם. אָמן, אַלע ווייבער!

פ ר א ד ע ל. דאָ האָט זי געשריגען „מויד", און דאָרט, פאַר פרעמדע מענטשען, איז זי זיס, ווי צוקערלעקאך. „ברענג, זאָגט זי, דושעטשקע, א גלאָז וואַסער פאַר דער מאַדאַם לאָקשענקוגעל"...

ב י י ל ע. וואָס מאַכען עפּיס חתן-כלה?

פ ר א ד ע ל. קיין גוטס זאָלען זיי אייך ניט האָבען.

ח י י ם. אָמן, אַלע ווייבער!

פ ר א ד ע ל. די שענע כלה האָט מורא, טאָמער טהוט א קוק אויף מיר דער חתן, האַלט זי איהם פאַרשפּאַרט... נישקשה, ער וועט פון איהר האָבען א ווײַסטען סוף. ס'איז א וואויל כלה'כען. זי וועט איהם, אם ירצה השם, אויסדראַפּען די אויגען...

ח י י ם. א מצוה, לאָז זיך איהם ניט גלוסטען, ווי מיין עלטערע שוועסטער פלעגט זאָגען, בשעת איך האָב מיך געוואָרגען מיט א ביינדעל... אפּנים, עס וועט זיין טאַקי היינט א מזל-טוב?... אַסים, רב אַלטער, באמת געגאַסען! טהוט איהם א ציה, ביילע, ביי'ם לינקען אויהער און זאָגט „לישועתך קויתי"...

ר ב א ל ט ע ר [האָט ביז אַהער געהאַפּט א דרימעל, געפּייפט מיט דער נאָז. כאַפּט זיך אויף]. א דאַנק! למאי זאָלט איהר זיך מטריח זיין? איך בין א ווינציגער טרינקער... א איד טרינקט נישט... א איד איז גאָר קיין טרינקער נישט... די צי-צי-ציוניסטען זענען זעהר גערעכט... זיי זאָגען, אז א איד... א איד ליגט אין דער ערד, נייען איילען אין דער ערד... א איד איז נעבאך ת-תמיד פאַר-שמאַכט, פאַריאָמערט... [ער זינגט מיט איין אומעטיגען קול].

פאַריאָמערט, פאַרקלאָגט,
פון זיינעם פאַריאָגט...

ח י י ם. אַהאָ! רבֿ אַלטער איז דאָך טאַקי רעכט אונטער'ן גלעזעל, כּלעבן! בגילופין!... געמאַכט, אַפּנים, אַ רעכטע כּוסה?...

ב ײ ל ע. ניט מײן זאָלסט דו עסען, װיפיעל זײ האָבען געטרונקען!

ח י י ם. אָמן, אַלע װײבער!... װײסט איהר װאָס, רבֿ אַלטער? אַז איהר זינגט שוין יאָ, טאָ זינגט אונז עפּיס אַ ליעדעל פון די ליעדלעך! איהר זענט דאָך אַ איד, װאָס קאַטאָרי, איהר האַנדעלט מיט ביכלעך און מיט ליעדלעך.

ר ב א ל ט ע ר. װעסט מיר העלפען? איהר װעט מיר העלפען? װעל איך אײך זינגען אַ ליעדעל, װאָס איז טאַקי אָנגעמאַסטען אויף מיר אַלײן.

א ל ע ד ר י י. אָך! מהכּתיתי, מיט'ן גרעסטען פאַרגעניגען! [גרײטען זיך צו איהם מיטהעלפען].

ר ב א ל ט ע ר [זינגט].

צעהן ברידער זענען מיר געװע־ע־עזען,
האָבען מיר געהאַנדעלט מיט װײן;
אײנער איז פון אונז געשטאָרבען,
זענען מיר געבליבען נײען.
אוי, שמערעל מיט'ן פי־ע־עדעל,
בערעל מיט'ן באַס!
שפּיעלט זשע מיר אַ לי־ע־עדעל
אויפ'ן מיטען גאַס!

א ל ע א י נ א י י נ ע ם.
אוי, שמערעל מיט'ן פי־ע־עדעל,
בערעל מיט'ן באַס!
שפּיעלט זשע מיר אַ לי־ע־עדעל
אויפ'ן מיטען גאַס!

ר ב א ל ט ע ר.

נײַען ברידער זענען מיר געװע־ע־עזען,
האָבען מיר געהאַנדעלט מיט פּראַכט;
אײנער איז פון אונז געשטאָרבען,
זענען מיר געבליבען אַכט.

אַ ל ע.

אוי, שמערעל מיט'ן פי־ע־עדעל,
בערעל מיט'ן באַס!
שפּיעלט זשע מיר אַ לי־ע־עדעל
אויפ'ן מיטען גאַס!

ר ב א ל ט ע ר.

אַכט ברידער זענען מיר געװע־ע־עזען,
האָבען מיר געהאַנדעלט מיט ריבען;
אײנער איז פון אונז געשטאָרבען,
זענען מיר געבליבען זיעבען.

אַ ל ע.

אוי, שמערעל מיט'ן פי־ע־עדעל,
בערעל מיט'ן באַס!
שפּיעלט זשע מיר אַ לי־ע־עדעל
אויפ'ן מיטען גאַס!

ר ב א ל ט ע ר.

זיעבען ברידער זענען מיר געװע־ע־עזען,
האָבען מיר געהאַנדעלט מיט געבעקס;
אײנער איז פון אונז געשטאָרבען,
זענען מיר געבליבען זעכס.

אַ ל ע.

אוי, שמערעל מיט'ן פי־ע־עדעל,
בערעל מיט'ן באַס!
שפּיעלט זשע מיר אַ לי־ע־עדעל
אויפ'ן מיטען גאַס!

ר ב א ל ט ע ר.

זעכּס ברידער זענען מיר געווע־ע־עזען,
האָבען מיר געהאַנדעלט מיט שטרימף;
איינער איז פון אונז געשטאָרבען,
זענען מיר געבליבען פינף.

א ל ע.

אוי, שמערעל מיט'ן פי־ע־עדעל,
בערעל מיט'ן באַס!
שפּיעלט זשע מיר א לי־ע־עדעל
אויפ'ן מיטען גאַס!

ר ב א ל ט ע ר.

פינף ברידער זענען מיר געווע־ע־עזען,
האָבען מיר געהאַנדעלט מיט ביער;
איינער איז פון אונז געשטאָרבען,
זענען מיר געבליבען פיער.

א ל ע.

אוי, שמערעל מיט'ן פי־ע־עדעל,
בערעל מיט'ן באַס!
שפּיעלט זשע מיר א לי־ע־עדעל
אויפ'ן מיטען גאַס!

ר ב א ל ט ע ר.

פיער ברידער זענען מיר געווע־ע־עזען,
האָבען מיר געהאַנדעלט מיט בליי;
איינער איז פון אונז געשטאָרבען,
זענען מיר געבליבען דריי.

א ל ע.

אוי, שמערעל מיט'ן פי־ע־עדעל,
בערעל מיט'ן באַס!
שפּיעלט זשע מיר א לי־ע־עדעל
אויפ'ן מיטען גאַס!

ר ב  א ל ט ע ר.
דריי ברידער זענען מיר געווע־ע־עזען,
האָבען מיר געהאַנדעלט מיט טיי;
איינער איז פון אונז געשטאָרבען,
זענען מיר געבליבען צוויי.

א ל ע.
אוי, שמערעל מיט'ן פי־ע־עדעל,
בערעל מיט'ן באַס!
שפּיעלט זשע מיר א לי־ע־עדעל
אויפ'ן מיטען גאַס!

ר ב  א ל ט ע ר.
צוויי ברידער זענען מיר געווע־ע־עזען,
האָבען מיר געהאַנדעלט מיט ביינער;
איינער איז פון אונז געשטאָרבען,
בין איך געבליבען איינער.

א ל ע.
אוי, שמערעל מיט'ן פי־ע־עדעל,
בערעל מיט'ן באַס!
שפּיעלט זשע מיר א לי־ע־עדעל
אויפ'ן מיטען גאַס!

ח י י ם  [אליין].
איין ברודער זענען מיר געווע־ע־עזען,
האָבען מיר געהאַנדעלט מיט ספרים;
איינער איז פון אונז געשטאָרבען,
האָבען מיר געטרונקען א גלעזעל משקה... [גיסט].
אוי, שמערעל!...

א ל ע.  א שענער גראַם!

ח י י ם.  ווילען מיר נעמען צו ביסלעך משקה אָהן א גראַם. לחיים, רב אלטער! לאָמיר זיין געזונט!

ר ב א ל ט ע ר [טרינקט]. לאָמיר טאַקי זיין געזונט!
[עס לויפען אריין מישא און מאשא מיט פולע קעשענעס].

## זיעבעטע סצענע.

מ י ש א א ו ן מ א ש א. געה, פראַדעל, די מאַמע רופט!
[פראַדעל חאַפּט דעם גראַפּין מיט וואַסער און לויפט אין שטוב אריין].

ח י י ם. אַנו, ווייזט, וואָס האָט איהר געבראַכט?

מ י ש א א ו ן מ א ש א [לעדיגעןדאָוים די קעשענעס]. איז־וואָלטיע וואַס עפּעל, גרושי, אַפּעלסינעס. לאָווקאָ סטאַשטשילי, יעי באָגו...

ח י י ם [קושט די קינדער]. בראַוואָ! בראַוואָ! מאָלאָדצי רעביאַטאַ! אָט וואָס הייסט גוטע קינדער, געראָטענע, צו גאָט און צו לייט! אָט וואָס הייסט פון קינדוויין אויף גוט געלערענט!...
[ער גיסט־אָן רב אלטערן אַ גלעזעל וויין און זיך אויך]. טרינקט, רב אלטער, און פאַרבייסט. לאָז אייך וואויל באַקומען, ווי אין דער הייליגער הגדה שטעהט געשריבען. טרינקט און עסט, רב אלטער, מע ווערט במילא שטאַרבען, ווי מיינער אַ באַקאַנטער בעל־עגלה פלעגט זאָגען, אז מע האָט דערלאַנגט צום טיש אַ שיסעל קאַרטאָפלים און סע האָט געזעצט אַ פּאַרע, ווי אין באָד.

ר ב א ל ט ע ר. הא? און אפשר זענט איהר גערעכט. לאָמיר טאַקי נעמען צו קאַפּלעך... לחיים, לחיים. גאָט זאָל געבען, אידען זאָלען זיין אידען. וואָרום אַ איד איז גאָר איין אנדער מין באַשעפעניש... אַ איד טרינקט ניט קיין בראָנפען, פע!... אַ איד טרינקט וויין... אַלע מאָל וויין... סע קומט פסח צום סדר, טרינקט ער וויין... און וויפיעל ער זאָל ניט טרינקען, איז ער תמיד ניכטער...
[פריילעך]. קיינמאָל ניט שכור!... איאַ, חיימונקעלע? קיינמאָל ניט ש־שכור!...

ח י י ם. חס וחלילה! וואָס הייסט, אַ איד גאָר וועט זיין שכור?... דערפאַר דאַרף מען טאַקי נעמען נאָך אַ מאָל צו קאַפּלעך.

[ער גיסט־אָן נאָך אַ מאָל, קושט זיך מיט רב אַלטערען, נעמט די קינדער און געהט מיט זיי אַ טענצעל].

ר ב  א ל ט ע ר  [פּליעסקעט־צו און זינגט].

וואָס מיר זענען זענען מיר,
אָבער אידען זענען מיר.
וואָס מיר טהוען טהוען מיר,
אָבער אתרוג בענטשען מיר!

וואָס מיר זענען זענען מיר,
אָבער אידען זענען מיר.
וואָס מיר טהוען טהוען מיר,
אָבער גמרא לערנען מיר!

וואָס מיר זענען זענען מיר,
אָבער אידען זענען מיר.
וואָס מיר טהוען טהוען מיר,
אָבער דאַווענען דאַווענען מיר!

וואָס מיר זענען זענען מיר,
אָבער אידען זענען מיר.
וואָס מיר טהוען טהוען מיר,
אָבער זמירות זינגען מיר!

וואָס מיר זענען זענען מיר,
אָבער אידען זענען מיר.
וואָס מיר טהוען טהוען מיר,
אָבער כּפּרות שלאָגען מיר!

וואָס מיר זענען זענען מיר,
אָבער אידען זענען מיר.

וואָס מיר טהוען טהוען מיר,
אָבער שבת מאַכען מיר!
[עס קומט־אַן פראַדעל און בלייבט דערשטוינט].

## אַכטע סצענע.

פ ר אַ ד ע ל [פאַלט־אַן אויף חיים'ען]. ציי דו ביזט משוגע? ציי דו ביזט חסר־דעה?... פלוצים אין מיטען דרינען טאַנצען?... [צו די קינדער]. געהט, די מאַמע רופט אייך. איהר וועט שוין דאָרטען האָבען פאַר די מאַראַנצען!... [די קינדער געהען אַוועק]. און איהר אויך, רב אַלטער?... פע, שעמען מעגט איהר זיך. אַזאַ איד, קיין עין־הרע!

ר ב אַ ל ט ע ר [פלאָנטעט מיט דער צונג]. אַ איד?... אַ איד איז ניט קיין גוי... אַ איד זאָל טאַקי זיין תמיד געזונט און מאריך ימים ונשים זיין. וואָרום אַ איד, וויפיעל ער זאָל ניט טרינקען, איז ער קיינמאָל ניט ש־שכור... [גיסט־אָן אַ כוסה].

פ ר אַ ד ע ל. וואָס סע האָט זיך מיר גע'חלומ'ט היינטיגע נאַכט און יענע נאַכט און אַ גאַנץ יאָהר!... דאָרט אין שטוב איז אַ מזל־טוב, דעריבער באַדאַרפען זיי דאָ זשליאָקען ווייַן!... ביילע!

ב י י ל ע. זיי האָבען גאָר אַזוי פיעל ניט געטרונקען. זעה־נאָר! געגומען צו די ליפּען...

ח י י ם. גענומען צו די ליפּען און טאַקי באַלד אָראָפּ־געשלונגען... הערט זשע אויס, רב אַלטער. אַז מיר האָבען יאָ דערלעבט אַ מזל־טוב, טאָ לאָמיר טאַקי נעמען צו ביסלעך ווייַן און טרינקען לחיים פאַר אונז אַליין און פאַר אונזערע אייגענע כלות, און לאָמיר זיך צו־ווינטשען איינס דאָס אַנדערע, סע זאָל זיין מיט מזל. מזל־טוב דיר, פראַדעל, מיין טייערע כלה, מיין ליכטיגער שטערן, מיין קרוין, מיין שפּיעלפויגעלע! געב מיר אַהער דיין זיס הענטעל און זאָג מיר צו, אַז דו וועסט מיר זיין געטריי!...
[וויל זי אַרומנעמען].

פ ר א ד ע ל [שטופּט איהם אפּ]. אלע בייזע ווינסטע חלומות! אפּנים, דו בּיזט שכּור?...

ח י י ם. שכּור? חס וחלילה! ווי קומט א איד זיין שכּור? וואָס זאָגט איהר, רב אַלטער? קאָן א איד זיין שכּור?

ר ב א ל ט ע ר [שמייכעלט און באַלעקט זיך]. א איד איז קיי־קיינמאָל ניט ש־שכּור! א איד איז א איד, און דיזען, דאזען, דאָס און יענס...

ח י י ם [וויל ארומנעמען פּראדלען]. אפשר געפעלט דיר ניט, קאַנאַריקעל, דער יחוס, וואָס איך בין א משרת?... נאַרעלע, משרתים פֿיהרען היינט דאָס גאַנצע רעדעל... קאַרג פּאַרהאַן בּיי אונז בּעלי־בּתּים, וואָס זענען געווען אמאָל משרתים? און מיין בּעל־הבּית אַליין, זאָל דיר צו קיין חרפּה ניט זיין, איז ניט געווען קיין משרת?... א בּיסעל גנבה, א בּיסעל הצלחה — חוץ זיין שאָדען אויף מיר געזאָגט געוואָרען אין צעהן יאָהר ארום!... צי, אשטייגער, למשל, נעם דיין מאדאם — ניט געווען פריהער איין אם?... היינט דאָקטערט זי זיך שוין און פאָהרט אין די בּעדער אריין... נאַרעלע, ווערסט, אם ירצה השם, אויך זיין א מאדאם אמאָל, ווערסט דו זיך אויך, מיט גאָט'ס הילף, דאָקטערען. זיי זיכער...

פ ר א ד ע ל [שטויסט איהם אפּ]. בּיים זיך אָפּ די צונג!...

ח י י ם. אָמן, אַלע ווייבער! פאָלג מיך, קעצעלע מיינס, לאָמיר ברעכען טעלער. מזל טוב!... בּיילע! רב אַלטער! זאָגט אונז מזל טוב! [שלעפּט־ארוים פון קעשענע א גאָלדענע קייט און טהוט־אָן פּראדלען אויפ'ן האַלז]. אזוי ווי דו בּיזט איצטערט מיין כּלה, שענק איך דיר א מתּנה. ס'ליגט בּיי מיר אָנגעגרייט שוין פון צוויי וואָכען. [ער נעמט־ארום פּראדלען און טהוט זי א קוש. זי שטופּט איהם כּלומרשט אפּ].

ב י י ל ע. מזל טוב דיר, פּראדעל, פּארנויז געזונט! וואָס זאָגט איהר דערויף, רב אַלטער? [זי ווייזט איהם אויף פּראדעל'ס מתּנה].

ר ב א ל ט ע ר. וואָס זאָל איך זאָגען? איך זאָג, אז א איד... א איד זאָל מאריך ימים ונשים זיין... א איד עסט און

טרינקט — און גאַר... גאָרניט... שאַ, שטיל... פּיש־פּיש־פּישטשעט ווי אַ פויגעלע... דיזען, דאָזען, דאָס און יענס... [ער שטעהט־אויף און פאַלט פון די פיס]. אַ איד, אפילו אַז ער טרינקט, איז ער ת־תמיד ניכטער... פּלאָנטעט ניט מיט דער צונג... פאַלט ניט פון די פיס... געהט גלייך, ווי אַ סטרונקעלע... טהוט זיך ניט אַ בויג נישט אַהער... נישט אַהין... איז ביי אַלע געדאַנקען... וואָרום אַ איד... וויפיעל ער זאָל ניט טרינקען קיין וויין, איז ער קיי־קיינמאָל ניט, אָבער טאַקי קיינמאָל ניט ש־ש־ש... אוי, אַ איד האָט אַ פינסטער מזל... זיי זענען גערעכט, די צי־צי־ציוניסטען, אַז דאָס פאָלק... אַז אַ איד איז ת־תמיד אין דער ערד... ת־תמיד פאַראומערט, פאַר׳־חושכ׳ט, פאַרוואַגעלט... [זינגט אונטער דער נאַז].

פאַריאָ־וואָ־מערט, פאַר־קלאָ־וואָ־אָגט,
פון זאַ־וואַי־נעם פאַר־יאָ־וואָ־אָגט,
פון גאָ־וואָט דאָס פאַר־שאָלטענע קינד... [אויכנעצויגען].
אוי־אוי־אוי־אוי!
אוי־אוי־אוי־אוי!...

ח י י ם [נעמט רב אַלטערען פאַר אַ האַנט]. וואָס טויג אייך, רב אַלטער, זיין „פאַריאָ־וואָמערט און פאַרקלאָ־וואָגט"? לאָזען בעסער אונזערע שונאים יאָמערען און קלאָגען אויף זייערע קעפּ! איהר פאָלגט מיך, רב אַלטער, גיסט אייך בעסער אָן אַ פרישע כוסה און טרינקט לחיים צו אייער ביילען... לאָז זיין אין אַ גוטער שעה אַ מזל׳דיגער, איהר זאָלט זיך מיט איהר עלטערען אין עושר און אין כבוד... איך וויים דאָך, אַז איהר פאַדקעוועט אַרום איהר שוין פון אַ האַלב יאָהר... אַ וועלט שלאָפט ניט... וואָס מאַכט איהר אָנשטעלען, ביילע, וואָס ברעקעלט איהר זיך? לאָם איך האָבען אזאַ יאָהר, וואָס פאַר אַ זיווג דאָס איז, ווי מיין רביצין פלעגט זאָגען אויף איהר שכן, בשעת ער פלעגט זיך צעפּאַטשען מיט זיין פלונית׳טע... אַ זיווג — זאָג איך אייך!

ר ב א ל ט ע ר. אַ זיווג מן השמים... לחיים, לחיים!

[עס קומען־אַן ווידער די קינדער מיט פולע קעשענעס, קנאַקען ניסלעך].

ח י י ם. גיט זשע איהר, רבּ אלטער, די האנט, און לאָז זיין מיט גליק. פון דאַנען אין איין אייגענער שטוב, ווי לייבושעל־גנב האָט געזאָגט, בשעת מע האָט איהם דאָס ערשטע מאָל געבראַכט צו פיהרען אין אָסטראָג... און לאָמיר זיין געזונט! [ער גיסט־אריין מיט גוואלד פראַדלען א ביסעל וויין אין מויל אריין. רבּ אלטער גיט ביילען פון זיין גלעזעל]. רבּ אלטער! זינגט עפּיס א ליעדעל פון אייערע ליעדלעך, נאָר א רעכטס, ס'זאָל לאַפּטשען!

ר ב אלטער [נעמט אויף דער אויבערשטער אָקטאַווע].

אָב איז א פּאָטער,
קדר איז א טאָטער,
א טאָטער איז א קדר,
בגדים זענען קליידער,
קליידער זענען בגדים,
זייד איז ניט קיין פּאָדעם...

ח י י ם [שלאָגט איהם איבער, זינגט אליין].

פּאָדעם איז ניט זייד,
שכּור זאָלט איהר זיין ווי לוט,
ווי לוט זאָלט איהר זיין שכּור,
אין מויל זאָל אייך ווערען ביטער,
ביטער זאָל אייך ווערען אין מויל,
שיסען זאָל אייך א קויל,
א קויל זאָל אייך אויסשיסען...

פ ר א ד ע ל. געשאָסען זאָלסט דו ווערען פון גאָט!

ח י י ם. אָמן, אלע ווייבער!... ווייסט איהר זשע גאָר וואָס, רבּ אלטער? זינגט אונז דאָס פריהעריגע ליעדעל: „וואָס מיר זענען זענען מיר!" און לאָמיר זיך נעמען פאַר די הענט אלע און לאָמיר געהן א האָפּקעלע. [אלע נעמען זיך פאַר די הענט און מע געהט א טענצעל].

ר ב  א ל ט ע ר.

וואָס מיר זענען זענען מיר,
אָבער אידען זענען מיר !

ח י י ם [זינגט צוזאַמען מיט רב אַלטערן].

אָבער משרתים זענען מיר !

ר ב  א ל ט ע ר.

וואָס מיר טהוען טהוען מיר,
אָבער ציצית טראָגען מיר !

ח י י ם [צוזאַמען מיט רב אַלטערן].

אָבער משקה טרינקען מיר !

ר ב  א ל ט ע ר.

וואָס מיר זענען זענען מיר,
אָבער אידען זענען מיר !

ח י י ם [צוזאַמען מיט רב אַלטערן].

אָבער שכּורים זענען מיר !

ר ב  א ל ט ע ר.

וואָס מיר טהוען טהוען מיר,
אָבער תּפילין לעגען מיר !

ח י י ם [צוזאַמען מיט רב אַלטערן]. אָבער טאַנצען טאַנצען מיר ! [שרייט]. לעבעדיג, רב אַלטער ! פּולקעס ! שטאַרקער ! שטאַרקער ! קינדער ! פּיסלעך, קינדער !... [ער צעברעכט אַ טעלער. אַלע שרייען „מזל טוב ! מזל טוב ! מזל טוב !" פּלוצים עפענט זיך די שטוב־טיר און עס באַווייזט זיך פריהער דער מאַדאַם'ס נאָז, נאָכדעם די מ א ד א ם אַליין].

## נ י י ע נ ט ע  ס צ ע נ ע.

מ א ד א ם [אַ פּליעסק מיט די הענט]. אַ וויסטער, אַ פינסטערער, אַ ריינער, איין אומגליקליכער, אַ שוואַרצער, אַ שלים־מזל'דיגער מזל־טוב אויף אייערע קעפּ און אויף אייערע הענט און פים און

ליב און לעבען!... אזא הולטאיקע, אזא פארשיווע אידינע, אזא סמארקאטע מויד! וואַן פון מיין שטוב! [צו רב אלטערן]. און אט דער שלעפער וואָס טהוט דאָ?

ר ב   א ל ט ע ר   [אנגעדרודעלט, פלאָנטעט מיט דער צונג]. ש־ש־שלעפער, זאָגט איהר? ווי קומט א איד צו זיין א שלע־פער? א איד איז קיי־קיי־קיינמאָל ניט קיין שלעפער! קיי־קיינ־מאָל ניט... און וואָס איהר טרייבט מענטשען פון ש־ש־שטוב — מהכתיתי, טרייבט, טרייבט. נאָר איין עולה איז דאָס פון אייך... ווייסט איהר, פאר וואָ־וואָ־וואָס? ס'איז היינט אנדערע יאָהרען גאָר... נישט דאָס, וואָ־וואָ־וואָס אמאָל... איהר זאָלט זעהען ביי מיר אין די ביכלעך... די צעצעליסטעטן זאָגען... א קלאָג צו אייער קאָפּ! דיזען, דאזען, דאָס און יענס...

מ א ד א ם   [צו חיים'ען]. און דו, שארלאטאן, וואָס טהוסט דו דאָ? וואַן פון דאנען!

ח י י ם   [גאנץ עלעגאנט]. א דאנק פאר א קאמפּלימענט! [די מאדאם לאזט זיך צו איהם מיטביידע הענט, וויל צונעמען די קינדער. חיים נעמט זי פאר א האנט, טהוט א וואונק צום איבעריגען עולם, און מע חאפּט זי אריין אין רעדעל אריין און מע געהט מיט איהר א טענצעל. די מאדאם רייסט זיך מיט אלע כחות, נאָר ס'איז אומזיסט: מע לאָזט זי נישט ארויס פון קאהן]. רב אלטער! וואָס שווייגט איהר? זאָגט עפּיס א גוט וואָרט!

ר ב   א ל ט ע ר   [אויפגעלעבט, זינגט].

ס'איז היינט א נייע וועלט,
מע קוקט ניט אויף קיין געלט,
קיין גרויס, קיין קליין,
קיין מיאוס, קיין שען,
קיין אָרעם און קיין רייך —
אלע זענען גלייך!...

א ל ע [זינגען און טאנצען].

קיין גרויס, קיין קליין,
קיין מיאוס, קיין שען,
קיין אָרעם און קיין רייך —
אלע זענען גלייך!
אלע זענען גלייך!...

[די מאדאם רייסט זיך פון זייערע הענט און שעלט, נאר מע הערט ניט איהר קול. עס עפענט זיך די טיר און עס קוקט־אריין דערשראקען איין קיך אריין דער גאנצער עולם: הערען און דאמען, און חתן־כלה אויך בתוכם. אייניגע מיט קארטען אין די הענט. מע בלייבט שטעהן א ווײלע פארגליווערט, איטליכער אין איין אנדער פאזע. — לאנגזאם פאלט דער פארהאנג].

# פאַרביטען די יוצרות

א פרייליכס אין איין אקט.

איבערגעמאַכט פונ'ם איינאַקטער „מזל טוב"
אין די יאָהרען 1906 — 1915.

## די פאַרשוינען:

צ ב י ה־ק י י ל ה, א קעכין אין א רייך הויז. א יונגע אלמנה.

מ א ש ע, א שטובמיידעל.

א י צ י ק, א משרת מיט א פאטלע האר. טראגט א גאלדענעם סיגנעט.

ק א פ ע ל, א דיענער אין איין אפטייק.

ק ל מ ן ד ל ו ת, א שוסטער. איין אלטער בחור.

ס א ש ק ע, א נגיד'ס א בחור'על.

ק ל א ר א }
א נ א } צוויי נגיד'ישע פרייליינס.

ד ע ר נ ג י ד, איין אויפגעקומענער אריסטאקראט.

ד י נ ג י ד י ת, א מאדאם אין א געלען פאריק.

[א גרויסע קיך אין א רייך הויז. — אויסגעהאנגען א סך געפעס. אויף די ווענט — אילוסטראציעס פון צייטונגען און זשורנאלען, א שפיגעל מיט א געשטיקט האנדטיכעל, א פאר יאפאנישע פעכער, קליידלעך, קאפטלעך. ביי דער זייט א גרינער קאסטן, א בעטעל מיט א סך קישענס. — צוויי טירען: איינע ארויף אין שטוב אריין, מיט עטליכע טרעפלעך; די אנדערע, א הינטערטיר, אין דרויסען ארוים. — צ ב י ה ־ ק י י ל ה שטעהט ביי׳ם אויוון מיט פאר־קאטשעטע ארבעל, קאכט וועטשערע.]

צ ב י ה ־ ק י י ל ה [בראקט א ציבעלע, זינגט א ליעדעל].

אוי, וואו זענט איהר, יונגע יאָוואָרען?
זאָגט, וואו זענט איהר אהינגעקיוועמען?
צי מיט׳ן פייער פארברענט געוואָוואָרען?
צי מיט׳ן וואסער אוועקגעשוויוועמען?...

אז אָך און אז וועה איז צו זייערע קעפ, אז צביה־קיילה נעבאך באַדארף זיין ביי זיי א דיענסט, און ביי די יונגע יאָהרען, און נאָך אין אזא שטוב מיט אזעלכע קינדער, גאָט זאָל ניט שטראָפען פאר די רעד!... [נעמט־אראפ אין א באזונדער טעפעל פון אלע מאכלים צו ביסלעך].
א שטוב!... א קרעטשמע!... איטליכער פרעסט אין איין אנדער צייט... האלט פאר זיי א גאנצען טאָג דעם אויוון, האלטען זאָל זיי ביי׳ם בויך!... און ווער שמועסט, אז דער בעל־הבית איז ניטאָ אין דער היים... [גיסט־אפ אין טעפעל אריין, טרייסעלט־אפ די הענט, ווישט זיך מיט׳ן פארטוך]. עי־עי־עי־עי! ווי לאנג בין איך אליין געווען ביי זיך א בעל־הבית׳טע, ביי מיין טיש מיט מיין מאן עלי־שלום... [זינגט].

יאָהרען יונגע !
יאָהרען גרינגע !
וואָס זענט איהר אזוי גיך אוועק ?
עס זעהט אייך ניט קיין
איי - איי - איינגעל,
עס יאָגט אייך ניט קיין
פיי - איי - איינגעל —
אוועק, אוועק, גאָר אָהן איין עק !...

[עס הערט זיך א קלאַפּעז אין דער הינטערטיר]. ווער קלאַפּט דאָס דאָרטען ? מיט'ן קאָפּ אָן וואַנט !... [פאַרהאַפּט זיך]. אוי, וועה איז מיר, אודאי רב קלמן ?... [לאָזט זיך צו דער טיר]. א טייערער איד דאָס איז, אָט דער קלמן דלות ! האָט נעבאַך ניט קיין גליק, אזוי ווי איך... און עלענד, אזוי ווי איך... [עפענט די טיר. עס קומט אריין פון דרויסען קלמן דער שוסטער, א איד פון א יאהר עטליכע און דרייסיג מיט א שווארץ בערדעל, טראָגט א צונעלעגערט קאַפּעלישעל, מיט א קויטיגער מאַנישקע, מיט צו קורצע הויזען].

קלמן דלות. א גוטען אָוועגט אייך, צביה-קיילה ! וואָס מאַכט איהר גוטס ? געגאַנגען פאַרביי, געזעהען עס לייכט זיך ביי אייך, טראַכט איך מיר : לאָמיך אריינגעהן אויף א וויילעטשקע זיך אָפּרוהען. מע זיצט ביי'ם וואַרשטעק, ווערט מען פאַרזעסען, צו אַלדי גוטע יאָהר... [האַפּט א קוק אין אויווען]. נאָך זענט איהר ביי'ם אויוועז ? אזוי שפּעט !

צביה-קיילה [טראָגט איהם צו א בענקעל]. זיצט, רב קלמן !... שפּעט, זאָגט איהר ? דאָ, אין דער שטוב, מוז מען א גאַנצען טאָג און א גאַנצע נאַכט שטעהן ביי'ם אויווען, שטעהן זאָלען זיי אין געהאַקטע וואונדען ! א שטוב איז דאָס ? א קרעטשמע !... און ווער שמועסט, אז דער בעל-הבית איז ניטאָ אין דער היים !...

קלמן דלות. אזוי ? איז ער נישטאָ גאָר אין דער היים ? וואו איז ער דען ?

צבי־הירש־קיילה. ווייסט זיי דער שווארצער יאָהר!... אפשר וועט איהר טרינקען א גלעזעל טיי? אָדער גאָר עפּיס צו־בייסען? [טראגט איהם אונטער פונ'ם קליינעם טעפּעלע].

קלמן דלות [רוקט זיך צו צום טעפּעלע]. א דאנק, למאי זאָלט איהר זיך מטריח זיין?

צבי־הירש־קיילה. פאָהרט ער נאָר ארוים פון דער היים, אזוי קעהרט מען איבער די שטוב מיט'ן קאָפּ אראָפּ... אלע מאָל, ווען ער פאָהרט אוועק, מוז זיך עפּיס טרעפען איין אומגליק... אָט איז געוועזען ביי אונז נעכטען איין „אָביסקע". פּאָליציע, זשאנדארען און סאָלדאטען זענען אריבערגעפאַלען, איבערגעקעהרט די שטוב און צוגענומען אונזער וואלאָדקען אין קאָטשומענט אריין. מסתמא האָט איהר געהערט שוין?... אפשר וועט איהר נעמען פריהער א ביסעל קאָניאַק? נישקשה, זיי האָבען גענוג... [גיסט איהם אן א גלעזעל].

קלמן דלות. א דאנק, צו וואָס זאָלט איהר זיך מטריח זיין? איהר ווייסט דאָך, אז איך בין ניט קיין טרינקער... לחיים! לאָז גאָט געבען... [טרינקט־אוים]. או! א הארב גלעזעל משקה!... אזוי, אזוי? האָט מען דעם בחור, הייסט עס, ארייננעפּאַקט? א וואויל בחור'על וואָלאָדקע! ווייסט איהר ניט, פאר וואָסערע מעשים טובים?

צבי־הירש־קיילה. ווייסט זיי דער שווארצער יאָהר! צעצעליסטען!... למאי אָט איז דער עלטערער זייערער, פעטי, גאָר פארפאַלען געוואָרען... [רוקט איהם צו א טעפּעלע מיט א לעפעל].

קלמן דלות [קוקט אריין אין טעפּעל]. צו וואָס זאָלט איהר זיך מטריח זיין?... אזוי, אזוי? פארפאַלען געווארען? [עסט גאנץ אפּעטיטליך]. וועדליג איך בין איין עסער...

צבי־הירש־קיילה [גיסט איהם אונטער זופּ]. ווי אין דער ערד אריין! ס'איז אפילו ביי איהם ניט דאָס ערשטע מאָל. איך זאָל האָבען די ברכות, וויפיעל מאָל עס מאכט זיך, ער קומט אהיים

שוין מיט'ן טאָג גלייך, האָט מורא פאַר'ן בעל־הבית, קלאַפּט ער אָן צו מיר, איך זאָל איהם אַריינלאָזען דורך דער קיכטיר... זאָלט איהר זעהען דעמאָלט אַ פּנים ביי איהם, ווי אויף צו־להכעיס: די אויגען רויט, די האָר צעקאָשמעט, קוים וואָס ער האַלט זיך אויף די פיס... אפשר וועט איהר נעמען, רב קלמן, אַ גלעזעל ווישניק? נישקשה, ס'איז ביי זיי דאָ געננוג!... [גיסט איהם אַן].

קלמן דלות. אַ דאַנק, למאי זאָלט איהר זיך מטריח זיין? [פּאַרזוכט]. אַ שענע מעשה, נאָר אַ קורצע! וואו זשע, למשל, קאָן ער זיין, אָט דער פּעטי אייערער?

צביה־קיילה. דער רוח ווייסט די ביינער זייערע!... אַ רחמנות, הערט איהר, איז נאָר אויף איהר, אויף דער בעל־הבית'טע נעבאַך. וואָס זי צעוויינט! וואָס זי צעיאָמערט!... אפשר וועט איהר נעמען נאָך אַ גלעזעל? [גיסט איהם אַן]. טרינקט, ס'איז גוטער ווישניק, בעסער פונ'ם בעסטען ווייז...

קלמן דלות. אַ דאַנק, למאי זאָלט איהר זיך מטריח זיין?... ווערליג איך בין אַ טרינקער... [טרינקט]. ווייסט איהר, וואָס איך וועל אייך דערצעהלען, צביה־קיילה? אַז די וועלט זאָגט אַ ווערטעל: די קאַפּאָטע פּאַרזעצען און אַ נגיד זאָל מען זיין, איז ניט אומזיסט.

צביה־קיילה. אַקעגען וואָס איז דאָס געקומען צו רעד?

קלמן דלות. אַקעגען דעם, וואָס איהר זאָגט ווישניק... איך בין דערגאַנגען מיט מיין שכל, אַז אַ נגיד איז טויזענט מאָל בעסער צו זיין ווי איידער אַ קבצן, חאָטש אפילו קאַרל מאַרק זאָגט, אַז קאַפּיטאַל איז אַ סם־המות...

צביה־קיילה. ווער איז דער מאַרק? [גיסט איהם אונטער]. טרינקט, רב קלמן, נאָך אַ קאָפּ!

קלמן דלות. דאָס איז דער גרעסטער פון... פון... אַ דאַנק, למאי זאָלט איהר זיך מטריח זיין? ווערליג איך בין אַ טרינקער... [טרינקט]. קאַרל מאַרק איז דער, וואָס נעמט זיך אָן

אונזער קריוודע. ער איז פאר אונז, בעלי־מלאכות, שטאהל און אייזען. א קליינינקייט פרא... פראל... פראלעטאריאט — קוים אויסגערעדט !...

צ ב י ה ־ ק י י ל ה. וואס הייסט דאס פרא... פרא... טפו ! איך קאן עס גארניט ארויסרעדען ! [דערגיסט איהם דאס גלעזעל].

ק ל מ ן ד ל ו ת. א דאנק, למאי זאלט איהר זיך מטריח זיין ? ווערליג איך בין א טרינקער... [טרינקט און פלאנטעט מיט דער צונג]. זאגט מיר נאך : פרא... פרא... טע... פראלע... פראט — טפו ! לאז דאס געהן אין דער ערד ! זאגט מיר בעסער, צביה־קיילה סערדצע, וואס איך וועל אייך פרעגען : אשטייגער, כדומה למשל, ס'זאל זיך אייך מאכען א פראל... פראל... פראלעטאריאט, מיין איך א גלייכער שידוך... אשטייגער, כדומה, א בעל־מלאכה, א חברה־מאן, פון די, וועלכע קאטארע, איהר פארשטעהט ?... וואס טרינקט ניט... סיידען אמאל, אז עס מאכט זיך... איהר פאר־שטעהט ? מען איז דאך ניט מעהר ווי א לעבעדיגער מענטש... און דאס איבעריגע דארפט איהר שוין אליין פארשטעהן...

צ ב י ה ־ ק י י ל ה [ברעקעלט זיך, דרעהט דעם שפיץ פארטוך]. אז איהר רעדט אזוי פארשטעלט... [רוקט איהם אונטער א ביסעל איינגעמאכטס]. פארבייסט, רב קלמן, פאר וואס פארבייסט איהר ניט ?

ק ל מ ן ד ל ו ת. א דאנק, למאי זאלט איהר זיך מטריח זיין ? ווערליג איך בין איין עסער... [עסט]. ווילט איהר, איך זאל אייך זאגען אפענטליך ? [עס הערט זיך א קלאפ אין טיר פון דרויסען].

צ ב י ה ־ ק י י ל ה. ווענען טראגט דאס שוין דער רוח ? [זי רוימט־אויף געשווינד פונ'ם טישעל, פארגעסט דאס פלעשעל ווישניק, געהט צו דער טיר. קלמן דלות שלעפט ארוים פון קעשענע א ביכעל, פארטיעפט זיך בלומרשט]. ווער איז דארטען ?

א ק ו ל פ ו ן י ע נ ע ר ז י י ט ט י ר. ס'איז איך !

צ ב י ה ־ ק י י ל ה. ווער איז געווען דער איך ?

ד אָ ס ק ו ל פ ו ן י ע נ ע ר ז ײ ט ט י ר. אַ מענטש, ניט קיין רוח!

צ ב י ה ־ ק י י ל ה. ס׳איז דו, איציקעל?

ד אָ ס ק ו ל פ ו ן י ע נ ע ר ז ײ ט ט י ר. וואָס עפּיס איציקעל? וואָס האָט איהר מיך פאַרצוויגען אויף אַ שטרי־קעל? איציק איז ניט איציקעל. גיכערט, עפענט־אויף, אין דרויסען איז ניט געהייצט...

צ ב י ה ־ ק י י ל ה. ברענען זאָלסט דו אויפ׳ן פייער, משומד איינער! [עפענט־אויף מיט כעס די טיר, און עס קומט אריין א י צ י ק ד ע ר מ ש ר ת, אַ יונג מיט אַ סיגנעט און מיט אַ קייט, טראָגט אויף זיך אַ פרעמדען פּידזשאַק, וואָס הענגט אויף איהם ברייטליך־לעפּעשעוואַטע, אַ רויטען שניפּס, געלע שיך, ווייסע האַנטשוהען].

א י צ י ק [טהוט־אויס די האַנטשוהען, ברייט]. אַ גוטענאָוועגט אייך, צביה־קיילה! אַ גוטענאָוועגט אייך, רב קלמן! אַ גוטער נאָוועגט זאָל זיך אריינכאַפּען אין אייך ביידען! ס׳איז ביי אייך דאָ וואַרעם ווי אין אַ באָד, קיין עין־הרע, ריין און ציכטיג, ווי ביי מיין מאַמען פלעגט צו זיין ערב פּסח, בשעת דער טאַטע האָט נאָך אַרומגעטיאַפּקעט מיט׳ן פּערדעל איבער דער בלאָטע. [געהט־צו צום טישעל, גיסט זיך אָן אַ גלעזעל וויִשניק]. געניסט, רב יצחק! ווי מיין בעל־הבית׳טע־לעבען זאָגט צו איהרע געסט, בשעת זי איז זיי מכבד מיט זערעמיגע ניסלעך. [טרינקט]. וואו איז ערגיץ מאַשענקע?

צ ב י ה ־ ק י י ל ה [רייסט אַרויס ביי איהם דאָס גלעזעל]. אוועק, משומד, נישט אויף דיין מיסט געוואַכסען!... וואָס באַדאַרפסט דו מאַשען? און וואָס ביזט דו אַזוי אויסגעפּוצט? און וואָס הערט זיך עפּיס ביי אייך? וואָס מאַכען דיינע בעלי־בתים?

א י צ י ק. מיט די זייטען לאָזען זיי אייך מאַכען! מיוחסים! האָבען זיך איינגעשמועסט, אַז נאָר זיי זענען לייט, און אַלע איבעריגע זענען גאָרנישט מיט גאָרנישט... [צום שוסטער]. וואָס לייענט איהר, רב קלמן?...

ק ל מ ן ד ל ו ת. וואָס איך לייען? וועגן קאַרל מאַרקס און וועגן קאַפּיטאַל...

א י צ י ק. וואָסער מאַרקס? און וועמענ'ס קאַפּיטאַל? וואָסערע לאָקשען? און וואָסערע פלאָמען?

ק ל מ ן ד ל ו ת. וועגן מאַרקס'ס מעטאָדע, ווי אַזוי צו קאַפּיטאַליזירען דעם פּראָ... פּראָט... פּראָלעטאַריאַט; אָדער ווי אַזוי צו פּראָ... פּראָלעטאַריזירען די קאַפּיטאַליזאַציע...

א י צ י ק. און איהר פאַרשטעהט, וואָס איהר לייענט? און איהר האָט נאָך אַלע צייהן אין מויל?

צ ב י ה־ק י י ל ה. האָבען זאָלסט דו קדחת, רבונו של עולם! אַ שפּראַך פון אַ מענטשען! [עס קומט־אַן פון אויבען מ אַ ש ע מיט אַ פּעקעל וועש, דערזעהט איציקען].

א י צ י ק. אַ גוטענאָווענט דיר, נשמה מיינע! דו זאָלסט ניט זיין אַזוי אָנגעלאָדען מיט העמדער און מיט אונטערהויזען, וואָלטען מיינע בלאַסע ליפּען זיך באַהעפט מיט דיינע רויטע באַקען, ווי ביי רב קלמנ'ען אין ביכעל שטעהט געשריבען...

מ אַ ש ע. אין דער ערד מיט'ן קאָפּ! נאַ דיר אַזאַ שלים־מזל! וואָס האָסט דו זיך אַזוי אויסגעפּוצט, ווי צו דער פּגירה?

צ ב י ה־ק י י ל ה. יאַ־נו, עפּיס איז ער מיר היינט צו יום־טוב'דיג!

א י צ י ק. וואָס דען? אַ מענטש לעבט איין מאָל, נישט קיין צוויי מאָל, ווי מיין טאַטע פלעגט זאָגען, אַז ער האָט נישט געהאַט אויף שבת און די מאַמע האָט איהם באַגראָבען... זאָג נאָר, מאַשוטקע, וואָס מאַכט עפּיס מיין יונגען בעל־הבית'ס כלה'כען?

מ אַ ש ע. דיין טאַטענ'ס עסק?

א י צ י ק. מסתמא אַז איך פרעג, איז ניט אומזיסט, ווי מיין שוועסטער האָט אַ מאָל געזאָגט, בשעת איך האָב געחאַפּט אַ פּאַטש גאָר אומגערעכט... איך האָב צו איהר אַ בריוועל פון מיין יונגען בעל־הבית. ער איז דאָס אין איהר פאַרליעבט אַ ביסעל, נאָך מעהר ווי איך אין דיר... [וויל אַ גלעט טהון מאַשען].

מ א ש ע [גיט איהם איבער די הענט]. פּאוואָלי מיט די הענט, דו שאַרלאַטאַן!

א י צ י ק [צו קלמנ׳ען]. אַט אַזוי, ווי איהר זעהט, האָבען מיר קיין גליק ניט, נישט מיין איך, נישט מיין בעל־הבית... מיר זענען מיט זיי אדרבה ואדרבה, און זיי זענען מיט אונז קידער־ווידער... מיין אַראָנטשיק וויל זי, געהט־אויס חתונה האָבען, און זי זאָגט — זי האָט נאָך צייט, ווי מיינער אַ באַקאַנטער זאָגט, אַז דער שניידער קומט צו איהם מאָהנען פאַר געגעה און ער האָט אַ מכּה ניט קיין געלט...

מ א ש ע. איך האָב מורא, אַז דיין באַקאַנטער — דאָס ביזט דו אַליין...

א י צ י ק. און איך האָב מורא, אַז איהר דרעהט דער וועלט אַ קאָפּ. איהר דרעהט אַזוי לאַנג, ביז איהר פאַרדרעהט אי זיך, אי יענעם...

מ א ש ע. אָבער דיר האָט נאָך לעת־עתּה קיינער ניט פאַר־דרעהט קיין קאָפּ?

א י צ י ק. ביז אַהער — געלויבט דער אויבערשטער, אַ חוץ דיר...

מ א ש ע. לעבען זאָלסט דו אַזוי!

א י צ י ק. אָמן גם אַתּם!

צ ב י ה ־ ק י י ל ה. טאָמער וואָלט געווען גענוג צו שאַרפען די צינגלעך? זאָג בעסער, וואָס טהוסט דו דאָ אַזוי שפּעט טאָקי אויף דער רעכטער אמת?

א י צ י ק. אויף דער רעכטער אמת זאָג איך דאָך אייך, אַז איך האָב געבראַכט אַ בריוועל פון מיין יונגען בעל־הבית צו אייער אַניוטען, און געבעטען האָט ער מיך, איך זאָל איהם ברענגען תּשובה. [שלעפּט אַרויס דאָס בריוועל פון דער אונטערשטער קעשענע]. ער האָט מיר אָנגעזאָגט, למען־השם, איך זאָל דאָס בריוועל ניט ווייזען קיינעם, אָפּגעבען גלייך צו איהר אין די הענט אַריין... נאָר וואָס דען? מיר וועלען דאָס פריהער פּאוואָלינקע אויפעפענען, אַ קוק טהון

אומיסטען, וואָס שרייבּט ער דאָרטען? [צו צביה־קיילה'ן]. געפינט זיך ניט בּיי אייך אַ בּיסעל הייס וואַסער און אַ שאָלעכץ פון איין איי, וועלען מיר דאָס מאַכען ווי עס געהער צו זיין... ס'איז נישט דאָס ערשטע מאָל בּיי מיר, ווי מיין פעטער האָט געזאָגט, בּשעת מע האָט איהם איינגעזעצט אין חד־גדיא... [צביה־קיילה גיט איהם אַ טעלער מיט הייס וואַסער און אַ שאָלעכץ פון איין איי. ער בּאַנעצט דאָס בּריוועל פון דער אַנדערער זייט]. ס'איז בּיי מיר, פאַרשטעהט איהר, אַזאַ חולאת — איך האָבּ ליעבּ אַלסדינג וויסען, איך שטאַרבּ אַוועק!

מ אַ ש ע. דו שטאַרבּסט אַוועק? איך וועל זאָגען נאָך דיר קדיש. [קוקט, ווי איציק עפענט דעם קאָנווערט].

צ בּ י ה ־ ק י י ל ה. אַ בּעלנות צו עפענען פרעמדע בּריעף! אַנו, וואָס שטעהט דאָרטען?

א י צ י ק [ציהט אַרויס דאָס בּריוועל]. איך זעה, איהר זענט אַלע זעהר גייציג צו האָרכען נייעס... דער חסרון, וואָס מיין יונגער בּעל־הבּית שרייבּט צו איהר אויף רוסיש. און מיר האָט דער דאָקטער אָנגעזאָגט טויזענט מאָל, אַז „רשעות" קאָן מיר שאַדטען צו די אויגען... לאָז איין אַנדערער שוין לייענען, ווי מיין בּרודער האָט געזאָגט, בּשעת מע האָט איהם אויפגערופען מפטיר צו זיין בּר־מצוה... רבּ קלמן, איהר ווילט פאַרדיענען עולם־הבּא? נאַט לייענט זיי דאָס בּריוועל, נאָר פּאַוואָלי, נישט געחאַפּט, וואָרט בּיי וואָרט, ס'איז ניט קיין הייסע לאָקשען, ווי מיין מאַמע פלעגט מיר זאָגען בּשעת בּענטשען און טאַקי אין איינוועגס שענקען אַ פּאָר פּעטש אויך, גלאַט אַזוי זיך, פון היימליכקייט וועגען... נו, רבּ קלמן, ריהרט זיך, טהוט אָן די בּריל און לאָמיר הערען די מגילה...

ק ל מ ן ד ל ו ת [טהוט־אָן די בּרילען, לייענט]. „ליעבּע טייערע אַנאַ! איך בּין ניט אימשטאַנד אַרויסצוזאָגען, ווי ווייט איך בּין געקרענקט פון דעם, וואָס איך קאָן צו אייך אין שטוב ניט קומען און פּערזענליך מיט אייך זיך זעהען! פון זינט מע האָט צוגענומען אייער וואָלאָדין אין טורמע, לאָזט מען מיך ניט אַרויס פון שטוב, מע היט מיר די טריט, ממש איך בּין פריילאָז, איך בּין אַרעסטירט,

איך בין אין תּפיסה... טייערע, טייערע אַנאַ! איך בעט אייך, פֿאָהרט נישט קיין זשענעווע! בלייבט דאָ, לאָז איבערגעהן אַ קליינע צייט, מיינע עלטערען וועלען זעהען, אַז איהר פֿאָהרט ניט, וועט זיי איבערגעהן דער קאַפּריז, און זיי וועלען איינווילינען צו אונזער שידוך, און דעמאָלט — אַ! דעמאָלט, נאָך דער חתונה, וועלען מיר זיין פֿריי צו טהון וואָס מיר ווילען! מיר וועלען דעמאָלט ביידע קאָנען פֿאָהרען קיין זשענעווע"...

צ ב י ה־ק י י ל ה. וואוהין קלויבען זיי זיך עס פֿאָהרען, אַ מכּה זיי?

מ אָ ש ע. איהר הערט דאָך, אַז קיין זשענעווע.

צ ב י ה־ק י י ל ה. וואו איז דאָס? ווייט פֿון דאַנען?

מ אָ ש ע. דאָס דאַרף זיין אין קאַרלסבאַד מסתּמא. אַלע זומער פֿאָהרען זיי קיין קאַרלסבאַד.

א י צ י ק [צו מאָשען]. אַזוי זאָגסט דו? קאַרלסבאַד! וואו איז קאַרלסבאַד? וואָס איז קאַרלסבאַד? מיט וואָס עסט מען קאַרלסבאַד?

מ אָ ש ע. וואָס זאָגט איהר אויף זיין טאַטען? אַזוי פֿיעל, ווי דו ווייסט, וויים איך נאָך געוויס, און אפשר נאָך אַ ביסעל מעהר!

א י צ י ק. אַ נייע ווייסערין געוואָרען! דו ווייסט מעהר פֿון אַ טוידטען! וואו האָסט דו זיך אָנגעהערט אַזעלכע זאַכען? ביי דיינע בעלי־בתּים אפשר? ווער זענט איהר? שוין לאַנג זענט איהר געשטאַנען מיט פֿיש אין מאַרק? געקומען אָהער קיין אָדעס, געוואָרען גאַנצע סטיקראַטען, און האָבען חשק זיך משדך זיין מיט אונז, מיט די פֿינקעלשטיינס!

מ אָ ש ע. אַי־אַי־אַי! אַ גליק! פֿינקעלשטיינס! וואָס איז מיט אייך דער יחום אַזוי גרויס?

א י צ י ק. ע, ביזט דו דאָך טאַקי אַ ציעג, און אפשר טאַקי אַ גאַנצע בהמה, אַז דו פֿרעגסט גאָר אַזעלכס!... מיר שטאַמען

ארוים — דו ווייסט פון וועמען? אזש פון דעם גרויסען, גרויסען... תּרח׳ען! האסט געהערט אמאל דעם נאמען תּרח?

מ א ש ע. באגראב דיך מיט איהם אין איין גריבעל!

א י צ י ק. בּתנאי, אז דו זאלסט זיין א דריטע...

צ ב י ה־ק י י ל ה. עס וועט זיין א מאל א סוף, צי ניין? [צו קלמנ׳ען]. לייענט, רב קלמן, וואס הערט איהר זיי?

ק ל מ ן ד ל ו ת [לייענט ווייטער]. „טייערע אנא! איך ווייס, אז ס׳איז אייך שווער דא צו זיין. איך ווייס, אז איהר האט צרות ניט אזוי פון די עלטערען, ווי פון דער שטוב, און איבערהויפּט פון די צוויי שענע לייט, דער שארלאטאן פּעטי און די פּוסטע קלארא. אנא! איך בין זיך מודה — איך בין צו שוואך, איך האב קיין העלדענמוטה ניט, אבער א הארץ האב איך, א נשמה — און דיביידע, דאס הארץ און די נשמה, געהערען צו אייך, צו אייך, טייערע אנא!... אלזא, נאך א מאל: איך בעט אייך, פאהרט ניט קיין זשענעווע! האט א ביסעלע געדולד, וועלען מיר נאך דער חתונהביידע פאהרען בעסער קיין מאנטעקארלא, אדער גאר קיין פּאריז!... האט רחמנות אויף אייער אומגליקליכען אראנטשיק פינקעלשטיין״.

א י צ י ק [ווישט זיך די אויגען]. נו? קאן דאס נישט נעמען קיין שטיין? [צו מאשען]. איהר זענט דאך ווערטה, אלע מיידלעך, מע זאל אייך אויפהענגען איינציגוויז אויף איין שנירעלע, דער־פאר וואס ביי אייך איז ניט קיין הארץ, נאר א קנויל ביימוועלעך, ווי מיין זיידע פלעגט זאגען צו דער באבע, בשעת זי האט ניט געוואלט, ער זאל שמעקען טאבּעקע...

מ א ש ע. ווער שוין געהאנגען בעסער אליין!

א י צ י ק. אמן גם אתם... [עס הערט זיך א קלאפּען אין דער הינטערטיר].

צ ב י ה־ק י י ל ה [הויך]. ווער איז?

א ק ו ל פ ו ן י ע נ ע ר ז י י ט ט י ר. ס׳איז איך!

צ ב י ה־ק י י ל ה. א נייעם איך האט געבּראכט דער רוח!...

[עפענט־אויף די טיר. עס קומט אריין קאַפּעל פון דער אַפּטייק, א טרוקענער נפש מיט א געשערענע גרוי בערדעל, דאָס אונטערשטע האַלבע פּנים העכער פוג׳ם איבערשטען ארויסגעשטעלט. רעדט מאַנאַטאַנע, ווי ברוגז].

א י צ י ק. ברוך הבא, א איד רב קאַפּעל פלעשעלוואַסער, דעם גרויסען פלעשעלוואַסער׳ס איין אייניקעל! וואָס טהוט איהר דאָ?

ק אַ פּ ע ל [קוקט ניט אויף איציקען, רעדט צו די דיענסטען ברוגז]. מיין פּרינציפּאַל העררר שלייען האָט מיר געהייסען אוועקוואַרפען אַלע געשעפטען מיט אַלע מלאכות און מיט אַלע פלעשלעך, און אָנ־געזאָגט, איך זאָל די רגע מיך דורכגעהן צו קאַלאַראַדאָ מיראַנאָוונאַ...

א י צ י ק. ווער איז די חיה?

מ אַ ש ע. דאָס מיינט ער אונזער קלאַרע. [צו קאַפּלען]. אויף וואָס דאַרפט איהר זי?

ק אַ פּ ע ל. אויף כּפּרות... מיין פּרינציפּאַל העררר שלייען האָט מיר געזאָגט, איך זאָל די רגע אָפּטראָגען צו איהר א בריוועל...

א י צ י ק. א בריוועל? גיט אהער! דאָ עפענט מען בריוולעך...

ק אַ פּ ע ל. זינט איך לעב, זינט איך שטעה אויף מיינע פיס! וואָס הייסט, דאָ עפענט מען בריוולעך? ווער עפענט צו וואָס עפענט מען זיי?

א י צ י ק. וואָס פאַרשטעהט איהר דאָ ניט, פאַרשטאָפּטער מוח? די בריעף, איידער מע גיט זיי איבער ארויף אין שטוב אריין, ווערען פריהער דורכגעלייענט אָט דאָ אין קיך... האָט איהר שוין צעקייעט, צי נאָך ניט? [צו קלמן דלות]. רב קלמן, זייט זשע מוחל, טהוט אָן צוריק די ברילען. [צו קאַפּלען]. פּרא־אָדם! וואָס זענט איהר געבליבען שטעהן, גלייך ווי אייער פּרינציפּאַל וואָלט אייך דערלאַנגען מיט א פלעשעל אין האַלז־און־נאַקען? גיט שוין אהער דאָס בריוועל, וועלען מיר דאָס עפענען, איבערלייענען און צוריק פאַר׳חתמ׳ענען מיט א ווייסבען פון איין איי, שוין אינאיינעם מיט מיין פּרינציפּאַל׳ס בריוועל. איהר קאָנט זיך אויף מיר פאַר־

לאָזען, איך בין אויף די זאַכען אַ רעכטער בעל־מלאכה, ווי מיין רבי פלעגט זאָגען, בשעת ער האָט געהאַלטען ביי אויפשניידען אַ קאַוועז...

קאָפּעל [קנייטשט מיט די פּלייצעס]. זינט איך לעב, זינט איך שטעה אויף מיינע פיס... מיין פּרינציפּאַל הערר שלייען האָט מיר אָנגעזאָגט למען־השם, איך זאָל מיך ניט דערוועגען איבערגעבען דאָס בריוועל דורך קיין אַנדערען, נאָר גלייך צו קאָלאָראַדאַ מיראַ־נאָוונאַ אין די הענט אַריין, וואָרום ס'איז, פאַרשטעהט איהר מיך, אַ סוד...

איציק. וואָס זאָגט איהר צו זיין קאָפּ? אדרבה, ווייל ס'איז אַ סוד, באַדאַרף מען זעהען אין וואָס באַשטעהט ער, אַניט — וואָס דאַרפען מיר דאָס, וועלכע שוואַרצע יאָהר?... נו, מאַכט נאָר ניט קיין שהיות, רב פלעשעלוואַסער, גיט אַהער דאָס בריוועל, די נאַכט שטעהט ניט!...

קאָפּעל [קנייטשט מיט די פּלייצעס]. נננו! זינט איך לעב, זינט איך שטעה אויף מיינע פיס, האָט זיך מיר אַזעלכס נישט גע'חלום'ט אפילו!... [טראָגט־צו איציקען דאָס בריוועל].

איציק [עפענט־אויף דעם קאָנווערט פון דער לינקער זייט, ציהט־ארויס דאָס בריוועל, באַטראַכט דאָס פריהער פון אַלע זייטען, גיט דאָס איבער צו קלמנ'ען]. נו, רב קלמן, שניידט ווייטער, ווי מיין טאַטע פלעגט זאָגען, בשעת ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט איין טעלער און גע־הייסען געבען זיך נאָך אַ מאָל...

קלמן דלות [טהוט־אָן די בריללען, לייענט]. „מיין טייערע טייבעלע, נשמה מיינע, קלאַראַ מיראָנאָוונאַ! איך בין אייך מודיע, אַז ביי מיר איז שוין אַלץ פאַרטיג צו דער רייזע, איך האָב שוין אַלע פאַפּיערען גרייט, איך האָב שוין אפילו אַ פוהר אויך באַשטעלט. דאָס שטעדטעל איז ניט ווייט פון דאַנען. איך האָב דאָרטען אַ באַקאַנטען, אויך אַ פאַרמאַצעווט, שרייבט ער מיר, אַז פאַר איין פינפאונצוואַנציגער וועט אונז דער דאָרטיגער רב געבען חופּה וקידושין... פאַרגעסט נאָר נישט מיטנעמען מיט זיך אייער גט

מיט אייערע מעטריקעס... אך, ווי גליקליך איך בין, אז איך דער־מאן זיך, אז נישט מעהר ווי אין פיער און צוואנציג שעה ארום באפריי איך אייך, מיין טייער טייבעלע, פון געפענקעניש, און איהר וועט נישט דארפען אנקוקען מעהר די נמאס'דיגע פנימ'ער פון אייערע דעספאטישע עלטערען און פון אייערע מטורפ'דיגע ברי־דערלעך, און איבערהויפט — פון אייער געשערענער שוועסטער אניוטא, וועלכע איך האב פיינט גלייך אזוי ווי איהר, מעגט איהר מיר גלויבען אויף מיינע הייליגע נאמנות!... זייט גרייט צו דער באשטימטער שעה, טייערע נשמה, מיין שענע, גוטע, עהרליכע, געטרייע קלארא מיראנאוונא! פון מיר אייער איבערגעגעבענסטער קנעכט, וואס קושט אייך הינטער די אויגען צעהן טויזענט מאל, אקים לוואוויטש שלייען".

**איציק.** בראווא! יענער שרייט גוואלד: נישט פאהרען, דער האלט דוקא ביי פאהרען — דול און משוגע קאן מען פון זיי ווערען! אצינד דארף מען זיך נעמען צוריק פאר'חתמ'ענען די ברייוולעך... [ער נעמט זיך צום וויסכען פונ'ם איי, טראגט צו ביידע בריוולעך מיט די קאנווערטען צו קלמנ'ען]. אנו, רב קלמן, זייט זשע מוחל, וועלכס איז צו אנען און וועלכס איז צו קלארען, אדער צו קאלאראדען? עס קאן דא חלילה ארוים א מיאוס'ער טעות... [קלמן באווייזט איהם. ער לעגט־אריין די בריוולעך אין די קאנווערטען, באשמירט מיט'ן וויסכען פון איי, גיט איבער מאשען]. נא, מאשוטעטשקע, נשמה'ניו, געה טראג זיי אפ די בריוולעך, לאזען זיי זיך קוויקען...

**מאשע.** וואס פאר א מאשוטעטשקע בין איך דיר, ברענען זאלסט דו? [געהט־אפ מיט די בריוולעך].

**איציק** [צו מאשען]. אמן גם אתם!... [צו צביה־קיילה'ן]. אצינד גיט אהער, מוהמעניו, נאך א פאר גלעזלעך, וועלען מיר פארזוכען דעם ווישניק אייערען, וואס פאר א טעם ער האט, און טאקי אין איינוועגס טרינקען לחיים, ווארום מע דארף סאי ווי סאי שטארבען, ווי מיינער א באקאנטער שניידער האט געזאגט, בשעת

ער האָט דערזעהען, אז מע גיט צום טיש א פולע שיסעל מיט הייסע לאַטקעס... טרינקט, רב קלמן!

קלמן דלות [אויפגעלעבט]. א איד טרינקט דען? װען טרינקט א איד? א איד טרינקט איין מאָל אין א שמיטה... לחיים, לאָז גאָט געבען, מע זאָל זיין אידען, וואָרום איך געה מיר מיט מיין גאַנג... איך זאָג, אז א איד איז גאָר איין אנדער זאַך! א איד איז ניט קיין גוי... א גוי איז א גוי, און א איד איז א איד... דיזען, דאַזען — איהר פאַרשטעהט, צי ניין?...

א י צ י ק. זעהט איהר, דאָס איז שוין איין אויפטהו! דאָס איז א שכל! א גוי איז א גוי, און א איד איז א איד. מעהר מע לעבט, מעהר עסט מען... צוליעב דעם אליין מוז מען איבער־סוויניאַטשען דעם פסוק נאָך א מאָל. [גיסט אַז. אלע דריי טרינקען]. איך האָב מיך דערמאַנט א ליעדעל. איהר דאַרפט עס קענען, רב קלמן, עס זינגט זיך אַזוי. איך וועל זינגען, און איהר וועט מיר אונטערהעלפען. [צו קאַפּלען]. און איהר, פּלעשעלוואַסער, מעגט אויך אונטערהאַלטען. [זינגט].

געהט א גוי אין שענק אריין,
אין שענק אריין,
אין שענק אריין.
טרינקט זיך אוים זיין פּעסעל וויין,
זיין פּעסעל וויין,
זיין פּעסעל וויין.

א ל ע ד ר י י.

אוי, אוי, אוי!
שכור איז א גוי!
שכור איז ער,
טרינקען מוז ער,
ווייל ער איז א גוי!
שכור איז ער,

טרינקען מוז ער,
ווייל ער איז א גוי.

א י צ י ק.

נעמט א איד א גלעזעלע וויין,
א גלעזעלע וויין,
א גלעזעלע וויין.
שעלט ער באלד אין טאטען אריין,
אין טאטען אריין,
אין טאטען אריין.
אוי, אוי, אוי!
שכור איז א גוי...

[עם קומט־אן פון אויבען ס א ש ק ע מיט א הינטעל אין דער האנט, געהט־אונטער שטיל צו צביה־קיילה'ן, טראגט איהר אונטער דאס הינטעל צום האלז].

צ ב י ה ־ ק י י ל ה [טהוט א שפרונג־אפ]. פארחאפט זאלסט דו ווערען, דו וועוועריק איינער, מיט דיין הונט, די כפרה זאלסט דו זיין מיט איהם אינאיינעם! דו האסט דאך מיך איבערגעשראקען כמעט אויף טוידט!

ס א ש ק ע [לאכט]. ער האט דיר דען א ביס געטהאן? מאפס בייסט זיך ניט. מאפס איז א גוטענקער, א װאוילענקער!...
[טראגט־צו דאס הינטעל זיך צום פנים].

א י צ י ק [באטראכט דעם הונט]. ווי אלט איז ער, ביז הונדערט און צוואנציג יאהר, דארף איך פרעגען?

ס א ש ק ע. קיין האלב יאהר נאך נישט אפילו.

א י צ י ק. קיין עין־הרע ניט! שטעהט שוין אליין?

ס א ש ק ע [לאכט]. צי ער שטעהט שוין אליין? חא־חא־חא! איהר זאלט איהם זעהען לויפען! פייל אויס'ן בויגען! גיכער פון איין אייזענבאהן... אין איין מינוט קאן ער אייך אפלויפען טויזענט מייל!...

א י צ י ק. טאקי באמת? מע קאן ניט זאגען, אז ס'איז א גוזמא... וואס קאסט ער, דארף איך פרעגען?

סאשקע [די הענט אין די קעשענעס]. א! ער קאסט געגוג! די מאמע מיינט, אז ער קאסט נישט מעהר ווי דאס פינפערעל, וואס זי האט באצאהלט... דאס ווייסט זי ניט, אז א חוץ דעם פינפערעל האב איך שטילערהייט אונטערגעשמירט מיט נאך עטליכע פינפערלעך, זי זאל ניט וויסען...

איציק. וואו האסט דו גענומען פינפערלעך, דארף איך פרעגען? געמאכט מיט די רויף?... [א מאך מיט דער האנט און א וואונק מיט די אויגען].

סאשקע [לאכט]. ווער פרעגט דיך?... למאי איך האב נאך געלט?...

איציק. עפּים א סך?

סאשקע. טויזענט!... ביי דיר איז דאס א סך, ביי מיר איז דאס גארניט. איך זאל וועלען, וואלט איך געקאנט האבען נאך! [נעמט ארויס א בייטעלע, קלינגט מיט דעם אין דער לופטען]. אט האט מיר קלארע געגעבען עטליכע גאלדענע, ערשט נעכטען...

איציק. פאר וואס?

סאשקע. פאר שווייגען.

איציק. וואס הייסט, פאר שווייגען?

סאשקע. איך זאל שווייגען. איך זאל ניט זאגען קיינעם, אז זי האט זיך געקושט מיט'ן פראוויזאר אונטען אויף די טרעפ, בשעת זי איז געגאנגען איהם באגלייטען... [צביה־קיילה, קלמן און קאפעל לאכען].

איציק. בראווא, סאשקע, בראווא! ביזט א וואוילער בחור און א בעל־סוד, וואס מע קריגט דאס נישט! קום דערפאר אהערצו מיט דיין קדיש, וועסט דו פארזוכען אזא משקה, וואס דו האסט אזעלכעס ביי דיין טאטען קיינמאל ניט געטרונקען! [גיסט איהם אז א גלעזעל]. אפשר האסט דו מורא, ס'איז צו שטארק?

סאשקע. איך האב קיין מורא ניט פאר צו שטארק. [פארזוכט]. ס'איז דאך אונזער ווישניק!...

צביה־קיילה [ווערט רויט, קוקט ניט אין די אויגען אריין, רעדט צו זיך]. א מכה איהם!...

סאשקע [פארזוכט נאך א מאל]. איך טרינק איהם אלע טאג ביי'ם טיש, אמאל א גלעזעל, אמאל צוויי... איך קאן אויס־טרינקען דריי אויך, און פיער אויך, און צעהן, און צוואנציג, און דרייסיג, און טויזענט גלעזלעך אויך! נאר מאפּס טרינקט נישט... [טראגט־צו דעם הונט צו קלמנ'ען גלייך אין פּנים אריין. קלמן שפּרינגט־אפּ]. חא־חא־חא, ער האט מורא פאר א הונט! קוקט־אן א מארדע, קוקט־אן אויהערען א פאר! [שטופּט איהם דעם הונט].

קלמן דלות [שטופּט איהם אפּ]. איך האב ניט מורא, נאר איך האלט נישט פון קיין הינט... א איד האט פיינט א הונט... א איד איז נישט קיין גוי!... [זינגט].

געהט א גוי אין שענק אריין,
אין שענק אריין,
אין שענק אריין.
טרינקט זיך אוים א פעסעל וויין,
א פעסעל וויין,
א פעסעל וויין.

אלע.

אוי, אוי, אוי!
שכור איז א גוי!
שכור איז ער,
טרינקען מוז ער,
ווייל ער איז א גוי!...

סאשקע [שטופּט דעם הונט קאפּלען]. וואס זאגסט דו אויף מיין הונט?

קאפּעל [שפּרינגט־אפּ]. זינט איך לעב... זינט איך שטעה אויף מיינע פיס...

צ ב י ה־ק י י ל ה [צו מאשקען]. לאז צורוה! קום בעסער אהער, וועל איך איהם געבען עסען.

מ א ש ק ע [פרייליך]. לאנג לעבען זאלסט דו, צביה־קיילה! דערפאר האב איך דיך ליעב! [גיט דעם הונט עסען. עס קומט־אן מאשע].

א י צ י ק. נו, מאשעניו, מיין לעבען? האסט אפגעגעבען די בריוולעך אקוראט?

מ א ש ע. וואס דען האב איך געטהאן?

א י צ י ק. בראווא! [טראגט־צו דאס גלעזעל צו די ליפען און שיסט־אויס א מורא'דיגען געלעכטער. אלע בלייבען זיצען, קוקען זיך איבער].

צ ב י ה־ק י י ל ה. וואס איז דיר צוגעקומען, משומד איינער?

ק ל מ ן ד ל ו ת. א איד איז פרייליך. ס'איז איהם גוט אויפ'ן הארצען, לאכט ער... א איד איז ניט קיין גוי... א איד... [זינגט].

נעמט א איד א גלעזעלע וויין,
א גלעזעלע וויין,
א גלעזעלע וויין.
שעלט ער באלד אין טאטען אריין,
אין טאטען אריין,
אין טאטען אריין.

א ל ע.

אוי, אוי, אוי!
שכור איז א גוי!
שכור איז ער,
טרינקען מוז ער,
ווייל ער איז א גוי...

א י צ י ק [שיסט־אויס נאך א מאל א געלעכטער]. אוי, אידען, איהר זאלט וויסען, וואס דארטען טהוט זיך! [ווייזט ארויף, אויף די טרעפ].

צ ב י ה־ק י י ל ה [צו מאשען]. וואָס קוועלט ער אזוי, דער משומד?

מ אָ ש ע. ווייסט איהם דער רוח! ס'איז איהם אָנגעקומען דאָס משוגעת...

ק אָ פּ ע ל. זינגט איך לעב, זינגט איך שטעה אויף מיינע פיס...

א י צ י ק [האלט זיך ביי די זייטען, לאכט אלע מאל שטארקער]. וואָס ווייסט איהר, וואָס פאר א חתונה איך האָב אָנגעארבייט! איך האָב דאָך פארביטען די יוצרות... ארייגעלעגט מיין אראָנ־טשיק'ס בריוועל צו דער שענער קאָלאָראדע, און דעם אפּטייקער'ס בריוועל צו מיין אראָנטשיק'ס כּלה'כען — און לאָזען זיי זיך דאָרטען רייסען ווי די קעץ! [ווערט שיער ניט צעפּלאצט פאר געלעכטער].

צ ב י ה־ק י י ל ה [א פּליעסק מיט די הענט]. אה, דו משומד איינער, וואָס האָסט דו געטהאָן?

מ אָ ש ע [ברעכט די פינגער]. אוי, א דונער איז מיר! אָט לויף איך זיי זאָגען. [לאזט זיך לויפען. צביה־קיילה האלט זי אפּ].

צ ב י ה־ק י י ל ה. וואָס ווערסט דו לויפען? איצט איז שוין פארפאלען... מאך שוין בעסער א שווייג. לאָזען זיי זיך רייסען, לאָזען זיי זיך בייסען. א שענע ריינע כּפּרה!

א י צ י ק [קאטשעט זיך]. אוי, איך וועל דאָס ניט אויס־האַלטען!...

ק אָ פּ ע ל [קנייטשט מיט די פּלייצעס]. זינגט איך לעב, זינגט איך שטעה אויף מיינע פיס!

ק ל מ ן ד ל ו ת. ער לאכט, מהכּתיתי. וואָס אהרט אייך, לאָז ער לאכען, לאָז א איד אויך לאכען... א איד איז ניט קיין גוי... א איד... [זינגט].

שכּור איז א גוי!
שכּור איז ער,
טרינקען מוז ער,
ווייל ער איז א גוי!...

א י צ י ק [צו קלמנ׳ען]. אט ווען איך האָב ליעב! לאָם איך האָבען אזא יאָהר, וואָס פאר א איד דאָס איז! לחיים, רב קלמן! איהר פאָלגט מיך, נעמט טרינקט לחיים צו אייער צביה־קיילה׳ן, און לאָז זיין אין א גוטער שעה! איהר מיינט, מע ווייסט ניט, אז איהר שדכנ׳ט זיך צו איהר? האָט קיין יסורים ניט, מע ווייסט, א וועלט שלאָפט ניט!... לאָם איך האָבען אזא יאָהר, וואָס פאר א גלייבער סליוועק דאָס איז! [גיסט זיי אז ביידען א גלעזעל ווישניק]. טרינקט לחיים און לאָז זיין מיט גליק, פון דאנען אין איין אייגענער, ווי מיין פעטער האָט געזאָגט, בשעת מע האָט איהם דאָס דריטע מאָל אריינגעזעצט אין געפענקעניש... און דו, מיין טייערע נשמה, מאשענקע, לעבען זאָלסט דו מיר, דו מיינסט, איך וויים ניט, אז דו האָסט מיך ליעב? לאָם איך, למשל, נישט קומען צו געהן א טאָג, פליהסט דו דאָך צוואנציג מאָל אראָפ אין קיך, זעהען, צי בין איך שוין געקומען, און לאָם איך קומען צו געהן — שעלסט דו מיך פלומרשט מיט טוידטע קללות... נאַר בלאָטע! איציקען נארט מען נישט! איציק ווייסט!... נאַ, זעה, וואָס כ׳האָב דיר געקויפט! [נעמט ארוים און טהוט איהר אָן א קייטעל אויפ׳ן האלז]. ס׳איז כסף טהור — ריין גאָלד, נארעלע וואָס דו ביזט. פארנוץ געזונט, ווי מיין רבי האָט געזאָגט מיינעם א חבר, בשעת ער איז געפאלען און האָט זיך צעשפאָלטען א ליפ... [טראָגט איהר אונטער א גלעזעל ווישניק. זי קוויינקעלט זיך, באטראכט די קייט, באוויזט צביה־קיילה׳ן].

צ ב י ה־ק י י ל ה. פארנוץ געזונט! [אויף איציקען]. א משומד דאָס איז!

ק אָ פּ ע ל [געהט־צו צו מאשען, באטראכט די קייט, קנייטשט מיט די פלייצעס, געהט צוריק]. זינט איך לעב! זינט איך שטעה אויף מיינע פים!...

א י צ י ק. מכח חתונה וועלען מיר שמועסען איין אנדערש מאָל. אצינד דארף מען ברעכען טעלער. [נעמט פונ׳ם פריפעטשיק

צוויי טעלער, טהוט זיי א ווארף אין דער ערד אריין]. מזל־טוב אייך, רב קלמן! מזל־טוב אייך, צביה־קיילה! מזל־טוב דיר, מאשענקע! מזל־טוב אייך, רב יצחק אליין! [צו קאפלען]. רב פלעשעלשוויינקער, גיט אונז אפ מזל־טוב! מזל־טוב! [נעמט אלעמען פאר די הענט. רב קלמן שאקעלט זיך. צביה־קיילה רייסט זיך. מאשע קוויינקעלט זיך. קאפעל קנייטשט מיט די פלייצעס. מע געהט א ראד. סאשקע מיט'ן הונט — אויך אין קאהן. איציק זינגט, קלמן העלפט איהם צו].

אָב איז א פאָטער,
קדר איז א טאָטער,
מים רופט מען וואסער,
וואסער רופט מען מים,
דארף מען טרינקען לחיים —
לחיים! לחיים! לחיים!

טיירערעדערידעראָם! טיירערעדערידעראָם! טידערידעראָם! לאָ־דערידערידעראָם! וואכטידעראָם! רב קלמן! שטארקער! העכער!... קאַפּעל! סאשקע! פיסלעך!... טיירערעדערידעראָם! טיירערעדערידעראָם! טידערידעראָם! לאדערידערידעראָם! וואכטידעראָם!... [עס עפענט זיך די שטובטיר און עס באווייזט זיך אויף דער שוועל קלארא, און באלד נאך איהר אננא].

קלארא. ווער האָט געבראכט דעם בריעף? [דערזעהט דעם עולם טאנצען, טהוט א שפרונג־אפ צוריק].

אננא. ווער האָט געבראכט דעם בריעף? [דערזעהט קלאראן, טהוט א שפרונג־אפ צוריק. — דער עולם הערט־אויף צו טאנצען. מע בלייבט שטעהן פארגליווערט, יעדער אין איין אנדער פאזע].

קלארא. נא זעה, וואָס דיין תכשיט שרייבט צו דיר! [טהוט איהר א שמיץ דאס בריוועל אין פנים אריין].

אננא. נא זעה, וואָס דיין נאקעטער פראָוויזאָר שרייבט צו דיר! [א שמיץ דאס בריוועל אין פנים אריין].

**אִיצִיק** [חאַפּט זיך ביי די זייטען, קאַטשעט זיך פֿאַר געלעכטער]. פֿאַרבּיטען די יוצרות! חאַ־חאַ־חאַ! אַ קאָמעדיע, ווי איך בּין אַ מענטש! חאַ־חאַ־חאַ!

**אַלע.** פֿאַרבּיטען די יוצרות! חאַ־חאַ!... [עס וואַקסט־אויס די נגידית, דערזעהט די פֿלעשלעך מיט די גלעזלעך אויפֿ'ן טיש און דעם עולם, ווי מע איז פֿריילין און מע לאַכט, ווענדט זיך צו די טעכטער].

**די נגידית.** וואָס איז דאָ? וואָס טהוט זיך דאָ? [צו די דינסטען]. אַ וויסטער, אַ פֿינסטערער, אַ שלים־מזל'דיגער חלום צו מיינע שונאים'ס קעפּ און צו אייערע הענט און פֿיס! וואָס איז דאָס? צביה־קיילה, וואָס איז דאָס פֿאַר שכּורים ביי מיר אין קיך? !... וואָן פֿון דאַנען! וואָן, שכּורים!!!...

**אִיצִיק** [צו קלמנ'ען]. איהר הערט, רבּ קלמן, אין וואָס מען איז אונז חושד?

**קלמן דלות** [קוים וואָס ער פּלאָנטעט מיט דער צונג]. שכּורים? חס ושלום! ווי קומט דאָס צו אַ אידען? ובּפרט נאָך דער מעטאָדע פֿונ'ם שטאַנדפּונקט פֿון דער קאַפּיטאַליזאַציע אין די פֿאַרגעשריטענע עלעמענטען פֿונ'ם קאַפּיטאַל! ווייס איך וואָס! אַ איד איז ניט קיין גוי... [זינגט, די איבּעריגע העלפֿען איהם מיט].

אוי, אוי, אוי!
שכּור איז אַ גוי!
שכּור איז ער,
טרינקען מוז ער,
ווייל ער איז אַ גוי!...

[די נגידית, אויסער זיך, לויפֿט־אַראָפּ פֿון די טרעפּ, חאַפּט פֿון די ווענט די קליידלעך, ווייל אַנהויבּען וואַרפֿען אין דרויסען אַרויס. זי ווערט אונטער־געחאַפּט פֿאַר די הענט פֿון בּיידע זייטען: פֿון איין זייט איציק, פֿון דער אַנדערער זייט קאַפּעל, ווערט אַריינגעחאַפּט אין רעדעל אַריין. אַלע זינגען און טאַנצען. זי רייסט זיך מיט אַלע כּחות, נאָר זי מוז נאָכטאַנצען מיט אַלע אין קאַהן. פּונקט אויף דער מיטען דרעהט זיך סאַשקע מיט'ן הינטעל, מאַכט פּיסלעך אַקעגען דער מוטער. איציק גיט אונטער אַלעמען היץ, זינגט. אַלע העלפֿען

איהם, אלע דרעהען זיך, ווי א וויכער. — פון אויבען, פון די טרעפ אראפ, קוקט מיט גרויסע אויגען דער נגיד, א שענער איד מיט א צילינדערהוט און מיט א שטעקעל, ווייזט־אויס, נאר־וואס געקומען פון גאס, זעהט דאס בילד, פאר־שטעהט ניט וואס זאל דאס באדייטען. ער טהוט זיך א לאז אראפ, הויבט אויף דעם שטעקען מיט גרויס אויפרעגונג, שרייט עפּיס, נאר מע הערט ניט וואס. אין איין מינוט ווערט ער אריינגעחאפּט אין רעדעל אריין, און ער מוז טאנצען מיט אלע אינאיינעם. פונ'ם געזאנג ארויס הערט זיך איציק'ס קול].

א י צ י ק [טאנצענדיג]. פרייליך! אידען! לעבעדיג! אוים בעלי־בתּים! אוים משרתים! אלע גלייך!... פארבּיטען די יוצרות!... רבּ קלמן! שטארקער! לעדערידערײדאָם! וואכ־טידעראָם!

לאנגזאם פאלט דער פאָרהאנג.

# אגענטען

א שפּאַס אין איין אַקט.

געשריבען אין יאָהר 1905.

## פערזאָנען:

**מנחם־מענדעל יקנהז.** א יונגערמאַן א קליינשטעדטעלדיגער, אַנגעטהאַן אין אַ נייעם גאַרניטער, נאַר־וואָס פון דער נאָדעל, מיט אַ נייעם קאַפּעליש, וואָס זיצט ניט גוט אויפ׳ן קאָפּ, און מיט אַ קאַלנער, וואָס קוועטשט איהם אַרוים די אויגען פון שטערן. אויפ׳ן שוים האַלט ער אַ גאַנץ גרויסען פּאַרטפעל, אויך אַ נייעם.

**מאַרק מאַיסעיעוויטש לאַמטערענשיסער.** אַ יונגערמאַן אַ שטשאַגאַל. אויך מיט אַ גרויסען פּאַרטפעל.

**אַקים איסאַקאָוויטש באַקפּיש.** אַ געפּאַקטער פּאַרשוין, וואָס האַלט פון דער אכילה. אויך מיט אַ גרויסען פּאַרטפעל.

**לאַזאַר קאָנסטאַנטינאָוויטש טערקעלטויב.** אַ פּאַרשוין מיט אַ גרויסער באָרד און מיט אַ גרויסער משפחה: אַ ווייב מיט עטליכע קינדער, איינס קלענער פונ׳ם אַנדערען.

פאַרשיידענע פּאַרשוינען, סטאַטיסטען.

די געשיכטע קומט פאָר אונטערוועגנס, אין וואַגאָן דריטער קלאַס.

[אין וואגאן. — אייניגע פארשווינעז זיצען, אייניגע ליגען אויס־געצויגען, אייניגע שלאפען. — אויף די פאליצעס פעקלעך, טשע־מאדאנעס. — פארענט, איינער אליין אויף א באנק, נאהענט צום פענסטער, זיצט מנחם־מענדעל, באטראכט דעם נייעם גאר־ניטער, רעדט צו זיך אליין].

## ערשטע סצענע.

מנחם־מענדעל. אנגעטהאן מיך א ביסעל — ווי א חתן. אויסגעפוצט — ווי א מויד. א חסרון — די הויזען א ביסעל צו שמאלדליך, און דער קאלנער... אוי, דער קאלנער! נאר אויף צו דערווארגען ווערען!... איך פאהר. איך וויים, וואוהין איך פאהר? „איהר וועט זיין, זאגען זיי, א גוטער אגענט. אייער נאמען אליין, זאגען זיי, איז שוין גענוג! א ווערטעלע אויס־צורעדען — מנחם־מענדעל יקנהז, וואס מע קען איהם, זאגען זיי, ווי א בייזען שילינגער, אומעטום: אין יעהופעץ, אין בויבעריק, אין מאזעפעווקע, און וואו ניט? פאהרט, זאגען זיי, צווישען טייערע אידעלעך און זייט מצליח! שטראפירט, זאגען זיי, מענטשען פונ'ם טוידט"... שטראפירען מענטשען פונ'ם טוידט? ווי אזוי נעמט מען דאס און מע שטראפירט־אפ יענעם פונ'ם טוידט? זאל איך אזוי וויסען א בייזע וועטשערע. חאטש זיי האבען מיך געלעהרענט צוויי טאג כסדר הלכות־אגענט, און „אוואנס" האט מען מיר אויך געגעבען, און דאס איז דאך דער עיקר, מחמת אלע אגענטען נעמען אוואנסען. ס'זאל ניט זיין קיין אוואנסען, וואלטען ניט געווען, זאגען זיי, קיין אגענטען... חוץ לזה, האבען זיי מיר אנגעפאקט א פולען פארטפעל מיט קאנסטי־

טוציעס, מיין איך אינסטרוקציעס, ווי אזוי איין אגענט איז זיך נוהג בשעת שטראָפירען יענעם פונ׳ם טוידט. מע באַדאַרף זיך נעמען אַקאָרשט צו די קאָנסטיטוציעס, מיין איך אינסטרוקציעס... [עפענט־אויף דעם פּאָרטפעל און באַקוקט־אַרוים אַ בריוועל]. אַ! מע זאָל דערמאָנען משיח׳ן — שיינה־שיינדעל׳ס אַ בריוועל! ווי זאָגט די שוויעגער מיינע: „אַז מע זוכט אַ שער, געפינט מען אַ בעזים״... מע דאַרף פון דעסטוועגען לייענען נאָך אַ מאָל, וואָס שרייבט עפּיס מיין פלונית׳טע, זאָל מאריך ימים זיין? במילא סקוטשנע אין וואַגאָן, ניטאָ וואָס צו טהון. [לייענט דאָס בריוועל]. „לכבוד בעלי היקר הנגיד החכם...״ בקיצור... „מוהר״ר מנחם־מענדעל נ״י. ערשטענס, קום איך דיר צו מעלדען, אַז מיר זענען אַלע גאָט צו דאַנק אין בעסטען געזונט, געב גאָט דאָס נעמליכע פון דיר צו הערען אויף ווייטער ניט ערגער...״ [רייסט איבער]. דאַנקען השם יתברך, וואָס חאָטש געזונט. [לייענט ווייטער]. „צווייטענס, שרייב איך דיר, זאָלסט אַזוי כח האָבען, משומד איינער...״ [רייסט איבער]. שוין! זי הויבט שוין אָן מיט איהרע ברכות!... [לייענט ווייטער]. „... זאָלסט אַזוי כח האָבען, משומד איינער, צו חאָליען דאָרטען אין דער קרענק, אין דעם ווּיסטען פינסטערען יעהופּעץ, ברענען זאָל עס מיט דיר אינאיינעם אויף איין פייער, ווי איך האָב אפילו כח צו פלאָנטען מיט די פיס, אַז בסך־הכל האָט מיר דער שענער דאָקטער געהייסען ליגען — ליגען זאָל ער אויפ׳ן בית־עולם מיט דיר אין שכנות, ווי די מאַמע זאָגט...״ [רייסט איבער]. אַהאַ! די מאַמע זאָגט!... [לייענט ווייטער]. „... ווי די מאַמע זאָגט, ס׳זאָל אייך זיין היימליכער אין די לאַנגע ווינטער־נעכט... נאַ דיר גאָר אַזאַ שלאַק — אַ נייע פּרנסה האָט איהם גאָט צוגעשיקט, דעם ברויטגעבער מיינעם! ער וועט שטראָפירען מענטשען צום טוידט! וואָס הייסט דאָס, מענדעל, דו וועסט שטראָפירען מענטשען צום טוידט? פאַר וואָס?...״ [רייסט איבער]. זי הויבט ניט אָן צו פאַרשטעהן, וואָס מע שרייבט איהר! [לייענט ווייטער]. „ביזט דאָך קלאָר משוגע — משוגע מעגסט דו ווערען פאַר אַלע אידען און פאַר אַלע גויים,

להבדיל, ווי די מאַמע זאָגט...״ [רייסט איבער]. זי איז שוין ווידער דאָ מיט דער מאַמע! [לייענט ווייטער]. „...ווי די מאַמע זאָגט: אַ פערדעל, אַז מע לאָזט דעם אָפּ די לייצעס, פאַררייסט דאָס אויך דעם וויידעל. קאַרג, הייסט עס, וואָס דו האָסט איבערגעדיענט אַלע עבודה־זרות, געווען שוין וואָס אין דער קאָרט: אַ הענדלער — אַ טענדלער, אַ מעקלער — אַ שמעקלער, אַ געהער — אַ דרעהער, אַ שדכן — אַ בּרחן, וואָס די גאַנצע וועלט האָט מיט דיר צו טהון, — באַדאַרפסט דו נאָך אויספּרובען האַנדלען מיט טוידטע לעבּעדיגע מתים, ווי זאָגט די מאַמע זאָל לעבּען: וואַרט־וואַרט, ער וועט זיך דיר שוין באַלד פאַרשטעלען פאַר איין אַם אויך ערגיץ אין פּוילען!... וואָלט ניט גלייכער געווען טויזענט מאָל, זאָלסט, למשל, זיין אַצינד אויף דער מלחמה מיט יאַמפּאַני...״ [רייסט איבער]. יאָ, ס׳פאַר־שטעהט זיך! אַט פליה איך!... [לייענט ווייטער]. „...און קומען צו פאָהרען אַהיים אין אַזאַ שטאַנד, חלילה, ווי אונזער משה־וועלוועל־לוי־אַבּרהמ׳ס איז געקומען, פינסטער איז מיר, אָהן הענט און אָהן פיס און אָהן לייב און אָהן לעבּען, ווי די מאַמע זאָגט: די קויל ווייסט דען וועמען זי שיסט?... געדענק זשע, מענדעל, איצטיגס מאָל זאָג איך דיר מיט גוטען: ס׳זאָל אויף דיר קומען אַ מהומה, אַ שרפה, אַ מגפה...״ [עס קומט־אַריין אין וואַגאָן לאַמטערענשיסער מיט אַ גרויסען טשעמאָדאַן, זוכט איין אָרט אויף צו זעצען זיך].

## צווייטע סצענע.

לאַמטערענשיסער [רוסיש]. מאָזשנאַ ק׳וואַם?*

מנחם־מענדעל [באַהאַלט דאָס בריוועל אין פּאַרטפעל. אויף רוסיש]. אַד! דליאַ טשעוואָ ניעט?** [צו זיך]. אַ פיינער פאַרשוין מיט אַ שענעם טשעמאָדאַן... אפשר וועט ער זיך לאָזען שטראָ־פירען פונ׳ם טוידט?

* מעג מען צו אייך? — ** פאַר וואָס ניט?

ל אַ מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר [באַשטאַט דעם טשעמאָדאַן, זעצט זיך אַוועק נעבען מנחם־מענדלען. נעמט־אַרויס אַ פּאַפּיראָס, רעדט רוסיש]. ניעט לי או וואַס אָגניאַ? * [צו זיך]. נאַדאָ זאַנדיראָוואַט פּאָטשוואָו — אַ טאַפּ אין וואָגען...

מ נ ח ם־מ ע נ ד ע ל. אַך! דליאַ טשעוואָ ניעט? [גיט איהם אַ שוועבעלע. רעדט צו זיך]. גאַנץ גוט, וואָס ער הויבט־אָן אויף צופריהער.

ל אַ מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר [טראָגט איהם אונטער אַ פּאַפּיראָס]. ניע אוגאָדנאָ לי? ** [צו זיך]. אַ פּאָדחאָדיאַשטשי *** סוביעקט... אַ פּראָווינציאַל מיט אַ נייעם גאַרניטער... אפשר וועט מען קאָנען מיט איהם מאַכען אַ געשעפט? האָטש אַ קליין סטראַחאָווקעלע אויף אויסשלאָגען די הוצאות...

מ נ ח ם־מ ע נ ד ע ל [נעמט]. אַך! דליאַ טשעוואָ ניעט? [פאַררויכערט, רעדט צו זיך]. זעהט־אויס, אַ גאַנץ לייטישער מענטש. ער וועט זיך, אם ירצה השם, געווים פאַרשטראָפירען פון'ם טוידט.

ל אַ מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר [צו זיך]. מיט אַזאַ חניאָק קאָן מען רעדען אויף אידיש. [הויבט אָן רעדען אידיש]. אַ חיות צו פאָהרען אין באַהן... נישט דאָס, וואָס אַמאָל! אַז מען איז געפאָהרען מיט דער פוהר, פלעגט מען זיך, ווי פאָנימאַיעטיע,**** שלעפּען און שלעפּען און שלעפּען.

מ נ ח ם־מ ע נ ד ע ל [זאָגט איהם נאָך]. שלעפּען און שלעפּען און שלעפּען.

ל אַ מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר. מען איז געווען אין גלות ביי'ם בעל־עגלה, כּחומר ביד היוצר.

מ נ ח ם־מ ע נ ד ע ל. כּחומר ביד היוצר.

ל אַ מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר. ער פלעגט אָנפּאַקען אַ בויד מיט פאַרשוינען פון כּל מאמינים שהוא.

---

* האָט איהר אפשר פייער? — ** צי ווילט איהר ניט? — *** אַ פּאַסענדער. — **** איהר פאַרשטעהט?

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. פון כל מאמינים שהוא.

ל א מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר. אידען, און ווייבער, און א זעקעל מעהל, און א חזן, און א ציעג, און א גלח...

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. און א ציעג, און א גלח...

ל א מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר. און אז מען איז געקומען בארג־ארויף, האָט ער געהייסען די פּארשווינען, זיי זאָלען זיך מטריח זיין אראָפּגעהן, מע בעט אייך מחילה.

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. מע בעט אייך מחילה.

ל א מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר. און היינט בין איך מיר א פּריץ. זיץ מיר, ווי פּאָנימאיעטיע, אין וואגאָן און רויכער מיר א פּאפּיראָס, אי ניקאקיך!

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. אי ניקאקיך!

ל א מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר. איין מעלה האָט נאָר געהאט דאָס אמאָליגע פאָהרען — מען איז געווען זיכער מיט'ן לעבען. מע האָט נישט מורא געהאט, טאָמער חלילה איין אומגליק, א קאטאסטראָפע, דאָס הייסט, טאָמער קעהרט מען זיך איבער, ווי פּאָ־נימאיעטיע, און מע פליהט, ווי די האלעשקעס, מיט'ן קאָפּ אראָפּ.

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. ווי די האלעשקעס, מיט'ן קאָפּ אראָפּ.

ל א מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר. גוט, אז מען איז באוואָהרענט חאָטש מיט עטליכע טויזענט קערבלעך אויף נאָכ'ן טוידט, דאָס ווייב מיט די קינדער זאָלען חלילה ניט דארפען, ווי פּאָנימאיעטיע, געהן איבער די הייזער.

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. איבער די הייזער... [צו זיך]. ער געהט גלייך, ווי א גוט פערד...

ל א מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר [צו זיך]. ער געהט דאָך מיר נאָך, ווי א לאָשעקעל! [הויך]. ווארום כל זמן, פארשטעהט איהר מיך, דאָס רעדעל דרעהט זיך, דרעהט זיך עס.

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. דרעהט זיך עס.

ל א מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר. און אז עס הערט זיך אויף צו דרעהען, איז — סטאָפּ מאשינא!

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. סטאָפּ מאַשינאַ!

ל אַ מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר [צו זיך]. ער לאָזט זיך פיהרען. מע דאַרף געהן מיט איהם גלייך צו דער שטאָל. [הויך]. דער חסרון, וואָס ניט יעדער קאָן זיך באַוואָהרענען מיט געלט. היינטיגע הוצאות, ווי פאַנימאַיעטיע, מיט היינטיגע־ע־ע־ע...

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. מיט היינטיגע־ע־ע־ע...

ל אַ מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר. איז חאַטש, פּאָקראַיניע מיערע, אַ סטראַחאָווקעלע.

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. פּאָקראַנעמיר, אַ סטראַחאָווקעלע... [צו זיך]. ס'איז דאך טאַקי עפּיס נאָר מן השמים, כלעבען!

ל אַ מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר. איך האָב מיך גראָד דערמאַנט אַצינד, וואָס ביי אונז האָט זיך געטראָפען אַ מעשה. איינער אַ געמיינער בעל־הבית, וואָס האָט אויף זיין לעבען ניט פאַרמאָגט קיין טויזענט קערבלעך, ווי פּאַנימאַיעטיע, ניט אָנגעקוקט קיין גאַנ־צען הונדערטער אין די אויגען, האָט ער אָבער שכל געהאַט באַ־צייטענס זיך פאַרסטראַחירען אין עטליכע טויזענט קארבען. איצט איז ער געשטאָרבען, פאַהרענדיג, ניט פאַר אייך געדאַכט, אין באַהן, האָט מען זיין ווייב אויסגעצאָהלט ביי אונז ניט לאַנג פינף טויזענט קאַרבען מעות מזומנים, אחת ואחת!

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. מעות מזומנים, אחת ואחת! פּונקט דאָס אייגענע, וואָס ביי אונז. ביי אונז האָט זיך אויך געטראָפען אַזאַ מעשה — ניט מיט פינף, נאָר מיט צעהן טויזענט קערבלעך. גאָט זאָל מיר אַזוי העלפען בכל אשר אפנה!

ל אַ מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר [אויסער זיך]. צעהן טויזענט קארבען?

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. צעהן טויזענט קארבען.

ל אַ מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר. וואָס האָבען זיי געטהאָן מיט אַזאַ סומע געלט?

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. וואָס זאָלען זיי טהון? זיי האָבען נעעפענט אַ קראָם, אַ שאַרפע קראָם!

לאַמטערענשיסער. אַזוי? נו? און זיי ליזען עפּים געלט?

מנחם־מענדעל. נאָך אַ מין ליזען! מאַסף ממון!

לאַמטערענשיסער [צו זיך]. איצט איז דער בעסטער מאָמענט. מע דאַרף איהם נעמען אויפ'ן צימבעל. [הויך]. ניט שייך צו זאָגען, מקנא זיין אַ געשטאָרבענעם; נאָר אַז מע דערמאָנט זיך אָן די לעבעדיגע, ווי פּאָנימאַיעטיע... יעדער האָט אַ ווייב און קינדער... [זיפצט]. איטליכער באַדאַרף עס טהון...

מנחם־מענדעל [זיפצט]. הערסט דו, אָט דאָס שמועסט מען דאָך! [צו זיך]. אָט איצט איז די בעסטע צייט איהם נעמען אין חדר אריין.

לאַמטערענשיסער [זיפצט]. אַז וואויל איז דעם, וואָס טהוט עס אָפּ באַצייטענס.

מנחם־מענדעל [זיפצט]. ווער ס'האָט שכל, דער פּאַרחאַפּט פריהער, דער... און עס קאָסט גאָר ניט אַזוי טייער. וואָס קאָסט עס דען?

לאַמטערענשיסער [אויפגעלעבט]. עס ווענדט זיך אין די יאָהרען. איך מיין, אַז מע קאָן דאָס אָפּמאַכען דאָ טאַקי?

מנחם־מענדעל [אויפגעלעבט]. פאַר וואָס ניט?

לאַמטערענשיסער. אַ דאָקטער קאָן מען קריגען נאָכדעם, צושטעלען אַ סווידיעטעלסטווע, ווי פּאָנימאַיעטיע...

מנחם־מענדעל. דאָס איז די לעצטע דאגה דאָס. דער עיקר איז די סומע.

לאַמטערענשיסער [חאַפּט זיך צום פּאַרטפעל]. ניט די סומע איז דער עיקר, דער עיקר איז די יאָהרען.

מנחם־מענדעל [חאַפּט זיך צום פּאַרטפעל]. געוויינטליך, די יאָהרען. למשל, וויפיעל זענט איהר אַלט?

לאַמטערענשיסער. איך? וואָס געהער זיך אָן, וויפיעל איך בין אַלט?

מ נ ח ם־מ ע נ ד ע ל. וואָס הייסט, וואָס געהער זיך אָן?
איהר זאָגט דאָך, אַז דער עיקר איז די יאָהרען, זאָגט איהר דאָך!

ל אַ מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר. וואָס הייסט? איהר ווילט דען מ י ך פאַרסטראַחירען?

מ נ ח ם־מ ע נ ד ע ל. וואָס דען? איהר ווילט מ י ך פּאַרשטראַפירען?

ל אַ מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר. איהר זענט דען אויך איין אַגענט?

מ נ ח ם־מ ע נ ד ע ל. נאָך אַ מין אַגענט! אַ סוף־אַגענט!

ל אַ מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר [שטעהט־אויף, גיט איהם די האַנט און שטעלט זיך פאַר גאַנץ העפליך, נאָר מיט גדלות]. מאַרק מאַיסעיעוויטש לאַמטערענשיסער, אַקרוזשנאַי אַגענט־אַקוויזיטאָר פון „עקוויטעבל”.

מ נ ח ם־מ ע נ ד ע ל [שטעהט־אויף און שטעלט זיך פאַר גאַנץ עלעגאַנט]. מנחם־מענדעל יקנהז, סוף־אַגענט פון „יאַקיר”. [עס קומט אַריין אין וואַגאָן ב אַ ק פּ י ש מיט צוויי טשעמאָדאַנעס און זוכט איין אָרט אויף צו זעצען זיך].

## דריטע סצענע.

ב אַ ק פּ י ש. מאָזשנאָ?

ל אַ מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר. פּאָזשאַלויסטאַ *.

מ נ ח ם־מ ע נ ד ע ל. פּיזשאַלעטי!

ב אַ ק פּ י ש [זעצט זיך אַקעגען, צעלעגט זיך מיט די טשעמאָדאַנעס. איין טשעמאָדאַן בינדט ער אויף און נעמט־אַרויס פון דאָרטען פלעשלעך מיט קעסטלעך מיט אַלערליי פאַרבייסענס, שטעלט־אַוועק דעם צווייטען טשעמאָדאַן פּאַפּעריק, ווי אַ טישעל, און נעמט זיך צום אַנבייסען]. אונטערוועגנס, הערט איהר, איז גוט, אַז מע פיהרט מיט זיך אַלסדינג, וואָרום ניט אויף יעדער סטאַנציע קריגט מען וואָס מע דאַרף, און נישט אַלס־דינג, וואָס מע גיט מיר, דאָס עס איך. איך האָב מורא פאַר מיין

---

* ביטע.

מאַגנען. דאָס הייסט, ס'איז חלילה ביי מיר ניט קיין קראַנקער מאַגנען, הלואי ווייטער, נאָר איך האָב מורא, איך זאָל איהם ניט קאַלי מאַכען. דער מאַגען, הערט איהר, דאָס איז אַ קעסעל. הערט אויף חלילה דער קעסעל צו קאָכען, איז די גאַנצע מאַשינע אין דער ערד. [עפענט־אויף אַ פלעשעל און גיסט זיך אָן אַ כוסה]. לחיים, אידען, לאָמיר זיין געזונט. [גיסט אָן נאָך אַ כוסה און טראַגט־אונטער מנחם־מענדלען]. פאַרזוכט, זייט מוחל, דאָס דאָזיגע ביסעל. ס'איז מיינע אייגענע, אייגענע נאַסטאָיקע אויף מאַראַנצענשאָלעכץ.

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל [צו זיך]. עפּיס זעהר אַ ליעבהאַרציגער פאַרשוין. אפשר וואָלט מען איהם געקאָנט פאַרשטראַפּירען פונ'ם טוידט? [הויך]. אַ דאַנק! גיט בעסער זיי. [ווייזט אָן אויף לאַמטערענשיסערען].

ל אַ מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר [צו מנחם־מענדלען]. טרינקט, טרינקט. [צו זיך]. אַ פריינדליכער סוביעקט. מע קאָן איהם פאַרסטראַחירען, אויסשלאָגען הוצאות...

ב אַ ק פ י ש [טרינקט נאָך אַ גלעזעל און טראַגט־אונטער לאַמטערענשיסערען]. פאַרזוכט, איך בעט אייך, אַ ביסעל משקה און פאַרבייסט מיט די דאָזיגע סאַרדעלען. אויסגעצייכענטע סאַרדעלען. האַ? וואָס זאָגט איהר? גוטע סאַרדעלען? פרישע? איך לאָז מיך ניט אין וועג אַריין אָהן סאַרדעלען. אַ קשיא אויף אַ מעשה, וואָס עס טרעפט זיך אין וועג. אין וועג דאַרף מען זיין געהיט מיט'ן עסען, וואָרום דאָס געזונט, הערט איהר, איז טייערער פון אַלסדינג. [בינדט־אויף אַ פעקעל דאַרע קישקע, עסט אַליין און גיט זיי]. האָט איהר שוין פאַרזוכט מיינע סאַרדעלען, מעגט איהר שוין פאַרזוכען מיין דאַרע קישקע אודאי. האָט קיין מורא ניט, ס'איז אי פריש, אי כשר. איך, אַז איך קויף קישקע, קויף איך ניט אַבי וואָסער קישקע. דאָס געזונט, הערט איהר, איז טייערער פון אַלסדינג. וואָרום אַז מע דערמאַנט זיך אינ'ם טוידט, איז מען ניט זיכער מיט'ן לעבען, ובפרט אַז מע האָט אין דער היים אַ ווייב מיט צוויי קינדערלעך, צוויי אויגען אין קאָפּ.

ל א מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר [עסט]. נישט מעהר, ווי צוויי?

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. צוויי סך־הכל?

ב א ק ם י ש [קייעט]. קארג? און טאָמער חלילה מאכט מען א שטארב?

ל א מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר [עסט]. מיט אייער קאָמפּלעקציע?

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל [עסט]. קיין עין־הרע, מיט אייער אויסזעהן?

ב א ק ם י ש [קייעט]. קוקט נישט, וואָס איך בין אזוי... איך זאָל מיך ניט אונטערהאַלטען מיט'ן עסען, וואָלט איך שוין — ע־הע־הע! [בינדט־אויף נאָך א פּאַקעט]. אנו, פאַרזוכט נאָר, זייט מוחל, פון אָט דעם געראויכערטען פלייש! ס'איז קאַלט, נאָר ס'איז פריש. איך, אז איך קויף פלייש, קויף איך ניט אבי וואָסער א פלייש. פאַר וואָס נעמט איהר ניט קיין זויערע אוגערקע? ס'איז אתרוגים, ניט קיין אוגערקעס. מיין ווייב זאָל געזונט זיין, איידער איך פאָהר־אַרויס פון דער היים, אז זי הויבט מיר אָן צו פּאַקען, פּאַקט זי, און פּאַקט, און פּאַקט, און פּאַקט... נעמט, איך בעט אייך, צו גלעזלעך ווישניק. ס'איז אייגענער ווישניק, מיין ווייב'ס מלאכה.

ל א מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר [טרינקט]. א געטריי ווייב ביי אייך.

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל [טרינקט]. ביי אייך א ווייב א געטרייע.

ב א ק ם י ש. א זעלטענהייט. איינע אין א גובערניע! וואָס ווייסט איהר?

ל א מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר. ניט קיין ווייב איז דאָס, ווי פּאָנימאַיעטיע, נאָר עפּיס איין אוצר!

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. איין אוצר, ניט קיין ווייב!

ב א ק ם י ש. וואָס ווייסט איהר? וואָס ווייסט איהר?

ל א מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר [צו זיך]. אנגעטראָטען אויף'ן רעכטען אָרט... מיר דאַכט, עס וועט געהן א גאַנג... [הויך]. אזא ווייב דאַרף מען שעצען.

מ נ ח ם־מ ע נ ד ע ל [צו זיך]. ער געהט מיט איהם אויף א דרך... [הויך]. אזא ווייב דארף מען האלטען בכבוד, אזא ווייב!

ב א ק פ י ש [שיילט א מאראנץ]. וואס ווייסט איהר? וואס ווייסט איהר? נעמט, איך בעט אייך, א מאראנץ. ס'איז גוטע מאראנצען. אז איך געה קויפען מאראנצען, קויף איך ניט קיין אבי וואסערע מאראנצען. דאס האט אויך זי איינגעפאקט מיר, מיין ווייב מיין איך...

ל א מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר [שיילט א מאראנץ]. אזא ווייב, ווי אייערע, טאר מען ניט לאזען אזוי, אהן א שום באוואהרעניש, חלילה, אויפ'ן ערגסטען פאל, טאמער איין אומגליק, חס ושלום. ווי פאנימאיעטיע? איך געה מיט דעם גאנג, אז וואבשטשע א ווייב באדארף מען באוואהרענען, און ווער שמועסט נאך מיט קינדער, און ווער שמועסט נאך אזעלכע מענטשען ווי מיר, פאנימאיעטיע, וועג־מענטשען...

מ נ ח ם־מ ע נ ד ע ל [צו זיך]. ער מאכט דאס גאר ניט שלעכט, כלעבען! [הויך]. מיר זענען דאך עפים וועג־מענטשען, זענען מיר!

ב א ק פ י ש. איך געה אויך מיט דעם גאנג, אז א ווייב מוז מען באוואהרענען, פארזיכערען האטש מיט א קאפיטאל פון אזעלכע צעהנטויזענט קערבלעך. דערויף איז פארהאן נאר איין מיטעל.

ל א מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר [אויפגעלעבט]. אפסטראחירען זיך?

מ נ ח ם־מ ע נ ד ע ל [אויפגעלעבט]. שטראפירען זיך פונ'ם טוידט?

ב א ק פ י ש. פון וואנען האט איהר געטראפען, וואס איך מיין? איהר האט ביי מיר ארויסגעריסען די ווערטער פונ'ם מויל!

ל א מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר. דער שכל איז מחייב. ווארום מיט וואס דען קאנען אזעלכע מענטשען ווי מיר, פאנימאיעטיע, באוואהרענען אונזערע ווייבער?

מ נ ח ם־מ ע נ ד ע ל. א פראסטער שכל!

באקפיש. איהר זענט זעהר גערעכט. אז מע קאָן צאָהלען ביסלעכווייז, און קיין סך קאָסט דאָס ניט... ווער פון אייךביידען וואָלט וועלען מאכען דאָס עסק?

לאמטערענשיסער [חאפט זיך צום פארטפעל]. איך, געוויינטליך. [קוקט אויף מנחם־מענדלען פון אויבען אראפ].

מנחם־מענדעל [חאפט זיך צום פארטפעל]. געוויינטליך, איך.

באקפיש. ווילט איהר, הייסט דאָס, ביידע? מהכתיתי, נאָך גלייכער. [בויגט זיך אז נאָכ'ן פארטפעל]. איג'ם דאָקטער, מיין איך, וועט קיין מניעה ניט זיין.

לאמטערענשיסער. פונ'ם דאָקטער קאָן מען נאָכ־דעם צושטעלען א סווידיעטיעלסטווע. דער עיקר איז די יאָהרען.

מנחם־מענדעל. א פאפיער פונ'ם דאָקטער קאָן מען נאָכדעם צושטעלען. וויפיעל זענט איהר אַלט — אָט דאָס איז דער עיקר.

באקפיש. איך?

לאמטערענשיסער. ווער דען?

מנחם־מענדעל. ווער זשע דען, איך?

באקפיש. וואָס הייסט? איהר האָט דאָך געוואָלט, אז איך זאָל אייך אָפּ...

לאמטערענשיסער. איהר זאָלט אונז? מיר האָבען געמיינט אייך!

מנחם־מענדעל. דאָס האָבען מיר אייך געמיינט!

באקפיש. איהר? מיך? איהר זענט דען אג...?

לאמטערענשיסער. פארשטעהט זיך, אגענטען! נו, און איהר?

מנחם־מענדעל. אגענטען, געוויינטליך! און איהר ווער זייט?

באַקפּיש [שטעהט־אויף, טרייסעלט זיך אָפּ פונ'ם עסען, גיט זיי די האַנט]. איך האָב די עהרע מיך פאָרצושטעלען: אַקים איסאַקאָוויטש באַקפּיש, אינספּעקטאָר־אָרגאַניזאַטאָר פון „ניו־יאָרק".

לאַמטערענשיסער. אַזוי? אָחינו אַתּה! מאַרק מאַיסעיעוויטש לאַמטערענשיסער, אַגענט־אַקוויזיטאָר פון „עקוויטעבל". [קוקט אויף מנחם־מענדלען פון אויבען אַראָפּ].

מנחם־מענדעל. זענט איהר, הייסט דאָס, פון אונזערע מענטשען טאַקי?! [עלעגאַנט]. מנחם־מענדעל יקנהז, סופּ־אַגענט פון „יאַקיר"... [עס קומט אַריין אין וואַגאָן טערקעלטויב מיט זיין געזינדעל, מיט אַ סך טשעמאָדאַנעס, פּעקלעך, קוישלעך מיט פּעטשיילעס. זוכט איין אָרט פאַר זיך און פאַר דער משפחה].

## פיערטע סצענע.

טערקעלטויב. מאָזשנאָ ק'וואַם?

באַקפּיש. איזוואָלטיע*.

לאַמטערענשיסער. ס'אָודאָוואָלסטוויעם**.

מנחם־מענדעל. ספּרעדאָוואָלסטוויעם. [דער נייער פּאַרשוין מיט דער משפּחה הויבט־אָן זיך אויסזעצען מיט ווייב און קינדער און אויסלעגען זיך מיט די פּעקלעך. עס ווערט אַ טומעל, אַ האַרמידער. דער שרייט: „מיטאָג! מאַמע, מיטאָג!" דער וויל אַ טרונק. די מוטער קנאַקט ניסלעך, לעגט די יאַדערען דעם קליינעם קינד אין מויל אַריין, און גאָר אַ קליין קינד האַלט זי אויפ'ן שוים ביי דער ברוסט. די עלטערע שפּאַרען זיך צום פענסטער, שטופּען־אָפּ איינס דאָס אַנדערע מיט די עלענבויגען. דער פאַטער איז זיי מכבד — וועמען אַ פּאַטש, וועמען אַ שטורך און וועמען אַ פּאַטילעטשניק].

באַקפּיש [צו זיך]. אַזאַ בעל־משפּחה וואָלט שוין געוויס געמעגט זיין געסטראַחירט. [הויך]. נישט גוט מיט קינדער אין וועג?

---

* ביטע. — ** מיט פאַרגעניגען.

ל א מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר [אַ זיך]. אַ פּאַדהאַדיאַשטשי סוביעקט אויף צו סטראַחירען זיך מיט די קינדער!... [הויך]. אונ־טערוועגענס מיט קינדער איז, אַפּנים, שווער?

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל [צו זיך]. אפשר וואָלט זיך דער דאָזי־גער פאַרשוין פאַרשטראַפּירען פונ'ם טוידט אפשר?... [הויך]. שווער, אַפּנים, מיט קינדער אונטערוועגענס?

ט ע ר ק ע ל ט ו י ב. שווער ווי דער טוידט!

ב א ק פ י ש. זיי זענען ביי אייך ציטעריג, ווייזט אויס?

ל א מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר. איהר באַלעוועט זיי?

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. געבאַלעוועטע ביי אייך?

ט ע ר ק ע ל ט ו י ב [דערלאַנגט אַ שטויס דעם עלטערען, ער זאָל אפּטרעטען פונ'ם פענסטער]. ניט אַזוי ציטעריג, ווי טייער.

ב א ק פ י ש. פיינע קינדער ביי אייך.

ל א מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר. קיין עין־הרע, געראָטענע, פּאַנימאַיעטיע.

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. געראָטענע, קיין עין־הרע.

ט ע ר ק ע ל ט ו י ב. נישקשה. לערנען זעהר גוט. גוט דערצויגען. דערציהונג — דאָס איז דער עיקר. [רופט־צו דעם עלטערען]. אַבראַשאַ, קום נאָר אהער! גיב דעם דיאַדי די האַנט. נו, אַבראַשאַ! [אַבראַשאַ וויל ניט געהן און באַקומט אַ פּאַטש פונ'ם פאָטער]. זעהט איהר אַט־אַ־דעם פעמפּיק? [ער ווייזט אויפ'ן צווייטען]. איז דאָס אַ קאָפּ! אַ גאון, זאָג איך אייך! נאָר אַ שייגעץ. אוי, אַ שייגעץ! מיט איהם אויס'טענה'ן זיך, וועט ער אייך מאַכען מיט דער בלאָטע... אַט אַ יענעם פאַרמורזשעט אינגעל זעהט איהר? — איין חכם! הערט די מאַמע מיט'ן קאָטער. נאָר פאַר מיר האָט מען אַ ביסעל דרך־ארץ. דאָס הייסט, מע וואָלט מיך אויך ניט געהערט, האָב איך אַ קאַנטשיק און שמייס, אוי, שמייס איך!... קינדער, הערט איהר, באַדאַרף מען לעהרנען, דערציהען הייסט עס. דערציהונג — דאָס איז דער עיקר. זעהט איהר אַט־אַ־דאָס קליינע וועוורי׳קעל, וואָס די מוטער האָדעוועט איהם מיט ניסלעך? אַ פּיסק! נאָך

נישט אַלט קיין פיער יאָהר, און רעדט איטליכס וואָרט, איטליכס וואָרט, ווי איין אַלטער. דאַווידקע! קום נאָר אַהער, דאַווידקע! [דאָס קליינע ווערעריקעל, וואָס מע רופט דאָס דאַווידקע, וויל ניט אַראָפּ פון דער מוטער'ס הענט, דרעהט־אויס דעם קאָפּ צום פאַטער]. זאָג מיר, דאַווידקע, ווי אַזוי רופט מען דיך? [דאַווידקע ענטפערט: „טיע־טיע־טיע"]. וויפיעל ביזט דו אַלט, דאַווידקע? [דאַווידקע ענטפערט: „טיע־טיע־טיע"]. דאַווידקע! זאָג דער מאַמע, זי זאָל דיר געבען פּאַווידלע. [דאַווידקע דרעהט־אויס דעם קאָפּ צו דער מוטער: „טיע־טיע־טיע!"...]. וואָס זאָגט איהר דערויף? איטליכס וואָרט, איטליכס וואָרט, ווי איין אַלטער!

ב אַ ק פּ י ש [קוועלט]. צו אַזעלכע קינדער באַדאַרף מען אַ סך האָבען.

ל אַ מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר. מע דאַרף זיך צו זיי, פּאַנימאַיעטיע, גוט אונטערגאַרטלען.

מ נ ח ם־מ ע נ ד ע ל. גוט אונטערגאַרטלען דאַרף מען זיך.

ט ע ר ק ע ל ט ו י ב. אַ חידוש אַ ביסעל! איהר זעהט גרויע האָר? [באַווייזט אויף דער באָרד]. נישטאָ נאָך קיין פופצעהן יאָהר נאָך דער חתונה.

ב אַ ק פּ י ש [שאָקעלט מיט'ן קאָפּ]. אַי־אַי־אַי!

ל אַ מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר. קיין עין־הרע, אַזאַ חברה!

מ נ ח ם־מ ע נ ד ע ל. אַזאַ חברה, קיין עין־הרע!

ט ע ר ק ע ל ט ו י ב. אויסהאַלטען, קליידען, שוכען, לעהרנען, געבען דערציהונג! דערציהונג — דאָס איז דער עיקר. דאָס הייסט, איך קלאָג מיך נישט חלילה. דאַנקען גאָט, איך האָב זעהר אַ פיינע שטעלע, אַרבייט מיר אויס מיינע עטליכע טויזענט קערבלעך מיט אַט די צעהן פינגער. [באַווייזט זיי די פינגער]. נאָר אַז איך טהו אַ קוק אויף מיין געזינדעל, קיין עין־הרע, און עס קומט מיר אויף דער מחשבה, טאָמער חלילה, לאָז גאָט היטען, די שעה זאָל גאָר ניט זיין... איהר פאַרשטעהט? כל זמן דער קאָפּ דיענט, און די הענט אַרבייטען... איהר פאַרשטעהט?

באקפיש. אָ! מיר פאַרשטעהען דאָס זעהר גוט. מיר זענען אויך סעמעינע מענטשען. מיר פיהלען דעם טעם, וואָס הייסט צער גידול בנים.

לאַמטערענשיסער. קינדער פאַרזאָרגען איז, פּאָני־מאַיעטיע, איינע פון די גרעסטע זאַכען!

מנחם־מענדעל. א גרויסע זאַך צו פאַרזאָרגען קינדער, פאַרזאָרגען!

טערקעלטויב. איך טענה דאָס כּסדר מיט מיין ווייב, און מיט איטליכען באַזונדער, וואו איך קום, טענה איך דאָס איינענע: וואָס וואָלטען געטהאָן אַזעלכע מענטשען, ווי מיר, מיטעלמעסיגע, ס'זאָל ניט זיין קיין מיטעל אויף צו...

באקפיש [האַפּט־אויס די ווערטער]. סטראַחירען זיך?

לאַמטערענשיסער. פאַרסטראַחירען זיך נאַסלוטשאַי סמערטי?

מנחם־מענדעל. אָפּשטראַפירען זיך פון'ם טוידט?

טערקעלטויב [אויפגעלעבט]. איך זעה אין אייך, אַז איהר פאַרשטעהט דאָס אַלע זעהר גוט, און אַז איהר זענט אַלע גרייט אָפּמאַכען דאָס עסק? קאָן איך אייך זאָגען דערויף נאָר א יישר־כּח — איהר טהוט א גוטע זאַך.

באקפיש [שטאַרק אויפגעלעבט]. מיר טהוען דאָס, וואָס אונזער חוב הייסט אונז טהון.

לאַמטערענשיסער. דאָס, וואָס דער סאָוועסט דיק־טירט אונז, פּאָנימאַיעטיע.

מנחם־מענדעל. מיר טהוען דאָס על־פּי יושר, טהוען מיר דאָס.

טערקעלטויב. זאָל אייך גאָט העלפען, ווי איהר ווינשט אייך, איהר זאָלט מאריך ימים ושנים זיין, גאָט זאָל אייך מחיה זיין, ווי איהר האָט מיך מחיה געווען מיט מיין ווייב און קינדער; זיי קוקען נעבאַך ארויס דערויף, איך בין דאָך זייער איינציגער

שפּייזער. [שלעפּט אַרויס אַ פּאַרטפעל]. וויפיעל רעכענט איהר צו מאַכען? למשל, אויף וואָס פאַר אַ סומע, הייסט עס?

באַקפּיש [נעמט זיך צום פּאַרטפעל]. ווי קאָנען מיר וויסען, וואָס פּאַר אַ סומע?

לאַמטערענשיסער [נעמט זיך צום פּאַרטפעל]. מיר קאָנען אייך, פּאַנימאַיעטיע, זאָגען אַ דעה?

מנחם־מענדעל. שייך, מיר זאָלען אייך זאָגען דעות, מיר?

טערקעלטויב [דערשטוינט]. וואָס הייסט, איהר מיר? איך וויל דאָך אייך...

באַקפּיש [אויסער זיך]. איהר ווילט אונז מאַכען דאָס שפּיעל?

לאַמטערענשיסער. איהר ווילט אונז סטראַחירען נאַסלוטשאַי סמערטי?

מנחם־מענדעל. אָפּשטראַפּירען פונ'ם טוידט ווילט איהר? אונז?

טערקעלטויב. וואָס דען? איהר — מיך? איהר זענט דען אויך אַגענטען?

באַקפּיש. חאַ־חאַ־חאַ! פאַרשטעהט זיך, אַגענטען. נו, און איהר?

לאַמטערענשיסער. אַגענטען, ווי פּאָנימאַיעטיע. און ווער זענט איהר?

מנחם־מענדעל. נאָך אַ מין אַגענטען! נו, און איהר?

טערקעלטויב [עלעגאַנט]. לאַזאַר קאָנסטאַנטינאָוויטש טערקעלטויב, גענעראַל־אינספּעקטאָר און אַגענט־אָרגאַניזאַטאָר פון „אורבען".

באַקפּיש [עלעגאַנט]. אַקים איסאַקאָוויטש באַקפּיש, אינספּעקטאָר־אָרגאַניזאַטאָר פון „ניויאָרק".

ל א מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר [עלעגאַנט]. מאַרק מאַיסעיעוויטש לאַמטערענשיסער, אַקרוזשנאַי אַגענט־אַקוויזיטאָר, ווי פּאַנימאַיעטיע, פון „עקוויטעבל”. [קוקט אויף מנחם־מענדלען מיט גדלות].

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל [עלעגאַנט]. און איך בין מנחם־מענדל יקנהז, בין איך, סוף־אַגענט פון „יאַקיר”. [אַלע פּיער געבען זיך די הענט, בייטען זיך מיט די קאַרטלעך. נאָר איין מנחם־מענדל טאַפּט זיך אין אַלע קעשענעס]. אוי־וואַ! ניטאָ נאָך ביי מיר קיין קאַרטלעך, ניטאָ!...

ט ע ר ק ע ל ט ו י ב [זיפצט]. אַ שווערע פּרנסה. האַ?

ב אַ ק פ י ש [זיפצט]. אוי, כקריעת ים־סוף! מע פאַהרט, מע שמעקט, מע מיינט — טאָמער?...

ל אַ מ ט ע ר ע נ ש י ס ע ר [קוקט מיט גדלות אויף מנחם־מענדלען]. ווי פּאָנימאַיעטיע? עס וואָלט אפשר געווען נישקשה, עס זאָלען ניט זיין אַזוי פּיעל אַגענטען. פּאָנימאַיעטיע, קאָנקורענציע...

מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ע ל. וואָס טויג מיר קאָנקורענצי־שמענצי? זאָגט פּראָסט אויף אידיש: מע ליגט אין דער ערד און מע באַקט בייגעל.

פ אָ ר ה אַ נ ג.

# קעניג פיק

א שארזש אין איין אקט לכבוד חנוכה.

געשריבען אין יאָהר 1910.

## פערזאנען:

**י ש ר א ל־א י ס ר.** א נגיד. האלב איד, האלב אריסטאקראט. א „שפּע־געלאַנט" פון דער בערזע.

**ח נ ה.** זיין ווייב. מעהר אידינע ווי אריסטאקראטין.

**ב ע ר ט ע.** זייער טעכטערל. א בת־יחיד'קעלע. א כלה.

**ג ר י ש א.** איהר חתן. וויל אריין אין אוניווערזיטעט.

**ג ע ס ט.** מעקלערס פון דער בערזע מיט זייערע ווייבער. אלע אריסטאקראטען.

א ר ט: יעהופעץ. צ י י ט: הייגטיגער חנוכה.

[אַ בעל־הבת'ישע שטוב. פיינע מעבל. אַ פּאַרטעפּיאַנאָ. ביי דער זייט אַ פּאָר טישלעך. אויבנאָן, ביי דער טיר, אויף אַ שטוהל ביי דער וואַנט, אַ זילבערן־פאַרגאָלדעט חנוכה־לעמפּעל].

ישראל־איסר [אנגעבויגען איבער'ן זילבערן־פּאַרגאָלדעט חנוכה־לעמפּעל, בענטשש חנוכה־ליכטלעך, לאָזט אויס מיט אַ ניגון]. שעשׂו נסים לאבותינו בימים ההם בזמן הזה!... [זאָגט עפּיס שטיל אונטער דער נאָז מיט אַ ניגונ'דעל. געבען איהם שטעהען חנה און בערטע. חנה — מיט אַ פרום פּנים, בערטע — צונויפגעלעגט די הענט, קוקט אין עקסטאַז אויפ'ן לעמפּעל. ישראל־איסר ענדיגט דאָס זאָגען. צו דער טאָכטער]. נו? צופריעדען? אַט האָב איך דיר שוין געבענטשט חנוכה־ליכטלעך אויך.

בערטע. מיר האָסט דו געבענטשט חנוכה־ליכטלעך?

חנה [ווייזט מיט דער האַנט אויף זיך]. ניין. מיר. מיר.

בערטע [צו דער מוטער. מיט שטאָלץ און מיט באַגייסטערונג]. ניט מיר און ניט דיר, נאָר לכּבוד חנוכּה, לכּבוד אונזער נאַציאָנאַל־פעסט, לכּבוד אונזערע העלדען, די מאַקאַבעער, וואָס האָבען געקעמפּט פאַר אונזער...

ישראל־איסר. יאָ, יאָ. גערעכט, גערעכט. לכּבוד חנוכּה, לכּבוד פעסט, לכּבוד מאַקאַבעער... [הערט זיך צו. צו חנה'ן]. דאַכט זיך, געקלונגען? [וויל אויסטהון דאָס היטעל. חנה לאָזט זיך געהן].

בערטע [האַלב געבעטען, האַלב געהייסען]. פּאַפּאַ! היינט וועסט דו געהן מיט'ן היטעל.

ישראל־איסר. וואָס הייסט? עס איז דאָך שוין נאָך אַלעמען, קינדעניו... און אויסער דעם, אַט קומען געסט...

בערטע. די געסט מעגען אויך איין מאָל, צוליעב חנוכּה, זיצען אין די היטלען. חאָטש ביז די חנוכּה־ליכטלעך וועלען אויס־געהן. נישקשה. עס וועט זיי חלילה גאָרנישט שאַדטען. [חנה קומט צוריק מיט די געסט. אַלע אנגעטהאַן יום־טוב׳דיג. די דאַמען אין בריליאַנטען מיט רידיקולס אין די הענט. די מאַנסבילען, דערזעהען די אנגעצונדענע ליכטלעך און דעם בעל־הבית אין היטעל, בלייבען שטעהן. ווייסען ניט, צי זאָלען זיי אויסטהון די היטלען, צי ניין].

ישראל־איסר. מילאָסטי פּראָסים! פּאָזשאַלויטיע! [קוקט אויף דער טאָכטער, פארחאַפּט זיך]. ברוכים הבאים! ווילקאָמען! זיצט, זעצט אייך. [ווייזט אויפ׳ן חנוכּה־לעמפּעל]. ווידיטיע, חנוכּה. צוליעבגעטהאָן דער טאָכטער. איהר געבענטשט חנוכּה־ליכטלעך. אַ וועלט געוואָרען... [לאַכט].

בערטע. פּאַפּאַ! נישט מיר האָסט דו געבענטשט חנוכּה־ליכטלעך, נאָר צום אָנדענקען פון...

ישראל־איסר [פארחאַפּט זיך]. יאַ, יאַ. נישט דיר, נישט דיר, נאָר לכּבוד חנוכּה, לכּבוד פּעסט, לכּבוד מאַקאַבעער... [צו די געסט]. זיצט. וואָס זשע מאַכט איהר? וואָס הערט זיך עפּיס אין שטאָדט? וואָס הערט זיך אויף דער בערזע? וואָס איז מיט די קורסען? עפּיס נייע „שפּעגולאַציעס״?

ערשטער גאַסט. וואָס זאָל זיך הערען? ניטשעוואָ אָסאָבעננאַוואָ. אויף דער בערזע ניט פאָרגעקומען קיין פערעמענע. די קורסען זענען פעסט. איהר קאָנט זיין ספּאָקאָינע... [צו בערטען]. זדראַסטי, בערטעטשקאַ!

בערטע. ערשטענס, ניט בערטעטשקאַ.

ערשטער גאַסט. טאָ יעסט, ווינאָוואַט. בערטאַ איזראַאיליעווגאַ...

בערטע. און ניט בערטאַ איזראַאיליעווגאַ, נאָר בתיה. פּשוט, בתיה בת־ישראל. ניטאָ זיך וואָס צו שעמען מיט איין אייגענעם נאָמען.

ערשטער גאַסט. אַ וואָטאָריך?

ב ע ר ט ע. און צווייטענס, וואָס פאַר אַ „וואָווטאָריך" אויף אייך און וואָס פאַר אַ „זדראַסטי" היינט?... גוט יום־טוב איז דען ניט שענער?

צ ו ו י י ט ע ר ג אַ ס ט. אַ גוט יום־טוב גאָר?

י ש ר אַ ל־א י ס ר. פאַרגעסען? חנוכה. [ווייזט אויפ'ן חנוכה־לעמפּעל].

ד ר י ט ע ר ג אַ ס ט [רעדט לאַנגזאַם, מיט אַ גראַב קול]. סאָווערשענאָ ווערנאָ. צוליעב דעם האָט מען דאָך אונז טאַקי פּריגלאַשעט.

ב ע ר ט ע. איינגעלאַדען — ווילט איהר זאָגען.

פ ע ר ט ע ר ג אַ ס ט. איינגעלאַדען נאַ בליני.

ב ע ר ט ע. אויף לאַטקעס — ווילט איהר זאָגען.

פ י נ פ ט ע ר ג אַ ס ט. קאָניעטשנאָ, לאַטקעס. ס'איקאָ־ ראָטשקאָי.

ב ע ר ט ע. מיט שמאַלץ — ווילט איהר זאָגען.

ח נ ה [וויל פאַרגלעטען, יוצא זיין לכל הדעות]. ס'איז דאָ שמאַלץ, ס'איז דאָ איקרע, ס'איז דאָ גריוועץ. ס'וועט זיין אַלסדינג, אם ירצה שם, אַלסדינג. [ווענדט זיך צו די דאַמען, רעדט מיט זיי שטילערהייט. יענע שמייכלען, פינקלען מיט די בריליאַנטען, שפּיעלען זיך מיט די רידיקולס, מאַכען צו־רעכט די טואַלעטען. עס פיהלט זיך אַ סומנעקייט אין דער געזעלשאַפט].

י ש ר אַ ל־א י ס ר [וויל מאַכען אַ ביסעל פרייליכער דעם עולם, טהוט אַ רוף דאָס ווייב]. חנה! [ווייזט מיט די אויגען אויף די גרינע טישלעך].

ב ע ר ט ע [מיט דער האַנט איבער'ן פאַטער'ס מויל]. פּאַפּאַ! נאָר נישט דאָס... [בלאָזט זיך אָן, ווי אַ קליין געבאַלעוועט קינד].

י ש ר אַ ל־א י ס ר [שמייכלענדיג]. וואָס „דאָס"?

ב ע ר ט ע [לאַכט]. דו ווייסט שוין וואָס!... [קוקט אויף דער מוטער. די מוטער ווינקט צום פאַטער. דער פאַטער קוקט זיך איבער מיט די געסט. עס הערשט איין אומאַנגענעהמע שטילקייט].

ע ר ש ט ע ר ג אַ ס ט [וויל באַריהרען די שטילקייט]. לאַטקעס מיט שמאַלץ און מיט גריוועץ — אָך, קאַקאַיאַ בלאַזשענסטוואָ!

ב ע ר ט ע. „קאקאיא בלאזשענסטווא״? [לאכט]. האט מיר קיין פאראיבעל ניט, וואס איך וועל אייך פרעגען: למאי זאלט איהר זיך באנוצען דוקא ניט מיט אייער אייגען לשון? מיר דאכט, אז ס׳איז פיעל גלייכער רעדען ר ע כ ט אידיש, איידער ש ל ע כ ט רוסיש... [דער ערשטער גאסט בלייבט אהן לשון. דער צווייטער גאסט שטעלט זיך איין פאר איהם].

צ ו ו י י ט ע ר ג א ס ט. יאק ריידעלע טא ריידעלע, אבי דאברע מיינעלע. [באלעקט זיך]. לאטקעס מיט שמאלץ און מיט גריוועןן — שוין לאנג ניט געגעסען. איך האלט דעריבער פון דעם יום־טוב, וואס מע קאן עסען לאטקעס...

ד ר י ט ע ר ג א ס ט. סאווערשעננא וויערנא. און דערצו נאך מאכען א קערטעל... [קוקט אהין, וואו די גרינע טישלעך שטעהען].

ב ע ר ט ע [שפאטיש]. מעהר האט דער יום־טוב פאר אייך קיין שום אנדער ווערטה? קיין שום אנדענקען?

י ש ר א ל ־א י ס ר [זיצט ווי אויף הייסע קוילען. דערהערט א קלונג, צום ווייב]. דאכט זיך, מע קלינגט?

ח נ ה. דאס דארף זיין גרישא.

ב ע ר ט ע. „הערש״ לוינט דיר ניט?

ח נ ה. מיין איך — „הערש״. [לאזט זיך צו דער טיר].

י ש ר א ל ־א י ס ר [צו די געסט, שמייכלענדיג]. היינטיגע קינדער! האבען זיך א נעם געטהאן צוריק...

ב ע ר ט ע [שלאגט איהם איבער]. וואס עפים צוריק, פאפא? פארווערטס, ניט צוריק.

י ש ר א ל ־א י ס ר. יא־נו, איך מיין טאקי אזוי... צוריק צו אידישקייט מיין איך. צום... צום אידישען גאט...

ע ר ש ט ע ר ג א ס ט [לאכט]. חא־חא!

צ ו ו י י ט ע ר ג א ס ט. געוואָרען א גרויסע רעאקציע.

ד ר י ט ע ר ג א ס ט. סאווערשעננא וויערנא. א פאלנע רעאקציע.

בּ ע ר ט ע [אויסער זיך]. חאַ־חאַ־חאַ! בּיי אײַך הייסט עס רעאַקציע?!

י ש ר א ל ־ א י ס ר [חאַפּט זיך אויף, ווייסט ניט, וואָס ער זאָל טהון, איז זיך מתיה, וואָס חנה קומט אַן מיט גרישאַן].

ג ר י ש אַ [אָנגעטהאַן כּמעט ווי אַ סטודענט, אין אַ טוזשורקע מיט אַ האַלבּ־סטודענטיש היטעל. וויל אויסטהון דאָס היטעל. דערזעהט דאָס חנוכּה־לעמפּעל און אַלעמען אין די היטלען, פאַרחאַפּט ער זיך]. זדראַוו... [באַגעגענט זיך מיט בּערטע'ס אויגען]. טאַ יעסט, אַ גוט יום־טוב! [צו בּערטען אויף העבּרעאיש, מיט'ן ספרד'ישען אַקצענט]. מעאַד עסמאַך ליראָט בּעבעט אווילאַ הניכבּאַדאַ האַזאָט...

בּ ע ר ט ע [פאַרריכט איהם די גרייזען]. בּעבעט אוויך האַניכבּאַד האַזע.

ג ר י ש אַ. ווינאַוואַט... [פאַרחאַפּט זיך]. טאַ יעסט, סליחאַ... מעאַד עסמאַך ליראָט בּעבעט אוויך האַניכבּאַד האַזע עט האַהיסטאַדרוט האַניכבּאַד האַזע!

בּ ע ר ט ע [פאַרריכט איהם]. האַהיסטאַדרוט האַניכבּאַדאַ האַזאָט...

ג ר י ש אַ. ווינאַ... [פאַרחאַפּט זיך]. טאַ יעסט, סליחאַ! האַהיסטאַדרוט האַניכבּאַדאַ האַזאָט, שעהיטאַסעף בּאַבּאַאיט האַניכבּאַד האַזאָט...

בּ ע ר ט ע [פאַרריכט איהם]. האַזע.

ג ר י ש אַ. קען, האַזע... אים רינגשיי קאַוואָד אוטכיאַ וועהיטלאַהאַוואוט לעאומי גאַדאָל אַל יעסאָד האַכאַג האַלעאומי האַגאַדאָל וועאַל יעסאָד טאַרבּוטיינו אוספּאַטיינו האַלעאומי האַגאַדאָל...

בּ ע ר ט ע [פאַרריכט איהם]. אוספּאַטיינו האַלעאומיט האַגדאָלאַ...

ג ר י ש אַ [שוויצט]. ווינאַוואַט!... [אין דער צייט, ווען חתן־כּלה רעדען העבּרעאיש און ציהען זיך אַוועק אַלע מאָל אויף אַ זייט, קוועלען די געסט, רעדען זיך איבּער צווישען זיך].

ע ר ש ט ע ר ג א ס ט. קאקאיא בלאזשענסטוואַ!

צ װ י י ט ע ר ג א ס ט. פּרעלעסטני יאַזיק... פּאַחאַזש נאַ איטאַליאַנסקי...

ד ר י ט ע ר ג א ס ט. סאָווערשעננאָ וויערנאָ. נאַ איס־פּאַנסקי...

פ ע ר ט ע ר ג א ס ט. נאַ איספּאַנסקי...

פ י נ פ ט ע ר ג א ס ט. איספּאַנסקי, איספּאַנסקי...

י ש ר א ל־א י ס ר [ברייטער ווי לענגער]. דאָס האָבען מיר או פּאַרדאַנקען דער נייער טאָווארישטשעסטווע, מיין איך — אָב־שטשעסטווע.

ע ר ש ט ע ר ג א ס ט. קאקאיא אָבשטשעסטוואָ?

י ש ר א ל־א י ס ר. אָט די וואָס רופען זיך „סטאַדרוס"...

צ װ י י ט ע ר ג א ס ט. קאַק? קאַק? קאַק?

י ש ר א ל־א י ס ר. „סטאַדרוס".

ד ר י ט ע ר ג א ס ט. סאָווערשעננאָ וויערנאָ, „סטאַדרוס".

ב ע ר ט ע [צום פאטער פון דער ווייטען]. פּאַפּאַ! ניט „סטאַדרוס", נאָר „הסתדרות".

י ש ר א ל־א י ס ר. נו־יאָ, „איסטאַדרוס".

ב ע ר ט ע. ניט איסטאַדרוס, נאָר „הסתדרות", מיט אַ ה"א!

י ש ר א ל־א י ס ר. זאָג איך דאָך! ווי אַזוי דען זאָג איך?

[גרישא און בערטע זיצען איינס אקעגען דאס אנדערע, גרישא מיט'ן פּנים צו די געסט, בערטע מיט'ן פּנים צו גרישאַן, רעדען שוין שטילערהייט. גרישא זשעסטיקולירט מיט די הענט. ישראל־איסר באַנוצט זיך דערמיט, וואָס די טאָכטער זיצט אַהין מיט'ן פּנים, טהוט ער אַ וואונק צו חנה'ן. חנה פאַרשטעהט איהם. שטיל ווערען צוגערוקט די גרינע טישלעך. עס וואַכסען־אויס צוויי נייע פּעשלעך קאַרטען, קריידלעך, בערשטלעך. איינציגווייז, כלומרשט אַהן אַ שום כוונה, זעצען זיך אויס די געסט, די מאַנסבילען מיט זייערע דאַמען, אַרום די גרינע טישלעך. אַלע אויגען זענען געווענדט צו די צוויי פּעשלעך קאַרטען. דער בעל־הבית נעמט איין פּעשעל. דער ערשטער גאַסט נעמט זיך צום צווייטען פּעשעל. די קאַרטען ווערען אויפגעריסען מיט אַ קנאַק פון זייערע העמדלעך.

די דאמען נעמען זיך מיט א זיפצען צו זייערע רידיקולס. די אויגען ביי זיי ברענען. חנה געהט־אפ אין קיך].

ערשטער גאסט [צום בעל־הבית]. וואס זשע, הייסט עס, וויל זי, די דאָזיגע נייע אַבשטשעסטווע, וואס איהר זאָגט? [צו די איבעריגע געסט]. גאספּאַדאַ! אין וואס פאר א שפּיעל שפּיעלען מיר היינט דליא ראַדי חנוכּה?

ישראל־איסר. די אַבשטשעסטווע וויל, ערשטענס, אז אלע „שפּעגעלאַנטען", אלע אידען מיין איך, זאָלען רעדען פּאַ דרעווניע־יעווריעיסקי. [פארקוקט די געסט אין די אויגען אריין]. מאַכען מיר א פּרעפּעראַנסעל? צי אפשר גאָר א זעכס־און־זעכציג?

צווייטער גאסט. אלע, זאָגט איהר, זאָלען רעדען פּאַ דרעווניע־יעווריעיסקי? אַהאַ!... פּאַ מאַיעמו, וואָלטען מיר בעסער שפּיעלען איין אַבשטשע שפּיעל. [קוקט אויף די דאמען].

דאמען [אלע אינאיינעם]. איין אַבשטשע שפּיעל.

דריטער גאסט. סאָווערשעננאָ וויערנאָ. איין אַב־שטשע שפּיעל.

פערטער גאסט. נאַפּרימיער, א סטוקעלקע? א באַנטשאָק?

פינפטער גאסט. פאר וואָס ניט א טערטעל־מערטעל? [קוקט אויף די דאמען].

דאמען [אויפגעלעבט, אלע אינאיינעם]. א טערטעל־מערטעל! א טערטעל־מערטעל!

ערשטער גאסט [רייבט א האנט אז א האנט]. א טערטעל־מערטעל? קאַקאַיאַ בלאַזשענסטוואַ!

צווייטער גאסט. שוין לאנג ניט געשפּיעלט אין טערטעל־מערטעל.

דריטער גאסט [קוקט אויף די דאמען]. סאָווערשעננאַ וויערנאָ. ערשט נעכטען א גאנצע נאַכט געשפּיעלט אין טערטעל־מערטעל!

ד א מ ע ן. חא־חא־חא! ביז טאָג געשפּיעלט אין טערטעל־מערטעל!

י ש ר א ל ־ א י ס ר. אַלזאָ, גאָספּאָדאַ, בלייבט עס אַ טער־טעל־מערטעל?... [נעמט זיך צו די קאַרטען]. מיין טאַכטער זאָגט, אַז אין אויסלאַנד רעדען שוין איצט אַלע „שפּעגעלאַנטען", מיין איך אַלע אידען, פּאַ דרעווניע־יעווריעסקי. מע האָט צוליעב דעם צונויפּ־געקליבען געלט, אַ מאַסע געלט, אַ האַלבען מיליאָן, זאָגט זי. אונזער ליעוו איזראַאיליעוויטש האָט אויך געשענקט צעהן טויזענט.

ע ר ש ט ע ר ג א ס ט. ליעוו איזראַאיליעוויטש צעהן טויזענט? קאַקאָיאַ בלאַזשענסטוואַ! גאָספּאָדאַ, ווער האַלט די באַנק?

צ ו ו י י ט ע ר ג א ס ט. צעהן טויזענט אויף דרעווניע־יעווריעסקי, ווי פּאָנימאַיעטיע? לאָז מען וואַרפען קאַרטען. ווער ס'וועט האָבען די „טויז", דער וועט האַלטען די באַנק. [צום בעל־הבית]. פּאַזשאַלויסטאַ!

י ש ר א ל ־ א י ס ר [נעמט אויסוואַרפען קאַרטען]. דאָס איז גע־ווען אויף יענער סאָבראַניע, וואָס אָט דער ביאַליק האָט געהאַלטען אַ „שפּעגעלאַציע", מיין איך אַ ריעטש פּאַ דרעווניע־יעווריעסקי. איז דאָס ליעוו איזראַאיליעוויטשען אַזוי געפעלען געוואָרען, אַז ער איז אַרויס מיט צעהן טויזענט.

ע ר ש ט ע ר ג א ס ט [קוקט אַריין אין די קאַרטען]. קאַקאָיאַ בלאַזשענסטוואַ!... וואָסער ביאַליק? דער ליעסאָפּראָמישלענניק?

צ ו ו י י ט ע ר ג א ס ט [קוקט אין די קאַרטען]. חא־חא־חא! קאַקאָי ליעסאָפּראָמישלענניק? דער ביאַליק איז ניט קיין ליעסאָ־פּראָמישלענניק, נאָר אַ פּאָעט.

ד ר י ט ע ר ג א ס ט. סאָווערשעננאָ וויערנאָ. אַ ליעסאָ־פּראָמישלענניק... מיין איך אַ פּאָעט.

פ ע ר ט ע ר ג א ס ט [קוקט אין די קאַרטען]. אַ? אַ פּאָעט? זנאַטשיט, פּרוג...

פ י נ פ ט ע ר  ג א ס ט. קאָניעטשנאָ, פּרוג... אָ! אונזער בעל־הבית האָט געהאַפּט דאָס טייזעל, איז ער דער באַנקיר. [צום בעל־הבית]. פּאָזדראַווליאַיו!

ד אַ מ ע ן. פּאָזדראַווליאַיעם! פּאָזדראַווליאַיעם! [צווישען עולם ווערט אַ באַוועגונג. די מאַנסבילען רוקען־צו די שטוהלען. די דאַמען ציהען־אַרויס מיט אַ זיפצען פון די רידיקולס דאָס ביסעל קליינגעלט. די אויגען ביי זיי ברענען].

י ש ר א ל־א י ס ר [נעמט זיך כלומרשט אָהן אַ באַזונדערען חשק צו דער באַנק]. בין איך, הייסט עס, דער באַנקיר? מילא. וועלען מיר שפּעגעלירען. [טיילט־אויס קאַרטען. נעמט־צוגויף געלט. צו יעדען]. וויפיעל קאַרטען? ווי טייער? [ווינקט צו גרישאַן פון דער ווייטען].

ג ר י ש אַ [זיצט די גאַנצע צייט, ווי אויף נאָדלען, קוקט מיט זשעדנע אויגען צו די גרינע טישלעך. באַווייזט דעם מחותן פון דער ווייטען צוויי פינגער, אַז ער פאַרלאַנגט, הייסט עס, אויך צוויי קאַרטען. רעדט־אַרויס מיט דער הברה הספרדית]. שנאַאים... שטאַאים... [באַטאָנט דעם „אים״].

ב ע ר ט ע [וואָס זיצט נאָך אַלץ מיט די פּלייצעס צו דער קאָמפּאַניע און מיט'ן פּנים צום חתן, זעהט ניט וואָס הינטען טהוט זיך. פאַרוואונדערט צום חתן]. וואָס שנים? וואָס שתים? [דרעהט־אויס דעם קאָפּ צוריק, דער־זעהט די גרינע טישלעך מיט די קאַרטען, טהוט זי אַ פּלעסק מיט די הענט]. פּאַפּאַ! [לויפט־צו צום פאָטער, וויל ביי איהם אַוועקנעמען די קאַרטען].

י ש ר א ל־א י ס ר. בערטעטשקאַ! בתיה'ניו! גאָט איז מיט דיר! האָסט פאַרגעסען, אַז היינט איז חנוכה? אַ פּעסט... אַ מאַקאַבעער... היינט איז אַ מצוה צו „שפּעגעלירען״, מיין איך — צו שפּיעלען אין קאָרטען. די גאַנצע וועלט, די פרומסטע אידען, שפּיעלען חנוכה אין קאָרטען. [צו די געסט]. גאָספּאַדאַ, וואָס? ניט אַזוי?

ד י  ג ע ס ט [אַלע אין איין קול מיט די דאַמען]. סאָווערשעננאַ וויערנאָ, סאָווערשעננאָ וויערנאָ.

י ש ר א ל־א י ס ר. פרעג אפילו דעם חתן דיינעם. [צו גרישאַן]. גרישאַ! מיין איך — הערש! וואָס שווייגסט דו?

ג ר י ש א [צו בערטען, אויף העברעאיש. מאכט מיט די הענט]. אוואל לעסאכעק קארטיסים בעכאנוקא קוואר ניטקאבעל אייצעל קאל באאיט לעאומיט טארבוטיט!

ב ע ר ט ע [פארריכט איהם די גרייזען]. באאיט לעאומי טארבוטי...

ג ר י ש א [שוויצט]. ווינאוואט... טא יעסט, סליכא! באאיט לעאומי טארבוטי... זע האלא אוודא היסטארי!...

ב ע ר ט ע [פארריכט איהם]. אוודא היסטאריט...

ג ר י ש א. סליכא!

י ש ר א ל ־ א י ס ר [לעגט־אויס דערווייל די קארטען א קלאס נאך א קלאס. צו די געסט]. א וועלט געווארען! איהר האט זיך עס גע־ריכט אמאל? דער טאטע „שפעגעלירט" אין קארטען, און די טאכטער רעדט פא דרעווניע־יעווריעסקי...

ע ר ש ט ע ר ג א ס ט [קוקענדיג אין די קארטען, וואס דער בעל־הבית לעגט־אויס אויפ'ן טיש א קלאס נאך א קלאס]. דרעווניע־יעווריעסקי — קאקאיא בלאזשענסטווא! קיינער האט נאך ניט אויסגענומען צווייטע קלאס?

צ ו ו י י ט ע ר ג א ס ט [קוקט מיט פלאמענדיגע אויגען אין די קארטען]. טשודני יאזיק! דריטע קלאס האט אויך קיינער ניט גענומען. פאחאזש נא איטאליאנסקי.

ד ר י ט ע ר ג א ס ט. סאווערשעננא וויערנא. נא איס־פאנסקי...

פ ע ר ט ע ר ג א ס ט. דריטע קלאס האט אויך קיינער ניט גענומען... אטשען פאחאזש נא איספאנסקי...

פ י נ פ ט ע ר ג א ס ט. איספאנסקי... איספאנסקי... אפשר וועט די פערטע קלאס עפים נעמען?

י ש ר א ל ־ א י ס ר [פרייליך, וואס קיינער האט ניט גענומען]. איצטיגס מאל איז מיר די „שפעגעלאציע" מיט דער באנק אפגע־לאפען, דאנקען גאט, אודאטשנא. אצינד וועלען מיר נאך זעהען, וואס וועט זיין מיט דער פינפטער קלאס? דער „דעוויאטי וואל"

זאָל מיר אָפּלויפען, ווי די ערשטע פיער קלאַסען, און קיינער זאָל ניט שלאָגען — עהע־הע! [וואַרפט אַרויס די לעצטע קאַרט. אַלע אויגען קוקען זשעדנע צו זיך אין די קאַרטען אַריין. די דאַמען זיפצען]. גאַספּאַדאַ! קעניג פּיק! ווער האָט קעניג פּיק? קיינער האָט נישט קעניג פּיק? קיינער האָט מיך ניט געשלאָגען? [וויל געבען אַ נעם־צונויף די קאַרטען].

גרישאַ [צום מחותן]. פּאַ־פּאַזוואָלטיע! קעניג פּיק — זאָגט איהר? [וואַרפט אַוועק די כלה, לויפט־צו צום טיש, דעקט־אויף זיינע צוויי קאַרטען]. אַט איז ער, דער קעניג פּיק! איך האָב אייך געשלאָגען! פּאַזשאַלויטיע באַנק! [נעמט איבער די באַנק].

בערטע [אַ פּלעסק מיט די הענט]. אַך! [פּאַלט דעם פּאַטער אויף די הענט, פאַרוואַרפט דעם קאָפּ]. פּאַפּאַ! ער איז ניט מיין חתן מעהר!

ישראל־איסר. גאָט איז מיט דיר! קינדעניו, וואָס רעדסט דו? [צום חתן]. גרישאַ! הערש! וואָס שטעהסט דו?

גרישאַ. בערטוסיאַ! בתיה'ניו! [בערטע טרייבט איהם אָפּ מיט ביידע הענט. ער פּאַלט איהר צו די פיס].

חנה [קומט פון קיך, דערזעהט בערטען ביי'ם פּאַטער אויף די הענט און דעם חתן אויף די קניהעס]. וואָס איז? וואָס איז דאָ געשעהען?

ישראל־איסר. גאָרנישט, גאָרנישט. גאָלע גאָרנישט. ער, גרישאַ, מיין איך הערש, האָט מיך געשלאָגען...

חנה [קוקט מיט שרעק אויף איהרע אייגענע און אויף די געסט. פאַרברעכט די הענט]. אַ דונער איז מיר! ווער? גרישאַ? הערש? הערש האָט איהם געשלאָגען? געשלאָגען? !...

ישראל־איסר [אין כעס, צו חנה'ן]. פאַרשטעהסט נישט קיין שפּעגעלאַציע! ניט מיך, די באַנק האָט ער געשלאָגען. פאַרשטאַנען? און נישט ער, נאָר דער קעניג פּיק האָט מיך געשלאָגען. דער קעניג פּיק! קעניג פּיק! קעניג פּיק!

פאָרהאַנג.

## העבּרעאישע און רוסישע פראַזעז, וואָס טרעפען זיך אין „קעניג פּיק".

### העבּרעאיש:

אוואל לעסאכעק קארטיסים בעכאנוקא קוואר ניטקאבעל אייצעל קאל באאיט לעאומי טארבוטי (אבל לשחק (ב)כרטיסים בחנוכה כבר נתקבל אצל כל בית לאומי תרבותי) — אבער צו שפּיעלען אין קארטען אום חנוכה איז שוין אנגענומען אין יעדען נאציאנאלען קולטורעלען הויז.

זע האלא אווודא היסטאריט (זה הלא עובדה היסטורית) — דאס איז דאך א היסטארישער פאקט.

מעאד עסמאך לירא׳ט בעבעט אוויך האניכבאד האזע עט האהיסטאדרוט האניכבאדא האזאט, שעהיטאסעף באבאאיט האניכבאד האזע אים ריגשיי קאוואד אוטכיא וועהיטלאהאוואוט לעאומי גאדאל אל יעסאד האכאג האלעאומי האגאדאל וועאל יעסאד טארבוטיינו אוספאטיינו האלעאומיט האגדאלא (מאד אשמח לראות בבית אביך הנכבד הזה את ההסתדרות הנכבדה הזאת, שהתאסף (שהתאספה) בבית הנכבד הזה עם רגשי (ברגשי) כבוד ותחיה והתלהבות לאומי(ת) גדול(ה) על יסוד החג הלאומי הגדול ועל יסוד תרבותנו ושפתנו הלאומית הגדולה) — עס פרעהט מיך זעהר צו זעהען ביי דיין געעהרטען פאטער אין הויז די דאזיגע געעהרטע ארגאניזאציע (געזעלשאפט), וואס האט זיך פאר־זאמעלט אין דעם דאזיגען הויז מיט געפיהל פון אכטונג און אויפלעבונג און גרויסער נאציאנאלער באגייסטערונג, אויפ׳ן גרונט פונ׳ם גרויסען נאציאנאלען יום־טוב און אויפ׳ן גרונט פון אונזער קולטור און אונזער גרויסער נאציאנאלער שפראך.

סליכא (סליחה) — אנטשולדינט.

קען (כן) — יא.

### רוסיש:

אבשטשע — אלגעמיינע. אוראטשנא — געלונגען. אטשען — זעהר. איספאנסקי — שפּאניש.

דליא ראדי — צוליעב. „דעוויאטי וואל" — ניינטע כוואליע (אין קארטענשפּיעל). דרעווניע־יעווריסקי — העבּרעאיש.

וואפערוויך — ערשטענס. וואווטאריך — צווייטענס. ווידיטיע — זעהט איהר. ווינאוואט — אנטשולדיגט. ווי פאנימאיעטיע — איהר פארשטעהט.

זדראסטי (זדראווסטוואויטיע) — גוט מארגן, גוטן אווענט. זנאטשיט — הייסט עס.

טאווארישטשעסטווא (אבשטשעסטווא) — געזעלשאפט. טא יעסט — דאס הייסט. טשודני יאזיק — א וואונדערליכע שפראך.

ליעסאפראמישלענניק — א וואלד־סוחר.

מילאסטי פראסים — זעהר אנגעלעגטע נעסט.

נאפרימער — למשל. ניטשעווא אסאבעננאווא — קיין באזונדערעס.

סאבראניע, זאסעדאניע — פארזאמלונג. סאווערשעננא וויערנא — גאנץ ריכטיג. סטוקעלקע — א רוסיש קארטענשפיעל. ספאקאינע — רוהיג.

פא מאיעמו — נאך מיין מיינונג. פאזדראווליאיו — מזל טוב. פאזוואלטיע — זייט זשע מוחל. פאזשאלויטיע — ביטע. פערעמענע — פארענדערונג. פרעלעסטני יאזיק, פאחאזש נא איטאליאנסקי — א פראכטפולע שפראך, עהנליך אויף איטאליעניש.

קאניעטשנא — געווים. קאק? — ווי? קאקאיא בלאזשענסטווא (פארגרייזט פון „קאקאיע בלאזשענסטווא") = ס'א מחיה!

ריעטש — רעדע.

## פערזאָנען:

**ישראל־איסר.** א נגיד. האלב איד, האלב אריסטאקראט. א „שפּע־געלאנט" פון דער בערזע.

**חנה.** זיין ווייב. מעהר אידינע ווי אריסטאקראטין.

**בערטע.** זייער טעכטערל. א בת־יחיד׳קעלע. א כלה. א יפת־תואר.

**גרישא.** איהר חתן. וויל אריין אין אוניווערזיטעט.

**שושנה.** איהרע א חבר׳טע.

**היידאַד.** א לעהרער פון העברעאיש.

**געסט.** מעקלערס פון דער בערזע מיט זייערע ווייבער. אלע אריסטאקראטען.

**יונגוואַרג.** מייסטענס מיידלעך.

**אָרט:** יעהופּעץ. **צייט:** פּורים נאָך דער מגילה.

[א בעל־הבת'ישע שטוב. פיין מעבל. א פארטעפיאנא. איז מיטעז צימער צוויי לאמבערנע טישלעך, איבערגעדעקט מיט א ווייס טישטוך. אויפ'ן טיש איין אפענע מגילה. ה י י ד א ד לייענט די מגילה. אלע שטעהען ארום איהם און הערען־צו. איטליכער אין איין אנדער פאזע: י ש ר א ל ־ א י ס ר האלט־צו מיט איין האנט די מגילה, אין דער אנדערער האט ער א ליכט. ער לייכט דעם בעל־קורא און קוקט אליין אויך אריין. די איבעריגע מאנסבילען זעהען־אויס, ווי זיי האבען זיך געביטען מיט די היטלען. די דאמען ווייסען נישט, וואס פאר א פנים זיי זאלען מאכען, ס'זאל אויס־קומען נישט צו ערנסט און נישט צו לייכטזיניג. ח נ ה שטעהט מיט א פרום פנים. ב ע ר ט ע, אין עקסטאז, שעפטשעט־נאך איטליכס ווארט. ג ר י ש א שטשיפעט די וואנסילעך, קוקט מיט ליעבשאפט אויף בערטען. י ו נ ג ו ו א ר ג שטעהען פארלעגט די הענט ארונטער, האלב ערנסט, האלב שמייכלענד. קוקען אלע אויף בערטען].

ה י י ד א ד [שאקעלט זיך איבער דער מגילה מעשה חזן. די הענט הענגען איהם אראפ פון הינטען, גלייך ווי זיי געהערען זיך מיט דער מגילה גאר נישט אן. קוקט גאר נישט אריין, זאגט כמעט אויסווענדיג, מיט א ניגון, פריהער גיך און נאכדעם אלץ מעהר איינגעהאלטען]. „וכל מעשה תקפו וגבורתו ופרשת גדולת מרדכי אשר גדלו המלך הלא־הם כתובים על־ספר דברי הימים למלכי מדי ופרס... [לאנגזאם]. כי מרדכי היהודי משנה למלך אחשורוש... [מיט גדלות]. וגדול ליהודים... [טריאומפירענד]. ורצוי לרוב אחיו... [הויך און מיט א ניגון]. דורש טוב לעמו ודובר שלום לכל זרעו!"... [עס טהוט איהם באנג, וואס ער האט אזוי גיך געענדיגט].

י ש ר א ל ־ א י ס ר [לעשט־אויס דאס ליכט, גיט דעם לעהרער, ער זאל צונויפקאטשען די מגילה. טרייסעלט־אפ די הענט]. סלאווא באגו!

בערטע [מיט א פּאַרוואורף צום טאַטער]. פּאַפּאַ! וואָס פאַר א לשון? וואָס פאַר א שפּראַך? וואָס פאַר א „סלאַווא באָגו"?

ישראל־איסר. איך מיין, דאַנקען גאָט מיין איך, געפּטר'ט...

בערטע [א פּלעסק מיט די הענט]. געפּטר'ט? אויף דער מגילה „געפּטר'ט"?

ישראל־איסר [וויל זיך פאַרענטפערען פאַר דער טאַכטער]. קינדעניו, ניט דאָס האָב איך געוואָלט זאָגען... איך האָב געוואָלט זאָגען...

בערטע [קאַפּריזנע]. וואָס דו האָסט געוואָלט זאָגען — ווייס איך נישט. איך ווייס נאָר, אז דו האָסט געזאָגט אויף דער מגילה „געפּטר'ט"!

ישראל־איסר. קינדעניו, איך האָב נאָר געזאָגט, אז די מגילה... אז ביי אונז אין שטוב... אז... [קוקט אויפ'ן חתן, בעט זיך ביי איהם מיט די אויגען, ער זאָל צוגעהן איהם א ביסעל ארויסהעלפען, ער זאָל איהם פאַרענטפערען].

גרישא [טהוט זיך א וואַרף צו בערטען]. אוואַל אוויכאַ...

בערטע [פאַרריכט איהם]. אוויך.

גרישא. וויניאָוואַט... טאָ יעסט, סליכאַ! אוויך היביא סימחאַטאָ בידוואַר קריאַט האַמגילאַ האַזע...

בערטע. האַזאָט.

גרישא. וויניאָוואַט, טאָ יעסט, סליכאַ... האַמגילאַ האַזאָט באַבאַאיט האַזאָט...

בערטע. האַזע.

גרישא. סליכאַ! באַבאַאיט האַזע... [חתן־כלה ווערען ארומגערינגעלט פון'ם יונגוואַרג. קעהרעןזאַפ אויף א זייט, שלאָגען זיך צונויף אלע אינאיינעם. רעדען שטילערהייט].

ישראל־איסר [גליקליך, וואָס דער חתן האָט איהם ארויסגעראַטעוועט פון דער טאָכטער'ס הענט, קוקט אויף די געסט צופריעדען].

גאָספּאָדאַ! סאַדיטעס! זיצט... פֿאַר וואָס זיצט איהר נישט?
[די געסט שטעהען נאָך אַלץ, ווי פֿרעמדע מחותנים, ווייסען נישט, וואָס צו טהון מיט די היטלען].

הײדאַד [נעענדיגט די אַרבייט, שטעלט זיך אַוועק מיט דער צוגויפֿגעקאַטשעטער מגילה אַקעגען די געסט, ווייזט מיט דער האַנט אויף דער מגילה און רעדט אויף העברעאיש מיט'ן ספֿרד'ישען אַקצענט, וואָס ווייטער מיט אַלץ מעהר היץ]. בעכאַל דאַר וואָדאַר אובכאַל מעדינאַ אומעדינאַ כאַזערעט האַמגילאַ האַזאַט... [די געסט קוקען אויפ'ן לעהרער מיט ווילדע אויגען, פֿאַרשטעהען נישט, וואָס ער וויל, רוקען זיך אָפּ פֿון איהם. ער טרעט־אָן אויף זיי, מאַכט מיט דער מגילה אין דער לופֿטען און רעדט מיט נאָך מעהר פֿייער]. קאַמאַ פֿעאָמים ניכטאָוו וועגעכטאַם אַל אַם האַיהודים לעהאַשמיד לאַהאַראָג אולאַבעד!... קאַמאַ פֿעאָמים יאַצאַ האַמאַן בען האַמדאַטאַ האַאַגאַגי ליכטאָוו סיטנאַ אַל אַם איסראַעל!...

ישראל־איסר [זעהט, ווי די געסט האָבען מורא פֿאַר'ן לעהרער, מישט ער זיך אַריין אין מיטען, ווענדט זיך צום לעהרער]. וידבר על העצים ועל האבנים — וואָס רעדט איהר צו זיי אַזאַ לשון, וואָס זיי הויבען נישט אָן צו פֿאַרשטעהן? אַמעהר, דבר'ט בעסער אָט צו וועמען. [ווייזט אויפ'ן יונגוואַרג]. זיי וועלען אייך פֿאַרשטעהן. זיי זענען מבין כל דבור.

הײדאַד [האַלב אויף אידיש, האַלב אויף העברעאיש]. וואָס געהט'ס מעך אָען, צי יענער פֿאַרשטעהט מעך, צי ער פֿאַרשטעהט מעך נישט? דאָס איז מאַן שפּראַך! למאַי שעמט זיך נישט ביי אונז דער פּוילען מיט זיין פּוילעש, דער דאַטש מיט זאַן דאַטש, דער פֿראַנצויז מיט זאַן פֿראַנצויזיש, און אַפֿילו דער ציגאַנער מיט זאַן ציגאַנעריש? אַני מעדאַבער איוורית בעכאַל מאַקאָם וועאַים סאַל האַאָלאַם. אַפֿילו קעשעאַני יאָצע בעמערקאַוואַ, אַני אָמער לעהאַקאָנדוקטאָר: טען לי קאַרטים! וואָס געהט'ס מעך אָען?...

ערשטער גאַסט. קאַקאַיאַ בלאַזשענסטוואַ!

צווייטער גאַסט. זאַמעטשאַטעלני יאַזיק! פּאַחאָזש נאַ איטאַליאַנסקי.

ד ר י ט ע ר ג א ס ט [מיט אַ באַסאָווע שטים]. סאָווערשעננאַ וויערנאָ. זוואָוטשיט קאַק איספּאַנסקי.

פ ע ר ט ע ר ג א ס ט. איספּאַנסקי, איספּאַנסקי.

ב ע ר ט ע [וואָס שטעהט מיט שושנה'ן ביי דער זייט, רעדט שטיל, ווענדט זיך צום פאָטער פון דער ווייטען]. וואָס איז דאָרט ביי אייך פאַר אַ שמועס, פּאַפּאַ?

י ש ר א ל־א י ס ר [צופריעדען, וואָס מע האָט איהם אָפּגעריסען פון איין אַנשיקעניש]. מיר שמועסען דאָ מיט'ן לעהרער וועגען דרעוווניע־יעווריעסקי...

ב ע ר ט ע [פון דער ווייטען צום פאָטער]. אַך, פּאַפּאַ! איך האָב דיך וויפיעל מאָל געבעטען, זאָלסט דאָס נישט רופען דרעוווניע־יעווריעסקי! וואָס פאַר אַ דרעוווניע־יעווריעסקי?

ה י י ד א ד [צופריעדען מיט בערטען]. טאַו וועיאַפּע ווענעב־מאַד וועגאָאים!

ב ע ר ט ע. קאָנסט דאָס רופען ווי דו ווילסט. קאָנסט דאָס רופען העברעאיש, קאָנסט דאָס רופען אונזער לשון, אונזער נאַציאָ־נאַל־שפּראַך.

י ש ר א ל־א י ס ר [צו דער טאָכטער פון דער ווייטען]. נו, קאָניעטשנאַ, נאַציאָנאַל־שפּראַך. ווי אַזוי זאָג איך דען? [בערטע רעדט מיט איהרע חבר'טעס און חברים, און ישראל־איסר — צו די געסט]. אַדנים סלאָוואָם, ס'אַ וועלט געוואָרען — ניע דאַי באָג! איהר מיינט, נאָר דאָ? אויף דער גאַנצער וועלט. און נאָר מאָלאָדיאָזש! זעהט איהר אָט די דאָזיגע יפהפיה? [ווייזט אויף שושנה'ן, וואָס רעדט מיט דער טאָכטער]. דאָס האָט מען איהר צו פאַרדאַנקען. דאָס האָט זי אינאיינעם מיט מיין טאָכטער אויפגעגעבען אַ פּראָיעקט אויף צו סאָיעדיניאַיען די מאָלאָדיאָזש פון דער גאַנצער וועלט. וואָפּערוויך... [וויל צעהלען אויף די פינגער].

ב ע ר ט ע [צום פאָטער פון דער ווייטען]. וואָס ווייזט דו אויף אונז מיט די פינגער, פּאַפּאַ?

**ישראל־איסר** [צו דער טאָכטער און שושנה׳ן]. גאַרנישט. איך שמועס עס אַקעגען אייער הסתדרות, וואָס איהר האָט אויסגעטראַכט...

**שושנה.** וואָס מיר האָבען אויסגעטראַכט?

**היידאַד** [מישט זיך אַריין. שאַקעלט מיט דער צונויפגעקאַטשעטער מגילה, רעדט צו ישראל־איסר׳ען]. סליכאַ! חליכאַ!...

**ישראל־איסר.** וואָסער סליחה? ס׳איז דען אַ סליחה? ס׳איז דאָך אַ מגילה, נישט קיין סליחה.

**היידאַד.** קען! אוואַל... סליכאַ! [אַ מאַך מיט דער האַנט. געהט־אָפּ צום יונגוואַרג. מע זעהט פון דער ווייטען, ווי שושנה רעדט, ושעס־טיקולירענד מיט די הענט, און דאָס גאַנצע יונגוואַרג הערט זיך איין].

**ישראל־איסר** [פּטור געוואָרען פון׳ם לעהרער, נעמט־אַראָפּ דאָס ווייסע טישטוך פון׳ם גרינעם טישעל און גיט עס איבער מיט׳ן ליכט צו חנה׳ן. טהוט אויס דאָס היטעל]. דושינקע, פאַר וואָס בעטסט דו נישט די דאַמען שפּעגעליר׳ען... מיין איך, זיצען?

**חנה** [צו די דאַמען]. זיצט, פאַר וואָס זיצט איהר נישט? [די דאַמען זעצען זיך אויס מיט די רידיקולס אין די הענט, קוקען אויף די מאַנסבילען. די מאַנסבילען טהוען־אויס איינציגנווייז די היטלען. איינציגע פאַררויכערען. איינציגע שטעהען און קוקען נאָך אויפ׳ן יונגוואַרג, וואָס הערען שושנה׳ס רעדע].

**ישראל־איסר** [פאַררויכערט. צו די געסט, אנווייזענדיג אויפ׳ן יונגוואַרג]. ס׳איז ביי זיי היינט אַ שפּעגעלאַציע... מיין איך, אַ סאָבּראַניע פון דער נייער אַבּשטשעסטווע, וואָס איך האָב אייך אָנגעהויבען צו דערצעהלען, האָט מיך אָט דער חיים־יענקעל איבערגעשלאָגען. [ווייזט אויפ׳ן לעהרער]. און פון וועמען וואַכסט עס? אַלץ פון איהר, אַלץ פון איהר. [ווייזט אויף שושנה׳ן און מיינט די טאָכטער]. אַ ברען, ניע דאַי באָג! קאַרג, וואָס זי האָט אָפּ־געשמד׳ט גאַנץ יעהופּעץ, געמאַכט אַלע שפּעגעלאַנטען, מיין איך אַלע אידען, פאַר דרעווניע־יעווריצעס, האָט זי זיך גענומען איצטער פאַר די אַלע איבעריגע שטעדט פון דער גאַנצער וועלט. איהר

זאָלט זעהען די בריעף, וואָס זיי צעשרייבען אַ טאָג — ניע דאַי באָג!

חנה [וואָס רעדט שוין מיט די דאַמען, מישט זיך אריין צו די מאַנסבילען]. וואָס זיי קאָסט־אָפּ אַ וואָך פּאָסט־מאַרקען, מיט אָטקריטקעס, מיט פּאַפּיער, מיט טינט, מיט שלעק, צרות, וואָלט זיך עס אַ מעקלער ווינטשען פּאַרדיענען אויף דער בערזע... [דער עולם קוקט זיך איבער שמייכלענדיג].

ישראל־איסר [וויל צעטרייבען די אומאַנגענעהמליכקייט]. דושינקע! פאַר וואָס הייסטו נישט עפּיס דערלאַנגען צום טיש? ס'איז דאָך עפּיס יום־טוב! פּורים אויף דער וועלט! המנ'ס יאָהרצייט!

חנה. שוין געהייסען. אָט באַלד וועט מען דערלאַנגען. [רעדט שטילערהייט מיט די דאַמען].

ישראל־איסר [צו די געסט]. אַ פּאַרקעהרטע וועלט געוואָרען. שטעלט אייך פאָר, דאַזשע לעוו איזראַאיליעוויטש...

געסט [אַלע אויפגעלעבט]. לעוו איזראַאיליעוויטש? וואָס לעוו איזראַאיליעוויטש?

ישראל־איסר. לעוו איזראַאיליעוויטש האָט זיך אָנגעמעלדעט אויסגעדריקט, אַז ער האַלט אויך פון די זאַכען. דאָס הייסט, פון אידיש האַלט ער דוקא נישט. ער האָט פּיינט זשאַרגאָן, ווי חזיר! זשאַרגאָן, זאָגט ער, איז נישט קיין שפּראַך. ער האַלט נאָר פון דרעווניע־יעווריסקי. ער זאָל זיך נישט סטיעסניאַיען, זאָגט ער, פאַר כּריסטען, וואָלט ער איינגעפיהרט, אַז אַלע זיינע סלוזשאַשטשעס זאָלען אין קאַנטאָר רעדען נאָר פּאָ דרעווניע־יעווריסקי...

ערשטער גאַסט. ניעאוזשעלי? קאַקאַיאַ בלאַזשענסטוואַ! [צווישען יונגוואַרג ברעכט־אויס אַ געלעכטער. די דאַמען דרעהען זיך אויס צום יונגוואַרג, קוקען זיך איבער מיט די מאַנסבילען].

ישראל־איסר [צו דער טאָכטער פון דער וויַטען]. וואָס איז דאָרט ביי אייך אַזוי לעבעדיג?

ב ע ר ט ע [פון דער ווייטען]. אַך, פּאַפּאַ! ווען וועט איהר שוין אויפהערען אמאָל דיענען עבודה זרה?

ה י י ד א ד. טאָוו וועיאַפּע וועגעכמאַד וועגאַאים!

י ש ר א ל־א י ס ר. וואָסער עבודה זרה?

ש ו ש נ ה [פון דער ווייטען]. אַ גליק, וואָס לעוו איזראַאיליע־וויטש לייענט נישט חנוכּה די מגילה און בענטשט נישט פּורים קיין חנוכּה־ליכטלעך...

י ו נ ג ו ו א ר ג. חאַ־חאַ־חאַ!

ה י י ד א ד. טאָוו וועיאַפּע וועגעכמאַד וועגאַאים!

י ש ר א ל־א י ס ר [פיהלט זיך נישט גוט. וויל פּאַררעדען די געסט]. ניע דאַי באָג! זיי וואָלטען וועלען, אַז אַלע שפּעגעלאַנטען, אַלע אידען מיין איך, זאָלען בענטשען די מגילה און לייענען חנוכּה־ליכטלעך... מיין איך פאַרקעהרט — לייענען חנוכּה־ליכטלעך און בענטשען די מגילה... טפו! וואָס זאָג איך?

ח נ ה [קומט דעם מאַן צו הילף]. ביז מיר זענען נישט אריבער־געפּאָהרען קיין יעהופּעץ, איז מיין מאַן געווען אַ מענטש, ווי אַלע מענטשען. און דאָ, זינט ער האָט אָנגעהויבען האַנדלען אויף דער בערזע, איז ער געוואָרען אַזאַ צעטראָגענער מלאך, אַז מע קאָן פון איהם דעם שלאַק באַקומען! ער קאָן אייך אמאָל אויפשטעהן אין דער פריה און מאַכען אַ גוואַלד: „וואו זענען מיינע שפּעגעלאַ־ציעס?” — „וואָסערע שפּעגעלאַציעס?” — „מיין איך די אַק־ציעס!” — „וואָסערע אַקציעס?” — „מיין איך דיווידענטען!” — „וואָסערע דיווידענטען?” — לאָזט זיך אויס, אַז ער זוכט די שטעק־שיך... [צווישען עולם ווערט אַ געלעכטער. ישראל־איסר קוקט אויף חנה'ן אריבער דיברילען, צענעמט די הענט, וואָלט וועלען, זי זאָל שוין אַ מאָל אויפהערען רעדען. אויף זיין גליק עפענט זיך די קיכטיר און עס באַווייזט זיך אַ גרויסער בעקען מיט שלח־מנות'דיגע זאַכען: פלעדלעך, לעקאַכלעך, מאַהנדלעך, טייגלעך און מאַראַנצען].

י ש ר א ל־א י ס ר [צו חנה'ן]. דושינקע, אַט האָט מען גע־בראַכט דעם שלח־מנות.

ח נ ה [האפט־אונטער דעם בעקען מיטביידע הענט, טראגט איהם צו פריהער צו די דאמען, דערנאך צו די מאנסבילען, דערנאך צום יונגווארג, בעט יעדען באזונדער]. געניסט, איך בעט אייך, געניסט עפּים. פאַר וואָס זאָלט איהר עפּים נישט געניסען? נעמט חאַטש אַ מאַראַנץ!

י ש ר א ל־א י ס ר [קומט איהר צו הילף]. גאַספּאַדאַ, שלח־מנות!

ע ר ש ט ע ר ג א ס ט. שלח־מנות? קאַקאַיאַ בלאַזשענ־סטוואַ!

י ו נ ג ו ו א ר ג [שיסען־אויס אַ געלעכטער]. חאַ־חאַ־חאַ! [אלע געסט קוקען זיך ארום].

ד י ד א מ ע ן [קוקען אויפ'ן יונגווארג]. וואָס איז דאָרט ווידער „חאַ־חאַ־חאַ”?

י ש ר א ל־א י ס ר [צו דער טאכטער]. וואָס איז דאָרט ביי אייך אַזאַ גדולה?

ב ע ר ט ע [פון דער ווייטען]. מיר קלויבען דאַ נחת פון אייך, וואָס איהר זענט אַזוי נוקם אָן דער רוסישער שפּראַך...

ש ו ש נ ה. איהר זענט מקיים דעם פסוק: „לעשות נקמה בגויים”... [יונגווארג געהען־אפּ אין צווייטען צימער].

ה י י ד א ד. טאַוו וועיאַפּע וועגעכמאַד וועגאַאים! [געהט, מאכענדיג מיט דער מגילה, נאכ'ן יונגווארג. די דאמען קוקען זיך איבער. די געזעלשאפט פיהלט זיך אומאנגענעהם].

ח נ ה [וויל פארגלעטען, טראגט־צו נאך א מאל דעם בעקען מיט שלח־מנות צו די דאמען]. געניסט, איך בעט אייך. פאַר וואָס זאָלט איהר עפּים נישט געניסען? נעמט חאַטש אַ מאַראַנץ... [די שטימונג ווערט נאך מעהר געשלאגען].

י ש ר א ל־א י ס ר [וויל איבעררייסען די שטימונג]. אַ וועלט געוואָרען! כּסדר ביי זיי שפּעגעלאַציעס... מיין איך סאָבראַניעס, זאַסעדאַניעס. און איבּערהויפּט אָט די שושנה און מיין טאָכטער; זיי טהוען־אויף אַזעלכע זאַכען — ניע דאַי באָג! שטעלט אייך פאָר — זיי האָבען אויסגעאַרבּייט איין אוסטאַוו ביי זיי, מיט

פונקטען, מיט פּאַראַגראַפען. [צעהלט אויף די פינגער]. וואַפּערוויד, דרעווניע־יעוורעיסקי. וואַווטאַריך, אידישע חדרים...

ערשטער גאַסט. ניעאַוזשעלי?

צווייטער גאַסט. חעדערא?

דריטער גאַסט. סאָווערשעננאָ וויערנאָ. שקאָלעס מסתּמא.

ישראל־איסר. ניין, נישט קיין שקאָלעס, נאָר טאַקי חדרים, פּשוט'ע אידישע חדרים.

מאַנסבילען [אַלע אינאיינעם]. חדרים?

דאַמען. חדרים?!

ישראל־איסר. הײַנט איז דאָ בײַ זיי אַ פּונקט, מע זאָל אוניטשטאָזשען קאָרטען.

מאַנסבילען [איבערראַשט]. אוניטשטאָזשען קאָרטען?!...

דאַמען [דערשראָקען]. קאָרטען?!...

ישראל־איסר [צענעמט די הענט, ווי אויף צו שווימען]. אָקאָנטשאַטעלנאָ! אוים קאָרטען!

ערשטער גאַסט [קוקט אויף די איבעריגע]. קאַקאַיאַ בלאַזשענסטוואָ!... [צום בעל־הבית]. וואָס זשע, הייסט עס, וועלען מיר טהון, אַז מע וועט זיך צונויפקומען, נאַפּרימער, אויף אימענינעס, אָדער אַ יום־טוב, אָדער אַזוי איין אָבשטשעסטווע?

צווייטער גאַסט. וואָס פאַרשטעהט איהר נישט? וועלען מיר שמועסען אַ ביסעל פּאָ דרעווניע־יעוורעיסקי, אַ ביסעל פון ליטעראַטור.

דריטער גאַסט. סאָווערשעננאָ וויערנאָ. אויב אינ־צווייען, וועט מען מאַכען אַ זעכס־און־זעכציג, און אויב אינדרייען, איז אַ פינף־הונדערט־איינס...

פערטער גאַסט. און אויב מעהרער — איז אַ סטוקעלקע.

פינפטער גאַסט. און אפשר גאָר איין אָבשטשע שפּיעל? [קוקט אויף די דאַמען]. הא? וואָס זאָגט איהר?

ד א מ ע ן. קאניעטשנא, איין אבשטשע שפּיעל! [נעמען זיך צו די רידיקולס].

י ש ר א ל ־ א י ס ר. הא? וואָס זאָגט איהר? איין אבשטשע שפּיעל? [מע ווייסט נישט פון וואַנען עס וואַכסט־אויס ביי איהם אין די הענט צוויי טאַליעס קאַרטען]. טאַ! ביי מיר האָט איהר גע'פּועל'ט. איך בין דאָך, ווי זאָגט איהר, נישט מעהר ווי בעל־הבית...

ח נ ה [ווייעדער אַ מאָל מיט'ן שלח־מנות, שוין צו די מאַנסבילען]. געניסט נאָך עפּיס. פאַר וואָס זאָלט איהר נישט געניסען? נעמט חאָטש אַ מאַראַנץ...

י ש ר א ל ־ א י ס ר [וויל פּטור ווערען פון איהר אויך]. דושינקע!! טאָמער וואָלט געוועזן געננוג מאַראַנצען? מיר האָבען דאָך גערעדט וועגען המן־טאַשען. עפּיס יום־טוב, פּורים אויף דער וועלט, המנ'ס יאָהרצייט...

ח נ ה [טהוט זיך אַ חאַפּ־אויף און אַ פּאַטש אין שטערן]. אָט אַ קאָפּ! אַ קאַצענער מוח! גוט, וואָס דו האָסט מיך דערמאַנט המן־טאַשען. איך געה אין קיך אריין. איך מוז אַליין זיין ביי די המן־טאַשען. [צו די דאַמען]. האָט קיין פאַראיבעל נישט, איך מוז געהן. מיין דיענסט וועט מיר דאָרטען אָנמאַכען המן־טאַשען, וועט זיין וואָס צו זעהען! די יעהופּעצער פּוסטאָקראַטען — גאָט זאָל נישט שטראָפען פאַר די רעד... איך מיין די היגע דיענסטען מיין איך. איך זאָג איהר, מיין קעכין הייסט עס: המן־טאַשען קאָנט איהר מאַכען? קוקט זי מיך אָן, ווי אַ לעהמענער גולם. ביז איך האָב איהר איינגעטאָלקעוועט, אַז מע דאַרף פאַרקנעטען טייג, אויסקאַטשען און אויסקלעפּען דרייעקעכיגע המן־טאַשען, צע־רייבען מאָהן אויף מילך. ביי איהר איז געוועזן רעכט אריינטהון דעם מאָהן אין די המן־טאַשען, ווי ער שטעהט און געהט. גאָט איז מיט אייך, זאָג איך, איהר זענט נאָך נישט פאַרטיג מיט די המן־טאַשען! צו המן־טאַשען דאַרף מען נאָך האָניג אויך...

ישראל־איסר [צום ווייב]. הכלל, ליובעניו, ווען וועלען מיר שוין דערלעבען זיך זעהען מיט די המן־טאַשען?

חנה. אַט דאָס געה איך דאָך! [געהט־אָפּ אין קיך. די דאַמען שמייכלען צו איהר כלומרשט פריינדליך, צופריעדען, וואָס חנה איז אַפּגע־גאַנגען, רוקען זיך צו מיט די רידיקולס צום טיש].

ישראל־איסר [צו די געסט]. אַלזאָ, גאָספּאַדאַ, איז איין אָבשטשע שפּיעל? איך מיין אָבער, אַז פּאָ זאַקאָנו קומט הייגט איין אָקע. אָקע איז אַ אידישע שפּעגעלאַציע, מיין איך אַ אידישע שפּיעל. פּאָרט יום־טוב, פּורים אויף דער וועלט, המנ'ס יאָהר־צייט... [צו די געסט]. האַ? וואָס זאָגט איהר?

געסט [אַלע אינאיינעם, אויפגעלעבט]. סאָווערשעננאָ וויערנאַ. איין אָקע! איין אָקע!

ישראל־איסר. אַלזאָ, איין אָקע? ביי מיר האָט איהר גע'פּועל'ט. איך בין דאָך, ווי זאָגט איהר, נישט מעהר ווי בעל־הבית... [עפּענט־אויף די קאַרטען מיט אַ קנאַק]. ווי אַזוי זשע שפּעגעלירען מיר, מיין איך, ווי אַזוי שפּיעלען מיר? מיט'ן קווענץ?

ערשטער גאַסט. אָקע מיט'ן קוועניץ — קאַקאַיאַ בלאַזשענסטוואַ!

צווייטער גאַסט. און איך וואָלט געזאָגט — דוקאַ אָהנ'עם קוועניץ.

דריטער גאַסט. סאָווערשעננאָ וויערנאַ. מיט'ן קוועניץ און מיט'ן קאַנטשיק.

פערטער גאַסט. פּאָ נאַסטאָיאַשטשעמו, באַדאַרף זיין איין אָקע מיט אַלע פּאָדלאָסטען. דאָס הייסט, מע מעג אייך שמייסען ביז'ן טאָג אריין. פון אַ דרייערעל ביז אַ הונדערטער, און דאַזשע מעהר פון אַ הונדערטער.

פינפטער גאַסט. קאָניעטשנאָ, מיט אַלע פּאָדלאָס־טען! [צו די דאַמען]. וואָס זאָגט איהר?

ד א מ ע ן [נישט צופריעדענ, וואס מע וועט שפּילען אין אָקע אהן זיי, נעמען זיך פון דעסטוועגען צו די רידיקולס, רוקען זיך צו מיט די שטוהלען צו זיי, קוקען־אריין אין די קארטען פון הינטען, זיפצען]. לאָז זיין איין אָקע, לאָז זיין מיט אַלע פּאַדלאַסטען, אַבי לאָז מען שוין שפּיעלען.

י ש ר א ל־א י ס ר. אַדנים סלאָוואָם, ווער איז ערשטע האַנט? [ווארפט־אויס קארטען. רעדט אין איין אטעם]. אַל״ף איין אָדלער. בּי״ת א בּארענבּוים. גימ״ל א גנב. דל״ת א דריידעל. ה״א א המן־טאַש. וא״ו א ווייגנאַרטען. זיי״ן א זאַווערוכע. חי״ת חיים־יענקעל... [צום ערשטען גאַסט]. איהר זענט ערשטע האַנט. [לעגט־אויס יעדען צו צוויי קארטען צוגעמאַכט און נאכדעם צו צוויי קארטען אויפגעדעקט. דער עולם הויבט־אן ווערען נערוועז, נאר מע מאכט זיך גלייכגילטיג].

ע ר ש ט ע ר ג א ס ט. קאַקאַיאַ בּלאַזשענסטווא! [רוקט זיך צו צום טיש נאָך נעהענטער, נעמט־ארויס געלט. פּארקאַטשעט די ארבּעל]. שוין לאַנג נישט געשפּיעלט אין אָקע.

צ ו ו י י ט ע ר ג א ס ט [רוקט זיך צו, נעמט זיך צו דער קעשענע]. א שאָק מיט יאָהרען.

ד ר י ט ע ר ג א ס ט [נעמט זיך צו דער קעשענע]. סאָווער־שעננאָ ווערנאָ! ערשט נעכטען געהאַקט אין אָקע א גאַנצע נאַכט, ביז׳ן ווייסען טאָג...

פ ע ר ט ע ר ג א ס ט [נעמט זיך צו דער קעשענע. זינגט מיט א חסיד׳ישען ניגון]. דער רבּי האַט געהייסען פריילידְ זיין, ביז׳ן ווייסען טאָג אריין... [צו די דאמען]. האַ? וואָס?

ד א מ ע ן [קוקען מיט ברענענדיגע אויגען צו די מאַנען אין די אויסגעלעגטע קארטען. זיפצען, לאַכען נערוועז]. חאַ־חאַ־חאַ!

י ש ר א ל־א י ס ר [צום ערשטען גאַסט]. אַדנים סלאָוואָם, איהר זענט ערשטע האַנט, דאַרפט איהר רעדען ווערטער.

ע ר ש ט ע ר ג א ס ט [באַטראַכט אלעמענ׳ס קארטען, וואָס אויפ׳ן טיש]. קאַקאַיאַ בּלאַזשענסטווא! איך וועל בּעטען דעם עולם

אוועקלעגען צו דרייערלעך סליעפּאַ. [לעגט־אַוועק אַ דרייערל און מאַכט־צו די אויגן].

צווייטער גאַסט. בלא ראיה הייסט עס? [טראַכט אַ ווײַלע. רעדט צו זיך אַליין]. נו, מאַיסיי מאַרקאָוויטש? פּאַזשאַ־לויטע ווקאַנטאַרו — אַרויס מיט דער מטבע! [לעגט געלט].

דריטער גאַסט. סאַוועוּרשעננאַ וויערנאַ. [לעגט געלט. אומצופריעדן]. ווי אַ לאָך אין קאָפּ!

פערטער גאַסט [זיפצט]. אַז אַך און ווײַ איז מיר. איך מוז מיך נאָכשלעפּן. [לעגט געלט]. ביי אַ פגירה בין איך אויך אַ בהמה.

פינפטער גאַסט [קרעכצט, לעגט אַ דרייערל]. פאַר־פינסטערט בין איך געוואָרען! איך מוז אויך. וואָס זאָל איך טהון?

ישראל־איסר. נו, מוז איך דאָך אודאי שפּעגעלירען. איך בין דאָך, ווי זאָגט איהר, עפּיס בעל־הבית, לכבוד פורים... [לעגט געלט]. המנ'ס יאָהרצייט...

ערשטער גאַסט. מיר זאָגט דאָס האַרץ, אַז דאָ דאַרף ליגען גאָלד. [קלאַפּט מיט אַ פינגער איבער די צוגעמאַכטע קאַרטען]. גאָספּאָדאַ! נאָך אַ דרייערל בלינד. [לעגט־אַוועק נאָך אַ דרייערל].

צווייטער גאַסט [צו זיך אַליין]. נו, מאַיסיי מאַר־קאָוויטש, ביזט דו אַריינגעקראָכען, קריך ווייטער. [לעגט נאָך אַ דרייערל].

דריטער גאַסט. סאַוועוּרשעננאַ וויערנאַ. [לעגט דאָס געלט מיט כעס]. ווי אַ פינפטע ראָד צום וואָגען!

פערטער גאַסט [זיפצט]. אַז אַך און ווײַ איז מיר! [קריכט אין קעשענע]. איך מוז מיך נאָכשלעפּן. וואָס ס'וועט זיין מיט כל ישראל, וועט זיין מיט רב ישראל.

פינפטער גאַסט [קרעכצט און לעגט געלט]. פאַר־פינסטערט בין איך געוואָרען! איך מוז אויך. אַ ברירה האָב איך?

י ש ר א ל ־ א י ס ר. נו, מוז איך דאָך אודאי שפּעגעלירען. איך בּין דאָך, ווי זאָגט איהר, עפּיס בּעל־הבּית. המנ'ס יאָהרצייט. [לעגט געלט. עס וואַכסען די דרייערלעך אויפ'ן טיש. אַלע אויגען בּרענען, די דאַמען זיפצען]. נו, גאָספּאַדאַ? וואָס וועט זיין ווייטער? [קוקט אויפ'ן ערשטען גאַסט. פון צווייטען חדר גנב'עט זיך אונטער מיט שטילע טריט גרישאַ. קוקט זיך אַרום צוריק, געהט־צו פּאַוואָלי צום טיש. זעצט זיך אַוועק אומבּאַמערקט אויף אַ שטוהל הינטער ישראל־איסר'ס פּלייצעס. קוקט צו, ווי מע שפּיעלט].

ע ר ש ט ע ר ג אַ ס ט. וואָס זאָל זיין ווייטער? ווייטער וועלען מיר זיך געהן אָנקוקען... די דריטע קאָרט וועט שוין זאָגען, וואָס איך האָבּ צו טהון... [הויבּט־אויף איינע פון די צוויי צוגעדעקטע קאַרטען, לעגט זי אַרויף מיט'ן פּנים אַראָפּ אויף איינע פון די אָפענע קאַרטען. לעהנט זיך אָפּ אַ בּיסעל צוריק. טראַגט־צו דאָס פּאַרעל צו דער נאָז. וואַרפט אַ גיכען קוק אויף דער דריטער עטוואָס אויפגעדעקטער קאַרט, ווערט מאַדנע לעבּעדיג]. קאַקאַיאַ בּלאַזשענסטוואַ! [לעגט גיך אַוועק צוריק די קאַרטען און נעמט זיך צו דער קעשענע]. אַזוי ווי דאָס האַרץ אָבּער האָט מיר געזאָגט, אַז דאָ דאַרף ליגען איין אוצר. נו, גאָספּאָדאַ? ווער פאָהרט מיט מיר קיין יאַרמעלינעץ אויפ'ן יאַריד? צוויי דרייערלעך אויף דריי.

צ ו ו י י ט ע ר ג אַ ס ט [צו זיך אַליין]. נו, מאַיסיי מאַר־קאָוויטש? דו קריכסט נאָך, צי ניין? [טהוט אַ הויבּ־אויף די דריטע קאַרט]. געענטפערט אויף מיינע דריי.

ד ר י ט ע ר ג אַ ס ט. סאָוועַרשעננאַ וויערנאַ. [אַנגעקוקט אַלע פיער קאַרטען, מלא גזלן. טהוט זיי אַ שמיץ מיט כעס]. שראַגע, אַ רוח אין דיין האַרצען אַריין! ווער האָט דאָס אויסגעטראַכט אַזאַ שפּיעל, וואָס הייסט אָקע?

פ ע ר ט ע ר ג אַ ס ט. אַז אָך און וועה איז מיר. איך מוז זיך אויך געהן אָנקוקען. [קוקט זיך אַן]. געשטאָרבּען אַ איד. [לעגט־אַוועק די קאַרטען]. איך האָבּ געוואוסט פריהער, אַז וויבּאַלד אָקע, אַזוי ווער איך בּאַגראָבּען.

פינפטער גאַסט [קוקט זיך אַן]. ברוך דיין אמת. געשטאָרבען נאָך אַ איד. [לעגט אַוועק די קאָרטען. רעדט צו די דאַמען]. בין איך נישט גערעכט געווען, אַז איך האָב געזאָגט איין אָבשטשע שפּיעל? אָקע האָט זיך זיי פּאַרגלוסט! וואָס זאָגט איהר?

דאַמען. קאָניעטשנאָ!

ישראל־איסר [צום ערשטען און צווייטען גאַסט]. זעגען מיר, הייסט עס, געבליבען אינדרייען אויפ'ן יאַריד? [צום ערשטען גאַסט]. וואָס זשע וועט איהר עפּיס זאָגען ווייטער, כדומה למשל נאַפּרימער? נו? אַרויס מיט לשון!

ערשטער גאַסט. וואָס האָט איהר קיין צייט נישט? נאָך נאָמי ניע קאַפּליעט. [קוקט אויפ'ן טיש]. מע דאַרף זיך גוט באַטראַכטען, וואָס פּאַרמאָגט דער עולם? [קוקט רעכטס און לינקס]. דער האָט שיקסעס, און דער — שקצים. קאַקאַיאַ בלאַזשענסטוואַ! [צום צווייטען גאַסט]. וואָס וועט איהר זאָגען, ווען איך טהו אַ פּאַס צו אייערע שקצים?

צווייטער גאַסט. גאָט איז מיין עדות, אַז איך קאָן נישט פּאַסען. איך האָב דריי. [לעגט געלט]. געענטפערט אויף מיינע דריי און אַריבערגעצימבעלט מיט איין צעהנערל אויף דריי גלייך ווי אויף אַלע.

ישראל־איסר [רעדט צו זיך אַליין. מאַכט מיט די פינגער]. היינט געה טרעף. דער שמייסט מיט דרייערלעך אויף דריי, און דער צימבעלט־אַריבער מיט אַ צעהנערל אויף דריי ווי אויף אַלע. עס האָט אָנגעריסען ביי זיי — ניע דאַי באָג! אַצינד איז אַ וואָפּראָס [מיט אַ ניגון פון דער גמרא און שטאַרק אויסגעצויגען] — טשטאָ מיניע דיעלאַט? צי זאָל איך מיך אַריינלאָזען אין דער שפּעגעלאַציע און שפּעגעלירען סליעפּאָ? צי זאָל איך מיך געהן אָנקוקען? [נעמט זיך בלומרשט צו דער קעשענע, צעהלט געלט. אַלע אויגען קוקען אויף איהם. לעגט־אַוועק די קאָרטען און מישט אויס די איבעריגע]. דאַסווידאַניאַ. [וויל אויפהויבען די פערטע קאָרט].

ג ר י ש א [חאפּט איהם אז ביי דער האנט]. לאוו! באזשע סאָחראַני! נישטאָ קיין אָנקוקען זיך! אַ צעהנערעל מיט נאָך אַ צעהנערעל!

י ש ר א ל־א י ס ר [קוקט אויף איהם]. משוגע?

ג ר י ש א. פאָלגט מיך! [בעט זיך]. פאָלגט זשע מיך! זיי ביידע האָבען גאָרנישט מיט גאָרנישט!

י ש ר א ל־א י ס ר [צו די געסט. ווייזט אויף גרישאַן]. אַז ער הייסט! מע דאַרף, ווי זאָגט איהר, פאָלגען אַמאָל אַ חתן אויך? [לעגט געלט]. קופּעץ קאַק סטרעליעץ.

ג ר י ש א. יאַ וואָס רוטשאַיוס, אַז זיי ביידע האָבען שראַגע! [נעמט זיך צו דער קעשענע]. צי אפשר מיינט איהר, אַז איך האָב מיך, ווסאַמאָם דיעליע, איבערגעשראָקען פאַר אייערע שיקסעס? איך ענטפער אייך אויף אייער צעהנערעל און אַריבערגעטראַסקעט מיט צוויי צעהנערלעך אויף מיינע דריי, וואָרום איך ווייס, אַז מעהר ווי צוויי מוידען האָט איהר נישט געהאַט און וועט נישט האָבען.

צ ו ו י י ט ע ר ג א ס ט. שוין לאַנג שטיל געוועז, מאָיסיי מאַרקאָוויטש. מיט אַזעלכע צוויי גבורים טאָרסט דו דיך נישט אַריינלאָזען אין דער נאַרישער וועלט. [טראַכט אַ ווײַלע]. הערט זשע אויס, אפשר וועלען מיר מאַכען אַ שטיקעל געשעפט?

ע ר ש ט ע ר ג א ס ט. נאַפּרימער?

י ש ר א ל־א י ס ר. כדומה למשל?

צ ו ו י י ט ע ר ג א ס ט. וואָס וועט איהר מיר געבען אָפּ־טריט־געלט? דאָס הייסט, וואָס וועט איהר מיר געבען, איך זאָל זיך אָוועקלעגען בלא ראיה?

ע ר ש ט ע ר ג א ס ט. חאַ־חאַ־חאַ!

י ש ר א ל־א י ס ר. אַ גוט אויג וועלען מיר אייך געבען! אַז מע האָט שראַגע, טראָגט מען זיך אָפּ און מע מאַכט נישט קיין שפּעגעלאַציעס.

צווייטער גאַסט. אַזוי זאָגט איהר? [קוקט־אָן די פּערטע קאַרט. טראַכט אַ ווײַלע]. האַ? אַז מע האָט, זאָגען זיי, שראַגע, טראָגט מען זיך אָפּ און מע מאַכט נישט קיין אָנשטעלען? [נעמט זיך כּלומרשט צו דער קעשענע. צעהלט געלט. אַלע אויגען קוקען אויף איהם. לעגט אַוועק די קאַרטען און מישט זיי אויס מיט די איבעריגע]. דאָסווידאַניאַ, מאָיסיי מאַרקאָוויטש! אַ חלירע וואָלט געמעגט קומען אויפ'ן מחבר פון דער אָקע!

ישראל־איסר [צום ערשטען גאַסט. טרייסעלט מיט די הענט]. האָבען מיר שוין, סלאַווא באָגו, גע'פּטר'ט אַלע אונזערע שונאים?

ערשטער גאַסט. קאַקאַיאַ בלאַזשענסטוואַ!

גרישאַ [צום ערשטען גאַסט. לעגט־אַרויף די האַנט אויף ישראל־איסר'ס קאַרטען]. געענטפערט און אַריבערגעפּידעלט מיט אַ גאַנצען כּף־הא'ער.

ישראל־איסר [צו גרישאַן]. משוגע? צי חסר דעה?

גרישאַ. פּאָלגט זשע מיך. דרך־ארץ פאַר די באַרישנים! משעסטנאָיע סלאָווא, ער פאַרמאָגט נישט מעהר ווי שראַגע!

ישראל־איסר [געהט צו דער קעשענע]. אַז ער הייסט... [ווייזט אויף גרישאַן]. מע דאַרף, ווי זאָגט איהר, אַמאָל פאָלגען אַ חתן אויך? [לעגט געלט]. דערויף זענען מיר דאָך שפּעגעלאַנטען.

ערשטער גאַסט. קאַקאַיאַ בלאַזשענסטוואַ! [קוקט אָן די פּערטע קאַרט, געהט צו דער קעשענע. רעדט פּאַוואָלי, זיפצענדיג]. וויבאַלד אַזוי, איז אַ הונדערטער אויף מיינע אַלע.

געסט [אַלע]. אַ הונדערטער?!

דאַמען [אַלע]. אַ הונדערטער?!

ישראל־איסר. ווטאָקאָם סלוטשאַיע, דאַרפען מיר לערנען דעם פּשט, אַז ער סטראַשעט מיך מיט אַ נאַראַש? [מיט אַ גמרא־ניגון]. וויבאַלד אַזוי, באַדאַרף מען געהן אויפדעקען די פּערטע מויד. [הויבט־אויף פּאַוואָלינקע די פּערטע קאַרט, קוקט אויף גרישאַן].

גרישאַ [קוקט־אַריין אין דער קאַרט פון אונטען אַרויף]. פּאַשלאַ! אַ הונדערטער מיט נאָך צוויי הונדערטערס! [דער גאַנצער עולם

ווערט העכסט אויפגערעגט. די דאמען האפען זיך צו די רידיקולס]. אזא קארט טרעפט איין מאל אין הונדערט יאהר! טשעסטנאיע סלאווא!

י ש ר א ל ־ א י ס ר [קוקט אויף גרישאן אריבער די ברילען]. וואס מיינסט דו? איך בין לעוו איזראאיליעוויטש?

ג ר י ש א [בעט זיך]. פאלגט זשע מיך! קליאנום באגאם, ער האט מעהר נישט ווי שראגע. [ווייזט אויפ'ן ערשטען גאסט, וואס זיצט זיך גאנץ קאלטבלוטיג].

י ש ר א ל ־ א י ס ר [צו גרישאן]. אזוי זאגסט דו? [זיפצט]. ניין, נישט פאר מיר קיין שפעקולאציע. איך בין נישט לעוו איזראאיליעוויטש. [מישט־אויס זיינע פיער קארטען מיט אלע איבעריגע אנגעווארפענע, מע זאל נישט זעהען, וואס ער האט. מיט א טיעפען זיפץ]. פאס!

ע ר ש ט ע ר ג א ס ט [שארט־צונויף דאס גאנצע געלט פונ'ם טיש מיט ביידע הענט]. קאקאיא בלאזשענסטווא! [שטופט מיט ציטערענדיגע הענט דאס געלט אין אלע קעשענעס. אלע אויגען קוקען אויף איהם מיט קנאה. די דאמען חאפען אזש די רידיקולס און דריקען־צו צום הארצען].

ג ר י ש א [אין דער צייט, ווען דער ערשטער גאסט שטופט דאס געלט אין די קעשענעס, טהוט ער א הויב־אויף מיט איין האנט יענעמ'ס פיער קארטען און מיט דער אנדערער האנט דערלאנגט ער א זעץ איבער'ן טיש אזוי, אז די טאליע קארטען שפרינגט־אונטער און אויף דער עולם טהוט א שפרונג־אויף פון די ערטער. די דאמען פאלען שיער חלשות]. טשטא יא וואס סקאזאל? משוגע צו ווערען פון אזא שפיעל, טשעסטנאיע סלאווא!! [אויף זיין געשריי קומט צו לויפען פון צווייטען צימער פריהער בערטע, דערנאך שושנה, דערנאך דאס גאנצע יונגוואַרג און נאך זיי הײַדאר מיט דער מגילה]. אזא מעשה איז גארנישט געהערט געווארען! מיט גארנישט פארטרייבען דריי מיידלעך?! שומו שמים! ס'איז הימעל־שרייענד!!! נאט, זעהט חאטש! חא־חא־חא! [באווייזט אלעמען די קארטען]. זעהט, אידישע קינדער, מיט וואס מע פארטרייבט דריי מיידלעך? מיט גארנישט. מיט שראגע! מיט שראגע!!! נו, קאן מען לעבען אויף דער וועלט?!

ג ע ס ט [קוקען פון די ערטער אַז די אויפגעדעקטע פיער קאַרטען]. שראַגע!

ד אַ מ ע ן [נאָך זיי, פאַרברעכען מיט די הענט]. שראַגע!

ב ע ר ט ע [בלייבט שטעהן אויף דער טיר. דערזעהט גרישאַן מיט די קאַרטען אין האַנט, טהוט זי אַ פּלעסק מיט די הענט]. אַך! [ווייזט מיט דער האַנט אויפ'ן חתן. פאַלט צו שושנה'ן אויף די הענט].

ג ר י ש אַ [טהוט אַ שמיץ די קאַרטען אויפ'ן טיש. טהוט זיך אַ לאָז צו דער כלה]. בערטוסיאַ! בתיה'ניו! ווינאָוואַט! טאַ יעסט, סליכאַ! איך האָב נישט געשפּיעלט! טשעסטנאָיע סלאָוואָ! טאַ יעסט, סליכאַ... קליאַנום באָגאָם!... [פאַלט איהר צו די פיס]. יאַנאַטי! יאַפּאַטי! טאַמאַטי!... [אין דער מינוט קומט־אַן פון דער קיך חנה מיט די המן־טאַשען].

ח נ ה [דערזעהט בערטען אַ פאַר'חלש'טע און גרישאַן שטעהן אויף איין קניהע, פאַרלירט זי דעם טעלער מיט די המן־טאַשען און לאָזט זיך צו דער טאָכטער]. גאָט איז מיט דיר, טאָכטער מיינע! [צום מאַן]. וואָס איז דאָ געשעהן? גיכער! וואָס האָט זיך דאָ געטראָפען? נו, זאָג שוין!

י ש ר אַ ל־אַ י ס ר [צום ווייב, וויל זי באַרוהיגען]. שאַ, שאַ! שריי נישט! גאַלע גאָרנישט... אָפּגעשמיסען... פאַרטריבען... דריי מיידלעך...

ח נ ה. ווער האָט געשמיסען? וועמען געשמיסען? אַ דונער איז מיר! [קוקט אויפ'ן יונגערמאַן]. וואָסערע מיידלעך?...

י ש ר אַ ל־אַ י ס ר [שטעהט־אויף פון טיש]. שטיאַ! פאַר־שטעהסט נישט קיין שפּעגעלאַציע! [מאַכט מיט די הענט]. דריי מיידלעך. איך האָב געהאַט דריי מיידלעך, און ער [ווייזט אויפ'ן ערשטען גאַסט] האָט גאָלע גאָרנישט. שראַגע האָט ער געהאַט. האָט ער מיך געשמיסען און געשמיסען, פאַרטריבען, הייסט עס, מיט שראַגע, מיט גאָרנישט! [גלייך צו איהר אין פנים אַריין. מאַכט מיט די הענט]. מיט שראַגע! מיט שראַגע!...

פ אַ ר ה אַ נ ג.

# העברעאישע און רוסישע פראזען, וואס טרעפען זיך אין „שראגע".

## ה ע ב ר ע א י ש:

אוואל אוויף היביא סימחאטא בידוואר קריאט האמגילא האזאט באבאאיט האזע (אבל אביף הביע שמחתו בדבר קריאת המגילה הזאת בבית הזה) — אבער דיין פאטער האט אויסגעדריקט זיין פרייד ווענען דאס לייענען פון דער דאזיגער מגילה אין דעם דאזיגען הויז.

אני מעדאבער איווריט בעכאל מאקאם וועאים קאל האאלאם. אפילו קעשעאני יאצע בעמערקאווא, אני אמער לעהאקאנדוקטאר: טען לי קארטים! (אני מדבר עברית בכל מקום ועם כל העולם. אפילו כשאני יוצא במרכבה, אני אומר להקונדוקטור: תן לי כרטים!) — איך רעד העברעאיש אומעטום און מיט דער גאנצער וועלט. אפילו אז איך פאהר אויפ'ן טראם, זאג איך דעם קאנדוקטאר: גיב מיר א בילעט!

בעכאל דאר וואדאר אובכאל מעדינא כאזוערעט האמגילא האזאט (בכל דור ודור ובכל מדינה ומדינה חוזרת המגילה הזאת) — אין יעדען דור און אין יעדער מדינה חזר'ט זיך איבער די דאזיגע מגילה.

טאוו וועיאפע וועגעכמאד וועגאאים (טוב ויפה ונחמד ונעים) — גוט און שען און פיין.

יאנאטי! יאפאטי! טאמאטי! (יונתי! יפתי! תמתי!) — מיין טייבעלע! מיין שענהייט! מיין עהרליכע!

לאוו (לאו) — ניין.

קאמא פעאמים ניכטאוו וועגעכטאם אל אם האיהודים לעהאשמיד לאהאראג אולאבעד! קאמא פעאמים יאצא האמאן בען האמדאטא האאגאגי ליכטאוו סיטנא אל אם איסראעל! (כמה פעמים נכתב ונחתם על עם היהודים להשמיד להרוג ולאבד! כמה פעמים יצא המן בן המדתא האגגי לכתוב שטנה על עם ישראל!) — וויפיעל מאל איז שוין געצייכענט געווארען אויפ'ן אידישען פאלק צו אויס'הרג'ענען און פארטיליגען עס! וויפיעל מאל איז שוין ארוים המן בן המדתא האגגי צו שרייבען פאסקווילען אויפ'ן פאלק ישראל!

## ר ו ס י ש:

אדנים סלאוואם — מיט איין ווארט. אוניטשטאזשען — פארניכטען. אוסטאוו — תקנות. אימעניגעם — געבורטסטאג. אקאנטשאטעלנא — אינגאנצען.

באזשע סאחראני — גאט באהיט. באַרישנים — פרייליִנס.
גאספאדא, סאדימעס — רבותים, זיצט.
דא סווידאניא — אויף ווידערזעהן. דאזשע — אפילו. דושינקא (דושענקא) — נשמה מײנע. דרעווניע־יעווריציעס — העברעער.
וואפראס — פראגע. וו'טאקאם סלוטשאיע — ווײבאלד אזוי. וו'סאמאם דיעליע — אין דער אמת'ן.
זאמעטשאטעלני יאזיק — איין אויסגעצייכנטע שפּראך. זוואוטשיט קאַק איספאנסקי — קלינגט ווי שפּאניש.
חעדערא — חדרים (שולען).
טשטא יא וואס סקאזאל? — וואס האב איך אײך געזאגט? טשטא מניע דיעלאט? — וואס זאל איך טהון? טשעסטנאיע סלאווא — עהרען־ווארט.
יא וואס רוטשאיוס — איך בין אײך ערב.
מאלאדיאזש — יונגוואַרג.
נאד נאמי ניע קאפליעט (פארגרייזטע פראזע) — איבער אונז רעגענט ניט. ניע דאי באג — זאל גאט היטען. ניעאוזשעלי? — טאקי באמת?
סאיעדיניאיען — פאראײניגטע. סטיעסניאיען — זיך שעמען. סלאווא באגו — גאט צו דאנקען. סלוזשאשטשעס — געשעפטס־אנגעשטעלטע. סליעפא — בלינדערהייט (ניט געזעהען די קארטען).
פארלאסטען — געמיינהייטען. פאזשאלויסטא וו'קאנטארו — מע בעט אײך מחילה אין קאנטאר אריין (אין קעשענע נאך געלט). פא נאסטאיאשטשע־מו — אויפ'ן ריכטיגען אופן. פּאשלא — עס געהט א גאנג.
קופּעץ קאַק סטרעלעץ — א סוחר איז ווי א שיסער (דאס הייסט, א מאל טרעפט ער, א מאל ניט). קליאנוס באגאם — איך שווער ביי גאט.

## פ ע ר ז אָ נ ע ן:

מ י ס ט ע ר  ט ש ע ר ק י ס. א״ין אַללרייטניק.
מ י ס ע ס  ט ש ע ר ק י ס. איין אַללרייטניטשקע.
מ י ס ט ע ר  ק ו ו אַ ט ש ק ע. אַ היברו־טיטשער.
אַ  א י ד.
צ ו ו י י  ע ד ו ת.

א ר ט: די וויטע פּראָווינץ אין אַמעריקע. צ י י ט: דאַ ניט לאַנג.

[אין פארלאר, אין א ראקינג־טשער, זיצט מיט א ציגאר אין מויל, די פיס ארויף, מיסטער טשערקיס, א גוט־געבויטער מאן פון מיטעלע יאהרען, עלעגאנט געקליידט. אקעגען איהם, אויפ'ן צווייטען ראקינג־טשער, זיצט די מיסעס טשערקיס, א שווערע שטיק מיט א דרייגארענדיגען גוידער.ביידע קאטשען זיך].

מיסטער טשערקיס [א קוק אויפ'ן זייגער]. וואס איז די מעדער מיט'ן טיטשער? צוגעזאגט קומען מיט'ן רעווערענט פון עולם־הבא, און קומט ניט. אלבעטשיע, אז ער האט חרטה.

מיסעס טשערקיס. נעווער מאי! [געהניצט].

מיסטער טשערקיס. וואס הייסט נעווער מאין? ביזנעס איז ביזנעס...

מיסעס טשערקיס. צו וואס טויג דיר די ביזנעס, דזשא? ס'וועט נאר קאסטען געלט...

מיסטער טשערקיס. ביי דיר איז דאס געלט אָנלי. זאלסט א טראכט טהון א ביסעל ווייטער — דאט נאט! ביקאז דו לעבסט נאר מיט'ן היינט. איך טראכט מיך אריין אין מיין לייף, ווי אזוי מיר זענען מיט דרייסיג יאהר צוריק געקומען אין דהיז קאונטרי, און האבען ביידע געפעדעלט, זענען מיר געווען אידען גלייך מיט אל די פיפעל — באט וואס זענען מיר איצט? [שטעהט אויף, שפאנט אום]. וואס פאר אידען זענען מיר? ניט קיין שבת, ניט קיין יום־טוב, ניט קיין טלית, ניט קיין תפילין — נאטינג! טאג ווי נאכט אדער אין פאוקער, אדער אין פינאסעל, אדער אין אנדערע גיימס, און הויבען גאר ניט אן צו טראכטען וועגען יענע װארלד. איבער האנדערט ענד טווענטי יערם, ווער וועט עפטער אונז זאגען קדיש?

מ י ס ע ס  ט ש ע ר ק י ס. וואָס הייסט? מיר האָבען ניט קיין זיהן?

מ י ס ט ע ר  ט ש ע ר ק י ס [האָט זיך אפּגעשטעלט]. אָט די לויפערס וועלען זאָגען קדיש?

מ י ס ע ס  ט ש ע ר ק י ס. דזשייק, קאָן זיין, וועט קיין קדיש ניט זאָגען, אָבער מאַקסילע? — מיר פאַר זיין קאָפּ!

מ י ס ט ע ר  ט ש ע ר ק י ס. מאַקס וועט זאָגען קדיש?

מ י ס ע ס  ט ש ע ר ק י ס. שור וועט ער זאָגען קדיש!

מ י ס ט ע ר  ט ש ע ר ק י ס. אָלבעטש־יע, אַז ניין! אפשר די ערשטע אַכט טאָג. באָט שפּעטער — נאָסער!

מ י ס ע ס  ט ש ע ר ק י ס. יעס מעם!

מ י ס ט ע ר  ט ש ע ר ק י ס. נאָסער!

מ י ס ע ס  ט ש ע ר ק י ס. יעס מעם!

מ י ס ט ע ר  ט ש ע ר ק י ס [אַ קלאַפּ אין טיש]. אַז איך זאָג נאָסער, איז נאָסער! [מיסעס טשערקיס שליסט צו איהר מויל. — עס דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר. ביידע רופען אויס]: קאַם אין! [עס קומט אריין דער טיטשער, מ י ס ט ע ר  ק ו ו אַ ט ש ק ע, אַ זשוואַווע אידעל מיט איין אויסגעהונגערט אומרוהיג פּנים, זעהט־אויס האַלב שניידער, האַלב רעוורענד].

מ י ס ט ע ר  ט ש ע ר ק י ס. האַו דו יו דו, מיסטער טיטשער, סידאַן!

מ י ס ט ע ר  ק ו ו אַ ט ש ק ע [זעצט זיך אַוועק, ווישט זיך דעם שווייס]. נו, אַ היץ! קוים מיט צרות איינגעבעטען דעם אידען!... איידער איך האָב איהם אויסגעזוכט וואו ער וואוינט — איך וואָלט דערפאַר ניט גענומען קיין צעהן דאָלער, זאָל מיין נאָמען ניט הייסען קוואַטשקע!

מ י ס ט ע ר  ט ש ע ר ק י ס. טאָקי דהי סיים דזשו, וואָס מיר האָבען גערעדט?

מ י ס ט ע ר  ק ו ו אַ ט ש ק ע. טאָקי דער זעלבער איד... נאָר ער האָט שוין חרטה געהאַט אויף דער גאַנצער מעשה. נישט געוואָלט פאַרקויפען פאַר קיין געלט! וואָס טויג איהם, זאָגט ער,

נעלט? געלט געהט אוועק, און עולם־הבא בלייבט אויף אייביג...
האָב איך מיך צוגעזעצט צו זיין ווייב. א אידינע — אהין־אהער,
כ'האָב קוים גע'פועל'ט פאר צוויי הונדערט דאָלער זאָל ער אָפּ־
טרעטען האלב פון זיין חלק עולם־הבא... איהר וועט אָנקוקען א
איד — איהר האָט זינט איהר לעבט אזא אידען ניט געזעהען! אָנ־
געטהאָן געהט ער ווי א טערק, און רעדט מעהר אויף לשון־קודש...
געווען צעהן יאָהר אין ארץ־ישראל, געקומען אהער צו גאסט צו
זיינע קינדער און פאָהרט נאָך א מאָל קיין ארץ־ישראל... א כשר'ער
איד, זיצט יומם ולילה און לערענט... אָדער ער לערענט, אָדער ער
דאווענט... און פאסט תעניתים... אלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג...
ווייסט ניט קיין צורת מטבע...

מ י ס ע ס  ט ש ע ר ק י ס. פון וואנען זשע ווייסט ער צו
נעמען צוויי הונדערט דאָלער?

מ י ס ט ע ר  ק ו ו אָ ט ש ק ע. ער? חס וחלילה! ווי
קומט ער צו געלט? איך זאָג דאָך אייך: ער איז צו אזעלכע
זאכען ניט שייך. דאָס האָב איך מיט איהר, מיט זיין אידינע,
אָפּגעמאכט פאר איין האלבען חלק עולם־הבא... מיסטער טשער־
קיס, זענט איהר גרייט און מע קאָן צוטרעטען צו דער צערעמאָניע
פון מכירת עולם־הבא?

מ י ס ט ע ר  ט ש ע ר ק י ס. פּאזעטיוולי! נאָר איך
האָב צו אייך א קליינע ביטע. [קווייטקעלט זיך]. איך וואָלט גע־
גליכען, ס'זאָל זיין דערביי, איף איטס פּאסיבעל, א רעווערענט...
א ריעל רעווערענט...

מ י ס ט ע ר  ק ו ו א ט ש ק ע [דערשראקען]. צו וואס אומ־
זיסטע עקספּענסעס? איך בין ביי אייך א טיטשער, דאכט זיך,
ניט דאָס ערשטע יאָהר. איך פארזיכער אייך, אז איך בין קלאָר
אין הלכות עולם־הבא, ווי דער גרעסטער רעווערענט. על־פּי דין
דאַרף מען מעהר ניט האָבען ווי א האנט, תקיעת־כף פאר צוויי
עדות — און דאטס אָלל.

מ י ס ט ע ר  ט ש ע ר ק י ס. איז דאָט די לאָא?

מיסטער קוואַטשקע. אַ בפירוש'ער דין אין הלכות חדותא, פרק בבלאי טפשאי... מעג איך זיי געהן אַריינ־רופען? זיי וואַרטען דאָ אין האָל.

מיסטער טשערקיס. אָללרייט. און וואָס דאַרף איך טהון?

מיסטער קוואַטשקע. איהר דאַרפט גאָרניט טהון. איהר וועט זיך נאָר מטריח זיין איבערטהון יום־טוב'דיג, מעהר אידיש, ווי בעת איהר געהט אין שוהל אַריין. אויפ'ן קאָפּ וועט איהר מוחל זיין אָנטהון אַ העט. און אויך די מיסעס וועל איך בעטען עפּיס נעמען אויפ'ן קאָפּ, אַבי די האָר צודעקען. און אַז איהר וועט זיך אָנטהון, וועט איהר פריהער וואַשען די הענט, אָט ווי מע וואַשט זיך צום עסען.

מיסטער טשערקיס [מאַכט אַ פּרום פּנים]. וועלל! און זאָגען דערביי וואָס?

מיסטער קוואַטשקע. זאָגען — גאָרנישט, נאָר דענקען דאַרפט איהר וועגען גאָט, וועגען טוידט און וועגען יענער וועלט.

מיסטער טשערקיס [מיט דער זעלבער פרומער מינע]. אָללרייט. [שטעהט־אויף]. באַדאַרף איך מיט זיך אַהער ברענגען סאַמטינג, אַ סדור, אָדער... האָו דו יו קאָלל איט?... אַ מחזור? אַ סליחה?...

מיסטער קוואַטשקע. קיין זאַך! איהר דאַרפט נאָר טראַכטען פונ'ם טוידט און פון יענער וועלט. און טאָמער קומט עמיצער וועגען ביזנעס — טרייבט איהם אַרויס. טאָמער קלינגט מען אין טעלעפאָן — ענטפערט ניט. לאָזט אַראָפּ דעם ווייער. און איהר אויך, מיסעס לעבען, רעדט ניט מיט דער דיענסט, און מיט'ן מאַן אויך וואָס ווינציגער, און טראַכט וואָס מעהר פונ'ם טוידט.

מיסטער טשערקיס. אָללרייט! טשענזשען דעם כּוט דאַרף ביי מיר נעמען אַ מינוט צעהן אָדער פופצעהן. [צו דער

מיסעס]. קאם אן. דער טאג שטעהט ניט. [געהעז־אפ ביידע. נאך זיי געהט־אפ דער טימשע און קומט באלד צוריק מיט'ן אידען. א הויכער, א שענער, א געזונטער, ווי עס גיט זיך אויס א גערארטענער קצב, אדער א בעל־עגלה. אנגעטהאן געהט ער אין א מאדנע האלאט מיט א פלאכטע אויפ'ן קאפּ. שענע בארד און פאות באציערען זיין פנים, נאר ס'איז ניט שווער צו דער־קענען, אז דאס זענען פרעמדע בארד און פאות. — נאכ'ן אידען שלעפּען זיך נאך די צוויי עדות, אידען פון דער גאס].

מיסטער קוואטשקע [בעט די עדות זיצען, און דעם אידען פיהרט ער צו נאהענט צו דער ראמפּע, רעדט צו איהם אזוי, אז די צוויי עדות זאלען ניט הערען]. די בארד וואלט איהר געמעגט פון דעסטוועגען א ביסעל צו־רעכט מאכען... זעהט אויס, ווי א פרעמדע...

דער איד [אקעגען שפּיעגעל]. דאס איז דער בארבער שולדיג, א רוח אין זיין בוזעם אריין! איך זאג איהם: מאך מיר, ווי די אקטעיוריערען אין טרעיאטער מע זאל ניט דערקענען. [מאכט צו־רעכט די בארד און פאות]. וואס זשע דארף איך טהון? וואס דארף איך זאגען, הייסט עס?

מיסטער קוואטשקע. נאר נישט רעדען! וואס ווינציגער גערעדט! איהר שטעלט זיך, זייט מוחל, אוועק מיט'ן פנים צו דער וואנט, אט אזוי א [ווייזט איהם ווי אזוי], גלייך ווי איהר דאווענט.

דער איד. וואס איז פאר א דאווענען אין מיטען דערינען?

מיסטער קוואטשקע. מנחה וועט איהר דאווענען.

דער איד. אין מיטען בייטאג?

מיסטער קוואטשקע. עהרליכע אידען הויבען אן מנחה פון בייטאג.

דער איד. אללרייט — איהר זענט א טימשער, ווייסט איהר בעסער מן הסתם. איך קאן אבער ניט אויסווענינ.

מיסטער קוואטשקע. איהר דארפט נישט קאנען. איהר דארפט נאר שטעהן מיט'ן פנים צו דער וואנט, שעפּטשען

מיט די ליפּען און אַרויסלאָזען אַלע מאָל אַ זיפץ, ווי איין עהרליכער איד... קאָנט איהר זיפצען?

דער איד. איך קאָן, פאַר וואָס זאָל איך ניט קאָנען? איך קאָן אייך זיפצען אַזוי, אַז פון יעדען זיפץ זאָלט איהר ביי מיר פאַלען אין חלשות...

מיסטער קוואַטשקע. צו שטאַרק דאַרף מען ניט. [ווייזט איהם ווי אַזוי]. און רעדען וואָס ווינציגער. און דאָס, וואָס איהר מוזט שוין זאָגען, זאָלט איהר זאָגען אויף לשון־קודש.

דער איד. ווי קומט צו מיר לשון־קודש? איך האָב מיט מיינע פערד קיין לשון־קודש ניט גערעדט.

מיסטער קוואַטשקע. בהמה! זיי קאָנען לשון־קודש גלייך מיט אייך! איהר דאַרפט נאָר בעלעבעטשען וואָס ניט איז, פון סדור אָדער פון תהלים, בכדי זיי זאָלען מיינען, אַז איהר רעדט אויף לשון־קודש.

דער איד. אַללרייט — איך וועל אייך האַקען גאַנצע שטיקער פונ'ם דאַוונען, נאָר איך האָב מורא, איך זאָל מיך ניט צעלאַכען.

מיסטער קוואַטשקע. זאָל אייך גאָט היטען פון אַזאַ געדאַנק! איהר'ט אומגליקליך מאַכען אי זיך, אי מיך... שאַ! זיי געהען... [דער איד שטעלט זיך אַוועק מיט'ן פּנים צו דער וואַנט. עס קומט־אַן מיסטער טשערקיס, נאָך איהם די מיסעס טשערקיס. ער האָט זיך איבערגעטהאָן אין אַ נייעם אַנצוג מיט'ן צילינדער אויפ'ן קאָפּ. זי האָט אָנגעטהאָן אַלע איהרע דיימאַנדס און דעם קאָפּ האָט זי איבערגעדעקט מיט אַ ווייסען וואָאַל.ביידע זעהען־אויס האַפּערדיג, רעליגיעז געשטימט, קוקען מיט גרויס רעספּעקט אויף דעם מאָדנעם אידען אין זיין מאָדנעם קאָסטיום].

מיסטער טשערקיס [שטיל צום טיטשער]. דאָס איז די מען?

מיסטער קוואַטשקע [הויך]. איהר מעגט רעדען העכער. ערשטענס, איז ער טויבליך, און צווייטענס — ער, אַז ער דאַוונט, קאָנט איהר שיסען מיט האַרמאַטען, וועט ער אויך ניט הערען.

מ י ס ט ע ר  ט ש ע ר ק י ס. איז דאטסאָ? לאַנג וועט ער דאַווגען?

מ י ס ט ע ר  ק ו ו אָ ט ש ק ע. ניין, נישט לאַנג. דאָס הייסט, דאַוונען דאַווענט ער דריי שעה, און פיער שעה, און אמאָל זעכס שעה אויך, נאָר איצט וועט דאָס נעמען עטליכע מינוט, ווארום דאָס דאַווענט ער פון פּאַרענס. [איז דער מינוט לאָזט דער איד אַרויס אַזאַ זיפץ, אַז ביידע טשערקיסעס טהוען זיך אַ וואָרף].

מ י ס ע ס  ט ש ע ר ק י ס. ליסען, מיסטער טיטשער, איך האָב אייך געוואָלט פרעגען עפּיס אַ זאַך. [קווייַנקעלט זיך].

מ י ס ט ע ר  ק ו ו אָ ט ש ק ע. וואָס פאַר אַ זאַך האָט איהר געוואָלט פרעגען, מיסעס? עפּיס אַ דין, וואָס איז שייך צו עולם־הבא?

מ י ס ע ס  ט ש ע ר ק י ס. יאָ. דאָס געהער זיך אָן מיט עולם־הבא, און טאָקי מיט מיר אַליין... אינ׳ם חלק עולם־הבא, וואָס מיין מאַן האַנדעלט איין ביי אָט דעם אידען, האָב איך דאָך אויך אַ טייל?...

מ י ס ט ע ר  ק ו ו אָ ט ש ק ע. חס וחלילה! אַ ווייב האָט אַ חלק אין איהר מאַנ׳ס עולם־הבא נאָר דעמאָלט, ווען ער האָט דאָס פאַרדיענט דורך זיין לערנען, אָדער דאַוונען, אָדער צדקה־געבען... אין געקויפטער עולם־הבא האָט דאָס ווייב ביי׳ם מאַן, ווי דער מאַן ביי׳ם ווייב, קיין שום חלק ניט.

מ י ס ע ס  ט ש ע ר ק י ס. אַזוי גאָר? אַ שענער יושר! [בייז].

מ י ס ט ע ר  ק ו ו אָ ט ש ק ע. מיסעס לעבען, אַזוי איז דער דין בפירוש אין מדרש פּליאה, הלכות גומעראַבעקע, פּרק עולם־הבא — וואָס זאָל איך טהון?

מ י ס ע ס  ט ש ע ר ק י ס [ווייך]. גיט זשע מיר איין עצה, מיסטער טיטשער, וואָס טהוט מען, איך זאָל אויך האָבען חאָטש אַ שטיקעל עולם־הבא?

מ י ס ט ע ר  ט ש ע ר ק י ס [צו דער מיסעס]. אי דאַנט נאָו

וואס איז די מעדער וויט יו? וואס באדערסט דו? עס געהט אוועק די צייט פאר נאטינג!

מ י ס ע ס  ט ש ע ר ק י ס [בייז]. ביי דיר הייסט עס פאר נאטינג... אבי דו האסט זיך באוואהרענט מיט עולם־הבא, און פאר מיר איז נעווער מאי! גארניט! ער וועט זיך זיצען דארטען, ווי א שררה, מיט אלע אללרייטניקעס און מיט אלע אללרייטניצעס אין גן־עדן, שפיעלען מיט די חצופות אין פאוקער אדער אין פינאקעל, און איך וועל ברענען ווי א ליכט אין גיהנם — וואס אהרט עס איהם, אשטייגער? [וויינט שיער].

מ י ס ט ע ר  ט ש ע ר ק י ס [מיט רחמנות]. איל טעל יו, מיסעס, קאנסט דאך קויפען פאר דיין געלט א פארט עולם־הבא, און טאקי ביי דעם דזשו. ער טהוט ביזנעס, לאז ער שוין טהון.

מ י ס ט ע ר  ק ו ו א ט ש ק ע [מאכט א רחמנות־פנים]. איך וויים ניט, אויב ער וועט פארקויפען נאך עולם־הבא... איך וועל איהם א פרעג טהון. [געהט־צו צום אידען, רעדט צו איהם הויך, ווי צו א טויבען]. האט קיין פאראיבעל ניט, רב אהרן ברב משה! די מיסעס בעט אייך, אפשר איז מעגליך, איהר זאלט איהר אפטרעטען פון אייער חלק עולם־הבא... ס'איז א יושר, אזוי ווי איהר מאן וועט האבען האלב פון אייער עולם־הבא, לאז זי האבען חאטש די האלב פון אייער האלב.

ד ע ר  א י ד. אדון עולם אשר מלך ברטם...

מ י ס ט ע ר  ק ו ו א ט ש ק ע. ער זאגט: דעמאלט בלייבט איהם איבער עולם־הבא אויפ'ן שפיץ מעסער.

ד ע ר  א י ד. נשמת כל חי תברך את...

מ י ס ט ע ר  ק ו ו א ט ש ק ע. ער זאגט: סיידען מע וועט איהם באצאהלען פאר א פערטעל אזוי פיעל, ווי פאר א האלב.

מ י ס ע ס  ט ש ע ר ק י ס. אבי איהר זאגט, ער ווייסט ניט, וואס געלט איז — און דינגט זיך, ווי פאר איין אכס... פאר א פערטעל מעג ער נעמען א פערטעל...

ד ע ר  א י ד. כל הנשמה תהלל יה...

מ י ס ט ע ר  ק ו ו אָ ט ש ק ע. ער זאָגט: אז פאר א פערטעל איז די העלפט. עס מאכט אוים אזוי גרוים, ווי הונדערט דאָלער.

מ י ס ע ס  ט ש ע ר ק י ס. פאר וואָס איז פאר א פערטעל די העלפט — פארשטעה איך ניט.

ד ע ר  א י ד. אשרי יושבי ביתך עוד...

מ י ס ט ע ר  ק ו ו אָ ט ש ק ע. ער זאָגט: אז האלב פון האלב איז אלע מאָל א פערטעל.

מ י ס ע ס  ט ש ע ר ק י ס. זאָגט איהם, אז צוליעב מיר מעג ער לאָזען ביליגער, פאר א פופציגער.

ד ע ר  א י ד. לא אָמות כי אחיה ואספר...

מ י ס ט ע ר  ק ו ו אָ ט ש ק ע. ער וויל ניט הערען, ניט זעהען.

מ י ס ע ס  ט ש ע ר ק י ס. דארף מען ניט. איכ'ל זיך באגעהן אזוי.

ד ע ר  א י ד. הודו לה' כי טוב...

מ י ס ט ע ר  ק ו ו אָ ט ש ק ע. ער זאָגט: טוב — דאָס הייסט, לאָז שוין זיין ווי איהר זאָגט.

מ י ס ע ס  ט ש ע ר ק י ס. וויבאלד אזוי, לאָז זיין פערציג דאָלער.

ד ע ר  א י ד. כי לעולם חסדו...

מ י ס ט ע ר  ק ו ו אָ ט ש ק ע. ער זאָגט: ס'איז צוליעב אייך. אצינד קאָנען מיר צוטרעטען צו דער צערעמאָניע. [טהוט א וואונק צו די עדות. זיי געהען צו].

ע ר ש ט ע ר  ע ד ו ת. אונז האָט מען באשטעלט, מיר זאָלען זיין עדות ביי מיסטער טשערקיס, און מע האָט אונז צו־געזאָגט צו דריי דאָלער אויף א קאָפּ. איצט, וויבאלד אז די מיסעס וועט אויך דארפען עדות, ווילען מיר צוויי מאָל אזוי פיעל.

צ ו ו י י ט ע ר  ע ד ו ת. אָדער האָטש צו פינף דאָלער אויף א קאָפּ.

מיסעס טשערקיס. אזוי גאָר? הפקר פּעטרישקע?

מיסטער טשערקיס. אַ סטרייק? קעגען אַ סטרייק האָבען מיר סקעבס!

מיסטער קוואַטשקע [זאָגט עפּיס צו ביידע עדות אויפ׳ן אויהער]. אַללרייט! אַצינד קאָנען מיר צוטרעטען צו דער מכירה. מיסטער טשערקיס! זייט זשע מוחל, קומט אַהער, איהר דאַרפט שטעהן אַט דאָ, אין דער רעכטער האַנט. [מיסטער טשערקיס שטעלט זיך אַוועק רעכטס]. און איהר, מיסעס, זייט זיך מטריח אַהער, אין דער לינקער האַנט. [מיסעס טשערקיס שטעלט זיך לינקס. — צום אידען]. רב אהרן ברב משה! זייט זשע מוחל אַהער צו מיר! [דער איד געהט צו, זיפצט]. איצט, מיינע ליעבע אידען, דאַרף איך אייך זאָגען אַ פּאָר ערנסטע ווערטער, וואָס איהר האָט צו טהון, טאָקי איהר ביידע. איהר זאָלט קלערען פונ׳ם יום־המות, פונ׳ם לעצטען טאָג, וואָס וועט אַמאָל קומען, דעמאָלט ווען די נשמה וועט זיך אָפּטיילען פון אייער גוף און וועט דאַרפען געהן אין גן־עדן אריין צו געניסען פון דעם עולם־הבא, וואָס עס טרעט אייך אָפּ מיט זיין גוטען ווילען מורנו רב אהרן ברב משה. פון קיין זאַך אין דער וועלט טאָרט איהר אַצינד נישט קלערען, ניט גוט, ניט שלעכט, נאָר פון עולם־הבא. דאָס איז איינס. דאָס צווייטע — זייט אַזוי גוט און גיט די רעכטע האַנט צו אַט דעם אידען רב אהרן ברב משה און זאָגט מיר, אויב איהר נעמט איבער מיט אייער גוטען ווילען דעם חלק עולם־הבא, וואָס ער טרעט אייך אָפּ במתנה? זאָגט „יאָ“.

מיסטער טשערקיס. יעס.

מיסטער קוואַטשקע. נישט „יעס“, נאָר „יאָ“.

מיסטער טשערקיס. יאָ.

מיסטער קוואַטשקע. צי געהט אייך ניט איבער אַ שלעכטער געדאַנק און צי האָט איהר ניט חרטה, וואָס איהר קויפט עולם־הבא? זאָגט „ניין“.

מיסטער טשערקיס. נאָסער!

מיסטער קוואַטשקע. ניט „נאָסער“, נאָר „ניין!“

מיסטער טשערקיס. ניין.

מיסטער קוואַטשקע. איצט זאָגט מיר, ווי אַזוי רופט מען אייך אויף אידיש?

מיסטער טשערקיס. דזשאָזעף.

מיסטער קוואַטשקע. און אייער טאַטען?

מיסטער טשערקיס. אַברהמעל.

מיסטער קוואַטשקע. יוסף בן אברהם. און אייך, מיסעס?

מיסעס טשערקיס. איך — פלאָסי, נאָר אויף אידיש לאה־דוואָסי, און מיין מאַמע נחמה־סאָסי.

מיסטער קוואַטשקע. אָלרייט! עדות, קומט אהער! איהר זענט עדות, אַז מורנו רב אהרן ברב משה טרעט־אָפּ מיט זיין גוטען ווילען במתנה פאַר רב יוסף ברב אברהם האַלב פון זיין חלק עולם־הבא, און צו האשה מרת לאה־דוואָסי בת נחמה־סאָסי די האַלב פון זיין האַלב עולם־הבא מיט אַלע זכיות און פריווילעגיעס, וואָס ער קאָן האָבען אויף יענער וועלט איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר. אויך זענט איהר עדות, אַז פאַר דער מתנה באַקומט מורנו רב אהרן ברב משה פון רב יוסף ברב אברהם אַ מתנה צוויי הונדערט דאָלער, און פון האשה מרת לאה־דוואָסי בת נחמה־סאָסי אַ חוץ אַ מתנה פערציג דאָלער. האָט איהר געהערט? זאָגט „יאָ".

ביידע עדות. מיר זענען ניט טויב.

מיסטער קוואַטשקע. איך פרעג אייך ניט, צי איהר זענט טויב; איהר זאָגט מיר: „יאָ".

ביידע עדות. יאָ.

מיסטער קוואַטשקע. האָט איהר פאַרשטאַנען, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען? זאָגט „יאָ".

ביידע עדות. שור!

מיסטער קוואַטשקע. זאָגט ניט „שור", זאָגט „יאָ"!

ב י י ד ע  ע ד ו ת. יאָ.

מ י ס ט ע ר  ק ו ו אָ ט ש ק ע. האָט דאָ, חלילה, איינער דעם אַנדערען געגנוויט, געקריוודעט, אָדער אָפּגענאַרט? זאָגט „ניין".

ב י י ד ע  ע ד ו ת. ס'איז ניט אונזערע ביזנעס.

מ י ס ט ע ר  ק ו ו אָ ט ש ק ע [ארויס פון די כלים]. אַט גוויישע קעפּ! זאָגט „ניין"!

ב י י ד ע  ע ד ו ת. ניין.

מ י ס ט ע ר  ק ו ו אָ ט ש ק ע. דאַנקען גאָט! [צום אידען]. זאָגט מיר דריי מאָל אין איין אָטעם: מכשפה לא תחיה! תחיה מכשפה לא! לא מכשפה תחיה! [דער איד זאָגט איהם נאָך דריי מאָל. מיסטער טשערקים שוויצט, הויבט דעם צילינדער, ווישט דעם שוויים. די מיסעס טשערקים איז אויך רויט און פאַרשוויצט]. מיסטער טשערקים, מזל טוב! מיסעס טשערקים, מזל טוב אייך! גאָט זאָל אייך העלפען, איהר זאָלט זיך עלטערען ביז הונדערט מיט צוואַנציג יאָהר! נאָר איך דאַרף אייך זאָגען, איהר האָט געהאַנדעלט אַ מציאה. איין אַנדערען וואָלט דאָס געקאָסט פינף הונדערט דאָלער — און אפשר טאַקי אַלע טויזענט, זאָל מיין נאָמען ניט הייסען קוואָטשקע!

מ י ס ט ע ר  ט ש ע ר ק י ס. וועלל! [אוועק די פרומע מינע, טהוט־אויס דעם צילינדער]. איצט וועלען מיר געהן נעמען אַ רעפרעש־מען. נאָר ביזנעס בעפאָר פּלעזשור. דאָ האָט איהר אייער געלט. [נעמט ארויס צוויי הונדערט דאָלער און זעקס דאָלער פאַר די עדות און גיט איבער צו מיסטער קוואָטשקע. — צו דער מיסעס טשערקים]. מיסעס! ארויס מיט קעש! [די מיסעס בויגט זיך אַן, פאַרקאַטשעט אַלע קליידלעך און שלעפּט אַרויס פון זאַק פערציג דאָלער, גיט איבער צו מיסטער קוואָטשקע]. וועלל! איך געה טשענדזשען מיין סוט, ביקאָז איך פיהל היים. און דו, מיסעס, וועסט זיין אַזוי גוט און וועסט אונז טריטען מיט אַ גלעזעל מאַקסי אָדער עפּעל־סיידער, אָדער איין אַנדער דרינק. [געהט־אָפּ. נאָך איהם געהט־אָפּ אויך די מיסעס טשערקים].

מ י ס ט ע ר  ק ו ו אַ ט ש ק ע  [אָפּגעוואָרט אַ האַלבע מינוט נאָך זייער אַוועקגעהן, געהט ער צו צום אידען]. נו, אַצינד, יאָקעל בן פלעקעל, לאָמיר זיך טיילען! [טיילט]. אייך הונדערט, מיר הונדערט, אייך צוואַנציג, מיר צוואַנציג. און דאָס זענען צוויי מאָל דריי דאָלער פאַר די עדות.

ע ר ש ט ע ר  ע ד ו ת. צו דריי? אָבער גאָר לא!

צ ו ו י י ט ע ר  ע ד ו ת. צו פינף דאָלער, פעטער!

מ י ס ט ע ר  ק ו ו אָ ט ש ק ע. נאָך צו דאָלער — איין עק!

ע ר ש ט ע ר  ע ד ו ת. ניין, ס'וועט נישט געהן!

צ ו ו י י ט ע ר  ע ד ו ת. קיין נדבות ווילען מיר ניט. גיט אונז וואָס אונז קומט.

ד ע ר  א י ד. אייך קומט? פאַר וואָס? איהר זינגט שען?

ע ר ש ט ע ר  ע ד ו ת. אַזוי? איהר האָט שוין באַקומען לשון?

צ ו ו י י ט ע ר  ע ד ו ת. ביז אַהער האָט איהר גערעדט נאָר אויף לאָקשען־קוילעטש.

ד ע ר  א י ד. שקצים! עזות־פנים'ער! גענגסטערס!

ע ר ש ט ע ר  ע ד ו ת. אַ גענגסטער זענט איהר אַליין!

צ ו ו י י ט ע ר  ע ד ו ת. אַ גענגסטער מיט אַ מאַסקע, אַ רות אין דיין פרעמדער באָרד אַריין!

ד ע ר  א י ד. אַז ס'איז יאַ אַזוי, טאַ נאַ זשע דיר! [שטעקט־אָפּ דעם עדות אַ פּאַטש].

צ ו ו י י ט ע ר  ע ד ו ת [כאַפּט דעם אידען פאַר דער באָרד]. פּאַטשען וועסט דו זיך, דו שאַרלאַטאַן, דו עולם־הבא־פּעדלער?...
[ציהט איהם צו זיך. דעם אידענ'ס באָרד איז ביי'ם צווייטען עדות אין די הענט. אין דעם עפענט זיך די טיר און עס באַווייזען זיך מיסטער טשערקיס אין איין אַנדער קאָסטיום און מיסעס טשערקיס מיט אַ טאַץ. אויף דער טאַץ — אַ פּאָר פלעשלעך מיט געטראַנקען און אַ פּאָר שעלכעלעך מיט פאַרבייסען.

דערזעהען איינעם פון די עדות מיט א בארד אין די הענט און דעם אידען אהן א בארד, האבען זיי אלע פארשטאנען. נאר פאר גרוים וואונדער זענען זיי געבליבען שטעהן אויף דער טיר, ווי צוגעשמיעדט, קוקענדיג איינס אויף דאס אנדערע. א מינוט האלט־אן די שטומע סצענע, וואו אלע זענען פאר־גליווערט, יעדער אין זיין פאזע. דער פארהאנג פאלט].

מיסטער בוים
אין קלאזעט

א שפאס אין איין אקט.

געשריבען אין יאהר 1915.

## פערזאָנען:

מיסטער בוים.
מיסעס בוים.
שפּרינצעל. מיסטער בוים׳ס א גרינע שוועסטער.

[מיסטער בוים קומט אריין צו זיך אין שטוב, טרעפט קיינעם ניט, ווארפט אראפ דעם הוט, קלאפט מיט'ן שטעקען אין טיש נערוועז].

מיסטער בוים [הויך]. הו איז האום? [נאך העכער]. הו איז היער? [עס קומט אריין מיסעס בוים, אויסגעפוצט].

מיסעס בוים. וואט איז די טראבעל ווית יו?

מיסטער בוים. וואו ביזט דו געווען, דזשעני?

מיסעס בוים. איך האב זיך געדרעסט. וואס איז דען?

מיסטער בוים. ווער איז דא געווען?

מיסעס בוים. נאבאדי.

מיסטער בוים [נערוועז]. א מאן פון אפיס האט דא באדארפט זיין!

מיסעס בוים. נישט געווען קיינער... אך, יא! דא איז געווען דיין שוועסטערל... שפרינצעל איז דא געווען...

מיסטער בוים [ווערט נאך מעהר נערוועז]. טעררעבל!... ווידער א מאל? פאר וואס האסט דו איהר ניט געזאגט, דאט אי עם נאט עט האום?

מיסעס בוים. פון וואנען ווייסט דו, אז איך האב עס איהר ניט געזאגט?

מיסטער בוים. באדארפט געווען זאגען, אז איך בין ניטא, אז איך בין אוועקגעפאהרען, אז איך האב געמופט, אז איך וויל זי ניט זעהען — און דאטס אלל!

מ י ס ע ס  ב ו י ם. הערט זי זעהר, אז מע זאָגט איהר! זי האָט דיך אויסגעזוכט אין אַלע רומס! איך האָב געמיינט, איכ'ל דעם שלאָק באַקומען!

מ י ס ט ע ר  ב ו י ם. דער טייוועל זאָל עס נעמען. נאַ דיר א שוועסטערעל! נאַ דיר א שפּרינצעל! אַלבעטשיע, אַז זי וועט מיך אַרויסטרייבען פון שטאָדט, און איכ'ל מוזען אַריבערמופען אין איין אַנדער שטאָדט! [שפּאַנט אַרום נערוועז]. זי פאַרדרעהט מיר מיין קאָפּ! זי ספּוילט מיר מיינע ביזנעס!... זי טרייבט מיך אין דער ערד אריין!...

מ י ס ע ס  ב ו י ם. ווער איז דיר שולדיג? האָסט דו ניט געזאָלט שיקען איהר קיין שיפּסקאַרטען, וואָלט זי ניט געקומען.

מ י ס ט ע ר  ב ו י ם [לויפט אַרום]. שיפּסקאַרטען! פון וואַנען זאָל איך וויסען, אַז ס'אַ קרענק? איך האָב געמיינט, זי וועט קומען, וועל איך איהר מאַכען אַ ביזנעס, וועט זי זיך באַזעצען מיט איהר פעמילי, ווערען סיטיזנער, מיך וועט עס קאָסטען אַ פּאָר דאָלער — און דאָטס אַלל! געה ריכט זיך, אַז די וואוּמען וועט מיר ברענגען אַזוי פיעל טראָבעל, מיך מאַכען צו מופען — מיר'ן מוזען מופען, מיסעס בוים, ס'וועט זיך גאָרניט העלפען!

מ י ס ע ס  ב ו י ם [מיט אַ ניגון]. איך וועל ניט מופען! איך בין אָלרייט! [עס הערט זיך אַ קלונג]. ס'איז זי!...

מ י ס ט ע ר  ב ו י ם [חאַפּט זיך ביי'ם קאָפּ]. ס'איז זי? טערריבעל! איכ'ל עס ניט אויסהאַלטען! ס'איז אימפּאָסיבעל! איכ'ל זיך אַ מעשה אָנטהון! איכ'ל זיך נעמען דאָס לעבען! [חאַפּט דעם הוט, וויל לויפען צו דער טיר. דאָס גלעקעל ווערט צעריסען קלינגענדיג].

מ י ס ע ס  ב ו י ם. וואוהין לויפסט דו? ווילסט זיך מיט איהר באַגעגענען אַ נאָז קעגען אַ נאָז?

מ י ס ט ע ר  ב ו י ם. ביזט גערעכט! ביזט גערעכט! וואָס טהוט מען? באַהאַלט מיך! פאַרשלים מיך! איכ'ל זיך באַהאַלטען! וואו באַהאַלט מען זיך? [לויפט אַרום פון איין ווינקעל

צום אנדערען פארצווייפעלט]. אט דאָ אין קלאָזעט וועל איך איבער־ווארטען... איך בעט דיך, דזשעני, מאַך ניט מיט איהר קיין לאַנגע קאָנווערסיישאָנס! זאָג איהר: אי עם נאט האָום — און דאָסט אָלל!... [האפט זיך אריין אין קלאזעט. מיסעס בוים שטעלט זיך אוועק גרייט צו עמפאנגען די אריינגעקומענע. עס קומט אריין שפרינצעל, אנגעטהאן דוקא אמעריקאניש, מיט א שענעם הוט, קוקט זיך ארום אויף אַלע זייטען].

שפרינצעל. ניטאָ איהם נאָך, מיין בראַטישעק?

מיסעס בוים. וואָס הייסט דאָס „בראַטישעק”? זיצט!

שפרינצעל. אזוי גיך האָט איהר שוין פארגעסען אידיש? בראַטישעק איז די טייטש א ברודער. [זעצט זיך]. א שענער ברודער! איך האָב געמיינט, אז איך וועל קומען צו פאָהרען, וועט ער מיך גליקליך מאַכען. א קליינינקייט — א ברו־דער א גביר, און נאָך אין אמעריקע, א פרייע מדינה, פארברענט זאָל זי ווערען! און די מענטשען — די כפּרה מעגען זיי זיין פאר אונזער לעצטען וואסערפיהרער! און זייער לשון — פּאָטייטעס, טאָמייטעס, קיטשען און טשיקען, פארחאפּט זאָלען זיי ווערען! אז א קעלער איז א בייסמענט, א בוידעם א רוף, יארד איז א הויף, סטריט איז א גאס און גאַביטש איז מיסט — נו, קאָן שוין זיין גוט?... איך וואָלט אויסגעלעבט מיינע יאָהרען און וואָלט נישט געקענט אָט דאָס לאַנד!... האָט ער זיך אָבער נאָסיאָדעט אויף מיר, דער בראַטישעק מיינער, און גענומען זעצען מיט בריעף, א בריעף נאָך א בריעף, איך זאָל קומען צו פאָהרען אין זיין אמעריקע, אין זיין גאָלדענע מדינה, וועט ער מיך גליקליך מאַכען... און איך, נאַר, לאָז זיך איבעררעדען, וואַרף אוועק אזא לאַנד מיט אזעלכע מענטשען, מיט אזא געשעפט, א גאָלדען געשעפט, א שמאַלץ־גרוב, איין איינפאָהר־הויז, מיט א קאַמער, מיט א קלייטעל, ווי־ניט־ווי, בעסער, ערגער, דאָס שטיקעל ברויט האָט זיך גע־שלעפּט! נאָר די לעצטע יאָהרען איז געווען שלעכט, ווייל מע האָט

גענומען טרייבען, און ס׳איז ניט געווען ווער ס׳זאָל פאַרפאַהרען און וואָס צו קויפען, ווייטער בין איך דאָך געווען אַ קייסעריני!... און ווען ניט דער פּאָגראָם, וואָלט איך מיך דען פון׳ם אָרט אפילו גערירט? כ׳וואָלט גאָר ניט געקוקט דערויף, וואָס מיין בראַ־טישעקעל שרייבט מיר גליקען, אַז פאַר מיינע קינדער וועט זיך עפענען אַ וועלט, אַלע וועגען זענען פאַר זיי פריי... עס הויבט זיך גאָר ניט אָן! אָט האָט מיין משה דאָרט אין דער היים, חאָטש מע לאָזט ניט אריין, פון דעסטוועגען געענדיגט בוכהאַלטעריע דורך בריעף ביי יעקב מארק אין ליבאַווי, האָב איך גערעכענט, אַז דאָ וועט איהם מיין ברודער געוויס אויסזוכען אַ שטעלע ביי יאַנקעל שיפען, אָדער ביי ראָקענפעלערען, אָדער אין איין אַנדער קאָנטאָר... און מיין טאָכטער האָט מען דאָרט אין ריסענלאַנד אויך ניט גע־וואָלט צונעמען אין גימנאַזיע, האָט זי ביי מיר פון דעסטוועגען שטודירט נעהען און שניידען ביי דער ניידיטש, אויך דורך בריעף, — וואָלט ער חאָטש מיין טאָכטער דאָ פּריסטראָיעט ערגיץ אין אַ דעפּאַרטמענט. איז ווער? וואָס? ווען מע קומט, טרעפט מען איהם ניט!... אַ גדולה — ער שיקט מיר אריין אַלע וואָך אַ טשעק! „וואָכער" גיט ער מיר! אַז אָך און וועה איז מיר, אויף וואָס איך בין אַריבערגעקומען! [וויינט]. מיין מאַמע זאָל אויפשטעהן פון קבר און אַ קוק טהון אויף איהר שפּרינצעל, ווי זי לעבט פון טשעקען און פון וואָכער... [ווישט זיך די אויגען]. אַ בת־יחידה געווען ביי איהר... צווישען אַכט זיהן, היצלים, בויאַנעס, האַלעדראַנצים, סך הכל איין טאָכטער... [פויזע]. צי, אַשטייגער, איך זאָל חאָטש האָבען עפּיס אַ געשעפט... זאָגט ער מיר צו, דער בראַטישעק מיינער, אַז נאָך יום־טוב וועט ער מיר אויסזוכען איין אַנדער ביזנעס. איך וויל שוין ניט קיין ביזנעס! איך בין דיר מוחל דיינע ביזנעס — איך וויל אַ געשעפט, ניט קיין ביזנעס!... אַז די אַלע „ביזנעסען", וואָס ער האָט מיר געמאַכט ביז אַהער, טויגען אויף כּפּרות... ער נעמט און שטעלט מיך אַוועק אין דרוי־סען, איך זאָל פאַרקויפען פעטשיילעס!... אין דער היים פאַר־

קויפט מען ניט אין דרויסען קיין פעטשיילעס!... צי ער וויל, איך זאָל פעדלען מיט טיי, מיט וויין און מיט ציגייערען? אין דער היים פעדעלט מען ניט מיט טיי, מיט וויין און מיט ציגייערען! צי, אשטיינער, ער נעמט און דינגט מיר א שטוב, איך זאָל זי פון זיך איבערפארדינגען צו די שכנים. איך זאָל ווערען, הייסט דאָס, א לענדלאָרדיכע. איז נע מאלא באבע חלאָפּאָטע — איך קום נאָך דירה־געלט, ווארפט מען מיך אראָפּ פון אלע טרעפ! וואָס איז די מעשה? די מעשה איז, למאי איך רעד צו זיי אויף אונזער לשון! אודאי בין איך דערויף ארויסגעפאָהרען פונ׳ם טייערען ריסענלאנד, פארברענט זאָל עס ווערען, אהערצוצו, א וויסטע אלמנה מיט קינדער יתומים, איך זאָל מיך אָפּ׳שמד׳ען אויף אייער לשון! [מיסעס בוים קאַן זיך ניט איינהאלטען פון א שמייכעל]. איהר לאכט? אייך איז גוט צו לאכען, אז איהר זיצט אָט־דאָ־אָ, אין אזא גוטס [שטעהט־אויף, באווייזט מיט די הענט], מיט אזעלכע שפּיעג־לען [קוקט איין שפּיעגעל], מיט פּאָרטעפּיאַנעס, מיט שפּיעלקעסטלעך, מיט שאפעס... [געהט־צו צום קלאָזעט, וואו מיסטער בוים געפינט זיך]. און די שאפעס זענען מסתמא ביי אייך פול מיט כל טוב, פול ווי איין אויג... [דעקט־אָפּ דעם פאָרהאנג פונ׳ם קלאָזעט, און עס דערשיינט מיסטער בוים. אלע דריי בלייבען פארגליווערט].

**לאנגזאם פאלט דער פאָרהאנג.**

## אינצווייען אַ
## זעכס - און - זעכציג

אַ בורלעסק לכבוד חנוכה.

געשריבען פונ'ם מחבר אין זיינע יונגע יאָהרען
און באַארבייט פון איהם אין יאָהר 1916.

## די פּאַרשוינען:

ר ב י אַ נ ק ע ל פּ ע ט אַ ד. אַ איד אַ נגיד, שוין אין די יאָהרען. דאַס אַנדערע מאָל חתונה געהאַט.

מ אַ ד אַ ם פּ ע ט אַ ד. זיין ווייב. אַ „מאַדאַם”. יונגער פון איהם מיט אַ יאָהר פערציג.

ד אָ ק ט אָ ר ל אַ ק ר י ץ. אַ יונגער דאָקטאָר־מעדיצין.

נ אַ פּ ט אַ ל י ן. אַ יונגערמאַן אַיין אַפּטייקער. טראָגט בלויע ברילען.

ג ל אָ ק. אַ ווינקעל־אַדוואָקאַט. רעדט העכער האַלב רוסיש.

די געשיכטע קומט־פאָר חנוכה, אין אַ קליין שטעדטעל, ניט ווייט פון יעהופּעץ, מיט אַ יאָהר דרייסיג צוריק.

[א זאל. שען אויסגעפוצט, גוט באלייכטעט. די שפיגלען לייכטען. דורך איין אפענער טיר, פון דרויסען, קומט אריין יאנקעל פעטאך. בלייבט שטעהן פאר'חידוש'ט, קוקט זיך ארום אויף אלע זייטען. רעדט צו זיך אליין].

יאנקעל פעטאך [מיט'ן באגאזש אין די הענט]. אפען טיר און טויער... נישטא קיין משוגע'נער הונט... עס ברענען ליכט... אנגעצונדען אלע לאמפען — א גאנצע לימענאציע ביי מיר אין שטוב!... א יום־טוב!... [לאזט אראפ דעם באגאזש]. לכבוד חנוכה... אזא יום־טוב! א ווערטעלע אויסצורעדען — ח־נו־כה!... מהכתיתי, פאר וואס נים? אידען בענטשען חנוכה־ליכטלעך — מעג מען זיך פרעהען... נאר וואו איז דאס מיין מאדאם? [קלאפט מיט'ן שטעקען אין טיש]. ריוועלע! רבקה! מאדאם!... [קנייטשט מיט די פלייצעס]. מע הערט נישט און מע זעהט נישט!... [ער לאזט זיך געהן ווייטער. דערזעהט א קארטעל, טראגט דאס צו צום לאמפ, טהוט־אן די ברילען און לייענט פאוואלי, קוים וואס ער לעגט צונויף די אותיות איינ־ציגווייז]. „רע־וועקא לי־מא־נאוו־נא"... ווער איז די רעוועקא לימאנאוונא? דאס איז ריוועלע! הייסט זי שוין גאר רעוועקא? לאז זיין רעוועקא... און לימאנאוונא איז, אפנים, לייבאוונא?... די משמעות, אז לייב איז א לימענע — איז פעטאך א רעטאך... לאמיר זעהען, וואס שטעהט ווייטער? [לייענט]. „פא־פא־פאסלוטשאיו ח־ח־חנוכה פא־פא־פאקארנישע פראסים פא־פא־פאזשאלאוואט נא טשאשקו טשאיו"... הייסט עס, אפנים, אזוי גרוים, ווי לכבוד חנוכה האט מען געלאזט בעטען אויף א גלעזעל טיי... וואס פאר א מחותן איז חנוכה מיט א גלעזעל טיי? חנוכה איז מען זיך נוהג, מע באקט לאטקעס. לכבוד חנוכה האט

אונז די תורה געהייסען עסען לאטקעס, און משה רבינו האט צו־ליעב דעם הייליגען יום־טוב פּאזאוואליט שפּיעלען אין קארטען... מאכען אינצווייען א זעכּס־און־זעכציג, אדער אין דריי הענט א פינף־הונדערט־איינס... ששש... [הערט זיך איין]. עמיצער רעדט. כ'וואלט געמעגט שווערען, אז ס'איז דעם דאקטער'ס קול... וואס טהוט דא דער דאקטער? וויעדער נערוועז? צי גלאט אזוי א גאסט לכבוד חנוכה?... כ'וואלט א בעלן זיין הערען, וואס רעדען זיי?... באהאלטען זיך ערגיץ אין א שאפע, און פון דארטען, דורך א שפּאַ־רינקעלע, זעהען, וואס סע טהוט זיך דא, בשעת איך בין ניטא אין דער היים... ששש... מע געהט! טאמער וואלט געווען א סברה, איך זאל מיך דא צוזעצען ערגיץ אין א ווינקעלע? [ער קוקט זיך ארום אויף אלע זייטען]. אדער באהאלטען זיך אונטער דער קאנאפּע? [ער דערהערט א סקריפּ פון דער טיר, טהוט ער זיך א ווארף אונטער'ן טיש מיט'ן באנאזש. — עס עפענט זיך די אינוועניגסטע טיר און עס קומען־אריין די מאדאם פּעטאך מיט'ן דאקטער לאקריץ. דער דאקטאר דריקט איהר די האנט].

מאדאם פּעטאך. וואס קוועטשט איהר מיר אזוי די האנט? אלס דאקטאר? צי גלאט אזוי, אוים גוטפריינטשאפט?

דאקטאר לאקריץ. גלאט אזוי, אוים גוטפריינט־שאפט...

מאדאם פּעטאך. פאר וואס זשע זענט איהר מיר אזא גוטער פריינט? מצד רחמנות, צי מצד עפּיס אנדערש?...

דאקטאר לאקריץ. ערשטענס, טאקי מצד רחמנות, אז איהר דארפט האבען אזא פּעטאך פאר א מאן... און, צווייטענס, איז מיין סימפּאטיע צו אייך...

מאדאם פּעטאך [פארשטעלט איהם דאס מויל מיט דער האנט]. נישט גערעדט! פארגעסט ניט, אז איך בין איין אנשטענ־דינע פרוי...

דאקטאר לאקריץ [א קוש די האנט]. קענגען דער נאטור, מאדאם, קאן מען נישט געהן...

מאַדאַם פּעטאַך. גערן זאָלט איהר שוין ווייסט איהר וואוהין!...

דאָקטאָר לאַקריין. איך באַדאַרף טאַקי גערן מאַכען אַ פּאָר וויזיטען. דער עולם, קיין עין־הרע, קרענקט צו ביסלעך. דערווייל זייט מיר געזונט און שטאַרק. איך לויף אַוועק אויף אַ קורצע ווייל. אין אַ האַלבע שעה קום איך צוריק, וועלען מיר מאַכען לכבוד יום־טוב אינצווייען אַ זעכס־און־זעכציג.

מאַדאַם פּעטאַך. אָדער אינדרייען אַ פינף־הונדערט־איינס?...

דאָקטאָר לאַקריין. ניין! בעסער אַ זעכס־און־זעכציג אינצווייען. אַדיע! [ער געהט אַוועק. די מאַדאַם — אין דער אַנדערער טיר. פון אונטער'ן טיש קריכט ארויס פּעטאַך].

יאַנקעל פּעטאַך [רויט ווי אַ צוויק]. אַט דאַס ווערט אָנגערופען אַ גלעזעל טיי? אין זעכס־און־זעכציג לכבוד יום־טוב שפּיעלען זיי?... וואַרט־צו, דו יאָקטער איינער, עס וועט אַ רוח אין דיין טאַטענ'ס ערד אַריין! [עס הערט זיך אַ קלונג. פּעטאַך באַהאַלט זיך אונטער'ן טיש. עס קומט אַריין פון דרויסען נאַפּטאַלין דער אַפּטייקער. פון דער אַנדערער טיר — די מאַדאַם פּעטאַך].

נאַפּטאַלין [לויפט אַקעגען דער מאַדאַם פּעטאַך, וויל זי ארומ־האַפּען קושען]. באָן זשור, מאַדאַם! מיט אייער קאַרטעל האַט איהר מיך פּשוט מחיה געוועזן!

מאַדאַם פּעטאַך [שטויסט איהם אָפּ פון זיך]. נאַר אָהן הענט!... וואָס האָט איהר זיך אַזוי אָנגעפּאַרפומירט מיט פּאַר־פומען? סע שמעקט פון אייך, ווי פון איין אַפּטייק.

נאַפּטאַלין. ארום וואָס מע געהט, מיט דעם שמעקט מען... וואו איז אייער היהנערפרעסער?

מאַדאַם פּעטאַך. וואָסער היהנערפרעסער?

נאַפּטאַלין. אייער אַלטער.

מאַדאַם פּעטאַך [קאָקעטירט]. מיין אַלטער? ער איז גאָרניט אַזוי אַלט...

נ אַ פּ ט אַ ל י ן. פאַר אַזאַ בוטאָנטשיק, פאַר אַזאַ באָמבאָנ־טשיק, ווי איהר, איז ער שוין צו־אַלט... [וויל זי אַרומנעמען].

מ אַ ד אַ ם פּ ע ט אַ ך [שטויסט איהם אָפּ]. איך האָב אייך איין מאָל געזאָגט: אָהן הענט!...

נ אַ פּ ט אַ ל י ן. איהר פאַרגעסט, אַז איהר זענט מיר אַ קרובה...

מ אַ ד אַ ם פּ ע ט אַ ך. טאַקי אַ קרובה, נאָר פון דער ווייטען...

נ אַ פּ ט אַ ל י ן [באַלעדיגט]. איהר זענט צו מיר ערגער, ווי צו אַ פרעמדען...

מ אַ ד אַ ם פּ ע ט אַ ך [קוקט איהם אין די אויגען]. ווי צו אַ פרעמדען? וועמען מיינט איהר דאָס?

נ אַ פּ ט אַ ל י ן. די וואַנט מיין איך...

מ אַ ד אַ ם פּ ע ט אַ ך. איך ווייס, וועמען איהר מיינט... איהר מיינט דעם דאָקטאָר לאַקריץ... איהר זענט איהם מקנא... אַ מצוה אויף אייך — גער, גער, גער!... [ווייזט איהם מיט'ן פינגער].

נ אַ פּ ט אַ ל י ן [אָנגע'ברוגז'ט]. באָן סואַר, מאַדאַם! [געזעגענט זיך מיט איהר].

מ אַ ד אַ ם פּ ע ט אַ ך [טהוט איהם אַ ציה ביי דער נאָז]. זייט נאָר נישט אַזוי גדול'דיג ביי זיך, פאַני! איך האָב פיינט, אַז מע בלאָזט זיך... קומט, וועלען מיר דערווייליע טרינקען צו גלעזלעך טיי, נאָכדעם וועלען מיר לכבוד יום־טוב...

נ אַ פּ ט אַ ל י ן. מאַכען אינצווייען אַ זעכס־און־זעכציג?...

מ אַ ד אַ ם פּ ע ט אַ ך. וואָס איז אייך געפעלען אינצווייען אַ זעכס־און־זעכציג? פאַר וואָס ניט אינדרייען אַ פינף־הונדערט־איינס?

נ אַ פּ ט אַ ל י ן. ניין! בעסער אינצווייען אַ זעכס־און־זעכציג... פאָלגט מיך, מאַדאַם... [זיי געהען אַוועק. — פון אונטער'ן טיש קריכט אַרויס יאַנקעל פּעטאַך].

יאַנקעל פּעטאַד [רויט ווי פייער]. גוטע פריינט, קרובים גאָר?... און אַלע ווילען לכּבוד יום־טוב בעסער אַ זעכס־און־זעכציג אינצווייען, ווי איידער אינדרייען אַ פינף־הונדערט־איינס! וואָס זאָל דאָס באַדייטען? כ׳וועל אייך געבען אַ זעכס־און־זעכציג — זעכס און זעכציג מכּות אויף דער נאָז וועט זיך אייך זעצען! [עס הערט זיך אַ קלונג. פּעטאַף באַהאַלט זיך אונטער׳ן טיש. עס קומט אַריין דער אַדוואָקאַט גלאַק, איין אויסגעפּוצטער. פון דער אַנדערער טיר — מאַדאַם פּעטאַף].

גלאַק [שאַרט מיט די פיס]. מאַיאַ פּאַטשטעניע, מאַדאַם! ווי אַזוי טשואַוסטוועט איהר זיך אין געזונט?... אייערע נער־ווען האָבען זיך אויסגעפּאָקאָיעט, פּאַ קראַיני מיערע, זינט אייער סטאַריקאַשקע איז אַוועקגעפּאָהרען אויף טאָרגעס?... גאָט זאָל העלפען, די טאָרגעס זאָלען זיך פּראָדאָלזשאַיען חאָטשבי אַ וואָך צוויי אָדער דריי!...

מאַדאַם פּעטאַד [קאָקעטיש]. וואָס זשע וועט אייך אַרויסקומען דערפון?...

גלאָק. גאָרניט. וואָס דאַרף מען איהם דאָ, דעם סטאַרי־קאַשקע?... קסטאַטי, וואָס האָב איך אייך געוואָלט פרעגען? יאָ! וואָס הערט זיך מיט דער דוכאָוונע זאַוועשטשאַניע?... ווען וועט ער אייך אָבעזפּעטשען?...

מאַדאַם פּעטאַד [אומעטיג]. אַד! ער וויל נישט הערען, נישט זעהען...

גלאַק [מיט מיטלייד]. ניעאַוזשעלי? אַ פּאַלנע אַטקאַז? וואָס איז די פּריטשינע?

מאַדאַם פּעטאַד. די פּריטשינע איז, וואָס ער האָט מורא שרייבען אַ צוואה... נאָך אַ צוואה, זאָגט ער, שטאַרבט מען...

גלאָק. איהר אודיוולאַיעט מיך, מאַדאַם! איהר זענט, דאַכט זיך, אַ ראַזסודיטעלנע זשענשטשינע — און לאָזט זיך איינ־רעדען אַזעלכע גלופּאָסטען! איהר ווייסט, אַז אייער סטאַרי־קאַשקע טהוט אַ שטאַרב, נעמט־צו די טאָכטער מיט׳ן איידעם אינ־

נאנצען, דאַ ניטאַמשקי, און אייך שטעלט מען אַרוס, איזווינימיע, אַ פּייג!...

מאַדאַם פּעטאַך. אַ פּערטעל קומט דאָך מיר פּאַ־זאַקאָנו...

גלאָק. פּאַ־זאַקאָנו קומט אייך אַ פּערטעל — ווייסט איהר ווען? אז ער האַפּט אַ קאָנדראַשקע, דאַס הייסט, אז גאָט העלפט, ער שטאַרבט אַוועק וונעזאַפּנאָ, אומגעריכט... נאָר טאָמער, ניע דאַי באָך, האָט ער פון פריהער נאָך אַ דוכאָוונע זאַוועשטשאַניע, אַ צוואה הייסט עס, טאָגדאַ איז דיעלאָ דריאַן!...

מאַדאַם פּעטאַך. דערצו איז דאַ איין עצה...

גלאָק. נאַפּרימער? בעטען דעם אַפּטייקער נאַפּאָלין, ער זאָל איהם איינגעבען אַ פּאָרציע מישיאַק מיט ביטער־וואַסער?

מאַדאַם פּעטאַך [קוקט איהם אן]. איהר זענט משוגע, צי חסר־דעה? [טרעט אָפּ].

גלאָק. דושענקאַ! איך האָב געשוטיעט, געמאַכט אַ נאַסמיעשקע...

מאַדאַם פּעטאַך. פאַר אַזעלכע נאַסמיעשקעס נעמט מען ביי מיר דעם וועג... דאָס ווייסט איהר?

גלאָק [ציהט איהר אויס אַ האַנט]. איזווינימיע, לאָמיר זיך פּאַמירען! [וויל איהר שענקען אַ קוש].

מאַדאַם פּעטאַך [שטויסט איהם אָפּ]. פּע, שעמען מעגט איהר זיך. איהר האָט דאָך אַ ווייב!...

גלאָק [לאַכט]. אַ כּפּרה צעהן ווייבער פאַר אייער איין וווגליאַד!

מאַדאַם פּעטאַך. ששש... דאָרטען זיצט דער אַפּטייקער! קומט, וועלען מיר טרינקען צו גלעזלעך טיי. מיר האָבען דאָך היינט עפּיס חנוכּה אויף דער וועלט...

גלאָק. וועלען מיר אפשר, פּאַ עטאָמו סלוטשאַיו, מאַכען אינצווייען אַ זעכס־און־זעכציג?

מ א ד א ם פ ע ט א ך. בראש ווילען זיי אלע אינצווייען א זעכס־און־זעכציג!... פאר וואס ניט אינדרייען א פינף־הונדערט־איינס?

ג ל א ק [גנעהט איהר נאך]. ווינטילי, — עס איז טיסיאטשו ראז בעסער אינצווייען א זעכס־און־זעכציג! [זיי געהען אפ. — פון אונטער'ן טיש קריכט ארויס פעטאך].

י א נ ק ע ל פ ע ט א ך [ווישט זיך דעם שוויים מיט דער פאלע]. פו! אויסגעשטאנען א שוויצבאד!... גוטע פריינט!... געבען עצות!... ווילען מיינער פטור ווערען!... מיך ירשה'נען!... מכות מיט בכורות!... מארגענדיגען טאג שרייב איך א צוואה און זאג־אפ אינגאנצען דער טאכטער!... אצינד פארשטעה איך שוין, וואס דא טהוט זיך!... מע האט מיר אבער געזאגט: „צו וואס טויג אייך א מאדאם? און נאך אזא יונגע מאדאם?"... [ער טהוט זיך א פאטש אין שטערן]. אלטער נאר! פעטאך איינער! א „מאדאם" האט זיך דיר פארוואלט אויף דער עלטער?... אנגעטריבען א פולע שטוב מיט גוטע פריינט! דאקטוירים! אפטייקערס! אדוואקאטען! און יעדער פון זיי וויל לכבוד יום־טוב דוקא אינצווייען א זעכס־און־זעכציג! זעכס און זעכציג מאל א רוח אין אייער טאטענ'ס פערעטאטען!... ששש... מע געהט...

[ער באהאלט זיך צוריק אונטער'ן טיש. עס קומען אן אלע: די מאדאם פעטאך, דער אפטייקער נאפטאלין, גלאק דער אדוואקאט און אויך דאקטאר לאקריץ, וועלכער קומט אריין פון דרויסען. אלע פיער זעצען זיך ארום טיש, ציהען אויס די פיס].

ד א ק ט א ר ל א ק ר י ץ [רייבט די הענט. צו אלעמען]. דער עולם, אהן עין־הרע, קרענקט צו ביסלעך... [צו דער מאדאם]. וואס איז דא ביי אייך אונטער'ן טיש, א פוס־בענקעלע? ס'איז עפיס ווייך...

נ א פ ט א ל י ן. איך פיהל אויך עפיס א ווייכע זאך...

ג ל א ק. איך פאלאגאיו, אז עס דארף זיין א קאוויאר... אדנאקא, נאספאדא, די צייט שטעהט ניט!...

מ א ד א ם פ ע ט א ד [טאשט קארטען]. אלזא! שפּיעלען, מיר, הייסט דאָס, אַלע פיער לכבוד דעם הייליגען יום־טוב חנוכּה אַ פינף־הונדערס־איינס? ווערט עס אָנגערופען „מיט אַ באַלוואַן”...

ד אָ ק ט אָ ר ל א ק ר י ץ. מיר האָבען דאָך געשמועסט — אינצווייען אַ זעכּס־און־זעכציג!...

נ א פ ט א ל י ן. ווי געשיקט זיך עס אינצווייען, אַז מיר זענען דריי?...

ג ל אָ ק. גאָספּאָדא! פּאָסלושאיטיע — איכ'ל אייך געבען אַ סאָוויעט, וועט איהר אַלע זיין אודאָווליעטוואָרעט. לאָז איט־ליכער פון אונז פּאַ אָטשערעדי שפּיעלען מיט דער חאָזיאַיושקע אינ־צווייען אַ זעכּס־און־זעכציג... איך וועל זיין דער ערשטער...

ד אָ ק ט אָ ר ל א ק ר י ץ. וואָס עפּיס איהר? און וואו בין א י ך?

נ א פ ט א ל י ן. און וואו בין א י ך? [פון אונטער'ן טיש קריכט ארויס יאנקעל פעטאד, א צעקנייטשטער, א צעטראַטענער, איין אויס־געשמירטער].

י א נ ק ע ל פ ע ט א ד. און וואו בין א י ך???...

מ א ד א ם פ ע ט א ד. אך! ס'איז מיר ניט גוט! [פאלט חלשות. אלע בלייבען דערשטוינט].

י א נ ק ע ל פ ע ט א ד [צום דאקטאר לאקריץ]. נו? וואָס שווייגט איהר? די מאדאם חלש'ט... איהר זענט דאָך אַ דאָקטער!... אַ פּראָפעסער!...

ד א ק ט א ר ל א ק ר י ץ [ווייזט אויפ'ן אפטייקער]. נאפטאלין דער אפּטייקער וועט אַ לויף טהון צו זיך אין דער אַפּטייק ברענגען אַ מיקסטורעל... איך דאַרף געהן צו מיינע פּאַציענטען... דער עולם, פארשטעהט איהר מיך, קרענקט... [רוקט זיך צו דער טיר].

נ א פ ט א ל י ן. אָהן אַ רעצעפּט קאָן איך ניט ארויסגעבען קיין מיקסטורען... [רוקט זיך צו דער טיר].

ג ל אָ ק. אָדנאַקאָ, אַ שענער דאָקטאָר! אַ שענער אַפּטיי־קער! איהר זענט ביידע גוטע טרוסען!... ופּראָטשעם, איזווי־

ניטיע — איך האָב קיין צייט ניט... איך דאַרף ספּיעשען אהיים...

[רוקט זיך צו דער טיר].

יאַנקעל פּעטאַך. אזוי? איהר ספּיעשעט אהיים? איהר האָט קיין צייט ניט? און אינצווייען אַ זעכס־און־זעכציג האָט איהר אַלע צייט? זעכס און זעכציג מכּות אייך אין די ביינער. ממזרים! זעכס און זעכציג מאָל זאָל אַ רוח אין אייער טאַטענ'ס טאַטען פּערטאַטען!!!

פּ אָ ר ה אַ נ ג.